---

**געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט**

**אויף אַרויסצוגעבן דאָס בוך פון יצחק רימון ז״ל:**

אריה דולטשין

יצחק הרכבי

מנחם געלערטער

ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי

חביב כנען

# יצחק רימון ז״ל

יצחק רימון נולד בשנת 1913 בעזרה זאבינקה, הסמוכה לבריסק שעל נהר בוג, להורים אברהם לייב והינדה. נצר למשפחה אדוקה, מצאצאי רבנים ומשרתי בכלי קודש. התייתם מאביו, שנפטר בדי ימיו, והניח אחריו, אלמנה וחמישה ילדים פעוטים: שלושה בנים ושתי בנות. כיתום נאלץ היה להתחנך בעצמו בעזרת אמו האלמנה.

למד ב„חדר" ולאחר מכן בגמנסיה העברית „תרבות" בבריסק־ליטובסק.

עוד בנעוריו התחיל לפרסם בעתון הבריסקאי „די פּאָליעסער שטימע" („קול פולסיה"). במקביל התחיל לשלוח כתבות לעתונים היהודיים בוורשה.

משנת 1924 היה חבר בנועת הנוער החלוצית „גורדוניה", ולאחר מכן חבר במפלגת „ההתאחדות". נסע להכשרה מטעם „החלוץ", ונבחר כחבר המזכירות מטעם הליגה למען ארץ־ישראל העובדת.

עלה לארץ־ישראל בשנת 1935 והתחיל לעבוד בסניף עתון ההסתדרות „דבר" בעפולה בעמק־יזרעאל.

בשנת 1942 בעיצומה של מלחמת העולם השניה, התגייס כמתנדב לפלוגת הנוטרים (משטרת הישובים העבריים שנוסדה על ידי הסוכנות היהודית). פעל כשליח המוסדות הלאומיים לגיוס בני הנוער בארץ לנוטרות ששמשה כשלוחת „ההגנה".

מאז בואו לארץ־ישראל, היה אחד מטובי הכתבים לעתונות האידית בחוץ לארץ, ובעיקר לעתונות דרום־אמריקה, בה תיאר את מאבקו של הישוב היהודי בימי שלטון המנדט הבריטי ומאבקו של הישוב העברי לכל הקמת נקודת ישוב חדשה, וזכה למסור בנאמנות את תקומתה של מדינת ישראל בצעדיה הראשונים, על כל ההתלבטויות בקליטת העליה בימים ההם ועד לעמידתה האיתנה של המדינה מבחינה בטחונית וכלכלית ושמח בתיאוריו את התפתחותה.

היה מקובל במיוחד על כל שכבות הקיבוץ היהודי בדרום־אמריקה. בשנת 1953 ביקר בארצות דרום־אמריקה, יחד עם רעיתו עליזה תבדל לחיים ארוכים, ונתקבל בארגנטינה על ידי ראשי הישוב היהודי שם. בביקורו שם נתקבל על ידי הנשיא חואן פרון.

יצחק רימון ז"ל נפטר בתל־אביב בכ"ג בטבת תשכ"ח (24.1.1968). הניח אשה, עליזה, ושני בנים אילן ואברהם (אבי).

# יצחק רימון ז״ל

יצחק רימון איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1913 אין שטעטל זשאַבינקע, נישט ווייט פון בריסק ביים בוג, ביי די עלטערן אברהם לייב און הינדה. ער שטאַמט פון אַ פרומער משפחה, פון רבנים און אַנדערע משרתי בקודש. זיין פאָטער איז נפטר געוואָרן אין פריִען עלטער און איבערגעלאָזט אַן אלמנה מיט פינף קליינע קינדער: דריי ייִנגלעך און צוויי מיידלעך. ווי אַ יתום האָט ער זיך געמוזט אַליין דערציִען, אין אָנשפּאַר אויף זיין מוטער, די אלמנה.

ער האָט געלערנט אין חדר, שפּעטער — אין דער העברעיִשער „תר־בות״־גימנאַזיע אין בריסק.

אין די יונגע יאָרן, ווי אַ שילער פון דער גימנאַזיע, האָט ער אָנגע־הויבן שרייבן אין דער בריסקער צייטונג „די פּאָליעסער שטימע״. גלייכ־צייטיק האָט ער געשיקט קאָרעספּאָנדענצן צו די יידישע צייטונגען אין וואַרשע.

פון יאָר 1924 איז ער געווען אַ חבר אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״ און שפּעטער — מיטגליד פון דער ציוניסטישער אַרבעטס־פּאַרטיי „התאחדות״; געווען אויף הכשרה פון „החלוץ״ און געוויילט גע־וואָרן ווי אַ מיטגליד פון סעקרעטאַריאַט פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישׂראל. אין יאָר 1935 איז ער עולה קיין ארץ־ישׂראל. אָנגעהויבן זיין אַרבעט אין „דבר״ אין סניף עפולה.

אין יאָר 1942 האָט ער פרייוויליק זיך איינגעגלידערט אין דער פלוגה פון נוטרים; ער איז געווען אַ שליח פון די צענטראַלע אינסטאַנצן אין יישוב פאַר מאָביליזירן יונגע לייט אַלס נוטרים, ווי אַ פאַרשטאַרקונג פאַר דער „הגנה״.

אין לאַנד איז ער, זינט זיין קומען אַהער, געווען איינער פון די טיכ־טיקסטע קאָרעספּאָנדענטן פאַר דער יידישער פּרעסע אין אויסלאַנד, און בעיקר — פאַר דרום־אַמעריקע, וווּ ער איז געווען זייער פּאָפּולער. אין יאָר 1953 האָט ער צוזאַמען מיט זיין פרוי, עליזה, באַזוכט אַרגענטינע, וווּ ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט התלהבות דורכן דאָרטיקן יידישן יישוב. אים האָט דאָן אויפגענומען אויף אַן אוידיענץ דער פּרעזידענט פון אַרגענטינע כואַן פּעראָן.

יצחק רימון ז״ל איז נפטר געוואָרן אין תל־אביב כ״ג בטבת תשכ״ח (24.1.1968) און איבערגעלאָזט אַ פרוי, עליזה, און צוויי זין, אילן און אברהם (אבי).

# אַן אוצר פון פאַרליבטקייט

אַ גאַנצער קאָנטינענט האָט געאָטעמט מיט דער ליבשאַפט צו ארץ־ישׂראל, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט במשך פון לאַנגע יאָרן פון די שורות — פון די האַרציקע יידישע שורות — פון אַ פשוטן זעלנער פון דער חלוצישער אַרמיי.

כּמעט אַנאָנים אין דער זיך - בויענדיקער מדינה — האָט יצחק רימון זיך באַוויזן צו פאַרבינדן מיט צענדליקער טויזנטער יידן אין דרום־אַמעריקע, דורך זיינע קאָרעספּאָנדענצן, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין די יידישע צייטונגען. ער איז געווען פאַר זיי דער „מעדיום", וואָס האָט זיי געבראַכט ארץ־ישׂראל „אויף דער טאַץ" האַרציק, פשוט, דורך אהבה רבה, אין אַרטיקלען — האָרעפּאַשנע און זינגענדיקע אין דער זעלבער צייט.

געווען איז יצחק רימון אַ „נסתר" אין ישׂראל און אַ „ניגלה" אין גלות, אין „זיין" גלות, וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פשוטע יידן, וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ גרוס פון ישׂראל. פאַר זיי, פאַר די יידן, איז ער ניט געווען דער כּמעט אומבאַקאַנ־טער מיטאַרבעטער אין דער אַדמיניסטראַציע פון „דבר" — פאַר זיי איז ער געווען דער „זאָגער" פון ישׂראל, דער אַנטפּלעקער פון איר טאָג־טעגלעכער גבורה, זייער פריינד, זייער קרוב, וואָס האָט זיי געשריבן בריוו פון ישׂראל, ווי מען שרייבט צו אייגענע, צו קרובים.

איז אַנטשטאַנען אַ קעגנזייטיקע פריינדשאַפט, וואָס האָט ווייט אַריבערגעשטיגן די ראַמען פון די קאָרעספּאָנדענצן. רימון

האָט ממש משפחהדיק זיך פאַרבונדן מיט אָט די מאַסן יידן, פונקט ווי זיי מיט אים. ער האָט געשריבן די קאָרעספּאָנדענצן אין ז י י ע ר לשון, ווי ז י י האָבן געוואָלט, ווי ז י י האָבן געפילט. אַזוי איז געבוירן געוואָרן אַ האַרציקע פאַרבינדונג, וואָס איך בין געווען אירער אַן עדות בעת זיינע צוויי באַזוכן אין דרום-אַמע-ריקע, ווען יידן האָבן אים ממש געטראָגן אויף די הענט.

צו פרי איז זיין ש ל י ח ו ת איבערגעריסן געוואָרן. די דאָ צונויפגעזאַמלטע פרקים זיינען קוים אַן אָפּשיין פון דער ליבע צו ארץ-ישׂראל, וואָס ער האָט אַרויסגערופן. אַזוי פיל ליבשאַפט האָט נישט געטאָרט פאַרלוירן גיין, און גוט האָבן געטאָן די פריינד וואָס האָבן פאַר דעם געזאָרגט. ניט איין אָפּיציעלער פאַר-טרעטער פון ישׂראל איז אַרויסגעהאָלפן געוואָרן אין זיין אַרבעט דורך אָט דעם האָרעפּאַשנעם חובב-ציון, אין דעם פולן זין פון באַגריף.

יצחק הרכבי

# מיין יוגנט־חבר יצחק רימון

די רעשטלעך בריסקער יידן געדענקען נאָך ביז היינט די ציי־טונג „פּאָליעסער שטימע". איך אַליין האָב אויך מיינע ערשטע, אומזיכערע ליטעראַרישע שריט געשטעלט אין אָט דער צייטונג. די צייטונג איז אין די 20ער יאָרן, בעתן קורצן, האַסטיקן קול־טור־רענעסאַנס פון פּוילישן יידנטום, דערשינען אַפילו ווי אַ טאָג־בלאַט, און אין די שפּעטערדיקע קריזיס־יאָרן — ווי אַ וואָכנבלאַט.

אָנהייב דרייסיקער יאָרן האָב איך אויף די טרעפּ פון דער רעדאַקציע באַגעגנט אַ יונג בחורל, מער־ווייניקער אין מיין על־טער, געקומען פון אַ שטעטל לעבן בריסק: אַ בלאָנד־געקרויזטער קאָפּ, ראָזע באַקן — אַוודאי פונעם פּראָווינצער פּראָסטן ראַזעוון ברויט און פון דער פרישער, געזונטער לופט צווישן סאָסנעוועלדער. דאָס איז געווען יצחק רימון. ער האָט שוין דאַן געהאַט פּאַר־עפנטלעכט עטלעכע פעליעטאָנען וועגן די קהל־לייט און וועגן דער יוגנט־באַוועגונג פון זיין שטעטל זשאַבינקע, געפּרוווט אויך שיקן קאָרעספּאָנדענצן אין די וואַרשעווער בלעטער. יונגע שריי־בער, וואָס הייבן ערשט אָן שטעלן די ערשטע, אומזיכערע טריט — זענען מיר געוואָרן גאָר נאָענטע חברים.

עס עקזיסטירן נאָך דאָרט אפשר, אין אונדזער טרויעריקער היימשטאָט בריסק דליטא, די שטילע אַלייען און די בענק, אין טיפן שאָטן פון די צעוואַקסענע קאַשטאַנען און קליאָנען, אין סקווער אויפן אַלטן „דומסקי פּלאַשטשאַד". מיר וועלן שוין אַוודאי קיין מאָל נישט פאַרגעסן יענע וווּנדערלעכע נעכט אין

חודש מאַי, אין זיסן, פאַרשיכּורנדיקן אַראָמאַט פון אויפגעבליטן בעז. היינט טרעטן דאָרט פרעמדע מענטשן, אָנגעפּאָרענע פון אַלע עקן רוסלאַנד, אין דער גרענעצשטאָט, און זיי שטעלן זיך אַוודאי נישט פאָר, וויפל הייליקע אידעאַלן און חלומות פון וועלט- און יידן-דערלייזונג אין די דאָזיקע אַלייען זענען דאָרט אויסגעטרוימט און דורכדיסקוטירט געוואָרן; וויפל טראַגיק און העראָיִק די אויף אייביק פאַרשווונדענע יידן האָבן דאָרט, אויף דער אומ-פריינדלעכער ערד, געטראָגן מיט זיך, ביז זיי זענען אויסגעראָטן געוואָרן מיטן וואָרצל. די היים איז, הייסט עס, געווען נישט מער ווי אַן אילוזיע.

יצחק רימון איז געקומען פון דער העברעיִשער „תרבות"-שול, איך — פון דער אָרעמער יידישער פאָלקסשול. אין אונדזערע שטעט און שטעטלעך האָבן די צוויי עקסטרעמע חינוך-אינסטיטוציעס אָפּגעטיילט גאַנצע וועלטן, אין יענע צייטן פון פאַרשאַרפטע פּאַר-טיי-קאַמפן אויף דער יידישער גאַס. אָבער מאָדנע, מיר האָבן שוין ביידע דעמאָלט געקוקט אַ ביסעלע ווייטער פון די אָפּט קליינלעכע פּאַרטיי-רייסערייען איבער גאַנצע אידעיִשע פּראָגראַ-מען און שאַרפע פּרינציפּן; ווי מיר וואָלטן אינסטינקטיוו דער-פילט, אַז עס עקזיסטירן העכערע יידישע אינטערעסן; אַז ערגעץ-ווו און ערגעץ-ווען וועלן זיך די עקסטרעמען סיי ווי דערנענטערן, צוליב אונדזער געמיינזאַמען יידישן גורל.

איך האָב דעמאָלט שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט מיינע ערשטע גרינע שאַפונגען אין דער „פּאָליעסער שטימע" און יצחק רימון האָט געדרוקט זיינע רעפּאָרטאַזשן פון שטעטל, זיינע פּובליציס-טישע אַרטיקלען וועגן די יוגנט-באַוועגונגען, וואָס זייער גאַנץ שטרעבן איז געווען אַרויסצורייסן זיך פון דאַנען און אויפגיין קיין ארץ-ישׂראל. און דעמאָלט אויך זענען אונדזערע וועגן זיך פונאַנ-דערגעגאַנגען. איך בין אין אַ רעגנדיקן נאָך-סוכּות צום לעצטן מאָל אַוועק פון דער היים, געוואַלגערט זיך עטלעכע יאָר אין וואַרשע, ביז איך בין מגולגל געוואָרן אויף עמיגראַציע, אין פּאַריז; און יצחק איז אין גיכן אַוועק קיין ארץ-ישׂראל. עס האָבן אונדז אָפּגעטיילט יאָרן פון מלחמה, אומגליק, יידישער אונטערגאַנג, אונטערגאַנג פון אונדזער אַלטער, ליבער, טיף-איינגעבאַקענער היים.

ביז דער יידישער גורל האָט אונדז, אין די נאָך-מלחמה-יאָרן, צוריק צוזאַמענגעפירט. אין 1949, אַ קאַרג יאָר נאָך דער באַ־פרייונג-מלחמה, האָט מיך אַ קליין יידיש שיפל צום ערשטן מאָל געבראַכט צו די ברעגן פון לאַנד. דאָס באַלדיקע בילד: ווי אַלץ וואָלט מיר שוין דאָ געווען באַקאַנט פון לאַנג. איך האָב זשעדנע איינגעזאַפּט אין זיך די גרויסע ליכטיקייט, פונקט ווי די שווערע האָרעוואַניע פון פּועל, פון קיבוץ-מענטש. דאָס איז עס! מען טרעט דאָ אויף אייגענער ערד! און איך האָב דאָך אַלע מיינע עמיגראַציע-יאָרן און יאָרן פון געפענגעניש געבענקט מיט אַלע מיינע פיבערן צו טרעטן אויף דער ערד. כ'האָב זיך נאָר וואָס גע־האַט אומגעקערט פון פּוילן, ווּהין כ'בין געפאָרן צו דער אַנט־הילונג פון געטאָ-דענקמאָל. כ'האָב געזען ווי די ערד איז דאָרט באַדעקט מיט יידישע חורבות, דורכגעזאַפּט מיט יידיש בלוט.

יצחק רימון האָט מיך אויפגענומען מיט דער גאַנצער חברי־שער וואַרעמקייט פון אַ מאָל, כאָטש ער האָט גוט געוווּסט וועגן אונדזערע אידעיִשע ווידעראַנאַנדן. ער, דער גוטער, דער האַרציקער יצחק, האָט נישט געפּרוּווט מיר עפּעס אָנצוואַרפן, איבערצייגן. איך האָב געוווּסט, אַז ער אַליין האָט זיך דאָ שווער און ביטער געראַנגלט, ביז ער האָט זיך אויסגעקעמפט אַ שטיקל עקזיסטענץ, אַ היים. ער האָט מיך אַרומגעפירט ווייזן, וואָס דאָ איז אויפגעטאָן געוואָרן מיט יידישע הענט, מיט יידישער עקשנות. און איך האָב זיך מיט אַ מאָל דערפילט פאַרשולדיקט קעגן איבער אים. איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען דאָס פאַרדאגהטע אַרבעטס־פאָלק, וואָס פּילט אָן אין די באַגינענס די אויטאָבוסן פון תל־אביב; די גראַטעוועטע פון גרויסן חורבן, זייער קלאַמערן זיך אין דער בידנער עקזיסטענץ, אָבער זייער זיכערקייט פון גיין אויף דער ערד. יצחק רימון האָט מיך שטיל געפירט, ווי מען פירט אַ קינד. ער האָט מיך שוין נישט אָפּגעלאָזן. ס'איז נישט געלעגן אין זיין שטילן כאַראַקטער צו פירן פּאָליטישע פּאָלעמיקעס. ער האָט זיך נאָר געפרייט מיט אַלץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט יידישע הענט. אַליין אַ פאַרהאָרעוועטער אין „דבר״, האָט ער אָפּגעשפּאָרט זייער פיל צייט פאַר מיר, כאָטש ער איז אַליין געווען פאַרנומען מיטן אַרומלויפן צו שאַפן וויכטיקן מאַטעריאַל פאַר זיינע ציי־

טונגס-אַרבעטן, וועגן לעבן און וועגן קאַמף פון לאַנד, פון זיין עקזיסטענץ. זיינע אָנרעגנדיקע אַרטיקלען האָב איך געפונען אין פיל יידישע צייטונגען פון וואַרשע, פּאַריז, קאַנאַדע, בוענאָס-איירעס.

און ווען ער איז, מיט זיין שטילער, סימפּאַטישער פרוי ליזע, מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געקומען קיין פּאַריז, זענען זיי געווען אונדזערע ליבע געסט ביי אונדז אין הויז. איך האָב זיי אַ ביסל באַקענט מיטן יידישן פּאַריז, שפּאַצירט מיט זיי איבער די פּאַריזער „גרויסע בולוואַרן", געפירט זיי אויפן יידישן „פּלעצל". איך האָב זיך אַפילו געוויצלט: „ווערט נישט איבערראַשט... פּאַריז איז טאַקע אַ שיינע שטאָט, זי האָט אָבער אַ קליינעם חסרון — זי איז נישט אונדזערס"... ער האָט פאַרשטאַנען דעם צוזאַמענהאַנג מיט זיין היים אין ישׂראל, ווו עס איז נאָך אפשר נישט אַלץ אַזוי רייך און שיין, ווו מען איז אָבער ביי זיך.

די פּאַלקסיידן פון פּאַריז האָבן יצחק רימון געקענט, געלייענט אים אין דער היגער יידישער צייטונג און האָבן אים זייער געשעצט. עס איז געקומען אַ פולער זאַל מיט יידן אויף זיין פאָרלעזונג. ער האָט זיי דערציילט וועגן ישׂראל. ער איז געווען אויפגעלייגט, ווי קיין מאָל נישט, באַגייסטערט. ער האָט זיך מיט זיין פרוי געגרייט צו פאָרן קיין אַרגענטינע אויף אַ קורצן באַזוך.

דערנאָך, צוריק אין דער היים ביי זיך, פלעג איך, ווי געוויינלעך, אָפּט באַקומען פון יצחקן לאַנגע בריוו, געשריבן מיט זיינע געכּתיבהטע, דראָבנע, פּערלדיקע אותיות. ער האָט זיך צוגעקוקט מיט גרויס נייגער צו אַלץ אין אונדזער יידישן לעבן, נאָכגעפּאָלגט די נאָסטאַלגישע באַשרייבונגען אין מיינע ביכער — וועגן אונדזער אַלטער היימשטאָט, וואָס איז אויף אייביק פאַרשניטן געוואָרן.

און אומגעריכט לייען איך אין דער היגער צייטונג אַ ידיעה: יצחק רימון געשטאָרבן...

ווער זאָל זיך עס געווען ריכטן? אַזוי פלוצלונג? אין סאַמע מיטן פון זיין שאַפן און שטייגן? נאָכן אָפּגעפינען זיין משפּחהגליק, אַרומגערינגלט פון זיין איידעלער פרוי ליזע, פון זייערע צוויי טייערע בחורים?

ס'איז שווער צו גלייבן.

ב. שלעווין

פּאַריז, 1973

# יצחק רימון ז״ל

יצחק רימון וואָס האָט באַדינט די יידישע פּרעסע אין לאַ-טיין-אַמעריקע און אייראָפּע, מיט טאָגטעגלעכע אינפאָרמאַציעס פון ישׂראל, האָט זיין זשורנאַליסטישע אַרבעט אויסגעפירט נישט אַלס „פּראָפעסיאָנאַליסט", נאָר קודם-כל אַלס שליח. אין זיין אַרבעט האָט ער געזען אַ הייליקע שליחות. נישט דער האָנאָראַר פאַר זיין שרייבן האָט דעצידירט, נאָר זיין הייליקער באַגער און ווילן, אַז די יידן אין די תּפוצות זאָלן זיין אינפאָרמירט וועגן די גרויסע זאַכן, וואָס ווערן געשאַפן אין ארץ-ישׂראל און מדינת ישׂראל. רימון איז אין זיין אַרבעט געווען זייער באַשיידן און האָט ליב געהאַט דאָס שרייבן. מיט האַרץ און נשמה האָט ער געשיל-דערט דאָס לעבן אין ישׂראל. נישט איין מאָל פלעגן מיר דיסקו-טירן הלמאי ער האָט נישט קיין מוט צו שילדערן די נעגאַטיווע דערשיינונגען אין לאַנד, נאָר די פּאָזיטיווע. דערויף האָט ער גע-ענטפערט: „איך האָב נישט קיין האַרץ צו שרייבן וועגן נישט-פּאָזיטיווע זייטן אין ישׂראל. גענוג, אַז די יידישע לייענער באַקו-מען די דאָזיקע ידיעות פון פאַרשידענע טעלעגראַפן-אַגענטורן".

ספּעציעל האָט רימון ליב געהאַט די לייענער פון אַרגענטינע, און ער איז מיט זיי געווען געבונדן ווי מיט אייגענע קרובים. די יידן פון אַרגענטינע און לאַטיין-אַמעריקע האָבן געוווּסט דעם אַדרעס פון יצחק און עליזה רימון אין רמת-אביב. זייער הויז איז געווען אָפן פאַר יידישע עסקנים און קולטור-טוער. אויך האָט רימון נישט אויפגעהערט צו שרייבן וועגן דער שואה-תּקופה, וועגן יעדער געזעלשאַפטלעכער פאַראַנשטאַלטונג, וואָס איז גע-ווען פאַרבונדן מיט דעם אומקום פון די זעקס מיליאָן יידן. רימון האָט נאָכגעפאָלגט און נישט מיד געוואָרן צו שרייבן וועגן דעם.

אין זיין שרייבן האָט רימון קיין מאָל נישט געזוכט זיך אויס-צוצייכענען און זיין אָריגינעל און „מאָדערן", נאָר געהאַט איין

ציל: זיך טיילן מיט דעם יידישן לייענער וועגן אַלץ וואָס קומט פאָר אין ישׂראל. אין דער פרי האָט ער געאַרבעט אין דער צייטונג „דבר", און נאָך דער אַרבעט פלעגט ער זיך אַוועקזעצן ביי זיין „וואַרשטאַט" — די שרייבמאַשין — און געשריבן.

אַזוי האָט ער זיך געפירט יאָרן־לאַנג, און די לייענער האָבן פון זיינע קאָרעספּאָנדענצן געהאַט לעבעדיקע גרוסן פון לאַנד. אַזוי איז אויך געשען אין דעם קריטישן טאָג, דינסטיק, ערב זיין פּטירה. אין דער פרי געווען ביי דער אַרבעט אין „דבר", נאָך מיטאָג געשריבן, אין אָוונט געהאַט געסט אין הויז, און ווען די געסט האָבן פאַרלאָזט, האָט ער זיך געפילט שלעכט, און אין משך פון אַ מינוט איז ער געפאַלן און מער זיך נישט אויפגעהויבן...

רימון האָט זיך געגרייט מיט זיין באַגלייטערין, תּבדל לחיים, עליזה, צו פאָרן קיין אַרגענטינע און זיך באַטייליקן אין די פייערונגען פון יובל פון „די פרעסע" אין בוענאָס־איירעס.

ביידע זענען געווען גליקלעך וואָס זיי וועלן ווידער האָבן די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט זייערע פריינד אין פּאַריז, אַרגענטינע, אורוגוויי, בראַזיל, א"אַ. ביידע האָבן זיך געהעריק צוגעגרייט מיט אינפאָרמאַציע־מאַטעריאַל, כּדי זיך קענען טיילן מיט די לייענער אין די דערמאָנטע לענדער. אָבער דער אַכזריותדיקער גורל האָט צעשטערט זייער שיינעם אידעאַל און האָפענונג. מיט־וואָך האָבן מיר אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו.

הונדערטער פריינד, קולטור־טוער און עסקנים האָבן צוזאַמען מיט עליזהן און ביידע זין, באַגלייט אין טיפן טרויער דעם פאַרשטאָרבענעם צו זיין אייביקער רו.

זיין אָנדענק וועט תּמיד בלייבן אין אונדזערע הערצער.

משה רון

# יצחק רימון — דער פאַרבינדלער צווישן ישראל און די תפוצות

פאַראַן אַ שפּריכוואָרט, אַז „קיינער איז נישט קיין נביא אין זיין לאַנד״. דאָס שפּריכוואָרט ווערט איבערגעחזרט אין פאַרשי־דענע ווערסיעס כּמעט אין אַלע שפּראַכן און עס טראָגט אין זיך אַ טיפן זין, אויף וויפל עס האַנדלט וועגן דער אָפּשאַצונג פון מענטשן און זייערע מעשׂים פון דער נאָענט און פון דער ווייטער דיסטאַנץ.

איך בין נישט זיכער צי מען האָט יצחק רימון ז״ל אָפּגעשאַצט אין ישׂראל אין זיין פולן ווערט, ווי אַן אמתער פאַרבינדלער צווישן דער יידישער מדינה (און אַ סך פריִער איידער די מדינה איז גע־שאַפן געוואָרן) און די יידישע תפוצות. פון דער ווייטנס אָבער, דאָס הייסט אין די לענדער ווו זיינע קאָרעספּאָנדענצן זענען דער־שינען, איז יצחק רימון געווען שטאַרק פּאָפּולער און באַליבט. פּאָפּולער, ווייל ער האָט כּסדר אינפאָרמירט וועגן אַלץ, וואָס קומט פאָר אין דער יידישער מדינה, וועגן אירע פּראָבלעמען, פריידן און ליידן; און באַליבט, ווייל ער האָט שטענדיק געשריבן וואַרעם, מיט האַרץ און — מען קאָן זאָגן — מיט ענטוזיאַזם, וועגן אַלץ, וואָס ער האָט באַרירט אין זיינע קאָרעספּאָנדענצן. אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן איז געקומען צום אויסדרוק זיין פאַרליבטקייט אין דער מדינה און אין אַלץ וואָס קומט דאָרטן פאָר. ער איז קיין מאָל נישט געווען קיין פּאַסיווער באַאָבאַכטער אָדער אַ טרוקענער אָפּשאַצער, נאָר עפּעס אַזוינס ווי אַ „נוֹגע

דבר״, אַ מיטלעבער מיטן פּראָצעס וואָס ער האָט געשילדערט.

רימון, אַן אַלטגעזעסענער תושב פון ארץ־ישׂראל, האָט זיכער געוווּסט, אַז עס פעלן נישט אין דעם ישוב און אין דער מדינה אויך קיין נעגאַטיווע דערשיינונגען, אָבער זיין דעוויז איז געווען צו זען אַלץ פון דער פּאָזיטיווער זייט און אַזוי עס צו שילדערן פאַר די לייענער פון די צייטונגען, אין וועלכער ער האָט יאָרן־לאַנג געשריבן. דערפאַר איז ער ווי אַ קאָרעספּאָנדענט געווען נישט נאָר פּאָפּולער, נאָר אויך באַליבט, מחמת ער האָט ריכטיק אינ־טערפּרעטירט די געפילן פון די יידן פון די תפוצות, וואָס קוקן אויף מדינת ישׂראל מיט פּאַרליבטע אויגן, אַפילו ווען זיי ווייסן, אַז אַ היפּש ביסל דערשיינונגען אין דעם לעבן פון דער מדינה זענען נישט קיין „אַכצנער גאָלד״, ווי עס זאָגט דאָס יידישע שפּריכוואָרט. יידן קוקן אויף מדינת ישׂראל ווי קינדער אויף אַ מאַמען, און אויף קיין מאַמען זוכט מען נישט קיין חסרונות.

אין אַרגענטינע איז ער געווען אויסערגעוויינלעך פּאָפּולער און באַליבט. ער האָט באַזוכט אַרגענטינע צוויי מאָל, איז געווען באַ־קאַנט מיט צענדליקער היגע כּלל־טוערס און געזעלשאַפטלעכע מנהיגים און איז געווען „אויסגעבונדן״ אין די פּראָבלעמען פון דעם אַרגענטינער יידישן ישוב. פאַר אַ סך פון די אַרגענטינער גע־זעלשאַפטלעכע טוערס איז יצחק רימון געווען ווי אַן „אַדרעס״ אין ישׂראל און ווען זיי פלעגן באַזוכן דאָס לאַנד, האָבן זיי קיין מאָל נישט פאַרפעלט צו באַגעגענען זיך מיטן קאָרעספּאָנדענט פון „די פּרעסע״, דערציילן אים וועגן דעם יידישן לעבן אין אַרגענ־טינע, צו וועלכן ער האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס.

יצחק רימון האָט אויך אָנגעהאַלטן אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער אַרגענטינער אַמבאַסאַדע אין ישׂראל, און עס איז מערקוויר־דיק, אַז דער ערשטער וואָס האָט געמאָלדן טעלעגראַפיש וועגן דער פּטירה פון יצחק רימון, איז געווען דער אַרגענטינער אַמבאַ־סאַדאָר אין ישׂראל, ה׳ ראָדאָלפאָ באַלטיערעס, פון פּראָפעסיע אַ זשורנאַליסט. דער אַמבאַסאַדאָר האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער הזכּרה צו די שלושים נאָך יצחק רימון אין בית־סוקולוב, אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט דער שרייבער פון די שו־רות, וואָס איז דעמאָלט געווען אין ישׂראל, ווי אַ דעלעגאַט צו דער

אַלוועלטלעכער באַגעגעניש פון יידישע זשורנאַליסטן, אין פעברואַר 1968.

און אַז עס איז שוין צו רייד געקומען פון דער דאָזיקער באַ־געגעניש, ווילט זיך דערמאָנען אַן עפּיזאָד. בעת דער אויפנאַמע פאַר די דעלעגאַטן אין דעם הויז פונעם נשיא, האָט דער נשיא נישט פאַרגעסן מזכיר צו זיין דעם רעדאַקטאָר פונעם „דבר", חיים שורער ז"ל, וועלכער איז גראָד דעמאָלט נפטר געוואָרן, און יצחק רימון, וואָס איז אַוועק אין דער אייביקייט אומגעפּער מיט אַ חודש פאַר דעם. זלמן שזר האָט גערעדט וועגן יצחק רימון מיט אויסערגעוויינלעכער ליבע און שעצונג פאַר דער גרויסער אַרבעט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אַלס פאַרבינדלער צווישן דער מדינה און זיין טויט באַצייכנט אַלס גרויסע אבידה.

די איניציאַטיוו אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג פון יצחק רימונס שריפטן איז אָן שום ספק אַ טרעפלעכע. אין דעם דאָזיקן בוך דאַרף אָפּגעשפּיגלט און פאַראייביקט ווערן די פיגור פון אַ מענ־טשן, וואָס האָט טיף, אויפריכטיק און אָרנטלעך מיטגעלעבט די געשעענישן פון זיין צייט און זיי אָפּגעשפּיגלט אין זיינע קאָרעס־פּאָנדענצן פאַר טויזנטער לייענערס בכל תפוצות ישראל.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות שליסט זיך אָן צו דער דאָזיקער גוטער איניציאַטיוו מיט די באַשיידענע שורות, ווי אַן אויסדרוק פון דערמאָנונג און שעצונג פון אַ טייערן און האַרציקן פריינד, וועלכער איז אַוועק פונעם לעבן ווען ער איז נאָך געווען פול מיט אַזוי פיל פּלענער.

פאַליק לערנער

# שליח נאמן

יברכך ה׳ מציון וראה בטוב ירושלים כל ימי חייך
(תהלים 128)

מה הוא הקשר — הגשר בין שני חלקי הפסוק?

אפשר לבאר אותו באופן מילולי, כלומר השם יתברך יברך אותך מציון ואתה — ראה בטוב ירושלים כל ימי חייך.

הביאור המילולי לא נראה, אלא אם נוסיף בין שני חלקי הפסוק מלה אחת „אם״, ואז כך נקרא: השם יברך אותך מציון, אם אתה תראה ב„טוב״ את ירושלים.

ציון היא, למעשה, ירושלים וירושלים מסמלת את כל ארץ ישראל, ירושלים היא לב האומה.

המלה „טוב״ אומרת לנו: הטוב שבלבך, לבך הטוב, עיניך הטובות. אני רואה את ירושלים ב„טוב״, כלומר בעינים טובות. אין אני מצווה לראות רק את הטוב אשר בירושלים, אלא אני מצווה לראות כל אשר בירושלים בטוב שבי, בלבי הטוב, בעינים הטובות.

ודאי היו בירושלים (כלומר בארץ ישראל) תופעות חברתיות, שליליות, ודאי שהיו בירושלים לא רק אורות, אלא גם צללים.

יש אדם הרואה את החיים ומבקרם בעינים רעות ויש אדם שמבקרם בעינים טובות. יש קטגור על הכל ויש מלמד זכות.

להיות כתב מארץ ישראל לעתונים בחוץ לארץ זאת היא מלאכת קודש, זאת היא שליחות אשר האדם שם אותה על עצמו. איש לא מינה אותו לתפקיד זה, אלא הוא הכתב — הכותב מינה את עצמו לכך. זאת היא שליחות מן הציבור בארץ ישראל אל הציבור היהודי בחוץ לארץ.



יצחק רימון ווי אַ גימנאַזיסט פון לעצטן קלאַס אין בריסק.



זשורנאַליסטן-צוזאַמענטרעף מיט משה סנה. פון רעכטס צו לינקס:
אריה כנרתי, יצחק רימון, ה׳ סאַמעט, משה סנה און יצחק אייזענבערג.



יצחק רימון אין דינסט פון „הנוטר״.



משפחה-בילד מיטן ברודער שמואל רימון פון אַרגענטינע אין יאָר 1951, נאָך העכער 20 יאָר זיין צעשיידט.



משפחה-בילד פון יאָר 1951.



יצחק רימון מיט מאָריס שוואַרץ בעתן באַזוך פון יידישן קינסטלער אין ישראל.



בעת דער בר-מצווה פון יינגערן זון, אברהם (אבי), מיט
רעדאַקטאָר פון „דבר״, ה׳ שורר.



יצחק רימון שמועסט מיט דוד בן-גוריון בעת אַ זשורנאַליסטן-
צוזאַמענטרעף מיטן ישראל-פּרעמיער.



יצחק רימון מיט יוסף שפּרינצאַק, ה׳ העפּטמאַן און יצחק אייזענבערג.



אין בית-הנשיא מיט אַרגענטינער קולטור-דעלעגאַציע. אויפן בילד, צוו״אַנד:
ה׳ י. הרכבי, ה׳ גרייעווער, דער נשיא יצחק בן-צבי און ה׳ יוריס.



יצחק רימון מיט יגאל ידין (רמטכ"ל) שעף פון הויפּט-שטאַב פון
צה"ל, אין אַ שמועס בעת אַ פּרעסע-קאָנפערענץ.



אויפנאַמע לכבוד אומאָפּהענגיקייט-טאָג פון אַרגענטינע, אין רעזידענץ
פון דעמאָלטיקן אַמבאַסאַדאָר גרעגאָריאָ טאָפּאָלעווסקי, מיט דער
אָנוועזנהייט פון פרוי גאָלדע מאיר.



יצחק רימון און פרוי ליזאַ מיט פאָרשטייערס פון פאַרבאַנד פון בערגען-בעלזען,
בעת אַ טרעפונג מיט משה שרת ז״ל.



יצחק רימון מיט ה׳ יצחק הרכבי, איצטיקער אַמבאַסאַדאָר פון ישראל אין בראַזיל.



בעת יצחק רימונס ערשטן באַזוך אין אַרגענטינע אין 1952. אויפנאַמע פון דער
יידישער קהילה אין בוענאָס-איירעס, מיט דער אָנוועזנהייט פון אַרגענטינער
פרעזידענט כואַן פעראָן.



מסיבה אין בית-סוקולוב מיט אַלפרעדאָ קאַרן פון אַרגענטינע,
פנחס ספיר און משה רון.



בעת אַ צוזאַמענטרעף פון מיטגלידער פון פאַרבאַנד פון בערגען-בעלזען.
יצחק רימון און פאָרשטייער פון פאַרבאַנד מיט לוי אשכול ז״ל.



צווייטער באַזוך אין אַרגענטינע אין יאָר 1963. יצחק רימון און פרוי ווערן אויפגענומען אין דער רעדאַקציע פון דער טאָגצייטונג „די פרעסע" אין בוענאָס-איירעס. עס זיצן פון רעכטס: קהות קליגער, מרדכי קרעטשמאַר, שוועגערין מאַרטאַ רימון, פרוי ליזאַ רימון. עס שטייען, צווישן מיטגלידער פון אַדמיניסטראַציע און דרוקעריי: משה קויפמאַן, ברודער שמואל רימון, נוח קאַצאָוויטש, ד"ר ז. זשיטניצקי. לעצטער לינקס: וויצע-רעדאַקטאָר פון „די פרעסע" פאַליק לערנער.



בעת אַ מסיבה לכּבוד זיגמונט טורקאָוו — פון רעכטס: יצחק אייזענבערג, ה׳ טורקאָוו-גרונברג, משה רון, יצחק רימון, פרוי רובינא, פרוי ראָזאַ טורקאָוו, קינסטלער פון יידישן טעאַטער און משה קיטרון פון קולטור-דעפּ. פון הסתדרות.



משפחה-בילד בעת דער פייערונג פון בר-מצווה פון ייגנסטן זון אברהם.


העתונאי
יצחק איידיק
רימון
בן אברהם ליב וחינדה
י״ג אייר תרע״ג
כ״ג טבת תשכ״ח

וגדולה באחריותה השליחות בעט סופרים משליחות מפה אל פה. המלה הנאמרת משתכחת, לא כן המלה הכתובה, היא בחינת עד תובע לדין את הכותב, את האומר.

והיה אם ישאל הקורא מהו הקשר בין האמור למעלה לבין יצחק רימון ז״ל? וזאת התשובה.

יצחק רימון ז״ל היה בעל רעדה בלב ואש בערה בעצמותיו כאותו בעל תפילה העובר לפני התיבה בימים נוראים.

הוא לא חשב איך לכתוב כדי למצוא חן בעיני הקוראים, הוא היה בוחן כל משפט, הוא היה בודק כל מלה בשעה שכתב את מאמריו: אמת מארץ ישראל.

הוא לא שיבח, הוא לא הילל, אלא היה מספר דברים לאמתם, הוא היה מוסר עובדות כהוויתן; הוא לא הסתיר מעשים מעיניו של הקורא; הוא שיתף את היהודים בחוץ לארץ בשמחת היצירה בארץ ישראל; הוא עשה אותם שותפים ליצירה, וכל יצירה כרוכה בקשיים, בחבלי לידה, כל יצירה — יסורים בצדה.

מאמריו היו חדורים אהבת ציון והיא נמסרה ליהודים בחוץ לארץ במלים פשוטות, במלים בהירות; אינני מכיר שליח בעט, שהצליח כמוהו לטעת בלב היהודים בתפוצות הגולה את אהבת ציון.

יצחק רימון ז״ל הוא שליחה הנאמן של אהבת ציון אל היהודים בתפוצות הגולה, וזכותו זו הייחודית תעמוד לו, לעד.

מנחם גלרטר

# אַ בריק האָט זיך איינגעבראָכן...

גלייך נאָך מיין אָפּשטייגן פון דער שיף „דן", האָבן מיך אין חיפהער פּאָרט, אָפּגעוואַרט מיינע בני־עיר מיט דער ידיעה, אַז היינט ביי נאַכט וועל איך זיך באַטייליקן אין אַן אזכרה צום אָנדענק פון דער אומגעקומענער קהילה נעמיראָוו. איך בין געקומען קיין תל־אביב און זיך מתייחד געווען מיט די אומגעקומענע יידן פון מיין שטאָט. אויפן צווייטן טאָג נאָך דער דאָזיקער אזכרה האָב איך זיך דערוווסט וועגן דעם פּלוצלונגדיקן און פרי־צייטיקן טויט פון יצחק רימון, מיט וועמען איך האָב זיך געגרייט צו באַ־געגענען און אים איבערגעבן די רעזולטאַטן פון אַלע באַמיִונגען, וואָס זע־נען געמאַכט געוואָרן כּדי ער זאָל קענען קומען קיין בוענאָס־איירעס.

זיין פּטירה האָט איבערגעהאַקט אַ קשר צווישן אונדז. זיין טויט האָט איינגעבראָכן אַ שטאַרקע בריק, וואָס ער האָט במשך פון אַזוי פיל יאָרן אויסגעבויט צווישן מדינת ישׂראל און אַרגענטינער יידנטום. זיין פריצייטיק פאַרשניטן לעבן איז אַן אבידה שאינה חוזרת. איך וואָלט געזאָגט אַן אבידה שאין לה תּנחומים, אַן אומגליק וואָס נעמט נישט אָן קיין טרייסט.

אונדזערע חכמים האָבן אַ מאָל, מסתּמא ביים באַווינען דעם טויט פון גרויסע מענטשן, געזאָגט: „אין עושׂין נפשות לצדיקים, דבריהם הן הן זכרונם" — „מען דאַרף נישט שטעלן קיין באַזונדערע אָנדענק־מצבות פאַר צדיקים, ווייל זייערע רייד זענען זייער אָנדענק־זכּרון". יצחק רימון ע"ה האָט בלב ונפש געדינט מיט זיין פען אַ הויכן אידעאַל פון פאַרבינדן יידן פון אַרגענטינע, ווי פון אַנדערע יידישע ישובים פון דער גאָרער וועלט מיט דער יידישער מדינה, מיט דער הילף פון קאָרעספּאָנדענצן, וועלכע האָבן מיט אַזוי פיל ליבע צו ישׂראל און אירע דערגרייכונגען און מיט נישט ווייי־

ניקער אַהבת־ישׂראל־געפילן צום וועלט־יידנטום. טאָג־טעגלעך האָט ער גע־שמידט דעם גשר־חי, די לעבעדיקע בריק, צווישן דער יידישער מדינה און איר גרויסן יידישן „הינטערלאַנד" בכל תפוצות ישׂראל.

דאָס אַרגענטינער יידנטום, בפרט די טויזנטער און טויזנטער לייענער פון „די פּרעסע", האָבן אין יצחק רימון געזען בבחינת אַ „שליח־ציבור", פאַר וועמענס אויגן ס'שטייט שטענדיק דער נייער גרויסער, עפּאָכע־מאַכנ־דיקער מדינת ישׂראל — „שוויתי", באַגלייט פון דעם אימתא דציבורא־געפיל פונעם „ודע לפני מי אתה עומד" — „און ווייס פאַר וועמען דו שטייסט".

יצחק רימון ע"ה, האָט מיט זיין פאַראַנטוואָרטלעכן שרייבן, מיט זיינע טרייע אָפּשפּיגלונגען פון אַלץ וואָס קומט פאָר אין ישׂראל, אירע ליידן און פריידן, איר וווּקס, אָדער, חלילה, אירע מכשולים, געוווּסט פאַר וועמען ער שרייבט, פאַר וועמען ער דערציילט מיט פּשטות, אָבער באַהויכט מיט אַ טיף־גייסטיקן אינהאַלט. ער האָט געהאַט אימתא דציבורא ביים שרייבן און דערפאַר האָבן אים זיינע לייענער ליב געהאַט און געשלונגען זיינע רייד, ווי זיי וואָלטן מיט אייגענע אויגן געזען די טייערע מדינת ישׂראל.

מיט דער פּטירה פון יצחק רימון האָט זיך איינגעבראָכן אַ בריק צווישן מדינת ישׂראל און דעם אַרגענטינער יידנטום.

יהא זכרו ברוך לנצח.

מרדכי קויפמאַן

„די פּרעסע", 22.2.1968

# חברים מספרים על יצחק רימון

נזדמן לי להיות לפני שנים מספר בדרום־אמריקה ולמדתי שם מה היה יצחק רימון: כל שורה שכתב, כל מאמר שפרסם, היו כאורים ותמים לקיבוץ היהודי הגדול שם. הכל שכתב היתה בבואה של טבעו האישי: הוא היה אדם של אורות, ללא צללים. כשם שחייך תמיד, היה גם בעל מאור פנים בכתיבתו אשר שיקפה את דמותו הנפשית. אינני בטוח אם ממשלת ישראל, הסוכנות היהודית והתנועה הציונית יודעות מה פעל רימון למען המדינה והציונות במאמריו. בהיותו בטבעו סניגור, לא היה מעולם מסוגל לקטרג; לכן מה שאמר היה חיובי והבליט תמיד את האורות בישראל, חיזק את רוח יהודי התפוצות, עודד אותם ולא פעם חשבתי כי הוא עושה יותר מאשר עשרות שליחים.

**אייזיק רעמבאַ**

בשם האיגוד העולמי של עתונאים יהודים
באזכרה בבית סוקולוב.

עדינות נפשו, צניעותו, אהבתו לאנשים, גרמו לכך שלא ידע לכפות את נוכחותו ולהתבלט, דבר שהוא פגם בעיני רבים. ראו את הפרדוכס: כמות מאמריו ורשימותיו היא פשוט דמיונית. רימון השאיר אחריו מאות רבות כתבות אך לא זכה לחיות מפרי עטו. לא היה אירוע חשוב בישראל שלא דיווח עליו בדייקנות, כנות ורטט לב חסידי. אך למרות זאת לא זכה מעולם לגישה למקורות שלהן היה זקוק עתונאי כמוהו. לכן אינני סבור

שאחטא למסורת של יום זכרון כשאני אומר דברים קשים וצורמים אלה. אני אומר זאת למען נלמד לקח. הייתי בפאריס כאשר נתקבלה הידיעה על מותו והעתון היומי הציוני היחיד באירופה „אונדזער ווארט", חש פתאום כאילו התרוקן כי מדי יומיים, שלושה, היתה מתפרסמת בו כתבה מאת יצחק רימון. באמריקה הדרומית היה בן־בית. הארץ היתה ביתו ועם זאת הכירו כל יהודי שם.

**ד"ר ברל פרימר**
ראש מחלקת התרבות של מועצת פועלי
תל־אביב, באותה אזכרה.

הייתי תקופה ארוכה בדרום אמריקה, קיבלתי עתונים רבים מן הארץ ובכל זאת לא דלגתי אף פעם על הכתבות של רימון. אהבתי אותן כי נכתבו בצורה לבבית, פשוטה, עממית. ומכאן השפעתן הניכרת. היכרתי בארגנטינה אנשים שגזרו מן העתון את מאמריו של רימון, ליקטו אותם וקראו אותם שוב ושוב. נראה שפשטות זאת שבכתיבתו והכנות שבה, היו סוד האימון הרב בו גמלו הקוראים ליצחק רימון.

**משה גולדשטיין**
לשעבר סגן ראש עירית תל־אביב,
באותה אזכרה.

היכרתי את יצחק כעתונאי, כאדם וכשכן. כעתונאי מילא שליחות של יעוד, היה גשר בין המדינה והיהודים בתפוצות. הוא לא רק הסביר אלא נטע חיבה והבנה לענינים שלנו. אבל מעל הכל היה אדם נעים הליכות, בעל מזג טוב, היה מסוגל לשמוע דברים גם כשלא הסכים להם, בנועם ובטאקט בלי לעורר מרירות או ויכוח. היה גם אסטט לא רק בלבושו ובחיצוניותו אלא גם בנפשו.

**הסופר יוסף אריכא**
באותה אזכרה.

רבים היו מכריו וידידיו אותם רכש באהבתו לאדם, בסבר פניו ובדבריו שנאמרו בנחת גם בשעות הקשות לו וכאלה היו לא מעטות. לא רבים הכירוהו בארץ כפי שהכירה אותו יהדות דרום אמריקה. אפשר לומר כי הכשיר את הדרך לשליחים מישראל.

בבואו לארגנטינה ב־1953 קידמוהו המוני יהודים ואף הוזמן על־ידי הנשיא חואן פרון ששיבחו על מאמציו להידוק הקשרים בין ישראל לארגנטינה. גם ביום חייו האחרון, הכין רשימות לקראת נסיעתו הנוספת לארגנטינה שאליה הוזמן במלאת 50 שנה להופעת די פרעסע.

**שמעון פינס**

ב„דבר".

את כל זמנו הפנוי, בעיקר בלילות, הקדיש לכתיבה, ולא פעם היה לפלא בעיני חברים לעט בהתמדתו ובחריצותו. גם בימים של מחלה השתדל שלא ייפסק הקשר שלו עם קוראיו. ביתו היה פתוח לכל עולה ותייר יהודי מדרום אמריקה, לכל קורא שלו, עסקן ואיש ציבור או עט מהתפוצות.

**אריה כנרתי**

ב„למרחב".

רימון היה כותב ליהודי דרום אמריקה על נוף הארץ ועל המתרחש בה, על אישיה ולבטיה, בסגנון עממי שמצא נתיבות ללבותיהם אולי יותר מהנאומים הנדושים של שליחי המגביות. כחניך התרבות העברית והאידית הבין את המנטאליות של הקורא שלו, וזה גמל לו בהוקרה. הוא נמנע מלדהור לתחומים ולתפקידים שדרשו מרפקים חזקים, גסות רוח ונוקשות אופי, העדיף להסתפק במועט, במה שזכה בעבודתו, ביחס לבבי אל הזולת וברעות טובה. תמיד חיפש את השלווה ומכאן תיאוריו על ישראל שהיו רגועים, נעימים לקריאה ומלאי תוכן, שסיפק לקוראים חומר למחשבה ולחשבון נפש.

**חביב כנען**

ב„הארץ".

דעם נאָמען ר י מ ו ן האָב איך דערהערט דאָס ערשטע מאָל נאָך דער מלחמה, אין דער רעדאַקציע פון דער יידישער צייטונג אין פּאַריז „אונדזער וואָרט״. איך האָב געוואָלט אין יענע צייטן זען אין ישׂראל דאָס גרויסע, און דאָס האָב איך געפונען אין די קאָרעספּאָנדענצן פון יצחק רימון. יעדן טאָג האָב איך אין זיינע אַרבעטן געפונען דערמוטיקונג, האָפענונג, גרויסקייט, שיינקייט. אין יענע צייטן האָט די רעדאַקציע נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו האָנאָרירן די אַרבעט פון די קאָרעספּאָנדענטן. האָב איך אַוועקגעשיקט אַ בריוו: „ליבער רימון, מיר לייענען מיט אינטערעס אייערע קאָרעספּאָנדענצן, מיר האָבן אָבער נישט קיין געלט, צו צאָלן פאַר זיי״. ענטפערט ער אונדז: „אויב איר האָט נישט קיין געלט, דרוקט אומזיסט״.

עס קומט אויס אָפט צו רעדן מיט יידן פון גאָר דער וועלט, און אַלע באַשטעטיקן, אַז יצחק רימון איז געווען דער געלייענסטער ישׂראלדיקער קאָרעספּאָנדענט. ס׳איז דאָ אַ גרויסער אונטערשיד צווישן דעם גרויסן נאָמען וואָס י. רימון האָט דערוואָרבן אין דער וועלט און צווישן זיין מעמד אין ישׂראל, ווי אַן עניו, נחבא אל הכלים. אָפּגעטאָן זיין אַרבעט אין דער אַדמיניסטראַציע פון „דבר״, פלעגט ער אין אָוונט שרייבן זיינע אַרטיקלען, כּדי צו ברענגען צו די יידן אין גאָר דער וועלט דאָס וואָס זיי ווילן וויסן — אַ גוט וואָרט פון ארץ־ישׂראל.

**ד״ר מ. דוואָרזשעצקי**

שטילקייט, באַשיידנקייט, ענווות — דאָס זענען געווען די כאַראַקטער־שטריכן פון יצחק רימון. אומעטום האָט ער זיין אַרבעט אויסגעפירט בשלמות. יצחק רימון האָט געקעמפט אין דער יידישער בריגאַדע און אין דער באַפרייונגס־מלחמה (1948). אין זיינע אַרטיקלען האָט ער גערופן די יידן אין די תפוצות עולה צו זיין קיין ישׂראל.

**י. בראַט**

אין דער תקופה 1941—1942, ווען דאָס דייטשע מיליטער, אָנגעפירט דורך פעלדמאַרשאַל ראָמעל, האָט זיך דערנענטערט צו די גרענעצן

פון ארץ־ישׂראל, בין איך געווען איינער פון די מפקדים פון די נוטרים אין צפון פון ארץ־ישׂראל. דאָרט האָב איך באַגעגנט יצחק רימון. כאָטש די באַדינגונגען זענען געווען שווערע — האָט יצחק רימון קיין מאָל זיך נישט באַקלאָגט; ער האָט אַלץ אויפגענומען מיט אַ שמייכל. ער איז תּמיד געווען צווישן די ערשטע ביי יעדער טעטיקייט. שפּעטער איז ער אַריבער־געפירט געוואָרן אין לופטפאָרט אין תּל־נוף. דאָרט האָט יצחק רימון גע־נומען אויף זיך אַן אויפגאַבע פון אַ מחנך־דערציִער פון אַ גרופּע יוגנטלעכע פון תּימן.

ער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער ערשטער לשכת הגיוס פון צבא הגנה לישׂראל.

**אשר זאַנדבאַנק**

# אַלע תל־אביבער איינוווינער אין שטוב־אַרעסט

זייט 4 טעג, פון דעם 30טן יולי ביזן 2טן אויגוסט געפינט זיך תל־אביב אין שטוב־אַרעסט. די גרויסע, שיינע שטאָט, די פרידלעכע שטאָט פון אַרבעט און שאַפן, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן מיליטערישן לאַגער. ס׳איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער גאַנצער נאָרמאַלער לעבנס־גאַנג פון דער שטאָט און אירע 200 טויזנט איינוווינערס זענען גאַנץ פּלוצלונג, אָן אַ פאַרוועג און אָן אַ פאַרוואָס, פאַרשפּאַרט געוואָרן אין די וווינונגען. תל־אביב איז אָפּגעשניטן געווען פון גאַנצן לאַנד, מ׳האָט נישט אַריינגע־לאָזט און נישט אַרויסגעלאָזט, די טעלעפאָנישע און טעלעגראַפישע פאַר־בינדונג מיט אויסלאַנד איז איבערגעריסן געוואָרן. קיין צייטונגען זענען נישט דערשינען. די גאַנצע מאַכט איז אַריבער אין די מגושמדיקע הענט פון מיליטער און זיי האָבן אָנגעהויבן צו באַלעבאַטעווען „ביד רמה״. ווי אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן די שטראָף־אַקציע קעגן תל־אביב?

דינסטיק דעם 30טן יולי, 4 אַזייגער פאַרטאָג איז גאַנץ תל־אביב אויפגעוועקט געוואָרן דורך רוישיקע מעלדונגען, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן דורך אַ באַוועגלעכן מיקראָפאָן: „שטוב־אַרעסט אין גאַנץ תל־אביב! ביז צו אַ נייער מעלדונג! ווער ס׳וועט אַרויסגיין אין גאַס, וועט דער־שאָסן ווערן! פאַרבלייבט אין די וווינונגען!״ אין דער זעלבער מינוט, זע־נען אַלע תל־אביבער גאַסן געווען איבערפולט מיט מיליטער; די הייזער האָבן ממש געציטערט פון גוואַלדיקן ראַש פון די שווערע טאַנקן און גע־פאַנצערטע אויטאָמאָבילן. די זעלנער זענען באַוואָפנט געווען פון קאָפּ ביז די פיס, גרייט צום קאַמף קעגן דעם „געפערלעכן שונא״ — דעם פרידלעכן תל־אביבער איינוווינער.

גאַנץ תל־אביב איז איינגעטיילט געוואָרן אין קוואַרטאַלן. יעדער קוואַרטאַל איז אַרומגענומען געוואָרן מיט מיליטער־קאָרדאָנען און שטע־כעדיקן דראָט. גרופּן מיליטער אין דער באַגלייטונג פון ענגלישע פּאָליציי־לייט, זענען געגאַנגען פון הויז צו הויז, פון וווינונג צו וווינונג. מ׳האָט גע־אַקערט און געניזשטערט, ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן ווי די וווינונג האָט אויסגעזען נאָך אַזאַ „באַזוך״. אַלע מענער און אַ טייל פרויען זענען אַרעס־טירט געוואָרן, מ׳האָט אַלעמען אַוועקגעפירט אין אַ צענטראַלן אַרעסט־פּונקט, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין יעדן קוואַרטאַל. נאָך אַ קורצער חקירה ודרישה איז די גרעסטע מערהייט באַפרייט געוואָרן, נאָך פאַרדעכ־טיקטע זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אויף אַ ווייטערדיקער אויספאָרשונג. אָט אַזוי איז געפירט געוואָרן די „אַקציע״ במשך פון אַלע 4 טעג.

כ׳האָב אייך אין קורצע ווערטער איבערגעגעבן ווי אַזוי דער „ענין״ האָט זיך פאָרגעשטעלט. ס׳איז אָבער זייער שווער איבערצוגעבן דעם געפיל פון תל־אביבער בירגער אין די שטוב־אַרעסט־טעג. קודם־כל, דעם געפיל פון טיפער באַליידיקונג, דעם פּאַטש אין פּנים כמעט אַ האַלבן ישוב. אָן שום סיבה נעמען און אָפּשטעלן דעם לעבנסגאַנג פון אַ גאַנצע שטאָט! דער גענעראַל, וואָס פירט אָן מיט דער „אַקציע״ האָט אַפילו געמאָלדן, אַז דאָס ווערט אַזוי תל־אביב באַשטראָפט פאַרן... אויפרייסן דעם „קעניג־דוד״־האָטעל אין ירושלים. לויט זיינע ווערטער זענען די אויספירער פון אויפ־רייס תל־אביבער בירגערס.

דער שטאָט־פרעזידענט הער ישראל רוקח און מיט אים דער גאַנצער שטאָט־ראַט, האָבן אויסגעדריקט זייער שאַרפסטן פּראָטעסט קעגן דעם אומבאַגרינדעטן פאָרוואורף און האָבן געפאָדערט גלייך צו באַפרייען די שטאָט פון שטוב־אַרעסט.

אויסער דער טיפער באַליידיקונג, איז גרויס געווען די פיזישע פּיין פון דער באַפעלקערונג. די „גזירה״ איז געקומען גאַנץ אומגעריכט. מוטערס האָבן נישט צוגעגרייט קיין מילך פאַר די קינדער, ס׳האָט אויסגעפעלט ברויט, מ׳איז געבליבן אָן אַ שטיקל אייז אין די הייסטע טעג פון יאָר תש״ו. דער ראַדיאָ האָט אַפילו גאַנץ אָפיציעל איבערגעגעבן, אַז די מיליטערישע מאַכט וועט זיך באַמיִען צו פאַרלייכטערן די שווועריקייטן פון דער באַפעל־קערונג, ס׳וועלן געמאַכט ווערן הפסקות אין שטוב־אַרעסט, בכדי איינצו־קויפן לעבנסמיטלען; אָבער אַ פאַקט איז, אַז פון דינסטיק 4 פאַרטאָג ביז מיטוואָך 5 פאַרנאַכט, ס׳הייסט במשך 37 שעה האָט מען נישט אַרויסגעלאָזט

פון הויז אויף קיין איינציקן טריט. מיטוואָך פון 5 ביז 7 אָוונט האָבן די 200 טויזנט תל־אביבער איינוווינערס געדאַרפט באַווייזן איינצוקויפן די נויטיקסטע מיטלען ווי: ברויט, מילך, אייז אאַז״וו. איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין די גאַסן אין די צוויי שעה... אויף צומאָרגנס דאָנערשטיק, האָבן זיי באַוויליקט צו פאַרלענגערן די הפסקה מיט... אַ האַלבע שעה — ס׳הייסט פון 5 ביז 7.30 און ווידער האָבן מיר געהאַט צוויי און אַ האַלבע זייער שווערע שעהען...

האָבן זיך נאָר געענדיקט די הפסקה־שעהען, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילדער געיעג פונאַנדערצוטרייבן די מענטשן אין די הייזער, במשך פון געציילטע מינוטן איז די גאַס ליידיק געוואָרן פון דער ציווילער באַפעלקערונג און די זעלנער האָבן ווידער אָנגעהויבן צו באַלעבאַטעווען.

איז מען אַזוי געזעסן און באַטראַכט תל־אביב דורכן פענצטער און וואָס האָט מען געזען? — טאַנקן און מאַשין־געווער, ענגלישע זעלנער און שטעכעדיקן דראָט. פון צייט צו צייט איז דורכגעפאָרן מיט אַ הילכיקן געזאַנג אַ פול געפּאַקטער אויטאָמאָביל מיט אַרעסטירטע „פאַרדעכטיקטע״ — „מי יבנה הגליל? — אנו נבנה הגליל!״ ס׳הייסט: ווער וועט בויען דעם גליל? — מיר וועלן בויען דעם גליל! די דערמוטיקנדיקע ווערטער פון דעם ליד האָבן זיך געלאָזט הערן אין אַלע תל־אביבער גאַסן, און אויב דאָס קול איז צו זיי נישט דערגאַנגען, האָט עס יעדערער געפילט אין די טיפעניש פון האַרצן.

דאָנערשטיק 8.30 אַזייגער אין אָוונט האָט דער ראַדיאָ איבערגעגעבן, אַז מאָרגן פרייטיק, 5 נאָכמיטאָג וועט אַראָפּגענומען ווערן דער שטובאַרעסט. די אייגנטלעך פריידיקע ידיעה האָט מען אָבער נישט אויפגענומען מיט אַ געפיל פון פאַרלייכטערונג, צוזאַמען מיט דער ידיעה האָט דער ספּיקער איבערגעגעבן נאָך אייניקע ידיעות און שוין גאָרנישט קיין פריילעכע: וועגן אַ גרויסן וואָפן־לאַגער וואָס זיי האָבן געפונען אין אַ שולע, העכער הונדערט ביקסן און רעוואָלווערן, טויזנטער באָמבעס, ביי 125 טויזנט קוילן, „ערשטע־הילף״־מאַטעריאַל, וואָס קאָן קלעקן פאַר אַ גאַנצער בריגאַדע (לויט ווי זיי גיבן איבער) אאַז״וו. לויט אַלע באַווייזן און וואָרשיינלעכקייטן איז עס נישט קיין „טעראָריסטן־געווער״ — נאָר וואָפן וואָס דאַרף דינען צום פאַרטיידיקן זיך קעגן אַראַבישע מערדער־באַנדעס. מיר האָבן שוין היינטער זיך אַ רייכע „בלוטיקע״ דערפאַרונג, אויף דעם פאַרטיידיקונגס־געווער וועלן מיר פאַר קיין פרייז נישט פאַרציכטן!..

אין זעלבן ראַדיאָ־זענדער און אין דער זעלבער צייט האָט מען איבער־געגעבן די רעדע פון פאָרזיצער פון ענגלישן פּאַרלאַמענט און לייבאָריס־טישער מיניסטער מאָריסאָן, וועלכער האָט גערעדט אין נאָמען פון דער רעגירונג, ביים עפענען די דיסקוסיעס איבער ארץ־ישראל. דעם אינהאַלט פון זיין רעדע האָט אייך שוין זיכער איבערגעגעבן דער טעלעגראַף. כ׳וויל דאָ נאָר באַמערקן, וועגן דער שטימונג פון ישוב צו דעם פעדעראַציע־פּלאַן, וועלכן ער האָט פאָרגעלייגט אַלס לייזונג פון ארץ־ישראל־פּראָבלעם. דער פּלאַן, ווי באַוווּסט, איז אַזאַ: פונאַנדערטיילן ארץ־ישראל אויף 4 אויטאָנאָמע טיילן: אַ יידישע, אַראַבישע, דער נגב און ירושלים, וווּ ס׳וועט זיצן די צענטראַלע רעגירונג. די יידן וועלן באַקומען אַלע פּלעצער וואָס זענען שוין דורך זיי באַזעצט און אַלע איבעריקע — די אַראַבער. צו זיך וועלן די יידן קאָנען אַריינברענגען נייע עולים אָן באַגרענעצונגען ביז... צום דערשטיקט ווערן. ווי ס׳שיינט, איז דאָס זייער עיקר כוונה. ס׳וועט אין קורצן גערופן ווערן אַ קאָנפערענץ אַרום אַ „קיילעכדיקן טיש״, צו וועלכן ס׳וועלן איינגעלאַדן ווערן די יידן און אַראַבער. און ווען דער פּלאַן וועט אָנגענומען ווערן דורךביידע צדדים, וועט מען „גלייך״ דערלויבן צו ברענגען די 100 טויזנט יידן...

די טעג קומט פאַר אין פּאַריז אַן אויסערגעוויינלעכע זיצונג פון דער יידישער אַגענץ, אין וועלכער ס׳באַטייליקן זיך אַלע אירע מיטגלידער (אויסער די דריי אַרעסטירטע מיטגלידער פון ארץ־ישראל). פון דאָרטן וועט מאָריסאָן באַקומען די אָפיציעלע און מאָסגעבנדיקע תשובה. די שטעלונג פון ישוב לאָזט זיך שוין איצט רעזומירן: אָן שום תנאי גלייך ברענגען די 100 טויזנט יידן וואָס שמאַכטן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, גלייך באַפרייען די אַרעסטירטע אַגענץ־מיטגלידער און אַנדערע טויזנטער אומשולדיקע און ערשט דאַן פאָרזעצן ריקזיכטלאָז דעם קאַמף פאַר אַ פרייער יידישער מדינה.

דער פעדעראַציע־פּלאַן איז אַ טויטקלאַפּ פאַר דער האָפענונג פון גאַנצן יידישן פאָלק. נאָך איידער ער איז געבוירן געוואָרן איז שוין דער פּלאַן פאַרמשפּט צום טויט. אַרום אים וועלן נישט געפירט ווערן קיינע אונטערהאַנדלונגען. אונדזער פּלאַן איז קלאָר און פּשוט: אַ פרייע איינוואַנדערונג, אַ יידישע מדינה — ווערן אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך!

דאָס האַלב אויסגעמאָרדעוועטע, פאַרפּייניקטע יידישע פאָלק וועט פאַר קיין פּרייז נישט פאַרציכטן אויף דעם הייליקן היסטאָרישן ציל!

2.8.1946

# אַלגעמיינער שטרייק פונעם גאַנצן יידישן ישוב

פון די אַרעסטירטע אַגענץ־מיטגלידער איז ביז איצט באַפרייט געוואָרן נאָר דער אַלטיטשקער הרב פישמאַן. די אַלע איבעריקע זיצן אין לאַגער און די רעגירונג באַוויזט ניט פּאַרלויפּיק קיין ווילן זיי צו באַפרייען. פון די 4 טויזנט אַרעסטירטע, מערסטנס מיטגלידער פון די קאָלעקטיווע זידלונגען, זענען ביז היינט באַפרייט געוואָרן אייניקע צענדליק, אַלטע און קראַנקע. דער ישוב פּאָדערט דורכויס זייער באַלדיקע באַפרייונג. אין די דערפער „ברענט" איצט ממש די אַרבעט. ס׳פעלן אויס אַרבעטס־הענט. איצט איז דער סעזאָן פון די וויינטרויבן און ס׳איז נישטאָ ווער ס׳זאָל די פּרוכט אַראָפּנעמען. די מאַראַנצן־ביימער שמאַכטן פון דורשט און עס איז נישטאָ ווער ס׳זאָל זיי באַוואַסערן. און דאָ וואַלגערן זיך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן העכער דריי וואָכן טויזנטער אַרבעטס־מענטשן, וואָס זענען אַזוי ברוטאַל אַוועקגעריסן געוואָרן פון פעלד און פון גאָרטן, פון שטאַל און אַרבעטס־וואַרשטאַט — אָן אַ דין און אָן אַ משפּט. פרעגן זיי שוין זייט 3 וואָכן: פאַר וואָס און פאַר ווען קומט עס אונדז? מיט וואָס האָבן מיר זיך פאַרזינדיקט? די רעגירונג מאַכט זיך ניט וויסנדיק, די אויפרעגונג האָט געשטיגן פון טאָג צו טאָג און נעכטן איז זי געקומען צו איר קולמינאַציע־פונקט: ביי צוויי טויזנט אַרעסטירטע אין גרעסטן קאָנצענטראַציע־לאַגער רפיח האָבן דערקלערט אַ הונגער־שטרייק. נאָך אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אונטער די הילכיקע קלאַנגען פון „התקווה" האָבן זיי אָנגעהויבן דעם הונגער. זיי וועלן דעם שטרייק נישט אויפגעבן, ביז זיי וועלן באַפרייט ווערן. ווען די שורות ווערן געשריבן, הונגערן זיי שוין ביי 30 שעה.

עס איז נישט איבערצוגעבן די אויפרעגונג אין ישוב. די נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן האָבן דערקלערט אויף מאָרגן אַן איינטאָגיקן שטרייק אין גאַנצן לאַנד, אַלס סאָלידאַריטעט־אויסדרוק מיט די הונגערנדיקע. פון 8 פרי ביז 12 ביי נאַכט וועלן אַלע געשעפטן, קאַפע־הייזער, פאַרוויילונגס־פלעצער און אַנדערע זיין געשלאָסן, די באַוועגונג פון ראָד־פאַרקער אין די שטעט און אין גאַנצן לאַנד וועט זיין אָפּגעשטעלט. אין דעם טאָג וועט דער גאַנצער ישוב אויסדריקן זיין ברויזנדיקן פּראָטעסט קעגן די אַכזריותדיקע מעשׂים פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג, וואָס וויל איינפירן די אַזוי טרויעריק באַקאַנטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אויך אין ארץ־ישראל.

ווי מ'איר האָבן שוין אויבן דערמאָנט איז ביז איצט בלויז באַפרייט געוואָרן הרב פּישמאַן, איינער פון די אַרעסטירטע אַגענץ־מיטגלידער. זיין באַפרייונג האָט אַרויסגערופן גרויס פרייד, ווייל ווי באַוווּסט, איז ער אַרעס־טירט געוואָרן שבת דעם 29סטן יוני. מיט כּוח האָבן אים די זעלנער גע־שלעפּט צום אויטאָמאָביל. דער רב האָט נישט געוואָלט פאָרן אום שבת. זיי האָבן אים געפּאַטשט און געשלאָגן. איין האַנט איז נאָך ביי אים געשוואָלן ביז היינטיקן טאָג. די אָפיציעלע ענגלישע נייעס־אַגענטורן האָבן זיך גע־בייזערט למאַי מ'האָט אויסגעטראַכט אַזאַ „בלבול" און האָבן אַלץ אָפּגע־לייקנט. אויף אַ ספּעציעלער פּרעסע־קאָנפערענץ פאַר דער ארץ־ישראלדי־קער און אויסלענדישער פּרעסע האָט דער אַלטיטשקער, גרייז־גראָער רב, קודם־כּל באַשטעטיקט, אַז מ'האָט אים געשלעפּט און געשלאָגן און צווישן אַנדערן האָט ער אויך איבערגעגעבן: „איך בין געווען אַרעסטירט: אין רוסלאַנד, אין די צאַרישע צייטן, דאָ אין לאַנד ביי די טערקן און איצט דורך דער ענגלישער מאַכט. סיי ביים צאַר, סיי ביי די טערקן, האָט מען נישט פאַרלעצט מיינע רעליגיעזע געפילן און דווקא די „דעמאָקראַטישע" ענגלי־שע „דזשענטלמענער" האָבן אויף אַזאַ אומפאַרשעמטן אופן מיך געצוווּנגען מאַרשווּעכן דעם הייליקן שבת. כ'וועל דאָס קיין מאָל נישט פאַרגעסן!" האָט פאַרענדיקט הרב פּישמאַן. זיין דערקלערונג האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם אויף די זשורנאַליסטן, גאַנץ באַזונדערס אויף די אויסלענדישע.

נאָכן אָפּזיין אין לאַנד העכער צוויי מאָנאַטן, פאַרלאָזט אונדז די טעג פּראָפ. ווייצמאַן און פליט קיין לאָנדאָן. זיין לעצטער באַזוך אין לאַנד איז געקומען נאָך אַ הפסקה פון גאַנצע 7 יאָר. דער הויפּט־צוועק פון זיין באַזוך איז געווען: פייערן דעם גרויסן יום־טוב פון לייגן אַ גרונטשטיין פאַר דעם גרויסן פיזיקאַלישן אינסטיטוט, וואָס וועט איינגעשטעלט ווערן אין דער קאָלאָניע רחובות און וועט טראָגן זיין נאָמען. מיר געדענקען נאָך איצט די גראַנדיעזע פייערלעכקייטן פון דעם אַקט. וועלט־באַרימטע געלערנטע זענען געקומען, בכדי צו פרייען זיך מיטן פּראָפ. ווייצמאַן אין זיין גרויסן יום־טוב. און ווי טראַגיש עס איז פאַרשטערט געוואָרן די שמחה פון אונדזער אַלטן 70־יאָריקן פּרעזידענט...

ווי „רויטער"־אַגענטור מעלדעט, וועט ווייצמאַן אויפגענומען ווערן מיט שמחה דורך דעם פּרעמיער־מיניסטער אַטלי. שווער צו זאָגן, אויב אויך ווייצמאַן וועט זיך אַזוי פרייען מיטן „הער אַטלי" (אַזוי האָט אים אָנ־גערופן בן־גוריון אויף אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג אין פּאַריז). נאָך די צוויי

שווערע מאַנאַטן שטייט אים איצט פאָר אויסצופירן איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן: צו געפינען אַ מעגלעכקייט צו לייזן אונדזער פראַגע מיט כבוד, האַרט שטיין אויף אונדזערע געדעכטע פאָדערונגען און דאָך געפינען אַ פאַרשטענדעניש אין די שטייגערגע הערצער פון דער „לייבאָר״־רעגירונג. לייזן אונדזער פראַגע ווי צום שנעלסטן, ווען די טענדענץ איז נאָר אָפּצו־שלעפּן.

ווערט פראָפ. ווייצמאַן איצט קומען קיין לאָנדאָן אַ פאַרביטערטער און טיף אַנטוישטער, אָבער מיט נאָך אַ שטאַרקערער איבערצייגונג אין דער גערעכטיקייט פון אונדזער קאַמף. „איר וועט אונדז נישט אָפּשרעקן!״ — האָט דאָ געזאָגט ווייצמאַן צו די היגע מאַכטהאָבערס — „ווען איר וועט צעשטערן דאָס גאַנצע לאַנד, וועלן מיר עס אויפבויען פון דאָס ניי. מיט אייך איז דער ברוטאַלער כּוח און דאָך וועלן מיר זיגן! ווייל די גערעכ־טיקייט איז מיט אונדז!״

דער גאַנצער ישוב באַגלייט דעם פּרעזידענט מיט אַ געפיל פון טיפן ציטער, מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט: זאָל ער נאָך מצליח זיין אין דער גרויסער, היסטאָרישער שליחות.

אין לאַנד זענען איצט די הייסטע טעג פון יאָר — די תּמוז־טעג. אין נאָרמאַלע צייטן צעפאָרט זיך דער עולם אין דער הייסער תּקופה אויף זו־מער־וווינונג, מע פאַרברענגט אין די קורערטער ביים ים, מע כאַפּט אַריין אַ ביסל עולם־הזה. כּמעט זי גאַנצע פּאָליטיש געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט שטעלט זיך אָפּ אין די טעג. היי־יאָר איז אָבער אַ „פאַרקערטע וועלט״. דווקא אין די הייסע טעג, קומען פאָר אומאויפהערלעכע באַראַטונגען און גאָר הייסע דעבאַטן. און ס׳איז דאָ ברוך־השם איבער וואָס צו דעבאַטירן.

איצט איז אַרויפגעשווומען אַ פראַגע פון ערשטראַנגיקער באַדייטונג: דער אַלט־נייער צעטיילונגס־פּלאַן, ווי אונטער דער באַגלייטונג פון אַ דירי־זשאָר איז אַרויס די גאַנצע ענגלישע פרעסע מיטן פאָרשלאָג: „חלוקה״.

דער ישוב און די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג האָבן דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן ווי אַמשאַרפסטן, מיט יאָרן צוריק אַזוי געננוי ווי היינט. אויך די אַראַבער זענען קעגן דעם פאָרשלאָג. אָבער די ענגלענדער האָבן אים איצט ווידער באַנייט, מיטן איינציקן צוועק, אַזוי אַרום אָפּצושטופּן די ליי־זונג פון דער ארץ־ישראל־פראַגע. זיי וואַרטן אויף אַ „נאַטירלעכער״ ליי־זונג; אָט קומען פאָר פּאָגראָמען אין פּוילן, די פּליכטלינגערס אין די לאַ־

גערן זענען קראַנק און שוואַך; ווי דערשלעפּט מען נאָר ביז ווינטער נאָך די פּרעסט און קעלטן, קיין העלפט פון זיי וועט אַפילו נישט בלייבן. און דאַן וועלן זיי מיט „פּאַרגעניגן״ אַריינלאָזן 100 טויזנט יידן קיין ארץ־ישראל...

אָט דאָס איז עס די בייזוויליקע כוונה פון דעם חלוקה־פּלאַן. דער ישוב האָט שוין צעשטערט פיל ענגלישע פּלענער, אויך אין דעם פאַל וועלן די ענגלישע „חלוקה״־אָנהענגערס ביטער אַנטוישט ווערן.

נעכטן איז זיך צוזאַמענגעקומען די אָנפירונג פון דער יידישער אַגענץ צום ערשטן מאָל, אין דעם אייגענעם זיצונגס־זאַל, נאָך דעם, ווי די געביידע איז באַפרייט געוואָרן פון מיליטער. אין דער באַראַטונג האָבן אָנטייל גענומען דער איצט באַפרייטער הרב פישמאַן און פּראָפ. ווייצמאַן, וועלכער האָט זיך ביי דער געלעגנהייט געזעגנט מיט אַלע אָנוועזנדיקע. דעם זעלבן טאָג זענען אויך פאָרגעקומען באַראַטונגען פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און דעם נאַציאָנאַל־ראַט (הועד הלאומי). אין אַלע באַראַטונגען האָבן אויך אָנטיילגענומען די פאָרשטייערס פון די יידישע פּליכטלינגערס אין דייטשלאַנד, וואָס ווילן איצט אין לאַנד.

די באַשלוסן זענען נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן, עס איז אָבער קלאָר, אַז חוץ דער פּאָליטישער לאַגע אין לאַנד איז אויספירלעך באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן ברענגען די 100.000 יידן. טראָץ דעם שדים־טאַנץ אַרום די הונדערט טויזנט, וועלן זיי קומען צו אונדז, און ווי מיר גלויבן און האָפן — ווי אַמשנעלסטן.

איצט וויל איך אייך איבערגעבן וועגן זייער אַן „אָריגינעלן״ און דאָך טראַגישן שטרייק. צוליב דער אָנגעשטרענגטער לאַגע האָט מען אים געשענקט זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט. כ׳מיין דעם שטרייק פון די יידישע אַרעסטאַנטן אין דער גרעסטער טורמע אין לאַנד — אין דער עכו־פעסטונג.

זינט פיר וואָכן טרעטן נישט אַרויס די יידישע אַרעסטאַנטן פון זייערע צעלעס, אַפילו צום דערליידיקן די מענטשלעכע באַדערפענישן. די שרעקלעכע היץ און די פאַרשטיקטע לופט פון טורמע־עיפּוש און געשטאַנק האָט זיי שטאַרק אָפּגעשוואַכט און דאָך איז זייער באַשלוס אייזן־פעסט: זייער פאָדערונג, אָפּצוטיילן זיי פון די אַראַבישע אַרעסטאַנטן און אַריבערפירן אין אַ ספּעציעל יידישער טורמע.

אין דער עכו־פעסטונג זיצן העכער 100 יידישע אַרעסטאַנטן. כמעט אַלע פּאָליטיש־אַרעסטירטע, זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויף יאָרנלאַנגע טורמע פאַר „טעראָריזם״ אָדער אַנדערע „פאַרברעכנס״. דאָס זענען אַלץ העכסט געבילדעטע און אינטעליגענטע בחורים, צווישן זיי 17־18־יאָריקע. אין דער זעלבער טורמע זיצן 5־6 מאָל אַזוי פיל אַראַבער: מערדער, רויבער, גנבים. מיט איין וואָרט: דאָס אָפּפאַל פון דעם מענטשלעכן מין. עס איז גאָר נישט איבערצוגעבן די ליידן און פּיין וואָס די יידישע אַרעסטירטע האָבן געהאַט אויסצושטיין פון זייערע אַראַבישע „קאָלעגן״. טאָג־טעגלעך איז מען זיי באַפאַלן מיט מעסערס און מיט שטעקנס, אייניקע פון זיי שווער פאַרוווּנדעט. זעענדיק, אַז די לאַגע ווערט געפערלעך, האָבן זיי דערקלערט דעם שטרייק.

זיצן זיי שוין 4 וואָכן אין די אַרעסטאַנטן־צעלעס, אויסגעמאַטערטע און פאַרשמאַכטע, אָבער די טורמע־אָנפירונג מאַכט זיך גאָר נישט ווויסנדיק. די באַזאָרגטע עלטערן האָבן געשיקט אַן אַלאַרם־טעלעגראַמע צום הויכקאָמיסאַר, אָבער אויך פון אים קיין תשובה נישט באַקומען. אונדזערע אַרעסטאַנטן, וואָס שמאַכטן אין טורמע, ווילן דעם שטרייק נישט אויפגעבן, ביז זיי ווילן באַפרידיקט ווערן אין זייערע פאָדערונגען.

נאָך אַ פּיינפול רינגעלע אין דער לאַנגער קייט פון צער און צאָרן...

30.6.46

# די מיליטערישע אַקציע אין ארץ־ישראל

„דעם 30טן דעצעמבער, 7.25 אָוונט, זענען אַריין 10 באַוואָפנטע פּערזאָן אין האָטעל „מעטראָפּאָל״ אין נתניה, האָבן פון דאָרט צוגעכאַפּט אַ הויכן ענגלישן מיליטער־אָפיציר און זענען אַנטלאָפן. מיט אַ שעה שפּעטער איז דער אָפיציר צוריק געבראַכט געוואָרן אין האָטעל דורך די פאַרכאַפּערס. מען מעלדעט אַז זיי האָבן אים געשמיסן. אויך אין תל־אביב און אין ראשון־לציון זענען דעם זעלבן טאָג צוגעכאַפּט געוואָרן 2 ענגלישע סערזשאַנטן, נאָך דעם ווי מ׳האָט זיי אָפּגעשמיסן 18 שמיץ, זענען זיי באַפרייט געוואָרן״.

עד כאן די אָפּיציעלע מעלדונג. און וואָס דערציילן עפּעס די געשמי־סענע גופא? דער סערזשאַנט בענטאַם דערציילט, אַז ווען ער און זיין חבר כערזשאַנט ראַיט זענען אַרויס פון האָטעל „ארמון" אין תל־אביב, איז זיי אַנטקעגן אָנגעקומען אַ באַוואָפנטע גרופּע, מ'האָט זיי געכאַפּט און אַריינ־געוואָרפן אין אַן אויטאָמאָביל. מ'האָט זיי אַוועקגעפירט אויף אַ ליידיקן פּלאַץ, געבונדן די הענט און אַ גרופּע פון צען פּערזאָן האָט יעדן פון זיי אָפּגעשמיסן 18 שמיץ. נאָכן אָפּשמייסן האָט מען זיי צוריק אַריינגעשטופּט אין אַן אויטאָמאָביל און איינער פון די טעראָריסטן האָט געזאָגט: „דאָס איז אונדזער נקמה פאַר שמייסן איינעם פון אונדזערע סאָלדאַטן". אַ צווייטער האָט צוגעגעבן: „גיב איבער דיינע אָפיצירן, אַז דאָס מאָל האָבן מיר געשמיסן די וועלכע מיר האָבן געכאַפּט. דעם צווייטן מאָל, וועלן מיר זיי הרגענען". די זעלבע געשיכטע, מער וויינ‍יקער, דערציילן אויך די אַנדערע געשמיסענע.

אינטערעסאַנט איז צוצוגעבן, אַז דער אָפיציר אין נתניה איז געכאַפּט געוואָרן אין דער אַנוועזנהייט פון זיין פרוי. דער אָפיציר אין דעם ראַנג פון אַ מאַיאָר, האָט זיך אין די יאָרן פון קריג אויסגעצייכנט אַלס העלדישער פּאַראַשוטיסט און איז געווען פון די געציילטע יידן־פריינד צווישן די הויכע ענגלישע אָפיצירן וואָס דינען אין לאַנד.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פאַל, דערמאָנט די העברעישע פּרעסע אַ צווייטן יידן־פריינד מאַיאָר דאָראַן, וואָס זייענדיק אַ באַאַמטער פון ענגלישן קאָנסולאַט אין רומעניע, האָט ער אַרויסגעראַטעוועט הונדערטער יידן פון טויט און דער מאַיאָר איז מיט אַ קורצער צייט צוריק אומגעקומען בעת אַ טעראָריסטן־אויפרייס אין יפו. די פרוי פון דערמאָרדעטן מאַיאָר פירט איצט אין דער ענגלישער פּרעסע אַ שאַרפע פּראָפּאַגאַנדע נישט נאָר קעגן די טעראָריסטן, נאָר אויך קעגן דעם ציוניזם און דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

דער לעצטער טעראָריסטן־אַקט האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג אין לאַנד. דער נאַציאָנאַל־ראַט האָט אָנגענומען אַ שאַרפע טאַדלונג־רעזאָלוציע קעגן דעם פאַרכאַפּן ענגלישן אָפיצירן און סאָלדאַטן און דאָס שמייסן פון אומשולדיקע.

אָט דאָס איז עס דער הינטערגרונט אַרום דער באַנייטער אַקציע פון מיליטער „צו באַרויִקן ס'לאַנד". זייט פיר טעג באַלעבאַטעווען זיי אין אונדזערע שטעט און דערפער. נעכטן און אייערנעכטן זענען באַלאַגערט געוואָרן פון מיליטער פּתח־תקווה, נתניה און רחובות. היינט האָט אויך תל־

אביב געפּילט דעם טעם פון דער באַנייטער מיליטערישער טעטיקייט. אומע־טום איז דערקלערט געוואָרן שטוב־אַרעסט. אין פּתח־תּקווה זענען די איינ־וווינערס געזעסן פאַרשפּאַרט גאַנצע 24 שעה.

אין תּל־אביב איז דער שטוב־אַרעסט דערקלערט געוואָרן בלויז אויף אַ טייל פון דער שטאָט, באַזונדערס האָט זיך די מיליטערישע אַקציע קאָנ־צענטרירט אַרום דעם תּימנער קוואַרטאַל „כּרם התימנים". אויפכאַפּנדיק זיך אין דער פרי האָבן די איינוווינערס געזען אַז זייער קוואַרטאַל איז אַרומגע־רינגלט מיט סאָלדאַטן פון דער פּאַראַשוטיסטן־דיוויזיע. די וואָס זענען אַרויס אין דער פרי צו דער אַרבעט, זענען אומגעקערט געוואָרן אין זייערע הייזער. אַלע אַריינגאַנגס־גאַסן, וואָס פירן צום קוואַרטאַל, זענען אַרומ־גענומען געוואָרן מיט שטעכנדיקע דראָט און אַרומגעשטעלט מיט שווערע טאַנקן און מאַשין־געווער. דער בריגאַדיר וואָס פירט אָן מיט דער אַקציע האָט איינגעלאַדן צו זיך דעם שטאָט־פּרעזידענט ה' ישראל רוקח און האָט אים געמאָלדן אַז דער צוועק פון דער אַקציע איז צו געפינען טעראָריסטן און די זוכונגען וועלן פאָרקומען נאָר אין די פּלעצער ווו דאָס מיליטער האָט אַ חשד אַז דאָרט קאָן מען זיי געפינען. דאָס מיליטער וויל ניט פאַר־שאַפן אומאָנגענעמלעכקייטן די איינוווינערס, דעריבער האָט דער בריגאַדיר געבעטן, אַז פאַרשטייערס פון תּל־אביבער מאַגיסטראַט זאָלן באַזוכן די פּלעצער ווו עס קומען פאָר די זוכונגען. דער שטאָט־סעקרעטאַר, קאַפּיטאַן בעדיוווי מיט 6 באַאַמטע האָבן באַקומען אַ פרייען צוטריט צו אַלע פּלעצער און האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו רעדן פריי מיט די איינוווינערס. ווען די שורות ווערן געשריבן ווערט די אַקציע אין תּל־אביב פאָרגעזעצט. דערווייל זענען שוין אַרעסטירט געוואָרן ביי 60 פאַרדעכטיקע. פון דעם פרייען תּל־אביב קוקט מען זיך צו צו דעם באַלאַגערטן תּל־אביב און אויך ביי דער „דזשענטלמענישער" האַנדלונג פון די סאָלדאַטן, פרעגן די הונ־דערטער טויזנטער בירגערס פון דער יידישער שטאָט: ווען וועלן מיר שוין ענדלעך פּטור ווערן פון די באַלאַגערונגען? ווען וועט שוין אַ סוף נעמען צו די אַזוי אומגעוווּנטשענע „פריינדלעכע" באַזוכן?

און ווען מ'רעדט שוין וועגן פריינדלעכע באַזוכן, וויל איך פאַרענ־דיקן מיין קאָרעספּאָנדענץ מיט זייער אַ אינטערעסאַנטן פריינדשאַפטס־באַזוך פון יידן ביי אַראַבער, און ניט סתם אַראַבער, נאָר ביי אָפיצירן פון „אַראַבישן לעגיאָן", דאָס מיליטער פון זיין מאַיעסטעט קעניג אַבדאַלאַ פון עבר־הירדן...

ס׳קלינגט אפשר אומגלויבלעך, ס׳איז אָבער אַ פאַקט, וואָס איז גע־שען די טעג.

אָפּיצירן פון „אַראַבישן לעגיאָן״ וואָס סטאַציאָנירן ביי יידישע ישובים אין עמק האָבן איינגעלאַדן צו זיך אין קעמפּ אויף אַ באַקאַנטשאַפטס־באַ־געגעניש פאָרשטייערס פון די אַרומיקע יידישע דערפער.

דער עסזאַל פון קעמפּ איז געווען שיין דעקאָרירט מיט פערסישע טע־פּיכער, בילדער און אויפשריפטן אין אַראַביש: „געבענטשט זאָלן זיין די געסט״. די סאָלדאַטן פון לעגיאָן האָבן דעפילירט לכבוד די געסט און מ׳האָט זיי מכבד געווען מיט קאַפע און זיסוואַרג. אויפן עכט אַראַבישן שטייגער האָבן זיך די געסט און אָפּיצירן אויסגעזעצט אויף קישעלעך אין אַ האַלבן ראָד און מ׳האָט געמיטלעך געשמועסט. „פּאָליטיק האָט נישט קיין שום געמיינזאַמס מיט פריינדשאַפטלעכע שכנים־באַציִונגען״ האָבן געזאָגט די אָפּיצירן. איינער פון די יידישע געסט האָט געענטפערט אויף העברעיִש און זיינע ווערטער זענען איבערגעזעצט געוואָרן דורך איינעם פון די אַראַ־בישע אָפּיצירן, אַן אַבסאָלווענט פון דער העברעיִשער אַגריקולטור־שולע אין בן־שמן. ער האָט אויך איבערגעזעצט די אַראַבישע רעדעס אויף הע־ברעיִש. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן די יידן געווײַלט אין דער פריינד־לעכער אַטמאָספער און האָבןביים סוף איינגעלאַדן די אָפּיצירן צו באַ־זוכן די יידישע דערפער.

אין דער צייט ווען די אַראַבישע מופטי־קליקע מיט דזשעמאַל חוסייני בראָש, באַמיִען זיך מיט אַלע כּוחות אויפצולאַקערן דעם בלוטיקן פייער צווישן יידן און אַראַבער, האָט דער דערמאָנטער פריינדשאַפטס־באַזוך אַרויסגערופן גרויס אויפזען אין לאַנד.

1.1.1947

## מיט דער אונאָ־קאָמיסיע איבערן לאַנד

נאָך די צוויי ערשטע זיצונגען, האָט די „אויספאָרשונג־קאָמיסיע פעסטצושטעלן פאַקטן״ אָנגעהויבן איר טור איבערן לאַנד. דער פאַקט, אַז די קאָמיסיע האָט באַשלאָסן צו לערנען דעם ארץ־ישראל־פּראָבלעם, קודם כל, דורך באַזוכן גרויסע טיילן פון לאַנד, האָט אַרויסגערופן גרויס צופרי־דנקייט אין ישוב, דורך דעם האָט די איצטיקע אונאָ־קאָמיסיע עטוואָס באַנייט אין דער פּראַקטיק פון די ביז איצטיקע 18 קאָמיסיעס. די פריִער־דיקע פאָרשער האָבן זיך פאַרלאָזט אויף דאָקומענטן און עדות און דאָס לאַנד האָבן זיי כמעט נישט געזען און די איבעריקע אינפאָרמאַציעס האָט זיי שוין צוגעשטעלט די פּאַלעסטינע־רעגירונג...

למען האמת מוז אָבער אויך געזאָגט ווערן, אַז מיט 10 און 18 יאָר צוריק, אין דער צייט פון דער „פּיל־קאָמיסיע״ און דער „שאָו־קאָמיסיע״ איז אַ סך ווייניקער געווען וואָס צו זען אין לאַנד. ביים היינטיקן טאָג, ווען עס קומען נייע מענטשן, געפינען זיי דעם גרעסטן אינטערעס אין לאַנד און גאַנץ באַזונדער אין יידישן ישוב, אויך די שאַרפע קאָנטראַסטן צווישן אַלטן און נייעם מאַכן דעם שטאַרקסטן איינדרוק. דאָס לעבן פון די יידן מיט די אַראַבער זייט ביי זייט, אַן אַלט אַראַביש דאָרף פון אברהם אָבינוס צייטן און האַרט נעבן אים א מאָדערנער יידישער קיבוץ — דאָס קאָן מען זען נאָר אין ארץ־ישראל...

די אויספיר־קאָמיסיע איז ערשט צוריקגעקומען פון אַ דרייטאָגיקן טור איבערן לאַנד. זיי האָבן באַזוכט ירושלים, חיפה, דעם קיבוץ ביים ים המלח „בית הערבה״ און אַ טייל פון זיי זענען אָנוועזנדיק געווען ביי דער אימפּאָזאַנטער פייערונג פון די יידישע פאָלקס־טענץ אין קיבוץ דליה. אַלס איינער פון די באַטייליקטע אין טור וועל איך פאַר אייך פּרווון שיל־דערן די איינדרוקן פון דעם אַזוי אינטערעסאַנטן שפּאַציר פון דער אויס־פאָרשונגס־קאָמיסיע.

קודם כל האָט די קאָמיסיע באַזוכט די הייליקע ערטער פון אַלע דריי רעליגיעס אין דער אַלטשטאָט פון ירושלים.

אַזייגער 9 פרי איז די קאָמיסיע, אין דער באַגלייטונג פון העכער 100 זשורנאַליסטן, פאָטאָגראַפן און סתם מאַסן נייגעריקע, אין דער אָנוועזנהייט

פון דירעקטאָר פון דער רעגירונגס־אָפּטיילונג פאַר אַרכעאָלאָגיע, — אַריינ־ געגאַנגען אין דער אַלטשטאָט (עיר עתיקה) פון ירושלים. דורך די שמאָלע געסלעך און הונדערטער טרעפּ, האָט זיך די גאַנצע מאַסע געצויגן אין געפּילדער פון אַראַבישן מאַרק, צום הייליקן פּלאַץ פון יידישן פאָלק — צום כותל המערבי. דער טאָג פון באַזוך איז פּונקט אויסגעפאַלן ראש חודש תמוז, און הונדערטער יידן פון אַלע עדהס זענען געקומען דאַווענען ביי דער הייליקער וואַנט. מיטן גרעסטן אינטערעס האָבן זיך די קאָמיסיע־ מיטגלידער צוגעקוקט ווי די יידן וויינען און קושן די שטיינער. דאָס רירנדיקע בילד האָט אויף זיי געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. די באַזוכער האָבן באַקומען אויספירלעכע פּרטים וועגן דער אַלטקייט פון די גרויסע שטיינער און דעם היסטאָרישן בונד צווישן זיי און דעם יידישן פאָלק.

דער סעקרעטאַר פון דער קאָמיסיע, דער כינעזער ד״ר הו האָט כסדר געפרעגט וועגן אַרט פון די יידישע תפילות, מיט גרויס אינטערעס האָט ער זיך צוגעקוקט צום סידור און צום תהילים און האָט געפונען ענלעכ־ קייטן צווישן דעם יידישן און כינעזישן כתב. ער האָט געפרעגט צי די שפּראַך פון די תפילות אין אַ בשותפותדיקע פאַר אַלע יידן, פאַר די פון פּוילן, פון רומעניע, אָדער פון די מזרח־יידן. אַן אַלטיטשקער שניידער פון די מזרח־יידן, וואָס איז צופעליק געווען אויפן אָרט האָט אויפגעקלערט, אַז דער תנ״ך און די העברעיִשע שפּראַך פאַרבינדן דאָס יידישע פאָלק אין אַלע לענדער.

פון כותל המערבי זענען די קאָמיסיע־מיטגלידער אַוועק באַזוכן דריי אַלטע היסטאָרישע שולן. גרויסע מאַסן האָבן זיי באַגלייט ווען זיי זענען געגאַנגען דורך די געסלעך פון דער יידישער אַלטשטאָט. אין דער שול פון רבי יוחנן בן זכאי זענען די פאָרשער אויפגענומען געוואָרן דורכן ספרדישן הויפּט־רב אין ארץ־ישראל הרב עוזיאל און נאָך אַנדערע רבנים פון די מזרח־געמיינדעס. די קאָמיסיע־מיטגלידער האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער מזרח־זייט ביים אָרון־קודש. די פאַרזאַמלטע האָבן אָנגעהויבן מיטן קאַפּיטל תהילים: „שיר המעלות לדוד, שמחתי באמרם לי בית ד׳ נלך, עומדות היו רגלינו בשעריך ירושלים״ — ס׳הייסט: „דאָס טרעפּן־ליד פאַר דודן, כ׳האָב זיך געפרייט ווען זיי האָבן מיר געזאָגט: קומט, לאָמיר גיין צום געטלעכן הויז — און אונדזערע פיס זענען דאַן געשטאַנען אין דיינע טויערן, ירושלים״.

הרב עוזיאל האָט דאַן פאָרגעלייענט צוויי באַגריסונגען אין העברעיִש. איינע דערציילט וועגן די הייליקע און היסטאָרישע ווערטן פון דעם פּלאַץ פאַרן פאָלק און די צווייטע — וועגן דער שול וואָס איז די עלטסטע, וואָס די פּיאָנערן פון ארץ־ישראלדיקן ישוב האָבן ווען עס איז אויפגעבויט. דאָס זענען די רעשטלעך פון חורבן בית שני. די שול איז געבויט געוואָרן טיף אין דער ערד, ווייל אין יענער צייט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, אַז די שול זאָל זיין העכער ווי די דעכער פון שטאָט. אַ צווייטע גרופּע קאָמיסיע־מיטגלידער מיטן פּאָרזיצער סאַנסטרעם בראש, האָט באַזוכט די אַלטע, רעפּרעזענטאַטיווע שול „די חורבה״. דער הויפּט־רב, הרב ד״ר הערצאָג האָט זיי באַגריסט אין העברעיִש און האָט פאָרגעזעצט אין ענגליש: „עס פרייט מיך זייער, וואָס איר האָט אָנגעהויבן אייערע באַזוכן אין הייליקן לאַנד פון די הייליקע פּלעצער. אַהער ווענדן זיך צענדליקער מיליאָנען מיט זייערע תפילות, טאָג־טעגלעך, פון אַלע עקן וועלט. דאָ איז דער אורשפּרינגלעכער קוואַל פון דער נבואה און פון מענטשלעכן גייסט. אויך אין די היינטיקע שווערע טעג פון גייסטיקער אַנטוישונג אין דער וועלט, קאָן מען נאָך דאָ, אין דער הייליקער שטאָט, טראַכטן אין אַ פאַרנעם פון דורות און פילן די נשמה פון דער אייביקייט. אין דעם הייליקן פּלאַץ פילן מיר, אַז דער חורבן פון יידישן פאָלק איז נישט נאָר אַ פיזישער, נאָר אויך אַ גייסטיקער. זינט דאַן, מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, ווען אונדזער פאָלק איז אַרויס אין גלות, איז נאָך קיין מאָל נישט אַזוי שטאַרק צעשטערט און צעריסן געוואָרן די פאָלק־נשמה. דאָס יידישע פאָלק זוכט איצט אַ תיקון פאַר דער צעריסענער נשמה דורך צוריק קומען קיין ציון. אָן טיפע וואָרצלען אין באָדן פון פאָטערלאַנד, וועט נישט זיין קיין אָרט פאַר אונדזער גייסטיקן לעבן״.

האַרט ביים כותל מערבי געפינט זיך דאָס הייליקסטע געבעטהויז פון די מוזלמענער אין לאַנד, דער באַרימטער אָמאַר־מעטשעט. איידער מ׳האָט באַטראָטן דעם הויף פון מעטשעט, האָט זיך דער פאָרזיצער געווענדט צו די פאָרשטייער פון דער העברעיִשער פּרעסע און צו די יידישע אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן: „מיינע הערן, ס׳טוט מיר זייער לייד אייך צו מעלדן, אַז לויטן ווילן פון די מוזלמענישע גייסטלעכע, איז פאַר יידן פאַרבאָטן צו באַזוכן דעם אָמאַר־מעטשעט״. פאַרשטייט זיך, אַז די יידישע זשורנאַליסטן זענען געבליבן שטיין אויפן גרויסן איינדרוקספולן הויף פון

מעטשעט. אין אַ קורצער ווײַלע שפּעטער, האָבן זיך פֿאַרזאַמלט די קאָמי־סיע־מיטגלידער אין מעטשעט־הויף און בײַ אַ פֿײַערלעכער שטימונג האָבן די קאָמיסיע־לײַט געשטעלט זײערע פֿראַגן דעם רעגירונגס־באַגלייטער: ווען איז געבויט געוואָרן דער מעטשעט? ווי אַזוי פּירט מען זיך אינע־ווייניק? וואָס איז די אויפגאַבע פֿון אַ שייך? — עמעצער האָט אויך געפֿרעגט וועגן כותל מערבי.

דער כותל מערבי — האָט געענטפֿערט דער באַגלייטער — דינט אַלס וואַנט פֿאַרן מעטשעט־הויף. אין דער היסטאָרישער תקופה האָט ער גע־דינט אַלס וואַנט פֿאַרן אויסערלעכן הויף פֿון בית המקדש אין הורדוס׳ צײַטן. די וואַנט איז דאָס הייליקסטע אָרט נישט נאָר פֿאַר ייִדן, אויך פֿאַר די מוזל־מענער אין דער גאַנצער וועלט. לויט דער טראַדיציע האָט דער נביא מחמד דאָ צוגעבונדן זײַן פֿערד, אײדער ער איז אַרויף אין הימל אַרײַן. ס׳איז אַ פֿאַקט, אַז גלײַך נאָך דעם, ווי די מוזלמענער האָבן דעראָבערט דאָס לאַנד, איז אַהער געקומען דער קאַליף. ערשט שפּעטער איז מעקאַ געוואָרן דאָס הייליקע אָרט פֿון די מוזלמענער.

פֿאַר אייניקע קאָמיסיע־מיטגלידער האָט זיך דער באַזוך אין אָמאַר־מעטשעט פֿאַרענדיקט זײער נישט אינטערעסאַנט. פֿאַרן אַריבערטרעטן די שוועל פֿון מעטשעט, טוען אַלע אויס די שיך, און שטעלט זיך פֿאָר, אַז בײַם אַרויסגאַנג זענען נעלם געוואָרן אייניקע פּאָר שיך. צווישן די, וואָס זענען געבליבן באָרוועס, איז אויך געווען דער קאָמיסיע־סעקרעטאַר ד״ר הו...

12.7.47

## אין בליענדיקע ישובים בײַם טויטן ים...

צום ערשטן מאָל האָט „די אויספֿאָרש־קאָמיסיע פֿעסטצושטעלן פֿאַקטן" באַזוכט אַ ייִדישן לאַנדווירטשאַפֿטלעכן ישוב און אַ גרויסע פֿאַבריק אין די וויסטענישן פֿון ים המלח. זײ האָבן זיך געטראָפֿן מיט מענטשן וואָס האָבן באַצווינגען די וויסטע און האָבן באַזיגט די ברענענדיקע היץ דורך אַרבעט און שאַפֿונגס־פֿרייד. דער באַזוך אין קיבוץ בית־הערבה און אין דער

פאַבריק פון דער פּאָטאַש־עקספּלואַטאַציע, און אַלץ, וואָס זיי האָבן דאָרט געזען, איז פאַר דער קאָמיסיע געווען אַן איבערגעוויינלעכער סורפּריז. „מיר זענען געווינט צו רופן דעם ים־המלח דער ים פון טויט, און וואָסער איבעררעשונג, מיר זעען דאָך דאָ פאַר אונדז אַ ים פון לעבן״ — האָט גע־זאָגט דער פאָרזיצער סאַנדסטרעם אָנקומענדיק צום ים המלח.

דער גרויסער קאַראַוואַן פון העכער 30 לוקסוס־אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן געפירט די קאָמיסיע און זייער סעקרעטאַריאַט, די פאַרבינדונגס־אָפּי־צירן פון דער יידישער אַגענץ און פון דער רעגירונג, זשורנאַליסטן און אַנדערע, איז אָנגעקומען אַ זייגער צען פרי אין די ביוראָען פון דער פּאָ־טאַש־געזעלשאַפט אין ים המלח. די חשובע געסט האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער פּריוואַטער וווינונג פון דירעקטאָר נאָוואָמיעיסקי, וועלכער האָט צו־געגרייט אַן אויסשעפּיקן פאָרטראַג וועגן דער פּאָטאַש־פאַבריק, דעם אומ־פאַנג פון דער פּראָדוקציע און די עקספּאָרט־פּראָבלעמען, ער האָט אויך דערציילט וועגן דעם גרויסן נוצן, וואָס די פאַבריק האָט געבראַכט פאַר די אַלייִרטע פעלקער אין די מלחמה־יאָרן.

די קאָמיסיע־מיטגלידער זענען דאַן דורכגעגאַנגען די ריזיקע געביי־דעס פון דער פאַבריק און האָבן זיך צוגעקוקט ווי אַזוי די אוצרות פון ים המלח ווערן אויסגענוצט. יעדע קלייניקייט האָט ביי זיי אַרויסגערופן דעם גרעסטן אינטערעס. נאָך דעם ווי די קאָמיסיע־מיטגלידער האָבן אַראָפּ־געגנידערט 1.200 מעטער פון ירושלים ביזן ים המלח — קריכן זיי איצט איבער די מעטאַלענע שמאָלע טרעפּלעך צום שפּיץ פון טורעם אין די לייי־טערונגס־געביידעס פון דער פּאָטאַש־פאַבריק. דער פאָרזיצער פאַרשיט ממש מיט פראַגן, ער וויל אַלץ וויסן, אַלץ אינטערעסירט אים. נאָכן פאָר־זיצער איז דער נייגעריקסטער קאָמיסיע־מיטגליד סער אַבדול ראַהמאַן — דער אינדישער פאָרשטייער. ער וויל וויסן וויפל געלט איז אינוועסטירט געוואָרן אין ים־המלח, ווי שטעלט זיך פאַר די פינאַנסיעלע לאַגע פון דער פאַבריק, ווען האָט מען אָנגעהויבן אויסאַרבעטן מאַגנעזיום אאַז״וו.

דער יוגאָסלאַווישער מיטגליד הער סימיטש, האָט זיך באַזונדערס אינ־טערעסירט וועגן די באַציִונגען צווישן די יידישע און אַראַבישע אַרבעטער. דער פאָרשטייער פון אורוגוויי, פּראָפ. פאַבריגאַט, האָט באַזונדערס באַ־צייכנט די דיסציפּלין און האַרמאָניע, וואָס הערשט צווישן די אַרבעטער פון ביידע פעלקער ביים אויספירן די שווערע אַרבעט.

פון דער פּאָטאַש־פֿאַבריק איז די קאָמיסיע אַריינגעפֿאָרן אין דעם נאָענטן קיבוץ בית־הערבה. דער קאָמיסיע־פֿאָרזיצער סאַנדסטרעם איז אַרויסגעפֿאָרן מיט אַ האַלבער שעה פֿריִער בכדי צו זען דאָס גרויסע וווּנ־דער אומגעשטערט פֿון דער נאָענט. ער איז אויפֿגענומען געוואָרן דורך דעם סעקרעטאַר פֿון קיבוץ. דער פֿאָרזיצער האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און אים אָנגעהויבן „פֿאָרשן" וועגן אַלע פּראָבלעמען אויפֿן אָרט, וועגן די לעבנס־באַדינגונגען, די אַנטוויקלונגס־אויסזיכטן, די דערגרייכונגען און די פּלענער אויף דער צוקונפֿט. דער ריכטער האָט זייער אינטענסיוו אויסגע־נוצט די האַלבע שעה. במשך דער קורצער צייט האָט ער באַוויזן דורכצוגיין פֿאַרשידענע טיילן פֿון קיבוץ. ער האָט געזען די קינדערלעך, וואָס שלאָפֿן אין שאָטנדיקן וועלדל, ער איז אויך געזעסן אויפֿן גראָז־טעפּיך פֿאַרן עסזאַל און געכאַפּט אַ געמיטלעכן שמועס מיט די קיבוץ־חברים. ער האָט אָבער געוואָלט, אַז אויך די איבעריקע קאָמיסיע־מיטגלידער זאָלן הערן די אינ־טערעסאַנטע אויפֿקלערונגען פֿון קיבוץ־סעקרעטאַר. ווען דער גאַנצער קאָמיסיע־קאַראַוואַן איז אָנגעקומען, און זיי זענען איינגעלאַדן געוואָרן אין ספּעציעל שיין־דעקאָרירטן עסזאַל, האָט דער קיבוץ־סעקרעטאַר אויך פֿאַר זיי געגעבן אויפֿקלערונגען: „דער קיבוץ איז אַרויף אויף דעם ים־המלח־באָדן מיט זיבן און האַלב יאָר צוריק און ציילט היינט צו טאָג 170 דערוואַקסענע מיטגלידער און אַן ערך 40 קינדער. זייער באָדן־באַזיץ באַשטייט פֿון 200 דונאַם פֿאַר פּלאַנטאַציעס און 400 דונאַם פֿאַר פֿיש־סאַזשלקעס. די ערד איז זיגט דורות פֿאַרוואָרלאָזט, ווערט באַוואַסערט גאַנצע ניין חדשים און ערשט דאַן הייבט אַן צו וואַקסן גראָז און אויך פּרוכט און גרינס, וואָס האָבן דעם בעסטן נאָמען אין לאַנד".

ווען דער פֿאָרזיצער פֿון יוגאָסלאַווישן פּאַרלאַמענט הער סימיטש, האָט געהערט די אויפֿקלערונג פֿון סעקרעטאַר וועגן געזעלשאַפֿטלעכן און ווירט־שאַפֿטלעכן געבוי פֿון קיבוץ, איז ער אַריינגעפֿאַלן אין התפּעלות: „איז דאָך דאָס פּאַקטיש אַ קאָלכאָז". איינער פֿון די קיבוץ־חברים האָט אים דערקלערט אין אַ זאַפֿטיקן רוסיש דעם אונטערשייד צווישן אַ קאָלכאָז און אַן ארץ־ישראל־קיבוץ, און דער הויכער ברייטפּלייציקער סימיטש האָט געמוזט איינשטימען, אַז אַן ארץ־ישראלדיקער קיבוץ — בפֿרט בית־הערבה פֿון ים־המלח — האָט נישט זיינס גלייכן אין דער גאַנצער וועלט...

ביי געדעקטע טישן איז מען געזעסן אויפן העכסט „דעמאָקראַטישן" אופן: קאָמיסיע־מיטגלידער, קיבוץ־חברים, זשורנאַליסטן, איינער ביים צווייטן איז מען אַזוי געזעסן און געפּירט לעבהאַפטיקע שמועסן. צווישן דעם איראַנער פאַרשטייער און זיין פאַרטרעטער זיצט אַ שוואַרץ־חנעוודיק מיידל און פירט אַ געשפּרעך מיט אירע „פּאַרטנערן" אין אַ פליסיקן פּערסיש. פרעגט איר דער איראַנער, הער אַנטאַזש, מיט גרויס פאַרוווּנדע־רונג: „פון וואַנען קענסטו רעדן אַזוי שיין פּערסיש ?" — ווייזט זיך אַרויס אַז זי איז פון פּוילן, אַן איינציק לעבנגעבליבענע פון אַ גאַנצער פאַמיליע. אויפן וועג קיין ארץ־ישראל איז זי געבליבן שטעקן אַ לענגערע צייט אין טעהעראַן. הערנדיק די געשיכטע פרעגט זי דער איראַנער: „וואָס האָסטו זיך אַזוי געריסן קיין ארץ־ישראל, האָסטו דען נישט געקאָנט לעבן שענער און לייכטער אין אַנדער לאַנד ?"

„זייער מעגלעך, אָבער דאָ איז מיין פאָטערלאַנד, איך בין גליקלעך צו לעבן אין ארץ־ישראל !", איז געפאַלן אַ דעצידירנדיקע תשובה און דער פאָרשטייער פון איראַן האָט איר שוין מער קיין פראַגן נישט געשטעלט...

נאָך דער אָפיציעלער אויפנאַמע זענען די קאָמיסיע־מיטגלידער אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבערן הויף. שיינע קינדערלעך, מיט געזונטע ראָזעווע פּנימלעך, שפּילן זיך אין די בעטלעך צווישן די ביימער אין וועלדל. פּראָפ. פאַבריגאַט, וואָס איז געקומען צום ים־המלח פון ווייטן אורוגוויי, דערנענ־טערט צו אַ קינדער־בעטעלע, ער גלעט דאָס קעפּל פון קינד און זאָגט אַ טיף געריר־טער: „כ'האָב אויך אַ קינד — כמעט אין זעלבן עלטער". און שפּילנ־דיק זיך אַזוי מיטן קינד צעשרייט ער זיך פּלוצלונג אין ענגליש, פראַנצוי־זיש און שפּאַניש: „דאָס אויסראָטן אַזעלכע קינדערלעך אין אייראָפּע צוליב ראַסן־מאָטיוון, איז די שווערסטע באַשולדיקונג, וואָס דריקט אויפן געוויסן פון דער גאַנצער וועלט !"

הערנדיק דעם אויסגעשריי פון אורוגווייער פּראָפעסאָר האָבן די קאָמי־סיע־מיטגלידער אַראָפּגעלאָזט די אויגן...

די קאָמיסיע האָט נאָך אין זעלבן טאָג באַזוכט דעם ירדן־ברעג, די היסטאָרישע שטאָט יריחו און דעם אַלענבי־בריק אויפן ירדן. פון דאַנען האָבן זיי אויך געוואָרפן אַ בליק אויף דער „זעלבשטענדיקער קעניגרייך" עבר־הירדן... דאָס גרעסטע איבערלעבעניש פון די קאָמיסיע־מיטגלידער אין דעם טאָג, איז אָבער געווען דער באַזוך אין דער פּאָטאַש־פאַבריק ביים ברעג פון ים־המלח און אין קיבוץ „בית הערבה". אויב מיט אַ טאָג פריִער,

בעת דעם באַזוך אין חיפה, האָבן זיי געזען די דערגרייכונגען פון אַ יידיש־אַראַבישער צוזאַמענאַרבעט — האָבן זיי זיך איבערצייגט ביים ים־המלח, וואָסער ווונדער עס קען באַווייזן אַ פאָלק, וואָס ווייסט אַז זיין פיאָנערן־אַרבעט איז הייליק פאַר אַ גרויסער אידייע — אויפצולעבן די וויסטענישן.

„מיר זענען געקומען, געזען און זיך איבערצייגט" — האָט געזאָגט אָפנהאַרציק און אויפריכטיק, גלייך נאָכן באַזוך אין „בית־הערבה", דער פאָרזיצער פון יוגאָסלאַווישן פאַרלאַמענט און קאָמיסיע־מיטגליד ה׳ סימיטש און האָט צוגעגעבן: „מען דאַרף אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַר דעם אידעאַליסטן־גייסט און פיאָנערן־אַרבעט, וואָס האָט געשאַפן דעם וווּנדערלעכן יישוב".

די איבעריקע קאָמיסיע־מיטגלידער זענען געווען מער „דיפּלאָמאַטיש" געשטימט, אָבער אין זייער שווייגן איז געווען קענטיק, אַז הער סימיטש דריקט אויס זייער אַלעמענס מיינונג.

שפּאַצירנדיק אין דער שיינער פּאַלמען־אַלייע אין „בית־הערבה" האָט געזאָגט ליסעצקי — דער טשעכאָסלאָוואַקישער פאָרשטייער: „יאָ, ארץ־ישראל איז אַ זעלטן שיין לאַנד מיט אויסערגעוויינלעכע אייגנשאַפטן, עס וואָלט זיך געקאָנט אַנטוויקלען און בליִען ווען נישט די בייזוויליקע שטערונגען".

אין די געציילטע ווערטער האָט דער גוטמוטיקער טשעכישער פאָרשטייער אויסגעדריקט די גאַנצע טראַגעדיע פון ארץ־ישראל־פּראָבלעם און אונדזער אַלעמענס בקשה: לייגט נישט קיין שטיינער אין וועג, שטערט נישט און דאָס יידישע פאָלק וועט פאַרוואַנדלען וויסטענישן אין בליִענדיקע פעלדער און גערטנער און וועט אויפבויען אַ פרייע היים אין זיין היסטאָרישן פאָטערלאַנד.

וועט די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון די פאַראייניקטע פעלקער אָוועקנעמען די שטיינער פון וועג? וועט זי ענדלעך אַ סוף מאַכן צו די קינסטלעכע און בייזוויליקע שטערונגען? די נאָענטע צוקונפט וועט עס באַווייזן.

18.7.1947

## דער העלדישער
## יסורים־וועג פון „עקזאָדוס 1947"

נאָך קיין מאָל איז דער יידישער יישוב אין ארץ־ישׂראל נישט אויפגע־טרייסלט געוואָרן אין זיינע טיפסטע טיפענישן ווי דעם פרימאָרגן פון פריי־טיק דעם 19טן יולי ד. י. ווען דער ראַדיאָ־זענדער פון דער שיף „יציאת־אייראָפּע 1947" האָט געשיקט צום יִשוב פאַרצווייפלטע און האַרצרייסנדיקע הילפסרופן: „ראַטעוועט"!. מ'האָט זיך דערוווּסט, אַז אין די אינטערנאַ־ציאָנאַלע וואַסערן, 17 מייל פון די ארץ־ישׂראלדיקע ברעגן האָבן 7 קריגס־שיפן פון מעכטיקן ענגלישן פלאָט באַפאַלן די מעפּילים־שיף אויף אַ שענד־לעכן און אַכזריותדיקן אופן. די אויפרעגונג אין יִשוב איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט, מיט ציטערדיקע הערצער האָט דער גאַנצער יישוב, אין שטאָט און אין דאָרף און אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון לאַנד, צוגעהערט זיך צו די דראַמאַטישע שילדערונגען פון דעם ראַדיאָ־זענדער אויפן שיף. צום ערשטן מאָל האָט דער יִשוב געהאַט די מעגלעכקייט צו הערן און נאָכצופאָלגן די אַנטוויקלונג פון דעם אַזוי אומגלייכן „ים־קאַמף". די ערשטע זענדונג פון שיף האָט מען געהערט דאָנערשטיק אין אָוונט, וואָס האָט געמאָלדן, אַז די „הגנה"־שיף דערנעענטערט זיך פון מינוט צו מינוט צו די ברעגן פון לאַנד.

פרייטיק 6 פרי האָט דער שיפס־קאַפּיטאַן פאָרגעזעצט די זענדונגען: „אַכטונג! אַכטונג! ס'רעדט די „הגנה"־שיף „יציאת־אייראָפּע". היינט פאַר טאָג זענען מיר באַפאַלן געוואָרן דורך 7 ענגלישע קריגסשיפן, 20 מייל פון ארץ־ישׂראל־ברעגן. פאַרלעצנדיק דעם אינטערנאַציאָנאַלן ים־געזעץ, גאַנץ פּלוצלונג זענען מיר באַפאַלן געוואָרן אויף אַן אַכזריותדיקן אופן, מיט אַ שיסעריי און מיט גאַז־באָמבעס, העכער 20 מייל. מיר האָבן געליטן שווערע פאַרלוסטן, ביים איצטיקן מאָמענט געפינט זיך אויפן שיף איין געהרגעטער, 5 אין אַ גסיסה־צושטאַנד, 20 שווער־פאַרוווּנדעטע און העכער 100 לייכט־פאַרוווּנדעטע.

אין דעם רעגן פון קוילן און באָמבעס, נאָך אַ פאַרצווייפלטן געראַנגל פון גאַנצע 3 שעה, האָבן זיך אַרויפבאַקומען אויף אונדזער שיף די ענגלישע מאַטראָסן, מיר האָבן אָבער דעם קאַמף נישט אויפגעגעבן. אַ דאַנק אַ

רודערער וואָס מיר האָבן אין אונטערשטן טייל פון דער שיף, פירן מיר זי אין דער ריכטונג צו די ארץ־ישראלדיקע ברעגן.

די ענגלישע קריגס־שיפן האָבן זיך אָנגעשטויסן אין אונדזער שיף און זי איז שווער באַשעדיקט, דורך די לעכער דרינגט אַריין וואַסער. אויב מיר וועלן אין דער גרעסטער שנעלקייט באַוויַיזן אָנצוקומען צום ברעג, וועט אונדז אפשר געלונגען צו ראַטעווען די 4.600 יידן פון דער שיף".

8 פרי האָט דער ראַדיאָ־ספיקער פאָרגעזעצט זיינע פאַרצווייפלטע הילפסרופן:

„דער גאַנצער דעק פון דער שיף איז חרוב. מיר געפינען זיך אין דער גרעסטער געפאַר דערטרונקען צו ווערן. ווער וועט טראָגן דערפאַר די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט? מיר זענען באַפאַלן געוואָרן אין די פרייע וואַסערן, זאָל עס די גאַנצע וועלט וויסן! מיר וועלן נישט שוויַיגן! מיר וועלן נישט שוויַיגן! אונדזער לאַגע איז קאַטאַסטראָפאַל! פילט דאָס וואָס מיר פילן! יעדער מינוט קאָנט איר הערן פון אונדז וויכטיקע נייעס, יעדע מינוט קאָנען מיר דערטרונקען ווערן! זייט עדות!"

8.20 האָט דער שיפס־קאַפּיטאַן זיך געווענדט מיט אַ ביטערן הילפסרוף צו דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון די פאַראייניקטע פעלקער: „קומט ווי אַמשנעלסטן, קומט גלייך קיין חיפה און איר וועט זיך איבערצייגן אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן, אוממענטשלעכן און אויפטרייסלענדיקן פאַרברעכן, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אונדז. אַזעלכעס איז נאָך נישט פאָרגע־קומען אין דער געשיכטע פון ימען און שיפן. מיר האָבן פּינקטלעכע צייכע־נונגען און אַלע באַוויַיזן, וואָס באַשטעטיקן אָן דעם מינימאַלסטן צווייפל, אַז מיר זיינען באַפאַלן געוואָרן אין די אינטערנאַציאָנאַלע וואַסערן. כ'בין גרייט זיך צו שטעלן פאַר יעדן אינטערנאַציאָנאַלן געריכט, און אויפוויַיזן דעם פאַרברעכן קעגן אונדז".

אין דער וויַיטערדיקער פאָרזעצונג האָט דער שיפס־קאַפּיטאַן געזאָגט:
„איך קאָן נישט נעמען אויף זיך די אויסערגעוויינטלעכע פאַראַנטוואָרט־לעכקייט און פאָרן אין דער ריכטונג וואָס מיר האָבן פריִער באַשלאָסן, ווייל די געפאַר פאַר 4.600 נפשות, פרויען, מענער און קינדער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון היטלערס גאַז־קאַמערן — ווערט אַלץ דראָענדיקער. מיר פאָרן אין דער פולער שנעלקייט אין דער ריכטונג קיין חיפה. די לאַגע פון די פאַרוואונדעטע איז זייער שווער" — דאָ האָט זיך פלוצעם איבערגע־ריסן די זענדונג און מיט איר אויך די פאַרבינדונג מיט דער שיף.

ווען מען האָט געהערט די שוידערלעכע נייעס פון דער שיף, איז ספּאָנטאַן אויסגעבראָכן אַ פּראָטעסט־שטרייק און די כוואַליע פון צער און צאָרן האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד. די פאַבריקן האָבן זיך אָפּגע־שטעלט. די שטענדיק לעבעדיקע און רוישיקע תל־אביב האָט אויגנבליק־לעך באַקומען אַן אַנדער אויסזען. אַלע געשעפטן זענען געשלאָסן געוואָרן. הונדערטער אויטאָמאָבילן זענען געבליבן שטיין אין מיטן גאַס. ריזיקע מאַסן האָבן אויסגעפילט די גאַסן און מען האָט זיך פאַראייניקט מיטן אָנ־דענק פון די טייערע קרבנות. עס איז געווען אַן אַלגעמיינער געפיל פון טיפן טרויער און פון שטאָלץ צוליב דעם העראָישן געראַנגל פון די מעפּי־לים און די אומשולדיקע געפאַלענע קרבנות.

12 בייטאָג איז באַנייט געוואָרן די באַוועגונג אין שטאָט.

אין דעם זעלבן פרימאָרגן האָט די „הגנה" איבערגעשיקט פאָלגנדיקע בריוו צום פאָרזיצער פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון „אונאָ".

„חשובער הער, מיר האָבן דעם כבוד מיטצוטיילן דורך אייער פאַר־מיטלונג, די מיטגלידער פון דער אויספאָרש־קאָמיסיע, אַז מיר האָבן ערשט איצט באַקומען אַ דרינגענדיקן הילפסרוף דורך ראַדיאָ, פון שיפס־קאַפּיטאַן פון דער פּליטים־שיף „יציאת־איירָאָפּע 1947", וואָס אויף איר דעק געפינען זיך 4.600 יידן.

היינט פאַר טאָג האָט דער ענגלישער פלאָט אויסגעפירט אַ שענדלעכן פּיראַטן־אָנפאַל אויף דער שיף, שיסנדיק אויף די שוצלאָזע פּליטים און באַנוצנדיק זיך מיט טרערן־באָמבעס. ביז איצט ווייסט מען שוין וועגן 1 געהרגעטן און צענדליקער שווער־פאַרוווּנדעטע. דער פאַרברעכן איז אויס־געפירט געוואָרן אויסער די טעריטאָריעלע וואַסערן פון ארץ־ישראל, פאַר־לעצנדיק אויף אַ פאַרברעכערישן אופן דעם אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ. אין נאָמען פון די טויזנטער פּליטים, וואָס מאַכן אַ פאַרצווייפלטן פּרווו, אָנצו־קומען צו די ארץ־ישראלדיקע ברעגן, האָט זיך דער שיפס־קאַפּיטאַן גע־ווענדט צו אייך מיט אַ האַרצרייסנדיקן הילפסרוף.

אין נאָמען פון דער מענטשהייט, אין נאָמען פון דער אויפגאַבע, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אייך, ווענדן מיר זיך צו אייך מיט דער דרינגנסטער ביטע איר זאָלט געבן אייער הילף פאַר אונדזערע ברידער איידער זיי פאַלן אַ קרבן פון דער אַכזריות און ברוטאַליטעט פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג און איידער מען פאַרטרייבט זיי פון לאַנד". אונ־

טערגעשריבן: די העכסטע אָנפירערשאַפט פון דער יידישער קעגנערשאַפט־באַוועגונג אין ארץ־ישׂראל (הגנה)

פרייטיק אין די נאָכמיטאָג־שעהען איז ענדלעך די שיף אָנגעקומען אין חיפער האַפן. גאַנצע צוועלף שעה, פון מאָמענט ווען די שיף איז אָנגעקומען ביז שבת פאַר טאָג, האָט אָנגעהאַלטן די אַכזריותדיקע פאַרטריי־בונגס־אַקציע קיין ציפערן.

פרייטיק מיטאָגצייט איז דערקלערט געוואָרן שטוב־אַרעסט אין פּאָרט און אין דער נאָענטער אומגעגנט. די וואָס האָבן געהאַט דערלויבענישן האָבן געוואַרט אויף דער גרעסטער שיף פון מעפּילים־פלאָט, מיט גרויס שפּאַנונג און אומגעדולד. אַרום 4 דעם זייגער האָט מען באַמערקט ווי די מעפּילים־שיף, אַרומגערינגלט פון קריגס־שיפן, דערנענטערט זיך. פּונקט פיר אַ זייגער איז זי אַריין אין פּאָרט און מען האָט זי צוגעבונדן צו דער יסורים־פּלאַטפאָרמע אין חיפער פּאָרט, וווּ עס שטייען אויסגעשטעלט אין איין ריי אַלע שיפן פון מעפּילים־פלאָט. אין דעם מאָמענט איז אויפן דעק פון שיף אויסגעבראָכן אַ הילכיקער געזאַנג פון ארץ־ישׂראלדיקע לידער און ווען, מיט צען מינוט שפּעטער, האָט מען זיי אָנגעהויבן אַריבערפירן אין דער פאַרטרייבונגס־שיף — פּונקט אין דער מינוט האָבן זיך פאַרענ־דיקט די לעצטע ווערטער פון „התקווה": „להיות עם חפשי בארצנו" — זיין אַ פריי פאָלק אין אונדזער לאַנד...

צוויי גרויסע ווייסבלויע פענער האָבן געפלאַטערט פון ביידע זייטן שיף. דער דעק איז פול־געפּאַקט, קאָפּ ביי קאָפּ. אַלעמענס בליקן זענען גע־ווענדט צו דעם ברעג, צו דער שיינער שטאָט חיפה, צום פּרעכטיקן כרמל־באַרג. קוים מיט אייניקע מינוטן צוריק האָבן זיי אַזוי הילכיק געזונגען די לידער פון מוט און פון האָפענונג — „התקווה" און „תחזקנה" — און איצט האָט אַלעמען באַהערשט אַ טויט־שטילקייט. אַלע שטייען אויף די פּלעצער און רירן זיך נישט. פאַרכמורעטע פנימער, בליקן פול מיט צאָרן און פאַר־ביטערונג. מען הערט נישט קיין וואָרט. אין איין פענצטערל זעט מען ווי איינער האַלט זיין קינד אין די אָרעמס און ער דערקלערט אים מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע: „דאָס איז ארץ־ישׂראל"...

אַ ציטער איז דורך ביי אַלע פאַרזאַמלטע ווען מען האָט אַראָפּגעטראָגן אין פאַרבלוטיקטע בעטלעך די שווער פאַרווונדעטע און די דריי קרבנות פון דער ענגלישער אַכזריות: דער שיפס־אָפיציר וויליאַם בערנשטיין — דער 23־יאָריקער אַמעריקאַנער יידישער בחור, וואָס האָט זיך מקריב געווען

פאַרן יידישן פאָלק. ער האָט שוין איין מאָל געפירט אַ מעפּילים־שיף „לאַטרון" און ער איז צוריקגעשיקט געוואָרן קיין אַמעריקע; דער 15־יאָרי־קער הערש יעקובאָוויטש פון בענדין, אַ חבר פון קיבוץ „דרור", ער איז געפאַלן פון אַ מערדערישער קויל און דער 23־יאָריקער יעקב באָמשטיין.

די שיף האָט אויסגעזען ווי צעקוועטשט, פון ביידע זייטן האָט מען געזען גרויסע לעכער, מען האָט אויך דערקענט בולטע סימנים פון שוואַרצן בוימל, וואָס דאָס מיליטער האָט געגאָסן אויף די מעפּילים. ביים קוימען האָט געפלאַטערט אַ לאָזונג אין ענגליש: „ענגלאַנד! אָט זיי זיינען עס דיינע פיינט?"

ביי אַ טויט־שטילקייט, לאַנגזאַם, שטייגן אויס די מעפּילים פון זייער שיף און גייען אַריבער אין דער פאַרטרייבונגס־שיף. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן זענען אין פּאָרט אָנגעצונדן געוואָרן רעפלעקטאָרן און ביי דעם בלויען רעפלעקטאָרן־שיין איז פאָרגעזעצט געוואָרן דער טראַגישער מאַרש צום טרערן־אינדזל ציפערן...

די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע האָט זיך אָפּגערופן אויפן דראַמאַטישן רוף פון שיפס־קאַפּיטאַן און דער ריכטער סאַנדסטרעם איז געקומען אין דער באַגלייטונג פון יוגאָסלאַווישן פאָרשטייער אין חיפער פּאָרט. זיי זענען גע־קומען ווי נאָר די שיף איז צוגעבונדן געוואָרן צו דער פלאַטפאָרמע און זענען פאַרבליבן אין פּאָרט גאַנצע אַנדערטהאַלבן שעה. זיי האָבן פאַר־בונדן אַ געשפרעך מיט די פּלאָט־אָפיצירן און האָבן זיך צוגעקוקט צו די מעפּילים, ווי זיי ווערן איבערגעפירט אין דער פאַרטרייבונגס־שיף. טראָץ דעם פאַרבאָט נישט צו קומען אין באַרירונג מיט די פאָרשטייער פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע איז איינעם פון די זשורנאַליסטן געלונגען צו פרעגן דעם יוגאָסלאַווישן פאָרשטייער זיין מיינונג וועגן דעם, וואָס ער האָט געזען? — סימיטש האָט געענטפערט: „וואָס זאָל טראַכטן אַ מענטש, ווען ער זעט אַזעלכע מענטשן און אַזאַ שיף! — און האָט צוגעגעבן: — דאָס איז דער איבערצייגנדיקסטער אַרגומענט, מער ווי אַלע יידישע עדות..."

די ערשטע אויספירלעכע איינצלהייטן וועגן די געשעענישן אויף דער שיף „יציאת־אייראָפּע" האָבן מיר באַקומען פון אַן אַמעריקאַנער קריסט. עס איז געשטאַנען פאַר אונדז אַ הויכער בלאָנדער גוי, אָנגעטאָן אין אַ מיליטערישן מאַנטל אויף זיין נאַקעטן קערפּער, מיט אַ גרויסן גאָלדענעם צלם אויפן האַרץ. דאָס איז געווען דער „טראַדיציאָנעלער זשורנאַליסט", וואָס באַגלייט די מעפּילים־שיפן. דאָס מאָל איז עס געווען אַן אַמעריקאַנער

זשורנאַליסט, אַ פּראָטעסטאַנטישער גלח פון אַ יאָר 35, אַ שליח פון דער גלחישער צייטונג „טשערצמאַן", דזשאָו סטענלי גראַועל, אַ מיטגליד פון קריסטלעכן אַמעריקאַנער ארץ־ישראל־קאָמיטעט. ער איז אַראָפּ צוזאַמען מיט די מעפּילים. די פּאָליציי האָט אים געוואָלט אַרעסטירן, האָט דער גלח געזאָגט שטאָלץ און מוטיק: „איך בין אַן אַמעריקאַנער בירגער, נאָר מיט כוח וועט איר מיך אַרעסטירן!" הערנדיק אַזאַ געשיכטע האָט זיך די פּאָליציי גלייך פאַרבונדן מיט ירושלים און עס איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג אים צו באַפרייען. זיינע פּאַפּירן און דאָקומענטן זענען אָבער געבליבן ביי דער פּאָליציי.

די מעפּילים־שיף — האָט ער אָנגעהויבן זיין דערציילונג — איז אַ טייכנשיף און איז געבויט געוואָרן אין באַלטימאָר אין יאָר 1928. איר אָריגינעלער נאָמען איז „פּרעזידענט פּיטער גאַרפילד". דער גלח־זשורנאַליסט האָט באַשטעטיקט די שילדערונגען פון ראַדיאָ־זענדער וועגן דער לאַגע אויף דער שיף. וועגן די איבערלעבונגען אויפן שיף, אין פאַרלויף פון 7 מאָנאַט, צווישן אַמעריקאַנער, איטאַליענישע און פראַנצויזישע ברעגן ביז זי האָט זיך אַרויסגעדרייט פון קליינעם פראַנצויזישן פּאָרט סאָט, ביי מאַרסעי. אונטערן דרוק פון די ענגלענדער האָבן די פראַנצויזן געמאַכט די גרעסטע שוועריקייטן פאַר דער שיף, אויפן אָפענעם ים האָבן די ענגלענדער נישט אַראָפּגענומען פון איר קיין אויג. טראָץ אַלע שוועריקייטן, נאָך דעם ווי אַלע מענטשן זענען איינגעשטיגן, איז זיי געלונגען אַרויסצודרייען זיך פון פּאָרט און האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין קיין ארץ־ישראל. ביי סיציליע האָבן מיר באַמערקט ענגלישע קריגס־שיפן און זיי זענען איר נאָכגעפאָרן גאַנצע דריי טעג.

דער פּראָדוקטן־זאַפּאַס און וואַסער איז געווען גענוג אויפן שיף און דער גלח גיט צו: די שיף איז נישט געווען איבערפולט, מען איז געפאָרן ביי גוטע באַדינגונגען און די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע.

אויפן דריטן טאָג פון דער רייזע האָט דער ים אָנגעהויבן צו שטורעמען און די מעפּילים האָבן מקריב געווען זייער ערשטן קרבן — ביים געבוירן איז געשטאָרבן די פרוי פּאָלאַ אַבראַמאָוויטש. מען האָט איר געפירט צו איר אייביקער רו מיט כבוד, ווי מען פירט זיך אויפן ים. איר קערפּער איינגעהילט אין אַ ווייס־בלויע פאָן מיט אַ מגן־דוד איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויפן דעק פון שיף, אַן ערנוואַך איז געשטאַנען ביי די זייטן און איינער פון די מעפּילים האָט איר מספּיד געווען אין העברעיִש.

נאָך דעם ווי איינער האָט געזאָגט קדיש האָט מען זי אַראָפּגעלאָזט אין די כוואַליעס פֿון ים.

דאָס קינד — דער יתום איז געבליבן לעבן און מען האָט אים, צוזאַמען מיט זיין פֿאָטער און זיין 5־יאָריקער שוועסטערל אַריבערגעפֿירט אין מעפּילים־לאַגער אין עתלית.

וועגן צוזאַמענשטויס מיט די קריגסשיפֿן אויפֿן ים האָט דער גלח־זשורנאַליסט דערציילט: לויטן פּלאַן האָט די מעפּילים־שיף געדאַרפֿט אַרויפֿגיין אויפֿן זאַמד ביי איינעם פֿון די ארץ־ישראל־ברעגן, דער פּלאַן איז אָבער צעשטערט געוואָרן דורכן ענגלישן פּלאַט. ווען מיר האָבן זיך שוין דערנענטער כמעט 17 ים־מייל פֿון ארץ־ישראלדיקן ברעג האָט דער קאָמענדאַנט פֿון די ענגלישע קריגסשיפֿן אונדז געמאָלדן דורך ראַדיאָ, אַז מיר געפֿינען זיך שוין אין די טעריטאָריעלע וואַסערן פֿון ארץ־ישראל און די מאַטראָסן פֿון ענגלישן פֿלאָט וועלן איצט אַרויפֿגיין אויפֿן שיף און זי אָוועקפֿירן קיין חיפה. דער שיפֿס־קאַפּיטאַן האָט דאַן שטרענג נאָכגעזען ווו די שיף געפֿינט זיך און האָט אויסגעפֿונען, אַן דעם מינדסטן צווייפֿל, אַז זי געפֿינט זיך אויסער די טעריטאָריעלע וואַסערן פֿון ארץ־ישראל; דאָך האָט ער די שיף צוריקגעקערט נאָך 2 מייל. טראָץ אַלעמען האָבן זיך דערנענטערט 2 קריגסשיפֿן צו דער מעפּילים־שיף און מיט דער גאַנצער קראַפֿט האָבן זיי זיך אָנגעקלאַפּט אין איר פֿון ביידע זייטן. פֿון דעם שטאַרקן קלאַפּ איז אויך באַשעדיקט געוואָרן איינע פֿון די קריגסשיפֿן. גלייך נאָכן צוזאַמענשטויס האָט דער פֿלאָט, אָן אַ וואָרענונג, אָנגעהויבן צו גיסן אויף דער שיף זאַלפֿן פֿון שוואַרצן בוימל און וואַלער, גאַז און טרערן־באָמבעס. די מאַטראָסן האָבן גלייך געעפֿנט אַ שיסעריי און אויף די שוצלאָזע מעפּילים האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ האָגל פֿון קוילן. פֿון די ערשטע קוילן איז געפֿאַלן דער 15־יאָריקער הערש יאַקובאָוויטש. ווען די מאַטראָסן האָבן זיך אַריינגעריסן אין שיף איז שווער פֿאַרוווּנדעט געוואָרן פֿון קלעפּ מיט שטעקנס איבערן קאָפּ, דער אַמעריקאַנער שיפֿס־אָפֿיציר וויליאַם בערנשטיין, וועלכער איז שפּעטער געשטאָרבן אין שווערע יסורים.

מיר האָבן געפֿרעגט דעם גלח גראַוועל: צי איז דאָ אַ גרונט צו דעם וואָס די רעגירונג באַשולדיקט די מעפּילים אַז זיי האָבן זיך באַנוצט מיט טרערן־ און גאַז־באָמבעס קעגן דעם פֿלאָט? — אין אַלגעמיין האָט דער גלח גערעדט רויִק כאָטש מען האָט געפֿילט אַז ער איז אַ טיף געריטער, אָבער נאָך דער פֿראַגע האָט ער זיך אויפֿגערעגט און האָט גענומען קלאַפּן

אין טיש: „עס איז אַ געמיינער ליגן! מיט דער פּולער פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט שטעל איך פעסט, אַז אויף דעם בין איך גרייט צו שווערן אין נאָמען פון גאָט! איך וועל אייך דערציילן מיט וועלכן וואָפן ביידע צדדים זענען געווען באַוואָפנט: די ענגלענדער מיט טאָמיגאַנען, מיט רעוואָלווערן און גאַז־באָמבעס און אונדזערע מענטשן מיט קאַרטאָפל און קאָנסערוון־פּוש־קעס!" דער גלח האָט זיך באַרויִקט און האָט צוגעגעבן: „וווּנדערט זיך נישט וואָס איך זאָג אונדזערע מענטשן, גלויבט מיר, איך פיל אַזוי..."

די אויפרעגונג אין ישוב קעגן דער שענדלעכער פּיראַטן־אַקציע פון בעווינס שליחים איז אומגעהייער. אויף היינט זונטיק, דעם 20סטן יולי, אין טאָג ווען די קרבנות פון דער ענגלישער אַכזריות וועלן געבראַכט ווערן צו קבורה אין חיפה, איז דערקלערט געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער טרויער אין גאַנצן לאַנד, אין די שעהען פון דער לוויה וועט דאָס גאַנצע יידישע לאַנד שטרייקן און דורך ריזיקע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, וועט דער ישוב דעמאָנס־טרירן זיין סאָלידאַריטעט מיט די מעפּילים, זיין טרויער פאַר די געפאַלענע טייערע קרבנות, זיין דעצידירטקייט און שטאָלענער ווילן צו ברענגען נאָך צענדליקער שיפן, נאָך הונדערטער טויזנטער ברידער און שוועסטער און גלייכצייטיק — זיין האַס און עקל קעגן די שענדלעכע מעשים פון דער בעווין־עטלי־רעגירונג.

3.8.1947

## די לוויה פון די קרבנות פון "עקזאָדוס 1947"

אין טאָג ווען די דריי קרבנות פון דער ענגלישער אַכזריות זענען גע־פירט געוואָרן צו זייער אייביקער רו אויפן בית־הקברות אין חיפה, איז אין גאַנצן לאַנד דערקלערט געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער טרויער. ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט די אַרבעט אין שטאָט און אין דאָרף, געשעפטן, קאַפע־הייזער און פאַרוויילונגס־פלעצער זענען געשלאָסן געוואָרן — צענדליקער טויזנ־

טער זענען אַרויס אין די גאַסן באַטייליקן זיך אין די פּראָטעסט־פאַרזאַמ־לונגען און אין די דעמאָנסטראַציעס קעגן דעם פאַרברעכערישן אָנפאַל פון ענגלישן פלאָט אויף די אומגליקלעכע היטלער־קרבנות און דעם אכזריות־דיקן גירוש פון די פאָטערלענדישע ברעגן — אויסדריקן דעם טיפן ווייטיק אויף די געפאַלענע ברידער און דעם שטאָלענעם ווילן נישט אָפּשרעקן זיך און פאַרדרייפאַכן די אָנשטרענגונגען צו ברענגען אונדזערע אומגליקלעכע ברידער, מיט אַלע וועגן, אין לאַנד פון זייערע האָפענונגען.

די יידישע חיפה, וואָס שטייט אין דער ערשטער ריי פון טראַגישן מעפּילים־קאַמף האָט זיך פאַרזאַמלט אין די טויזנטער אויפן גרויסן פּלאַץ, פאַר דער געביידע פון די נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן אויף דער הערצל־גאַס, אויסצודריקן זייער צער און צאָרן קעגן דעם פּיראַטן־אַקט פון ענגלישן פלאָט. דער פאָרזיצער פון חיפער קהילה ה' מ. ג. לעווין האָט געעפנט די פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג און האָט געזאָגט צווו. אַנד.: „מיר האָבן זיך פאַר־זאַמלט צו באַגלייטן די דריי נייע קרבנות, וואָס זענען געפאַלן ביים ברעג פון פאָטערלאַנד".

די פּאָליטישע לייטערין פון דער יידישער אַגענץ אין ירושלים גאָלדע מאירסאָן האָט געזאָגט: ווידער פאַרזאַמלט זיך דער ישוב אין לאַנד צו טרויערן אויף זיינע געפאַלענע קרבנות און אָנווייזן אויף דער שאַנדע פון דער ענגלישער אימפּעריע. דער ענגלישער פלאָט איז אַרויס צו קעמפן קעגן קינדער, מיט שוואַנגערע פרויען און זויגלינגען, וואָס האָבן זיך אַרויס־געראַטעוועט פון היטלער־גיהנום. די ענגלישע ציטונגען דערציילן הייגט, אַז זיי האָבן אַנטדעקט די סודות פון די מעפּילים־אַקציעס, אויב זיי האָבן נאָר הייגט אַנטדעקט אַז די יידישע מאַסן רייסן זיך צו קומען אין יידישן פאָטערלאַנד, און אַז די יידישע יוגנט אין לאַנד, אין אַלע גלות־לענדער און באַזונדערס אין אַמעריקע, האָבן זיך דערוועגט צו ברענגען זייערע מאַסן ברידער קיין ארץ־ישראל — איז עס אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד. אַ בונד פון בלוט און אַ באַנייטער בונד פון באַפרייונג איז איצט געשלאָסן געוואָרן צווישן די הייליקע קרבנות און אונדז — צווישן דעם ישוב אין לאַנד און דעם גרויסן יידישן קיבוץ אין אַמעריקע.

און צו די פאָרשטייער פון די פאַראייניקטע פעלקער זאָל געזאָגט ווערן: אין פאַרלויף פון וואָכן האָט איר אונדז געזען ביי אונדזער פרידלעכער און שאַפנדיקער אַרבעט. ס'איז זייער גוט וואָס איר האָט אויך געהאַט די גע־לעגנהייט אונדז צו זען ביי אונדזער פאַרצווייפלטן קאַמף צו ברענגען אונ־

דזערע פאַרשטויסענע ברידער אין אונדזער לאַנד. ס׳איז זייער גוט, וואָס מיט אייערע אייגענע אויגן האָט איר געזען, ווי די ענגלישע רעגירונג דער־פילט אירע צוזאָגן. נאָך דעם ווי איר זייט אַנוועזנדיק געווען אין לאַנד אין די קריטישע שעהען, זענען מיר אייך ווי שותפים צו דער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, אַז אַזעלכעס זאָל שוין מער נישט געשען ביי אונדז אין לאַנד.

און מיר? — ווי אַ מויער וועלן מיר שטיין דורכגעדרונגען מיט אַ שטאָלענעם ווילן דעצידירטע און דיסציפּלינירטע, אַז קיין קראַפט אין דער וועלט זאָל נישט קאָנען אָפּהאַלטן אַ ייד צו קומען אין זיין לאַנד!״

נאָך דער איינדרוקספולער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג זענען די מאַסן אַוועק צום שפּיטאָל ווו ס׳האָבן זיך נאָך געפונען די קערפּערס פון די קרבנות. צווישן די מאַסן האָבן זיך באַזונדערס אויסגעטיילט די זיכער־קייט־אָפּטיילונגען פון ישוב. די אָרגאַניזירטע יוגנט האָט געטראָגן צענד־ליקער ווייסבלויע פענער און פאַרשיידענע לאָזונגען, צווישן זיי: „דאָס אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט וועט פאַלן אויפן קאָפּ פון דער ענגלישער רעגירונג״, „קרבנות וועלן אונדז נישט אָפּשרעקן״, „קיין געפאַר וועט נישט אָפּהאַלטן די מעפּילים־באַוועגונג״. די קערפּערס זענען געטראָגן געוואָרן דורך די פאַרשטייער פון דער יידישער אַגענץ, מיטגלידער פון קהילה־קאָמיטעט, חיפער אַרבעטער־ראָט און „הגנה״־מיטגלידער.

ביי די אָפענע קברים האָט מספּיד געווען די קרבנות הרב ד״ר ישראל גאָלדשטיין, דער פאָרזיצער פון פאַראייניקטן 70 מיליאָן דאָלאַר־קאַמפּיין אין אַמעריקע, וואָס איז געווען אין דעם טאָג אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. ער האָט געזאָגט: ס׳איז פאַרגאָסן געוואָרן בלוט פון יידן וואָס זייער איינ־ציקע זינד איז — זייער ווילן צו קומען קיין ארץ־ישראל. ער האָט דער־מאָנט דעם אַמעריקאַנער פּיאָנער, דעם געפאַלענעם אָפיציר פון דער מעפּי־לים־שיף וויליאַם בערנשטיין, אַ יונגער ייד פון אַמעריקע, נישט קיין רדי־פות און אונטערדריקונגען האָבן אים געשטופּט, נאָר די איבערצייגונג אין בשותפותדיקן גורל האָט אים דערוועקט איינצושטעלן זיין לעבן און קומען צו הילף אומגליקלעכע ברידער, וואָס רייסן זיך צום פאָטערלאַנד. בערנ־שטיין איז דער סימבאָל פון פּיאָנערנטום, וואָס דערוועקט זיך אין דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט צו פירן די מעפּילים־שיפן אין די וועגן פון די צעשטורעמטע ימען.

נאָך דעם ווי אַ נאָענטער חבר פון וויליאַם בערנשטיין האָט געזאָגט קדיש און דער חזן האָט געמאַכט אַ „אל מלא רחמים״ „פאַר די נשמות פון

אונדזערע הייליקע ברידער, וואָס זענען געהרגעט געוואָרן על קידוש־השם און קדושת העם והארץ" זענען די חיפער יידישע מאַסן נאָך מינוטן לאַנג געשטאַנען פאַר די פרישע קברים און אין אַ שטימונג פון צער און צאָרן איז מען זיך לאַנגזאַם פונאַנדערגעגאַנגען.

מיט אַ צאָרנדיקן פּראָטעסט האָט תל־אביב באַגלייט צו זייער אייביקער רו די קרבנות פון דער מעפּילים־שיף „יציאת־אייראָפּע תש"ז". שוין אין די פריִע מיטיק־שעהען זענען די גאַסן איבערפולט געוואָרן מיט מאַסן, וואָס האָבן געשטראָמט צום „הבימה"־פּלאַץ, ווו ס'איז פאָרגעקומען די ריזיקע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג. די אַרבעטער־מאַסן מיטן תל־אביבער אַר־בעטער־ראַט בראָש, האָבן מאַרשירט אין רייען צום פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ. די דעמאָנסטרירנדיקע מאַסן האָבן געטראָגן צענדליקער ווייסבלויע פענער און לאָזונגען „נאָך צענדליקער טויזנטער מעפּילים וועלן קומען!", „דער שענדלעכער פּיראַטן־אַקט וועט ניט איבעררייסן דעם מעפּילים־שטראָם, מיר וועלן ווייזן פאַר דער וועלט די צביעות און אַכזריות פון די ענגלענ־דער", „טייערע ברידער אין די פּליטים־לאַגערן! קומט צו אונדז, מיר זע־נען מיט אייך!" איבער דער ריזיקער געביידע פון „הבימה"־טעאַטער האָט געפלאַטערט די לאָזונג: „פון די פּליטים־לאַגערן ביז צום פּאָלק אין פאָטער־לאַנד — איין גורל, איין אויפגאַבע, איין פראָנט!"

צווישן די פאַרזאַמלטע האָט מען געזען די אויסדערוויילטע פון תל־אביבער שטאָטראַט, די הויפּט־רבנים, געסט וואָס ווילן אין תל־אביב, צווישן זיי ד"ר יעקבֿ לעשטשינסקי, אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, א"אַ. אין אַלגעמיין האָבן זיך אין דער ריזיקער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג באַטיי־ליקט העכער 20.000 מאַן.

נאָך אַ קורצער רעדע פון תל־אביבער שטאָט־פּרעזידענט ה' ישראל רוקח וואָס האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז גאָר אין קורצן וועט זיין דער וועג פון די גלות־לענדער קיין ארץ־ישראל, אַ דירעקטער, אָן שטער־רונגען, האָט באַקומען דאָס וואָרט בערל לאָקער — דער פירנדיקער מיט־גליד פון דער אַגענץ־עקזעקוטיוו ער האָט געזאָגט צווי"אַ:

דער לעצטער שענדלעכער אַטענטאַט קעגן דער יידישער עליה איז אַ רינגעלע אין דער קייט פון די געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך מיט יאָרן צוריק דורך דער אויסראָטונגס־אַקציע פון היטלערן און ווערן איצט פאָרגעזעצט דורך די, וואָס האָבן מיט היטלערן געקעמפט און אים

באַזיגט. די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט מיט צוויי יאָר צוריק, אָבער די מלחמה קעגן אונדז האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט.

מיר האָבן זיך געבעטן ביי די ענגלענדער זיי זאָלן אונדז דערלויבן צו ראַטעווען יידן פון די נייטראַלע לענדער, וואָס זענען נאָך נישט אַריין אין קריג. מיר האָבן זיי געפּרוווט איבערצייגן מיט הומאַניטאַרע און מיליטערישע מאָטיוון און מיר האָבן געזאָגט; אויב איר וועט דערלויבן אַריינצוברענגען קיין ארץ־ישראל יידן, וועלן זיין צווישן זיי צענדליקער טויזנטער יוגנטלעכע, זיי וועלן זיך מאָביליזירן אין מיליטער און וועלן קעמפן מיט היטלערן. פון אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען האָט זיך צוליב דער ענגלישער גלייכגילטיקייט גאָרנישט אויסגעלאָזט און אין מאָמענט ווען די עליה און די רעטונג איז געווען אַזוי דרינגענדיק נויטיק, זענען געשלאָסן געוואָרן די טויערן פון לאַנד און דער פאַקט האָט פאַראורזאַכט די גרוילנדיקע „פּאַטריאַ” און „סטרומאַ”־טראַגעדיעס און גירוש מאאור.

אונדזער הייליקע פליכט ביי היינטיקן טאָג איז: האַלטן זיך פעסט, צו זיין מוטיק און שטאָלץ, זיין גרייט מקריב צו זיין זיך פאַר אַ גרויסער יידישע עליה און העלפן דעם באַלאַגערטן און קעמפנדיקן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל, קאָנצענטרירן זיך אַרום די נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן, כדי גרייט צו עפענען די טויערן פון לאַנד פאַר אונדזערע ברידער”.

נאָך דער רעדע פון בערל לאָקער האָט זיך די ריזיקע מאַסע געשלאָסן אין רייען און מיט אַ ים פון פענער, טראַנספּאַראַנטן און לאָזונגען האָבן זיי מאַרשירט דורך די תל־אביבער הויפּטגאַסן אויסשרייענדיק כסדר קעגן שענדלעכן ענגלישן פאַרראַט און פאַר אַ פרייער יידישער עליה קיין ארץ־ישראל.

די צעווייטיקטע און צעשטורעמטע מאַסע האָט זיך נאָך נישט באַוויזן פונאַנדערצוגיין און פּלוצלונג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ גרוילדיקע ידיעה, אַז די מעפּילים זענען נישט אַוועקגעפירט געוואָרן קיין ציפּערן, נאָר מען האָט זיי צוריקגעפירט אין זייער אויסגאַנגס־פּאָרט, אין פראַנקרייך. ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג האָט די ידיעה געטראָפן דעם גאַנצן ישוב. דאָס נישט פאַרעפנטלעכן קיין אָפיציעלע מעלדונג וועגן גורל פון די מעפּילים האָט נאָך פאַרגרעסערט די אָנגעשטרענגטע לאַגע. מ׳איז ווידער אַרויס אין די גאַסן און איינער האָט געפרעגט דעם צווייטן: „איז עס ריכטיק?” און מ׳האָט מורא געהאַט אָנצורופן די גרויל־ידיעה ביי איר ריכטיקן נאָמען, ווייל צו געשפּאַנט זענען געווען די נערוון.

אויף צו מאָרגנס זענען פֿאַרשפּרייט געוואָרן פֿאַרשיידענע קלאַנגען וועגן גורל פֿון די מעפּילים, איין ידיעה האָט אָפּגעלייקנט די צווייטע, די צייטונגען האָבן פֿאַרעפֿנטלעכט פֿאַרשיידענע מיינונגען און סברות פֿון דער אויסלענדישער פּרעסע, מ׳האָט נישט געוואָלט גלויבן, אַז אַזאַ שוידערלעכ־קייט איז בכלל מעגלעך, מ׳האָט נישט געקאָנט באַגרייפֿן, אַז אַ רעגירונג, וואָס גייט אָן אַלס דעמאָקראַטיש־אַרבעטער־רעגירונג זאָל מאָראַליש אַזוי נידעריק פֿאַלן, דעריבער האָט מען געזוכט אַ שטיקל סימן, עפּעס אַ באַ־ווייז, אַז ס׳איז נישט ריכטיק. אָבער דאָס וואָס מיר האָבן נישט געקאָנט באַגרײַפֿן, דאָס וואָס דאָס האַרץ האָט נישט געוואָלט גלויבן, האָט זיך שפּע־טער אַרויסגעוויזן אַלס שוידערלעכער אמת.

אין דער גרוילנדיקער טראַגעדיע איז אויך פֿאַראַן אַ לייכטנדיקער שטראַל: דער פּראָטעסטאַנטישער גלח זשורנאַליסט דזשאָן גראַוועל, וואָס האָט באַגלייט די מעפּילים פֿון דער שיף „יציאת־אייראָפּע". אָט דער גלח מיטן גרויסן גאָלדענעם קרייץ אויפֿן האַרצן האָט געראַטעוועט דעם כבוד פֿון דער קריסטלעכער וועלט, וואָס האָט כמעט אין גאַנצן פֿאַרשוויגן די שרעקלעכע יסורים־פּרשה פֿון די מעפּילים. נאָך דעם ווי ער האָט זיך צו־געזען צו דער האַנדלונג פֿון ענגלישן פּלאַט צו די אומגליקלעכע היטלער־קרבנות האָט ער זיך געשטעלט פֿאַר אַ הייליקן ציל: דערציילן דער וועלט וועגן דער ענגלישער אַכזריות.

זייט דעם ערשטן מאָמענט ווי ער איז אַרויס פֿון דער שיף רוט נישט דער גלח קיין מינוט, ער האָט שוין דערציילט פֿאַר דער העברעיִשער פּרע־סע און פֿאַר אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן אַלע איינצלהייטן פֿון ענגלישן פּיראַטן־אָנפֿאַל, ער האָט געשיקט טעלעגראַמעס צו פּירנדיקע פּערזענלעכ־קייטן פֿון דער קאַטוילישער וועלט, אָבער דער וויכטיקסטער אויפֿטו זיינער איז געווען — דאָס אויפֿטרעטן פֿאַר דער קאָמיסיע פֿון דער „אונאָ".

דער גלח גראַוועל האָט געגעבן אַ גענויע צייכענונג פֿון דער שיף און דעם פּלאַץ ווו זי האָט זיך געפֿונען, ער האָט אויפֿגעוויזן אַז דער ענג־לישער פּלאָט איז זי באַפֿאַלן אין די אינטערנאַציאָנאַלע וואַסערן, ער האָט דערציילט ווי די קריגסשיפֿן האָבן זיך ברוטאַליק אָנגעשטויסן אין דער מעפּילים־שיף און זי שווער באַשעדיקט, שטעלנדיק אין דער גרעסטער געפֿאַר 4.600 מענער, פֿרויען און קינדער. די מאַטראָסן האָבן געעפֿנט אַ

שיסעריי קעגן די שוצלאָזע מעפּילים און האָבן געוואָרפן אויף זיי גאַז־ און טרערן־באָמבעס.

ווען די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן געהערט אַז דער עדות האָט זיך געפונען גאַנצע 7 מאַנאַטן מיט די יידישע פאַרשטויסענע אין די פליטים־לאַגערן האָבן זיי אים געפרעגט וועגן דער שטימונג צווישן די פליטים, צי ווילן זיי טאַקע קומען קיין ארץ־ישראל, צי זענען זייווירקלעך גרייט דורכצוגיין דעם שווערן יסורים־וועג, אָדער זיי לאָזן זיך איינרעדן מיט פאַלשע צוזאָגעכצן?

גלח גראַועל האָט געזאָגט, אַז מינדסטן 80 פּראָצענט פון די פליטים ווילן קומען קיין ארץ־ישראל, נאָר אין יידישן לאַנד ווילן זיי אָנהייבן צו לעבן פון דאָס ניי.

פון דער דערציילונג האָט מען באַמערקט, אַז דזשאָן גראַועל איז נאָך אויפגעטרייסלט פון די גרויל־בילדער, וואָס ער האָט געזען אויפן שיף. באַזונדערס קאָן ער נישט פאַרגעסן זיין פריינד וויליאַם בערנשטיין, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די ענגלענדער. „שטעלט אייך פאָר" — האָט ער געזאָגט — „זיי זענען באַפאַלן קינדער פון 13־15 יאָר. דאָס איז געווען אַ שוידערלעך בילד, וואָס כ׳וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן".

דזשאָן גראַועל האָט זיך זייער באַליבט ביי די מעפּילים פון דער שיף „יציאת־אייראָפּע". ער האָט זיך אויסגעלערנט פון זיי עטוואָס יידיש און אַלע האָבן אים גערופן מיט ליבע: דער „יידישער" גלח. אַפילו דער רב אויפן שיף וואָס האָט געהיט כשרות האָט זיך באַפריינדעט מיטן גלח, וואָס האָט נישט אַראָפּגענומען די גאַנצע צייט דעם גרויסן גאָלדענעם קרייץ, וואָס ער האָט געטראָגן אויפן האַרצן.

דער גלח שטורעמט איצט אויף די וועלט מיט זיין: „איך באַשולדיק!" צי וועט זיך די וועלט ענדלעך אָפּרופן אויפן האַרצרייסנדיקן רוף פון גרויסן מענטשנפריינד? צי וועט ענדלעך געגעבן ווערן די מעגלעכקייט פאַרן יידישן פאָלק צו לעבן אין זיין לאַנד, ווי דאָס האָבן אַלע אַנדערע פעלקער?

5.8.1947

# דער אַרעסט פון די יידישע בירגערמייסטערס

דינסטיק דעם 5טן אויגוסט אַזייגער 7 פרי האָט מען אָנגעקלונגען אין דער טיר פון ה׳ רוקח, דעם תל־אביבער שטאָט־פּרעזידענט. ווען מ׳האָט געעפנט די טיר, האָבן געהיים־אַגענטן אין ציווילער קליידונג געמאָלדן, אַז זיי זענען געקומען אַרעסטירן דעם שטאָט־פּרעזידענט און גלייכצייטיק דורכצופירן אַ רעוויזיע ביי אים אין ווינונג. ה׳ רוקח איז אויפגעפּאָדערט געוואָרן בייצוזיין בעתן דורכפירן פון דער רעוויזיע. אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם. פיר געהיים־אַגענטן האָבן געזוכט און גענישטערט אין דער ביבליאָטעק און שרייבטיש פון שטאָט־פּרעזידענט און אייניקע דאָקומענטן האָבן זיי צוגענומען. אין די פריִע מאָרגן־שעהען איז נאָך ה׳ רוקח געווען אין דער פּידזשאַמע, די אַגענטן האָבן אים דערלויבט אָנציען די קליידער און נאָך אַ לייכטן פרישטיק האָבן זיי אים אַוועקגעפירט אין אַ געפאַנצערטן אויטאָמאָביל אין דער פּאָליציי־צענטראַלע אין יפו.

דער פּריוואַטער דאָקטאָר, וואָס איז אַנוועזנדיק געווען בעת אַרעסט פון שטאָט־פּרעזידענט, האָט איבערגעגעבן אַז ה׳ רוקח איז געווען בלאַס פון אויפרעגונג קעגן דעם אומזיניקן אַרעסט, אָבער אויף די פראַגן פון די געהיים־אַגענטן האָט ער געענטפערט שטאָלץ און מוטיק.

ווי נאָר מ׳האָט זיך דערוווּסט אין תל־אביב וועגן אַרעסט פון שטאָט־פּרעזידענט, איז גלייך פאָרגעקומען אַן אויסעראָרדנטלעכע זיצונג פון שטאָטראַט ווּ ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַ דעלעגאַציע צום דיס־טריקט־גובערנאַטאָר און פאָדערן די באַלדיקע באַפרייונג פון ה׳ רוקח. אַ באַזונדער דעלעגאַציע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין ירושלים צו דער ספּעציעל געגרופענער באַראַטונג פון די נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן מיט די יידישע שטאָטראַטן צו באַטראַכטן די שווערע לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך די אַרעסטן.

דער שטאָט־פּרעזידענט פון רמת־גן, ה׳ אברהם קריניצי איז אַרעסטירט געוואָרן 5.30 פרי אין זיין ווינונג. היגע פּאָליציי־אָפיצערן האָבן אים געוויזן די אַרעסט־פאַראָרדענונג. ער האָט זיך אָנגעטאָן און מ׳האָט אים אַוועקגעפירט אין דער פּאָליציי־צענטראַלע אין יפו. די איינוווינער פון רמת־גן האָבן גלייך דערקלערט אַ פּראָטעסט־שטרייק, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג.

ווען דעם אַרעסט פון נתניהר שטאָט־פּרעזידענט ה׳ עובד בן־עמי גיט מען איבער פאָלגענדע אינטערעסאַנטע פּרטים: 4.30 פאַר טאָג איז זיין ווינונג אַרומגערינגלט געוואָרן פון גרויסע פּאָליציי און מיליטער־קרעפטן, פון טאַנקן און געפּאַנצערטע אויטאָמאָבילן. הויכע אָפיצערן האָבן אָנגע־קלאַפּט אין טיר און ווען ה׳ בן־עמי האָט געעפנט, האָבן זיי אים געזאָגט:

„ס׳טוט אונדז זייער לייד, אָבער דו ביסט אַרעסטירט. מיר האָבן אויך אַ פאַראָרדענונג דורכצופירן אַ רעוויזיע ביי דיר אין ווינונג״.

העכער אַ שעה האָט געדויערט די רעוויזיע. מ׳האָט געזוכט אין אַלע צימערן פון הויז. אין שרייבטיש האָט מען געעפנט די שופלאָדן און געניש־טערט צווישן די פּאַפּירן. נאָך דער רעוויזיע איז ה׳ בן־עמי אַוועקגעפירט געוואָרן אין נאָענטסטן פּאָליציי־אַמט.

ווען איך שרייב אייך די שורות, אין ערשטן טאָג פון אַרעסט, האָבן קעגן דעם אַקט באַוויזן צו רעאַגירן בלויז די אָונט־צייטונגען. די פּאַר־שפּרייטע אָונט־צייטונג „חדשות־הערב״ (דריקט אויס די מיינונג פון די „הסתדרות״־קרייזן) שרייבט: „די אַרעסטן, וואָס זענען די נאַכט אויס־געפירט געוואָרן אין פאַרשיידענע פּלעצער אין לאַנד, און גאַנץ באַזונדערס דער אַרעסט פון די שטאָט־פּרעזידענטן פון תל־אביב, רמת־גן און נתניה, וואָס איז זייער ציל? וואָס איז זייער כוונה און תכלית? אויך נאָך דער אָפיציעלער דערקלערונג פון דער רעגירונג איז דאָס לאַנד פול מיט קלאַנגען. די איינוווינער פרעגן נישט נאָר זיך זעלבסט, זיי פרעגן אויך דער רעגירונג: פאַר וואָס זענען זיי אַרעסטירט געוואָרן? ווען וועלן זיי זיך צוריקקערן צו זייער אַרבעט?

מיט אַ יאָר צוריק האָט די רעגירונג דורכגעפירט אַן ענלעכע אַקציע בכדי צו צעברעכן און צעטיילן דעם ישוב דורך דעם אַרעסט פון עקזעקוטיוו־מיטגלידער פון דער יידישער אַגענטור און פון נאַציאָנאַל־ראַט („הועד הלאומי״) — אויך דאַן האָט די רעגירונג געוועבט אירע בייזוויליקע פּלענער אַז ס׳וועט אויפשטיין אַ „נייער כוח״ אין ישוב אויפן פּלאַץ פון דער אַרעס־טירטער אָנפירערשאַפט. זי האָט זיך אָבער דאַן ביטער אַנטוישט. ווי עס שיינט איז איצט געמאַכט געוואָרן נאָך אַ פּרווו צו צעברעכן און צעשפּאַלטן דעם ישוב. אָבער אויך דאָס מאָל, גענוי ווי מיט אַ יאָר צוריק, דערוואַרט דער בייזוויליקער רעגירונג די זעלבע ביטערע אַנטוישונג.

די דאָזיקע אָפּשאַצונג פון דער לאַגע אין לאַנד נאָך די אַרעסטן דריקט אויס די מיינונגען און געפילן פון גאַנצן ישוב, וואָס אַרבעט און שאַפט

טראָץ אַלע גזירות און וועט נישט אָפּשטעלן אויף קיין איין מינוט דעם שווערן געראַנגל פֿאַר אַ פֿרייער יידישער עליה קיין ארץ־ישראל און דעם אומדערמידלעכן קאַמף פֿאַר אַ זעלבשטענדיקער יידישער מדינה.

5.8.1947

## יום־טוב־טעג אין ארץ־ישראל

דער איינציקער יום־טוב אין לאַנד, וואָס ווערט געפייערט גאַנצע צוויי טעג, איז ראש־השנה. היי־יאָר, ווען ערב יום־טוב איז געווען זונטיק, האָט זיך אין מיטן אַריינגעכאַפּט אַ שבת און דאָס יידישע לאַנד האָט געפייערט אַ גרויסן ראש־השנה־יום־טוב פֿון כמעט גאַנצע פיר טעג. געוויינלעך ווערן ביי אונז געפייערט ימים־טובים מיט גרויס פּראַכט און גלאַנץ. היי־יאָר איז די שטימונג געווען גאָרנישט קיין יום־טובדיקע. די שווערע איבער־לעבונגען פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָר און גאַנץ באַזונדערס די שוידערלעכע אויפטרייסלונג מיטן פֿאַרטרייבן די העלדן פֿון דער מעפּילים־שיף „יציאת־אייראָפּע תש״ז“ האָט געלייגט איר טרויעריקן שטעמפּל אויף די געמיטער און אויך דער יום־טוב האָט נישט באַוועזן צו באַרויִקן די צעשטרייטע נערוון און די צעווייטיקטע הערצער.

דעם שווערן געמיט פֿון ישוב האָבן עטוואָס פֿאַרלייכטערט די באַשלוסן פֿון דער אויספֿאָרש־קאָמיסיע פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער, וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפֿן פֿאַרשטענדעניש־געפֿיל פֿאַר דער יידישער טראַגעדיע און זייער היסטאָרישער באַשלוס וועגן גרינדן אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל איז געווען זייער אַ פּאָפּולערע טעמע אין טויזנטער הייזער פֿון ישוב אין די יום־טוב־טעג. אַ הייטערקייט האָט אויך אַריינגעבראַכט דער אָנגענעמער סיורפּריז, וואָס די רעגירונג האָט געמאַכט דעם ישוב: געווי ערב ראש־השנה האָט זי באַפֿרייט די שטאָט־פּרעזידענטן פֿון תל־אביב און נתניה, נאָך אַן אומזיניקן אַרעסט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „לאַטרון“ פֿון גאַנצע פֿינף וואָכן. אַ מבול פֿון באַגריסונגס־טעלעגראַמעס האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף די באַפֿרייטע פּרעזידענטן און זייערע

וווינונגען האָבן זיך געטונקט אין בלומען. אין ערשטן טאָג ראש־השנה, ווען דער תל־אביבער שטאָט־פּרעזידענט ה׳ ישראל רוקח האָט געדאַוונט אין דער גרויסער כאָרשול, האָט מען אים דאָרט מכבד געווען מיט אַ „שלישי״ און דערביי האָט ער אויך געבענטשט „גומל״...

האַרט ערב יום־טוב איז צוריקגעקומען אין לאַנד דער פאָרזיצער פון דער יידישער אַגענץ, ה׳ דוד בן־גוריון, פון דער אַקציאָנס־קאָמיטעט־סעסיע אין ציריך. ווען נאָך אַ לאַנגער, אַנגעשטרענגטער דערוואַרטונג האָט זיך דער אַעראָפּלאַן אַראָפּגעלאָזט 12 ביי נאַכט אויפן פליפלאַץ אין לוד ביי תל־אביב און בן־גוריון האָט זיך באַוויזן אויף די טרעפּ, איז ער גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן פון צענדליקער פריינד און פאַרערער. פאַר די נייגעריקע פּרעסע־פאָרשטייער האָט ער איבערגעגעבן אַ קורצע דער־קלערונג: „די איצט געשלאָסענע סעסיע פון ציונ. אַקציאָנס־קאָמיטעט איז אָן צווייפל געווען דער וויכטיקסטער ציוניסטישער צוזאַמענקום זייט דעם אויסברוך פון קריג. אין די 3 צענטראַלע פּראָבלעמען פון ישוב און פון ציוניזם ביים איצטיקן מאָמענט — זיכערקייט, טעראָר און די באַשלוסן פון דער אויספאָרש־קאָמיסיע — איז אַנגעצייכנט געוואָרן אַ קלאָרע דעצידירנדיקע ליניע, וואָס פאַראייניקט און צעמענטירט אַרום זיך די איבערוויגנדיקע מערהייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג״. ווען פאַר־שלאָג צו גרינדן אַ יידישע מדינה האָט בן־גוריון געזאָגט: „פון דעם מאָמענט אָן, וועלן מיר מיטן גאַנצן כוח אונדזערן אומברחמנותדיק מאַרשירן פאָרויס מיטן איינציקן צוועק ווי אַמשנעלסטן אויפצושטעלן די יידישע מדינה״.

אויף מיין פראַגע, וואָס איז זיין וואָרט פאַר דער יידישער וועלט ביי דעם מאָמענט? האָט בן־גוריון געענטפערט:

„ווען מיר שטייען אויפן שוועל פון נייעם יאָר תש״ח, שיק איך מיינע האַרציקסטע ווונטשן פאַר די יידישע פאָלקסמאַסן אין דער וועלט און כ׳וויל זיי זאָגן, אַז אָן זייער אַקטיווער מיטהילף, וועלן מיר, חלילה, אונדזער גרויסן אידעאַל נישט קענען פאַרווירקלעכן. נאָר דורך אָן אָפּפערוויליקייט און גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט פאַר אונדזער גרויסער אידעע, פון אַלע פאָלקס־טיילן אין דער גאָרער וועלט וועט אויפגעשטעלט ווערן די זעלבשטענדיקע, פרייע יידישע מדינה אין ארץ־ישראל״.

דער ערב יום־טוב האָט זיך שטאַרק געלאָזט מערקן אין די שטעט און דערפער פון לאַנד. גאָר באַזונדערס אינטענסיוו האָט געאַרבעט די ניי־

יאָר־וווּנטשן־„אינדוסטריע". די גאַסן זענען ממש פאַרפּלייצט געוואָרן מיט „שנה־טובהס". אויף שריט און טריט האָט איר געהערט „שנה טובה בגרוש!" — ס׳הייסט, קויפט אַ גוט־יאָר פאַר אַ גראָשן... און ווער וועט עס נישט קויפן קיין גוט־יאָר פאַר אַ גראָשן? האָט די „אינדוסטריע" געבליט און די פּאָסט־אַמטן זענען ממש צעטראָגן געוואָרן.

אָבער נישט נאָר מיט „שנה־טובהס" האָט זיך פאַרנומען דער ישוב ערב ראש־השנה. די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און יידישע פרויען האָבן פּראָקלאַמירט אַן אַקציע פאַר די מעפּילים אינדזל ציפּערן. אַ גאַנצן מאָנאַט פאַר יום־טוב האָבן זיי אינטענסיוו געאַרבעט ביים זאַמלען קליידער, ספּאָרט־מכשירים, ביכער פאַר די דערוואַקסענע מעפּילים און שפּילצייג פאַר די קינדער. געציילטע טעג פאַר ראש־השנה האָבן הונדערטער יידישע פרויען אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד געבאַקטן טאָרטן און זיסוואַרג — אַ יום־טוב־מתנה פאַר די אומגליקלעכע ברידער. אַעראָפּלאַנען האָבן די מתנה פון ישוב פאַר די מעפּילים געבראַכט פּונקט ערב יום־טוב.

אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע פון ישוב, מיט די הויפּט־רבנים בראש, איז אַרויסגעפאָרן קיין ציפּערן צו פייערן דאָרט דעם יום־טוב צוזאַמען מיט די מעפּילים און ברענגען זיי אַן אוממיטלבאַרן גרוס פון ישוב. אַ גרוס, וואָס מונטערט: „מיר זענען מיט אייך!"

דער ישוב לעבט נאָך אַלץ איבער די גרויליקע טראַגעדיע פון פאַרטרייבן די מעפּילים פון דער שיף „יציאת אייראָפּע תש״ז" קיין דייטשלאַנד, ערב ראש־השנה, האָט די יידישע אַגענץ, דורך דער פאַרמיטלונג פון דער מיליטערישער מאַכט, איבערגעשיקט פאַר די אומגליקלעכע ברידער פאָלגנדיקן ניי־יאָר־וווּנטש: „טייערע ברידער פון דער מעפּילים־שיף „יציאת אייראָפּע תש״ז", מיר זענען נאָך אַלץ אויפגעטרייסלט פון אייערע שוידערלעכע איבערלעבונגען, אָבער אין אָנהויב פון נייעם יאָר ווילן מיר אייך איבערגעבן די געפילן, וואָס קלאַפּן אין די הערצער פון גאַנצן ישוב פאַר אייך. זייט וויסן, ליבע ברידער, ווען איר זענט פאַרטריבן געוואָרן פון לאַנד, האָבן מיר געפילט, ווי מען וואָלט אונדז פאַרטריבן פון אונדזער לאַנד. מיר וועלן זיך זען ווי אַרעסטירטע מיט אייך, דאָרט אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד, ביז מיר וועלן נישט זוכה זיין, אייך אויפצונעמען אין יידישן לאַנד. מיר זעען אייערע בלוטנדיקע הערצער, מיר ווייסן אייערע געפילן און דווקא דערפאַר ווענדן מיר זיך צו אייך: זייט נישט

פאַרצווייפלט! זייט זיכער, אַז גאָר אין קורצן וועלן מיר זיך האַלדזן און קושן אויף דער ערד פון אונדזער פרייען פאָטערלאַנד״.

אָט דאָס זענען עס געווען די געפילן פון ישוב ערב היי־יאָריקן ראש־השנה. ס׳הייסט אָבער נישט, אַז דער ישוב איז געווען אין די יום־טוב־טעג אַפּאַטיש און נידערגעשלאָגן — פּונקט פאַרקערט, דער ישוב האָט גע־פייערט דעם יום־טוב מוטיק און שטאָלץ און מיט אַ טיפן גלויבן און האָפנונג, אַז דער נייער יאָר וועט ברענגען די אויסלייזונג פון יידישן פאָלק און דעם יידישן לאַנד.

ערב יום־טוב האָט זיך דער גאַנצער ישוב געפונען ווי אויף „רעדער״, טויזנטער זענען געפאָרן צו פייערן דעם נייעם־יאָר־יום־טוב, פון שטאָט אין דאָרף און פאַרקערט. דער גרעסטער טייל געסט איז געקומען קיין תל־אביב, אין די ראש־השנה־טעג האָט מען געקענט באַמערקן אין די תל־אביבער גאַסן הונדערטער ניי־געקומענע עולים, וואָס זענען ערשט באַפרייט געוואָרן פון די לאַגערן אין ציפּערן און עתלית, ווי זיי באַוווּנדערן די שיינע ליכטיקע יידישע שטאָט און די יום־טובדיקע גאַסן. אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק האָט געמאַכט אויף אונדזערע ניי־געקומענע ברידער דאָס אימ־פּאָזאַנטע בילד פון ערשטן טאָג ראש־השנה, ווען „גאַנץ״ תל־אביב איז אַרויס צו „תשליך״. אַלע גאַסן, וואָס פירן צום ים זענען געווען איבער־פולט מיט ריזיקע מאַסן. דער פּרעכטיקער, עטוואָס לייכטזיניקער תל־אביבער ים־ברעג איז דאָס מאָל געוואָרן „ערנסטער״ געשטימט, די כוואַ־ליעס האָבן זיך באַרויִקט און צוזאַמען מיט דער טראַדיציאָנעלער „תשליך״־תפילה האָבן טויזנטער ליפּן געשעפּטשעט אַ בקשה פון טיפן האַרצן: „בלויער ים, יידישער ים! פיר אין דיינע וועגן, אין רויִקע און אין זיכערע, די „מעפּילים״ שיפן און ברענג זיי אין יידישן לאַנד״...

תל־אביב האָט דעם ראש־השנה אויך זייער געשמאַק געדאַוונט. אַלע שולן, בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך זענען געווען פול־געפּאַקט און דאָס, נישט ווייל תל־אביב איז אַזוי ספּעציעל רעליגיעז געשטימט, נאָר ווייל אין די „פאָרכטיקע טעג״, אין דער סביבה פון דער שול, פון די טראַדיציאָנעלע תפילות און מנהגים, דערמאָנט מען זיך אין דער אַלטער היים אין די טייערסטע און ליבסטע, אין טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, וועלכע זענען אומגעקומען אין דעם היטלער־גיהנום, און מ׳וועט זיי שוין קיין מאָל נישט זען. יעדער צווייטער ייד אין ישוב האָט פאַרלוירן אין דער מלחמה איינעם פון זיינע טייערסטע, ס׳איז גאָרנישט איבערצוגעבן

דעם טיפן צער און ווייטיק אין די יום־טוב־טעג, ווען מ׳דערמאָנט זיך אין די אומגעקומענע פֿאַמיליעס, נאָר אַן ארץ־ישׂראלדיקער ייד קען פילן די גאַנצע טיפקייט פון דער שוידערלעכער טראַגעדיע, פון גרענצנלאָזן פיין...

מיט אַ באַזונדערער פּראַכט און גלאַנץ איז געפייערט געוואָרן דער ראש־השנה־יום־טוב אין ירושלים. אויך אין אונדזער אַלטער, היסטאָרישער הויפּטשטאָט האָבן זיך געצויגן טויזנטער געסט פון אַלע ווינקלעך אין לאַנד. מ׳האָט באַזוכט די היסטאָרישע פּלעצער און גאַנץ באַזונדערס דעם „כותל־המערבֿי”. ביי 10.000 פּערזאָן האָבן באַזוכט דעם „כותל” אין די צוויי ראש־השנה־טעג און פון ענגשאַפט און דריקעניש האָבן מענטשן געחלשט. צווישן די באַזוכער איז אויך געווען דער גובערנאַטאָר פון ירו־שלים, קאָנסולן און אויסלענדישע זשורנאַליסטן. די שטעכעדיקע דראָטן לענג־אויס די ירושלימער גאַסן, די ענגלישע „פעסטונגען” און די טאַנקען האָבן אַריינגעבראַכט אַ דיסאָנאַנס אין דער יום־טובדיקער שטימונג.

5.9.1947

## אַ רייזע איבערן באַפרייטן נגב

מיט דער גרעסטער אומגעדולד האָבן די זשורנאַליסטן פון דער העב־רעישער פּרעסע און די צענדליקער קאָרעספּאָנדענטן פון די גרעסטע וועלט־צייטונגען און נייעס־אַגענטורן אָפּגעוואַרט דעם מאָמענט ווען זיי וועלן ענדלעך קאָנען אַרויספאָרן אין נגב צו זען מיט די אייגענע אויגן און באַאיינדרוקן זיך פון דער גרויסער עפּאָפּייע, וואָס האָט זיך דאָרט אָפּגע־שפּילט אין פאַרלויף פון זיבן טעג.

דער אָפיציעלער אינפאָרמאַציע־אַמט פון דער ישׂראל־רעגירונג, וואָס אָרדנט איין די זשורנאַליסטן־באַזוכן איבער די פראָנט־ליניעס, האָט אָבער ניט געקאָנט אַנטקעגנקומען די דרינגענדיקע ביטע פון די צייטונגס־לייט, כל־זמן ס׳האָבן אָנגעהאַלטן די קאַמפן. אָבער איין פרייטיק, 3 אַ זייגער ביי טאָג, ווען ס׳איז אַריין אין קראַפט דער נייער „וואָפנשטילשטאַנד” און ס׳איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער פייער אין נגב, איז גלייך אַרויסגעפאָרן

אַ גרופּע פון צענדליקער זשורנאַליסטן, אַלס געסט פון דעם „הגנה״ גע־נעראַל־שטאַב, צו זען דעם גרויסן ווונדער אין באַפרייטן נגב.

און אָט פאָרן מיר לענג־אויס דעם שאָסיי, וואָס איז געעפנט געוואָרן מיט דער אָנשטרענגונג פון אונדזערע סאָלדאַטן, מיט זייער העלדישקייט און גבורה, מיט בלוט און מיט שווייס. מיר פאָרן צו אונדזערע ישובים אין נגב.

דער קאַמף צו באַפרייען דעם שאָסיי פאַר אַן אומגעשטערטער באַוועגונג אין נגב, האָט זיך אייגנטלעך געפירט אין אַן אָפּשניט פון צען קילאָמעטער, איבער וועלכע ס׳האָט געהערשט דער פיינט און וואָס זענען אָפּגערייניקט געוואָרן דורך אַ גאַנצער ריי העכסט געלונגענע מיליטערישע אַקטן, אויסגעפירט דורך אויסדערוויילטע פוסגייער־גרופּן, ביי דער אַקטיווער מיטהילף פון לופטפלאָט, אַרטילעריע און אונדזערע געפּאַנצערטע קאָלאָנעס, וואָס זענען געקומען פון צוויי ריכטונגען: פון צפון און פון דרום. ווען ס׳איז דעראָבערט געוואָרן די מצרישע פעסטונג הולייקאַט, האָבן זיך פאַראייניקט אונדזערע קרעפטן, ס׳איז געעפנט געוואָרן דער שאָסיי צום נגב און ס׳איז צעשמעטערט געוואָרן דער מצרישער פראָנט.

און איבער דעם באַפרייטן שאָסיי זענען מיר איצט געפאָרן, צום ערשטן מאָל זייט העכער פיר מאָנאַטן. מיר זענען געפאָרן גלייך, אָן די פריִערדיקע אומוועגן דורך כפר־וואַרבורג און נישט צווישן די פּרדס־ביימער — דער וועג צום נגב איז אָפן און פריי. מיר פאָרן אַריין אין דער געגנט, ווו ערשט איצט האָבן זיך אָפּגעשפּילט די שווערע קאַמפן. אויף טריט און שריט טרעפן מיר פּאַטראָלן פון דער מיליטערישער פּאָליציי: „פון דאַנען און ווייטער מוזט איר פאָרן אין אַ מיליטערישער אָרדענונג — 200 מעטער צווישן איין אויטאָמאָביל און צווייטן״. פון דער ווייטנס האָבן אָפּגעקלונגען הילכן פון האַרמאַטן־שאָסן.

מיר פאָרן פאַרביי „נגבה״ און עמעצער ווייזט אָן אויף דער לינקער זייט פון שאָסיי: „אָט איז די פּאָליציי־געביידע פון עיראַק־סווידאַן״. אַלע ווענדן זייער בליק צו דער הויכער געביידע אויף אַ בערגל, וואָס די מצרים האָבן איר נישט פאַרלאָזן, אויך נאָך דעם ווי זיי זענען אַרומגענומען געוואָרן פון אונדזערע סאָלדאַטן און זענען פולשטענדיק אָפּגעשניטן געוואָרן פון זייער באַזע. די געביידע איז באַשאָסן און באָמבאַרדירט געוואָרן און דאָך איז זי ווייניק באַשעדיקט. דער שטאַב פון אונדזער מיליטער האָט באַשלאָסן, אַז ס׳איז נישט כדאַי צו דעראָבערן די געביידע מיט אַ שטורעם־אָנגריף. זיי וועלן זיך אַליין אונטערגעבן, אַ טאָג פריִער אָדער שפּעטער. אין און

אַרום דער געביידע זעט מען נישט דעם מינדסטן סימן פון לעבן. אונ־דזערע מיליטערישע באַגלייטער פאַרזיכערן אונדז, אַז אונטער די זאַמדזעק ביי די פענצטער שטייען די סאָלדאַטן פון פיינט מיט ביקסן און מאַשין־געווער אין די הענט.

איבער די ליידיקע פעלדער זעט מען נישט קיין זאַך, וואָס זאָל דער־מאָנען אין די שווערע קאַמפן, וואָס האָבן זיך דאָ אָפּגעשפּילט מיט 2־3 טעג צוריק. מ׳זעט נישט קיין מיליטערישע פּאָזיציעס, נישט קיין אָקאָפּעס אָדער שטעכלדראָטן. מיר פאָרן איבערן ליידיקן שאָסיי און דערנענטערן זיך צו אַ היסטאָרישן שטח: די פּאָזיציע נומער 113. ביי דער פּאָזיציע האָבן זיך אָפּגעשפּילט די שווערסטע און בלוטיקסטע קאַמפן. אויף די צוויי בערגלעך פון ביידע זייטן שאָסיי זעען מיר שוין שטעכלדראָטן און בונקערס, וואָס דערמאָנען אַ פראָנט. די דעכלעך פון די בונקערס זענען פול מיט סאָל־דאַטן. זיי זעען אויס זייער יונג, פריילעכע און צופרידענע באַגריסן זיי אונדז און דערציילן, אַז אַט דאָ זענען געהרגעט געוואָרן פון אונדזערע קוילן הונדערטער סאָלדאַטן פון פיינט, ס׳זענען אָבער אויך געפאַלן אין קאַמף פאַר דער פרייהייט פון נגב, די העלדישע חברים פון די צעזונגענע אַזוי יונגינקע יידישע סאָלדאַטן.

מיר פאָרן פאַרביי דעם אַראַבישן דאָרף קאַוקבאַ, אפשר בעסער געזאָגט „דעם געוועזענעם דאָרף", ווייל ער איז אין גאַנצן חרוב און גלייך נאָך אים הולייקאַט, דער דאָרף, וואָס ווערט אַריין אין דער געשיכטע פון די לעצטע קאַמפן — ביי דעם דאָרף איז געעפנט געוואָרן דער טויער צום נגב. בסך־הכל איז עס אַ קליין טיפּיש אַראַביש דערפל מיט ליימענע הייזלעך.

פון הולייקאַט פאָרן מיר שוין איבער אַ שטח, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען יידיש. ס׳איז שווער צו באַגרייפן די אויפקלערונג פון אונדזער מיליטערישן באַגלייטער, אַז דער גאַנצער ריזיקער שטח איז אין אַלע קאַמפן און אין אַלע מאָנאַטן פון דער באַלאַגערונג — געווען יידישע טעריטאָריע, טראָץ דעם, וואָס ער געפינט זיך אַזוי טיף הינטער די מצרישע ליניעס. דעם גאַנצן ריזיקן שטח האָבן באַהערשט אונדזערע סאָלדאַטן און מ׳איז געגאַנגען צו פוס פון ניר־עם קיין דורות און צוריק.

מיר זוכן אַלץ דעם פראָנט און געפינען אים נישט. מיר געפינען אָבער אַ גאַנץ נייע זאַך — די אומענדלעכע ווייטקייט. אַ ריזיקע וויסטע, אַ שטח, וואָס דאָס אויג קאָן נישט פאַרכאַפּן. מיר זעען אויך אַ פּרוכטבאַרן באָדן, אַ געאַקערטן, געזייטן און געשניטענעם. „דאָ איז נאָך נישט דער ריכטיקער

נגב — דערקלערט אונדז דער באַגלייטער — דער נגב, דער גרויסער מידבר, הייבט זיך איצט אָן העט ווייט, אין דער דרום־זייט פון משמר־הנגב״... און דאָ איז נאָך אַ שטח פון ישובים און דאָך, זענען זיינע ווייט־קייטן אַזוי פרעמד פאַר די באַגריפן פון אונדזער קליין לענדל...

מיר קומען קיין ניר־עם, וואָס איז אַזוי שרעקלעך באָמבאַרדירט און באַשאָסן געוואָרן אין פאַרלויף פון גאַנצן קריג און וואָס איז זייט דעם 25סטן מאַי געווען אָפּגעשניטן פון ישוב. די סאַמע נויטיקסטע באַדערפעניש זענען אַהער געבראַכט געוואָרן מיט עראָפּלאַנען. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָ וועלן מיר טרעפן איין גרויסן חורבן און ווי גרויס איז געווען אונדזער פרייד, זעענדיק, אַז אַלץ איז כמעט געבליבן שטיין אויפן פּלאַץ, אַפילו דער וואַסער־טורעם. אַלץ איז באַשעדיקט, מער־ווייניקער, אָבער שטייט אויפן פּלאַץ. ביי די הייזער זעט מען געפּלעגטע גערטנדלעך און אַפילו בליִענ־דיקע רויזן. „איר האָט פאַרשפּעטיקט״ — האָט מען אונדז געזאָגט ביי דער אַזוי פריינדלעכער אויפנאַמע — „מיט איניקע שעה פריִער האָט מען נאָך אונדז באָמבאַרדירט...״

מיר זענען געווען די ערשטע געסט, וואָס זענען געקומען קיין ניר־עם זייט דער וועג איז געעפנט געוואָרן. אונדזער קומען איז דעריבער פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער סענסאַציע. פון אַלע זייטן האָט מען אונדז אַרומגערינגלט און מ׳האָט געפרעגט אויף די לעצטע נייעס, די יונגע נגב־העלדן, וואָס האָבן זייערע עלטערן אין תל־אביב האָבן צו אַלעם ערשטן געוואָלט וויסן, צי תל־אביב איז נישט באָמבאַרדירט געוואָרן און ווען מיר האָבן זיי באַרויִקט און געזאָגט, אַז אין תל־אביב איז מען געווען שטאַרק באַזאָרגט איבער זייער גורל, האָבן זיי זיך צעלאַכט און האָבן דערציילט עטוואָס וועגן זייער לעבן אין די מאָנאַטן פון דער אומאויפהערלעכער באַ־שיסונג און באַלאַגערונג.

„ניר־עם איז דער נאָענטסטער ישוב צום שאָסיי עזה־מעג׳דאַל — האָט אונדז דערציילט דער אָרטיקער קאָמענדאַנט — די מצרים האָבן זיך גאָר באַזונדערס „אינטערעסירט״ מיט אונדזער ישוב. זייערע האַרמאַטן זענען געשטאַנען אין אַ האַלבן ראָד אַרום ישוב און האָבן אים באַשאָסן טאָג און נאַכט. ס׳איז אוממעגלעך געווען צו לעבן אין די הייזער און ניר־עם האָט אָנגעהויבן לעבן „אונטער דער ערד״ אין די בונקערס״.

מיר האָבן באַזוכט דעם עסזאַל אין אַ בונקער, 3 מעטער אויף 4. שיכטנווייז האָט מען דאָ געגעסן. „לאַכט נישט — האָט געזאָגט דער קאָ־

מענדאַנט — מיר האָבן דאָ געהאַט אַפּילו קינאָ־פֿאָרשטעלונגען״... זיי האָבן געהאַט אַ קליינע קינאָ־מאַשין און אייניקע פֿילמען, יעדער פֿילם איז פֿאָר־געשטעלט געוואָרן אַ גאַנצע וואָך, ווייל בלויז אַ קליינע צאָל מענטשן האָט געקאָנט אַריין אין בונקער מיט איין מאָל און אויפֿן פֿילם האָט קיינער נישט געוואָלט מוותר זיין.

מיט אַ געפֿיל פֿון פֿרייד און שטאָלץ פֿירט אונדז דער קאָמענדאַנט פֿון איין פּאָזיציע צו דער צווייטער און קלערט אויף אַלע איינצלהייטן פֿון דעם לאַנגן קריג, פֿון די באָמבאַרדירונגען און דער באַלאַגערונג, וואָס האָט אָנ־געהאַלטן ביז פֿרייטיק 3 נאָך מיטאָג. וואָרפֿנדיק אונדזער בליק אויף דער מערבֿ־זייט האָט דאָס האַרץ געשניטן פֿאַר ווייטיק און צער, זעענדיק די הייזער פֿון יד מרדכי, וואָס איז דעראָבערט געוואָרן דורך די מצרים און וואָס געפֿינט זיך אין אַ ווייטקייט פֿון קוים אַכט קילאָמעטער אין אַ גלייכער ליניע פֿון ניר־עם.

פֿאַר נאַכט האָבן מיר פֿאַרלאָזט ניר־עם. אין לעצטן מאָמענט איז צו אונדז אין אויטאָ אַריינגעשפּרונגען אַ יונג מיידל, אַ באָרוועסע און אין קורצע הויזן. זי וויל מאַכן אַ סורפּריז אירע עלטערן אין תל־אביב. שוין דריי מאָנאַטן האָט זי זיי נישט געזען און „כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, מיר האָבן זיך געגרייט אויף אַ באַלאַגערונג פֿון נאָך זעקס מאָנאַטן״. אונדזערע אויטאָמאָבילן פֿאָרן שנעל. דער שאָסיי איז פֿול מיט יידישע סאָלדאַטן, וואָס פֿאָרן הין און צוריק מיט הילכיקע געשרייען און געזאַנג.

נאָך אַ רייזע פֿון קנאַפּע פֿיר שעה קומען מיר ביז צו די גרענעצן פֿון תל־אביב. מיר פֿאָרן פֿאַרביי דעם אַראַבישן מערדער־נעסט אבו־כּביר, וואָס איז איין גרויסער חורבן „און דאָ איז דאָך געווען די פֿראָנטליניע פֿון תל־אביב — באַמערקט איינער פֿון די זשורנאַליסטן — און איצט איז אויך אונדזער נגב באַפֿרייט געוואָרן און די פֿראָנטליניע איז אָפּגעשטויסן געוואָרן ביז צו די גרענעצן פֿון מצרים...״

אונדזער באַזוך אין דעם באַפֿרייטן נגב איז פֿאַר אונדז געווען אַ קוואַל פֿון פֿרייד און פֿון אומפֿאַרגעסלעכע טיפֿע איינדרוקן — מיר האָבן געזען דעם פּלאַץ, ווו ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט די עפּאָפּייע פֿון העראָיִזם און גבֿורה. מיר האָבן געזען די שענדלעכע מפּלה פֿון פֿאַרוקס חיילות — פֿון דער „גרעסטער אַרמיי אין דעם אַראַבישן מזרח״.

9.11.1948

# די קריגס־געפאַנגענע
# פון ישראל קערן זיך אום אַהיים

אַ גרויסן און פריידיקן טאָג האָט איבערגעלעבט מדינת ישראל: די העלדישע פאַרטיידיקער פון ירושלים און פון דעם ציון־געביט זענען באַפרייט געוואָרן פון אַבדאַלאַס געפאַנגענשאַפט אין עבר־הירדן. די לעצטע גרופע געפאַנגענע זענען היינט, דעם 4טן מערץ, אָנגעקומען קיין ירושלים. מיט ליבע און מיט פרייד האָט דאָס יידישע לאַנד אויפגענומען זיינע העלדישע זין.

מיט 9 מאָנאַטן צוריק האָט משה ראָזענהאַק, דער מיליטערישער קאָמענדאַנט פון דער יידישער אַלטשטאָט אין ירושלים געמוזט אונטערגעבן זיך פאַרן אַראַבישן קאָמענדאַנט אַבדאַלאַ טאַל און היינט איז דער זעלבער משה ראָזענהאַק אַריינגעפאָרן קיין ירושלים בראש פון דער לעצטער קאַראַוואַנע באַפרייטע און ביי די גרענעצן האָבן אים אָפּגעוואַרט דער זעלבער אַבדאַלאַ טאַל... און משה דיין.

טויזנטער זיינען אַרויס מקבל־פּנים זיין דער לעצטער גרופּע באַפרייטע, וואָס האָט געציילט 203 פּערזאָן. זיי זענען אָנגעקומען אין 12 אויטאָמאָבילן. ווען זיי זענען פאַרבייגעפאָרן, אַ זייגער 6 פאַר טאָג, דעם נייטראַלן שטח צווישן דער אַראַבישער און יידישער גרענעץ — איז אויפן ערשטן אויטאָמאָביל אַרויסגעהאַנגען געוואָרן די לאָזונג: „ושבו בנים לגבולם".

די באַפרייטע זענען געווען זייער גערירט און ניט איינער פון זיי האָט געוויינט ווי אַ קינד, פון גרויס גליק און פרייד. טויזנטער האָבן אויסגעפילט די ירושלימער גאַסן דורך וועלכע די קאַראַוואַנע איז בייגעפאָרן. די באַפרייטע האָבן באַגריסט די מאַסן מיט פריידיקע אויסגעשרייען: „שלום לך ירושלים!" ווען די קאַראַוואַנע איז אָנגעקומען צו דער „ישורון"־שול זענען זיי אויפגענומען געוואָרן דורך די הויפּט־רבנים הערצאָג און עוזיאל, דעם ירושלימער שטאָט־פּרעזידענט און אַנדערע הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן.

ווען די קאַראַוואַנע האָט זיך אָפּגעשטעלט, זענען פון ערשטן אויטאָ־מאָביל אויסגעשטיגן אייניקע העלדן פון כפר־עציון און איינער פון זיי האָט געטראָגן אין האַנט אַ ספר־תורה, וואָס זיי האָבן אַרויסגעראַטעוועט פון געפאַנגענשאַפט. די ספר־תורה האָט אונטער זיך זייער אַ לאַנגע היסטאָריע. די ספר־תורה האָט דורכגעמאַכט פאַרשיידענע גלגולים פון אייראָפּע דורך כפר־עציון קיין עבר־הירדן און איצט צוריק אין ירושלים. פון אַ גאַנצן מנין ספרי־תורה פון אַ שול ערגעץ אין אייראָפּע, וואָס די היטלעריסטן האָבן פאַרברענט, איז דורך אַ נס אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן די ספר־תורה. אַ ייד, וואָס זיין גאַנצע פאַמיליע איז אומגעקומען איז געקומען קיין ארץ־ישראל און האָט מיט זיך מיטגעבראַכט די ספר־תורה. דאָ אין לאַנד האָט ער זי מנדב געווען פאַר כפר־עציון, מיט דריי יאָר צוריק. ווען די מופטי־באַנדעס זענען באַפאַלן דעם עציון־געביט און ווען די יידן האָבן נאָך אַ העלדישן קאַמף קעגן צענפאַכיק־שטאַרקערע קרעפטן געמוזט גיין אין גע־פאַנגענשאַפט — האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך די ספר־תורה. איצט ווען זיי זענען באַפרייט געוואָרן — איז די ספר־תורה ווידער מיט זיי.

ביי דער ירושלימער שול „ישורון" האָבן זיך אָפּגעשפּילט העכסט דראַמאַטישע סצענעס: מוטערס און פאָטערס, קרובים און פריינד האָבן געפונען זייערע טייערסטע און ליבסטע, האָט מען זיך געהאַלדזט און גע־קושט, מ'האָט געלאַכט און געוויינט.

צווישן די באַפרייטע האָט זיך אויך געפונען אַן ענגלענדער. ווי אַזוי קומט אַן ענגלענדער צווישן געפאַנגענע יידישע העלדן? הערט אַ געשיכטע און שטוינט:

אין איינער פון די שווערסטע תקופות אין דער ירושלימער אַלטשטאָט, ווען זי איז געווען באַלאַגערט פון אַלע זייטן און אַ האָגל פון קוילן האָט זיך געשאָטן אויף איר, סיי טאָג סיי נאַכט, אין איינעם אַזאַ בלוטיקן אָוונט, האָט זיך דורכגעגנבעט אַן ענגלישער סאָלדאַט און ער איז צוגעקומען צו דער יידישער פראַנטליניע אין פולער באַוואָפענונג. „כ'וויל קעמפן מיט אייך, שיקט מיר אין די געפערלעכסטע פּאָזיציעס" — האָט ער זיך געבעטן. נאָך אַ לאַנגער אויספאָרשונג איז ער צוגעטיילט געוואָרן צו די יידישע רייען און ער האָט געקעמפט העלדיש. ער האָט געהאָלפן אָפּצושטויסן אייניקע פון די שאַרפסטע אַנגריפן, פון אַראַבער און ענגלענדער, אויף די יידישע קוואַרטאַלן. איין מאָל איז ער לייכט פאַרווונדעט געוואָרן, און גלייך ווי מען האָט אים פאַרבאַנדאַזשירט די ווונדן האָט ער געפאָדערט גלייך צוריקצו־שיקן אים צום פראָנט.

ווען די יידישע אַלטשטאָט אין ירושלים האָט זיך געמוזט אונטערגעבן איז אויך דער ענגלישער פרייוויליקער געגומען געוואָרן אין געפאַנגענ־שאַפט פון אַראַבישן לעגיאָן. די ענגלישע אָפיצערן פון אַראַבישן לעגיאָן האָבן אים אויסגעפּאָרשט און זיי האָבן אים געוואָלט באַפרייען מיטן באַדינג ער זאָל גלייך צוריקפאָרן קיין ענגלאַנד. דער ענגלישער וואָלונטיר האָט נישט געוואָלט הערן וועגן דעם און ער איז צוריקגעגאַנגען צו זיינע חברים, צו די פאַרטיידיקער פון דער יידישער אַלטשטאָט און מיט זיי איז ער איצט צוריקגעקומען קיין ירושלים. אין געפאַנגענשאַפט האָט ער זיך געפונען אין געזעלשאַפט פון פלמ״ח־סאָלדאַטן. ער האָט זיך אויסגעלערנט צו לייענען און צו שרייבן העברעיִש. ער גרייט זיך איצט צו פאַרבלייבן אַ איבערגעגעבענער בירגער פון מדינת ישראל און זיין שטרעבונג איז אַריינצוטרעטן אין יידישן פלאָט...

וועגן זייערע לעבנס־באַדינגונגען אין דעם געפאַנגען־לאַגער האָט זיך איינער פון די באַפרייטע אויסגעדריקט אין פאָלגנדע ווערטער:

„שטעל זיך פאָר אונדזערע געפילן, ווען מיר זענען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט, נאָך דעם ווי כפר־עציון איז חרוב געוואָרן אין פייער און אין בלוט, ווען פון אַלע יידישע קיבוצים אין גאַנצן געביט איז געבליבן איין גרויסער חורבן. נאָך ניין מיט אַ האַלבן מאָנאַט בין איך צוריקגעקומען אין דער שיינער און ליכטיקער תל־אביב, פונקט אין טאָג ווען זי נעמט אויף דעם ערשטן פרעזידענט פון מדינת ישראל ד״ר ווייצמאַן".

וועגן זייערע לעבנס־באַדינגונגען אין דעם געפאַנגענעם לאַגער האָט דער גליקלעכער דערציילט:

„אין די ערשטע טעג זענען די לעבנס־באַדינגונגען געווען אומדערטרעגלעכע: פון אינעווייניק — שטורמישע און זייער פיינלעכע דיסקוסיעס און פון דרויסן — אוממענטשלעכע, גרויליקע באַדינגונגען: אָן אַ מאַטראַץ און אָן אַ קאָלדרע, אָן אַ שוך און אָן אַ בגד, אויסגעהונגערט און פאַרשמאַכטע, דורכגענומען מיט שרעק און ציטער פאַר דעם אייגענעם גורל און דעם גורל פון די משפחות. די לעגיאָנערן האָבן אונדז דערציילט שרעקלעכע זאַכן פון „באַגלויבטע קוועלן", פון די אַראַבישע צייטונגען און פון זייער צעהיצטער פאַנטאַזיע: זיי האָבן שוין פאַרנומען פתח־תקוה און רחובות, תל־אביב ווערט באָמבאַרדירט טאָג און נאַכט אָן כמעט די גאַנצע שטאָט איז שוין חרוב געוואָרן. מיר האָבן נישט געוואָלט גלויבן. קיין

אַנדערע ידיעות האָבן מיר נישט באַקומען. האָבן מיר געהערט די איוב־בשׂורות און געשוויגן...

ביסלעכווייז זענען די באַדינגונגען געוואָרן בעסער. אַ דאַנק דער הילף פון דער יידישער מדינה. מיר האָבן אויך „איינגעאָרדנט" אַ מעגלעכקייט צו הערן די לעצטע נייעס דירעקט פון מדינת ישראל. יעדן אָוונט 9 אַ זייגער האָבן אַלע יידישע געפאַנגענע געגנבֿי געוווּסט וועגן אַלץ, וואָס אין דעם טאָג איז געשען אין דער יידישער מדינה".

די העלדישע קעמפער פֿאַר דער פרייהייט פון ירושלים — פֿאַר דער פרייהייט פון דעם גאַנצן יידישן לאַנד, וואָס האָבן געשמאַכט אין ליידן און אין פּיין אין אַבדאַלאַס געפאַנגענשאַפט, זענען צוריקגעקומען אַהיים, באַ־פרייטע, מונטערע און פריילעכע — צו באַטייליקן זיך אין אויפבוי פון מדינת ישראל, צו באַפעסטיקן און פאַרטיידיקן אירע גרענעצן.

תל־אביב, 3.3.1949

## די דערעפענונג
## פונעם ערשטן פּאַרלאַמענט אין מדינת ישראל

מיט שפּאַנונג און אומגעדולד איז אָפּגעוואַרט געוואָרן דער גרויסער היסטאָרישער אַקט — די דערעפענונג פון דעם ערשטן פּאַרלאַמענט אין מדינת ישראל. ערב דער פייערלעכער דערעפענונג האָבן זיך אַלע וועגן אין ישראל געצויגן צום „שאָסיי פון גבורה", און דער איינציקער שאָסיי, ביי היינטיקן טאָג, וואָס פירט קיין ירושלים, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַוועגלעכער בריק פון הונדערטער אויטאָבוסן און לימוזינעס, וואָס האָבן געפירט די דעפּוטאַטן, דעם דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס און הונדערטער הויכגעשטעלטע געסט, צו דער פייערלעכער דערעפענונג פון דער גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג, אין זאַל, וואָס האָט נאָר 400 פּלעצער... אָבער נאָך טויזנטער פון גאַנצן לאַנד האָבן זיך געצויגן קיין ירושלים, מיט דער האָפענונג אַריינצוקריגן זיך אין זאַל „בדרך נס" און אויב נישט — ווייניק־סטנס, איינזאַפּן אין זיך און אָטעמען מיט דער לופט פון אונדזער אייבי־

קער הויפטשטאָט אין טאָג פון גרויסן אַקט, וואָס וועט פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות אין דער יידישער געשיכטע.

און ווען ירושלים, נאָך די העראָישע קאַמפן פאַר איר פרייהייט, נאָך די פיינפולע מאָנאַטן פון באַלאַגערונג, פון הונגער און דורשט — ווען ירושלים האָט זיך אויפגעכאַפּט אין פרימאָרגן פון דעם גרויסן טאָג, האָבן אַלע געפילט, אַז דער טאָג איז אַ ווענדפּונקט אין דער צוקונפט פון דער פרייער מדינת ישראל. אויך „די הימלען" האָבן זיך באַטייליקט אין דעם גרויסן יום־טוב: נאָך די לאַנגע רעגן־וועטערן און דעם שניי, האָט זיך געשטעלט אַ שיינער וואַרעמער טאָג און די גרויע ירושלימער טויערן האָבן זיך געבאָדן אין זון. גאַנץ ירושלים האָט זיך געטונקט אין גרינס און אין בלומען און אין אַ ים פון ווייסבלויע פענער. אַלע הייזער זענען געווען דעקאָרירט און באַצירט מיט פאַרשידענע לאָזונגען.

פון 9 אַ זייגער אין דער פרי האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען טויזנטער קינדערלעך פון אַלע ירושלימער פאָלקסשולן, תלמוד־תורהס און גימנאַזיעס, אונטער פענער, טראַנספּאַראַנטן און לאָזונגען האָבן זיי מאַרשירט מיט געזאַנג אין דער ריכטונג צו דער געביידע פון די נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן, האַלטנדיק אין די הענט פלאַנצן, כדי צו פייערן דאָרט דעם ערשטן „חמשה עשׂר בשבט" — דער פלאַנצונגס־טאָג אין מדינת ישראל. ביי 15 טויזנט קינדער און יוגנטלעכע האָבן אויסגעפילט דעם ריזיקן הויף פון דער אַגענץ־עקזעקוטיווע און די גאַנצע אומגעגנט.

אין דער זעלבער צייט זענען טויזנטער אַרויסגעפאָרן אין די יהודה־בערג ביי ירושלים צו דער צערעמאָניע פון פלאַנצן דעם „וואַלד פון די פאַרטיידיקער" און „דעם גאָרטן פון די ירושלימער פאַרטיידיקער". ס'זענען געקומען הונדערטער פאַטערס און מוטערס, וואָס זייערע זין זענען געפאַלן פאַר דער פרייהייט פון ירושלים.

כאָטש אָפיציעל איז נישט פאַראָרדנט געוואָרן אָפּצושטעלן די אַרבעט, איז אין די מיטאָג־שעהען אָפּגעשטעלט געוואָרן די גאַנצע אַרבעט אין שטאָט. אַלע געשעפטן זענען געשלאָסן געוואָרן און גאַנץ ירושלים האָט זיך פאַראייניקט מיטן גרויסן יום־טוב פון עפענען דעם פאַרלאַמענט.

אַזייגער 2:30 איז אין דער גרויסער און שיינער „ישורון"־שול אין ירושלים פאָרגעקומען אַ זייער איינדרוקספולע רעליגיעזע צערעמאָניע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דערעפענונג פון פאַרלאַמענט. צו דער צערעמאָניע

זענען געקומען די צייטווייליקע ישראל־רעגירונג מיטן פרעמיער דוד בן־גוריון אין דער שפּיץ, כמעט אַלע אויסדערווײלטע דעפּוטאַטן, די אָנגעזעענסטע פירער פון ישוב און אַ טייל פון דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס.

און פון בית־הכנסת האָבן זיך אַלע געאײלט צו דער „כנסת" (דער אָפיציעלער נאָמען פון ישראל־פּאַרלאַמענט). דער זייגער האָט זיך פּאַמעלעך געריקט צו דער גרויסער היסטאָרישער שעה. ריזיקע מאַסן האָבן אומאויפהערלעך געשטראָמט צו דער געביידע פון דער אַגענץ־עקזעקוטיווע, וווּ ס'דאַרף באַלד געעפנט ווערן דער ערשטער ישראל־פּאַרלאַמענט. האַרט פאַר פיר האָט שוין די מאַסע, וואָס האָט אויסגעפילט אויך אַלע זייטיקע גאַסן, געציילט העכער צוואַנציק טויזנט מאַן. די הויפטגאַס וואָס פירט צום זיצונגזאַל איז אַרומגענומען געוואָרן מיט שטריק און די מאַסן האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף די טראָטואַרן. דער שאָסיי איז פאַרבליבן פריי פאַר דער אויטאָמאָבילן־באַוועגונג. די אָרדענונג איז געווען אַ מוסטערהאַפטע. זי איז אָפּגעהיט געוואָרן דורך דער מיליטערישער און בירגערלעכער פּאָליציי. ביים איינגאַנג־טויער איז געשטאַנען אַן ערנוואַך און אין הויף צוויי רייען פון מיליטערישער פּאָליציי, און האַרט נעבן זיי דער אָרקעסטער פון ירושלימער פּאָליציי. איינער נאָכן צווייטן זענען אָנגעקומען די מיניסטאָרן פון דער ישראל־רעגירונג מיטן פרעמיער דוד בן־גוריון.

די פּאָליציי האָט געמאַכט אַ וועג פאַרן פּרעזידענט ד"ר חיים וויצמאַן, וואָס איז געקומען אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי און פון זיינע מיליטערישע אַדיוטאַנטן. ווען ס'איז געפאַלן די פאַראָרדענונג: „פּרעזענטירן דאָס וואָפן!" — איז ד"ר חיים וויצמאַן און זיינע באַגלייטער אויסגעשטיגן פון אויטאָמאָביל און דער אָרקעסטער האָט געשפּילט די „התקווה".

דער געוויינלעכער זיצונגזאַל פון דער אַגענץ־עקזעקוטיווע איז דעקאָרירט און ספּעציעל צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר דעם גרויסן אַקט. אין צענטער פון זאַל איז אויסגעבויט געוואָרן אַ בינע. לינקס פון דער בינע זענען געזעסן: דער אַמבאַסאַדאָר פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד יערשאָוו, דער ראַטגעבער מיכין און דער ערשטער אַמבאַסאַדע־סעקרעטאַר סערגייעוו, דער גענעראַל־קאָנסול פון פּוילן רפאל לאָץ, דער קאָנסול פון טשעכאָסלאָוואַקיע, דער קאָנסול פון גוואַטעמאַלאַ י. וויסמאַן און די קאָנסולן פון בעלגיע, קובאַ, דענעמאַרק, נאָרוועגן, שוועדן און יוגאָסלאַוויע. פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז קיין פאַרטרעטער ניט געקומען.

עס האָבן אויך פאַרנומען זייערע פלעצער פאַרטרעטער פון די ניט־יידישע געמיינדעס און רעליגיעס. אַלע גייסטלעכע זענען געווען אין דער קליידונג פאַר פייערלעכע רעליגיעזע צערעמאָניעס.

קעגן איבער זיי זענען געזעסן די אויסדערוויילטע פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. רעכטס — די פאַרטרעטער פון דער ישראלדיקער און אויס־לענדישער פרעסע און געסט. צווישן די געסט האָט מען געזען דעם פירער פון גענעראַל־שטאַב פון דער „הגנה"־אַרמיי יעקב דורי און הויכע אָפיצירן פון גענעראַל־שטאַב. די קאָמאַנדירן פון ירושלימער פראָנט, די דעלעגאַטן צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, די עלטסטע פון ישוב, די ערשטע פיאָנערן פון דער צווייטער עליה, די שעפער און בויער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע, פירער פון נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן, אָנגעזעענע געזעלשאַפט־לעכע טוער און געוויינלעכע סאָלדאַטן — ווי פאַרטרעטער פון דער יבשה־אַרמיי, פון לופט־פלאָט, פון ים־פלאָט און פון די מיליטערישע פרויען־פאָרמאַציעס.

פרעזידענט ד"ר חיים וויצמאַן האָט אָנגעהויבן לייענען די דערעפע־נונגס־רעדע. דער פרעזידענט האָט געלייענט זיינע ווערטער לאַנגזאַם, מיט אַ קלאָרער דיקציע: „דאָס פאָלק אין ישראל דאַרף געזען ווערן ווי אַ קיבוץ־גלויות, ווייל ס'איז ניטאָ קיין איין יידישער ישוב אין דער גאַנצער וועלט, וואָס אירע עולים האָבן נישט קיין חלק אין מדינת ישראל"...

ד"ר וויצמאַן דערמאָנט דעם שוידערלעכן מאָרד פון די מיליאָנען יידן אין איראָפּע. „לאָמיר געדענקען אויף אייביק אונדזערע ברידער און שוועס־טער, וואָס זענען אומגעקומען אין איראָפּע, און די קרבנות, וואָס זענען געפאַלן אויפן מזבח פון אונדזער זעלבשטענדיקייט און האָבן נישט זוכה געווען צו קומען מיט אונדז ביז אַהער" — דאָ איז אונטערגעבראָכן געוואָרן זיין שטימע און ער האָט זיך פאַרקייכט אין אַ געוויין. כמעט דער גאַנצער זאַל האָט געוויינט. ביי אַ טויט־שטילקייט האָט דער פרעזידענט פאָרגע־זעצט זיין רעדע. זיין שטימע איז ווידער געוואָרן אויסדרוקספול און לוי־טער און ער האָט פאַרענדיקט: „אויסדערוויילטע פון דער כנסת, זייט באַ־גריסט צו אייער ערשטן צוזאַמענקום, געדענקט, אַז די הערצער און די אויגן פון גאַנצן יידישן פאָלק זענען געווענדעט צו אייך".

גלייך נאָך דער עפענונגס־רעדע האָט דער פרעזידענט געבעטן פון רעגירונגס־סעקרעטאַר זאב שערף, ער זאָל פאָרלייענען דעם נוסח פון דער

טרײַהייטס־דעקלאַראַציע צו דער מדינת ישׂראל: „איך בין זיך מתחייב צו זײַן טרײַ דער מדינת ישׂראל און מיט דער גאַנצער טרײַשאַפֿט צו דערפֿילן מײַן שליחות אין דער גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג". דערנאָך האָט ער אויסגע־רופֿן די נעמען פֿון די דעפּוטאַטן און יעדער איינער האָט זיך געשטעלט און געזאָגט: „אני מתחייב". ווען ס'איז געקומען די ריי פֿון די אַראַבישע דעפּוטאַטן האָט אַן איבערזעצער געלייענט די דערקלערונג אין אַראַביש און זיי האָבן געענטפֿערט אין אַראַביש.

מיט דער איינשטימיקער דערוויילונג פֿון יוסף שפּרינצאַק פֿאַרן פֿאָר־זיצער פֿון דער קאָנסטיטוציאָנעלער פֿאַרזאַמלונג איז פֿאַרענדיקט געוואָרן די פֿאָרמעלע טייל פֿון דער פֿײַערלעכער דערעפֿענונג פֿונעם ערשטן פֿאַר־לאַמענט אין מדינת ישׂראל.

גאַנץ ירושלים איז אַרויס אין גאַס. מיט הערצער איבערגעפֿולטע פֿון גליק האָבן די הונדערטער טויזנטער ירושלימער יידן געוואָלט מיט אַ מאָל אויסלאָזן די שווערע משׂא פֿון ליידן און פּײַן, באַפֿרייען זיך פֿון דעם גרויליקן קאָשמאַר פֿון די בלוטיקע מאָנאַטן, פֿון די אומאויפֿהערלעכע באָמבאַר־דירונגען, פֿון דער באַלאַגערונג, פֿון דעם הונגער, דורשט און נויט. — זיי האָבן געוואָלט פֿײַערן דעם גרויסן נצחון, דעם וווּנדערלעכן נצחון פֿון דער אייביק יידישער ירושלים.

4.3.1949

## די דערעפֿענונג
## פֿונעם ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות

אומפֿאַרגעסלעכע טעג פֿון פֿרייד האָט איבערגעלעבט מדינת ישׂראל אין דער „ווייצמאַן־וואָך", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 2טן נאָוועמבער, מיט דער פֿײַערלעכער עפֿענונג פֿון „ווייצמאַן־אינסטיטוט פֿאַר וויסנשאַפֿט" אין רחובות.

אין דעם טאָג האָבן אַלע וועגן געפֿירט קיין רחובות, אַלע שאָסייען זענען געווען פֿול געפּאַקט מיט הונדערטער, מיט טויזנטער אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן געפֿירט די געסט פֿון לאַנד און פֿון אויסלאַנד צום גרויסן אַקט.

אויף דער פּאַן פון אַ ווונדערבאַרער לאַנדשאַפט, פון גרינע פּרדסים, פון תבואה־פעלדער און בלומען־גערטנער, אויף אַ ריזיקן פּלאַץ ביי די געביידעס פון אינסטיטוט, איז אויפגעבויט געוואָרן אַ בינע פון אַ פּלאַסטישן מאַטעריאַל, וואָס איז געבראַכט געוואָרן פון אַמעריקע. אויף דער בינע איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן דער גאַנצער פּלאַן פון „וויסנשאַפטס־צענטער״ — פון די שוין אויסגעענדיקטע געביידעס, און פון די, וואָס דאַרפן אין קורצן אויפגעבויט ווערן, איבערן פּלאַן האָט געפלאַטערט דער סימבאָל פון ישראל און ביי דער זייט — דער סימבאָל פון אינסטיטוט: אַ צווייג פון אַ בוים. האַרט ביי דער בינע זענען צוגעגרייט געוואָרן 100 פּלעצער פאַר זשורנאַ־ליסטן און פאַר פּרעסע־ און פילם־פאָטאָגראַפן. קעגן איבער — העכער 3.000 פּלעצער פאַר די איינגעלאַדענע געסט. דעם גאַנצן פּלאַץ האָט אַרומ־גענומען אַ וואַלד פון ווייסבלויע פּענער.

אויף דער בינע האָבן פאַרנומען זייערע פּלעצער די מיטגלידער פון דער ישראל־רעגירונג מיטן פּרעמיער דוד בן־גוריון בראש, דער דיפּלאָמאַ־טישער קאָרפּוס אין ישראל און די חשובע געסט פון אויסלאַנד, צווישן וועלכע מ׳האָט געזען: פּראָפ. לואי ז. פייזער, פון האַרוואַרד־אוניווערסיטעט, וואָס האָט פאַרטראָטן די נאַציאָנאַלע אַקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפט אין וואַ־שינגטאָן; פּראָפ. גוסטאַוו ריבאָ, אַ מיטגליד פון דער פראַנצויזישער אַקאַ־דעמיע, וואָס האָט געבראַכט פאַר פּרעזידענט ווייצמאַן אַ ספּעציעלע מגילה פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע, מיט דער אונטערשריפט פון איר פּרעזידענט פּראָפ. לוי דע־בראָלי; פּראָפ. לעאָפּאָלד רוזשיצקי פון ציריך, אַ טרעגער פון נאָבעל־פּרייז; פּראָפ. טאַדעוש רייכשטיין פון באַזעלער אוני־ווערסיטעט; ד״ר זאַוואַלאַ מאַניס פון אורוגוואַי, אַ וועלט־באַרימטער ספּעַ־ציאַליסט פון דער ראַק־קראַנקייט; ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ בריוו פאַר ד״ר ווייצמאַן פון פאָרזיצער פון אורוגוואַיער קאָמיטעט פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט, ווו ער מעלדעט וועגן באַשטימען אַ וועלטפּרייז אויפן נאָמען פון ד״ר חיים ווייצמאַן, וואָס וועט אויסגעטיילט ווערן יעדעס יאָר פאַר אַ ספּעציעלער פאָרשונג; ד״ר א. וו. ווערוויי, דער וויסנשאַפטלעכער שעף פון די „פיליפּס״ פאָרשונגס־לאַבאָראַטאָריעס אין איינדהאָבען (האָלאַנד); ה׳ ווערוויי איז געקומען אין באַגלייטונג פון זיין פרוי, וואָס האָט זיך אויס־געצייכנט אין די קריגס־יאָרן מיטן אַרויסראַטעווען פון די נאַצי־נעגל אַ גרעסערע צאָל יידישע קינדער, זי איז די פאָרשטייערין פון האָלאַנד אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פאַר די פּליטים; ד״ר ג. ה. וויסער

און ד״ר ו. א. וואַן־געלדער, די וויסנשאַפטלעכע ספּעציאַליסטן פון דער געזעלשאַפט „ראָיאַל דאַטש שעל״, פּראָפ. מאַרק לעסעזש, אַ פראַנצויזישער פיזיקער, וואָס איז געוואָרן באַרימט דורך זיינע פאָרשונגען וועגן די קאָס־מישע שטראַלן און אַ גאַנצע ריי אַנדערע הויכגעשטעלטע געסט פון אויס־לאַנד.

צווישן די דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער האָבן זיך באַזונדערס אויסגע־טיילט דער אַמבאַסאַדאָר פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פּראָפ. דזשיימס מעק־דאָנאַלד; דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדאָר פּאַוועל יערשאָוו, דאָס איז גע־ווען זיין ערשטער עפנטלעכער אויפטריט אין ישראל נאָך זיין לענגערן באַזוך אין מאָסקווע; דער ענגלישער געזאַנדטער סיר נאָקס העלם; דער פראַנצויזישער געזאַנדטער ה׳ עדוואַרד גיאָן; דער געזאַנדטער און אויסער־אָרדנטלעכער מיניסטער פון דער אַרגענטינער רעפּובליק ד״ר פּאַבלאָ מאַנגעל און פאָרשטייערס פון אַלע איבעריקע מדינות. אין דער פייערונג האָבן זיך אויך באַטייליקט גענעראַל ריילי און דזשאָרדזש באַרענס, פאָר־שטייער פון דער „אונאָ״.

די פּרעכטיקע בינע האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ שלל פון קאָלירן, די פּראָפעסאָרן און וויסנשאַפטסלייט האָבן געטראָגן אַ בונטע פילפאַרביקע קליידונג — די אָפיציעלע טראַכט פון זייערע אוניווערסיטעטן, דער אַל־טיטשקער פּראָפעסאָר פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע איז געווען גע־קליידט אין אַ מיליטערישן מונדיר מיט גאָלדענע פאַסן און מיט אַ שווערד ביים זייט — גענוי ווי ס׳פאָדערט דער צערעמאָניאַל־קאָדעקס פון דער רומפולער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע.

11 אַ זייגער זענען אָנגעקומען ד״ר ווייצמאַן און זון פרוי, דער פּרעמיער דוד בן־גוריון און זיין פרוי און דער פּרעזידענט פון דעם העברעיִשן אוני־ווערסיטעט פּראָפ. בראָדעצקי. דער ריזיקער עולם האָט מיט רוישיקע לאַנג דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן אויפגענומען דעם פּרעזידענט און זיינע געסט. דער פּרעזידענט איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייס־פּורפּור־רויטן מאַנטל, אַלס ערן־פּראָפעסאָר פון דעם אוניווערסיטעט פרייבורג אין דער שווייץ, ווו ער האָט שטודירט כעמיע מיט 50 יאָר צוריק, און געטראָגן די פיר־קאַנטיקע קאַפּע פון אַ מאָל, ווען ער איז געווען פּראָפעסאָר פון כעמיע אין מאַנטשעסטער אוניווערסיטעט.

דער אַרויפמאַרש פון פּרעזידענט איז באַגלייט געוואָרן מיט די קלאַנ־גען פון אָרקעסטער און ווען ער איז צוגעקומען צום צענטער פון דער בינע,

האָבן אַלע פאַרזאַמלטע געזונגען „התקוה״. ביי די קלאַנגען זענען אַרויס־געהאָנגען געוואָרן אויף די מאַסטן די ווייסבלויע פאָן פון ישראל און די ספּעציעלע פאָן פון מלוכה־פּרעזידענט. געעפנט די פייערונג האָט מאיר ווייסגאַל, דער אַדמיניסטראַטיווער לייטער פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. ער האָט אויסגעדריקט פאַרערונג און הויכשאַצונג דעם פּראָפ. ווייצמאַן און דערמאָנט, אַז דעם 2טן נאָוועמבער, מיט 32 יאָר צוריק, איז געגעבן גע־וואָרן די באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס איז געקניפּט און געבונדן מיט ד״ר ווייצמאַנס אַרבעט. דער ערשטער רעדנער איז געווען פּראָפ. זעליג בראָ־דעצקי, דער פּרעזידענט פון העברעיִשן אוניווערסיטעט. ער האָט צוויסן געגעבן, אַז צווישן דעם אוניווערסיטעט און דעם אינסטיטוט וועט זיין אַ פעסטע אַקאַדעמישע צוזאַמענאַרבעט. צווישן אַנדערן האָט פּראָפ. בראָדעצקי געזאָגט: מ׳האָט אונדז ציטווייליק אַוועקגענומען דעם צוטריט צום אוני־ווערסיטעט אויפן הר־הצופים. דאָ אין רחובות וועט אַזוינס נישט קאָנען פאָרקומען״, גלייך נאָך אים האָט גערעדט דער פּרעמיער פון דער ישראל־רעגירונג, דוד בן־גוריון. „מיר זענען זיך היינט צוזאַמענגעקומען, די פאָר־שטייערס פון יידישן פאָלק אין ישראל און אין דער וועלט, די וויסנשאַפט־לעכע שליחים פון לאַנד און פון ווייטע מדינות, אויסצודריקן אונדזער טיפסטע פאַרערונג פאַרן לעבנסווערק און גייסטיקער שאַפונג פון זעל־טענעם מענטש, וואָס האָט זוכה געווען צו אַ זעלטענער זאַך, וואָס האָט נישט געטראָפן אַפילו אין דער לאַנגער געשיכטע פון אונדזער אַלט פאָלק: צו טראָגן אויף זיין קאָפּ צוויי קרוינען — כתר מלכות און כתר תורה — דער ערשטער פּרעזידענט פון ישראל איז דער איינציקער פּרעזידענט אין זיין דור — און דוכט מיר אין פיל דורות — וואָס נישט די מדינה האָט אים געמאַכט, נאָר ער האָט געמאַכט די מדינה. די מדינה, וואָס איז אויפ־געריכט געוואָרן מיט אַנדערטהאַלבן יאָר צוריק, האָט ד״ר ווייצמאַן גע־האָרעוועט אויף איר שאַפונג נאָך פון דאַן ווען ער איז געווען אַ יונג יינגל, און מער ווי 50 יאָר האָט ער אינוועסטירט אין איר אויפבוי אַ גרויסע אָנגעשטרענגטע און געבענטשטע אַרבעט, אַ טרייע און איבערגעגעבענע „עבודת־פרך״, ווי אַ סאָלדאַט און ווי אַ פירער, ווי אַ בויער און ווי אַן אַרכיטעקט. מיט 32 יאָר צוריק האָט ד״ר ווייצמאַן דערגרייכט דעם קול־מינאַציע־פּונקט פון זיין פּאָליטישן נצחון, די באַלפור־דעקלאַראַציע. אָבער ער האָט דאַן געוווּסט אַז ער האָט נאָך פאַר זיך אַ שווערן וועג, זיין אַרבעט האָט זיך דאַן ווי אָנגעהויבן פון דאָס ניי און איז נישט איבערגעריסן גע־

וואָרן ביזן היינטיקן טאָג. און ווען ס'איז געקומען מיט צען יאָר צוריק די שוידערלעכע טראַגעדיע, איז זיין גלויבן נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן און ס'איז נישט פאַרקלענערט געוואָרן זיין אָנשטרענגונג. און ווען מיר האָבן דערלעבט, סוף סוף, די גרויסע טעג און מדינת ישראל איז אויפגעריכט געוואָרן און ד"ר ווייצמאַן איז געשטעלט געוואָרן אין איר שפּיץ — האָט ער נישט זוכה געווען פון הפקר, נאָר ער האָט געשניטן מיט געזאַנג, וואָס ער האָט געאַקערט און געזייט זיין גאַנץ לעבן מיט אַזוי פיל אָנשטרענגונגען און גלויבן.

...דער ווונדערלעכער צוזאַמענגוס פון פּאָליטיק און וויסנשאַפט אין לעבנסווערק פון ד"ר ווייצמאַן אַנטהאַלט אין זיך איינעם פון די סודות פון אונדזער גרויסן דערפאָלג ביז איצט, און צייכנט אויך אָן אונדזער וועג אין דער צוקונפט; צו באַפעסטיקן אונדזער זעלבשטענדיקייט און זיכערקייט, קיבוץ־גלויות און דעם אויפבוי פון לאַנד, — וועלן זיך פאָדערן פון אונדז נישט בלויז פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע אָנשטרענגונגען, נאָר אויך גייסטיקע און וויסנשאַפטלעכע.

אונדזער ווירטשאַפטלעכע, מיליטערישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט וועט נישט מצליח זיין אויב זי וועט נישט זיין דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון אמת. מדינת ישראל דאַרף זיין דער העכסטער צענטער פון וויסנ־שאַפטלעכער פאָרשונג. אַ גרויסער זכות איז בייגעשטאַנען פאַר מדינת ישראל, וואָס איר ערשטער פּרעזידענט איז פון די גרעסטע גייסט־ און וויסנשאַפטס־מענטשן פון היינטיקער צייט. לאָמיר אויך אויפהייבן די פאָן פון וויסנשאַפט — האָט בן־גוריון פאַרענדיקט זיין איינדרוקספולע רעדע — לאָמיר פאַרוואַנדלען ישראל אין אַ גייסטיק ליכט פאַר דער וועלט און ס'זאָל קיין מאָל נישט אַוועקגענומען ווערן פון אונדז דער פּרעכטיקער נאָמען פון „עם הספר".

דער פאָרזיצער פון דער „כנסת", יוסף שפּרינצאַק, האָט געזאָגט צווישן אַנדערן: „מיטן דערגרייכן דעם אַזוי געגאַרטן ציל — אַז די קולטור און וויסנשאַפט זאָל באַהערשן אונדזער אַרבעט — וועט געבויט ווערן ישראל און ס'וועט פאַרזיכערט ווערן איר צוקונפט. אין דעם טאָג פון גרויסן יום־טוב פון דער ישראלדיקער וויסנשאַפט, זאָל באַקרוינט ווערן דער אַזוי טייערער מענטש פון פאָלק, דער בויער פון מדינת ישראל און איר ערשטער פּרעזידענט, מיטן שענסטן אויסדרוק פון העברעיִשן ווערטערבוך, „חלוץ".

ד״ר א. גראַנאָווסקי האָט באַגריסט אין נאָמען פון נאַציאָנאַל־פאָנד. פּראָפ. וויליאַם ראַפּאַר פון דער שווייץ, וואָס איז געווען דער פּאָרזיצער פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע פון דער אַמאָליקער פעלקער־ליגע, האָט אין קורצע ווערטער אויסגעדריקט זיין פאַרערונג פאַר דער פּאָליטישער און וויסנשאַפטלעכער פערזענלעכקייט פון ד״ר וויצמאַן. לוי אשכול האָט באַגריסט אין נאָמען פון דער אַגענץ־עקזעקוטיוו. דער פּאָרזיצער פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן וויצמאַן־אינסטיטוט דיווי דייוויד סטאָן האָט געזאָגט: דאָס אַמעריקאַנער יידנטום איז שטאָלץ מיט איר גרויסן אָנטייל אין אויפשטעלן דעם אינסטיטוט. ביי דער פייערלעכער געלעגנהייט וויל איך דערמאָנען דעם נאָמען פון צוויי טרייע אַמעריקאַנער פריינד, וואָס האָבן נישט זוכה געווען צו זען דעם אויפגעבויטן אינסטיטוט: ד״ר סטיפען וויז און אַלבערט ק. עפּשטיין — די גרינדער פון גרויסן אויפטו, וואָס זייער אָנדענק איז אונדז אַלעמען טייער. דער רעדנער האָט זיך געווענדט צום פּרעזידענט און האָט אים איבערגעגעבן אַ גאָלדענעם שליסל, זאָגנדיק: „איך גיב אייך איבער, ה׳ פּרעזידענט, דעם שליסל צו דער פּרעכטיקער געביידע. הלוואי און ס׳זאָלן געעפנט ווערן פאַר דיר און פאַר דיינע נאָבעלע חברים, נישט נאָר די טירן פון דעם הויז, נאָר אויך די טויערן פון וויסנשאַפט צום גונסטן פון ישראל און פון דער גאַנצער מענטשהייט״.

אַ טיף גערירטער האָט זיך פּרעזידענט וויצמאַן געשטעלט צו ענטפערן אויף די באַגריסונגען:

„איך בין איבערפולט מיט די טיפסטע געפילן אין דעם גרויסן מאָמענט פון מיין לעבן — האָט געזאָגט דער פּרעזידענט — אין דעם טאָג דערלויבט מיר צו דערמאָנען דאָס גרויסע געשעעניש מיט 25 יאָר צוריק, ווען ס׳איז געעפנט געוואָרן דער העברעיִשער אוניווערסיטעט. פיל געשעענישן זענען געשען אין אונדזער לעבן זינט יענעם טאָג — פיל מער ווי מיר האָבן זיך געקאָנט פאָרשטעלן. אַזאַ געשעעניש איז אויך די עפענונג פון אינסטיטוט, וואָס באַדייט אַ פאַרווירקלעכונג פון אַ חלום. אין דעם אַנטוויקלונגס־וועג פון אינסטיטוט זענען מיר דערגאַנגען „צום סוף פון אָנהויב״. מיט 15 יאָר צוריק ווען די היטלער־רדיפות קעגן די יידן האָבן דערגרייכט זייער קולמינאַציע־פּונקט, האָבן מיר געעפנט דעם אינסטיטוט אויפן נאָמען פון „דניאל זיוו״. זינט דאַן איז אונדז געלונגען איינצוגלידערן אין אונדזער משפחה פיל יונגע וויסנשאַפטלייט — וואָס וועלן נאָך אויפטאָן גרויסע זאַכן

פאַר מדינת ישׂראל, און ווען ס'וועט קומען דער שלום, אויך פאַרן גאַנצן מיטעלן מזרח, פאַר אונדזערע שכנים און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

מיר, דאָ אין רחובות, זענען בעיקר באַשעפטיקט מיט ריינער וויסנ־שאַפט. אויב אין קאָנסעקווענץ פון אונדזערע פאָרשונגען פון לעבנסמיטל־פּראָדוקטן, אָדער פון געאָלאָגישן געבוי פון באָדן, אָדער פאַרמאַצעווטישע פּרעפּאַראַטן, קומען מיר צו פּראַקטישע רעזולטאַטן, זענען מיר, פאַרשטייט זיך, זייער צופרידן דערפון. מיר גייען אָבער נישט אַרויס פאָרשן בלויז מיטן געדאַנק צו דערגרייכן דערפינדונגען. פאַקטיש האָט דער אינסטיטוט, נאָך איידער ער איז אויפגעבויט געוואָרן, פיל בייגעשטייערט פאַר אונדזער באַפרייונג־קאַמף.

ס'וועט זיין שווער פעסטצושטעלן דעם אַרבעטס־פּלאַן פון אינסטיטוט נישט אַריינברענגענדיק אים אין די ראַמען פון די פּלענער פון אונדזער מדינה. אין מדינת ישראל זענען פאַראַן ריזיקע וויסטע און פאַרלאָזטע שטחים, דער נגב איז איינער פון זיי. די אויפגאַבע פון אונדזערע וויסנ־שאַפטלייט, פון אונדזערע אַרבעטער און פון גאַנצן פאָלק וועט זיין, אַרויס־צוראַטעווען דעם באָדן פון דער וויסטעניש, אַריינבלאָזן אין אים אַ נייעם לעבן, אויסבעסערן און מאַכן אים פּרוכטבאַר. איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון דער מדינה איז צו פאָרשן און אויסנוצן אַלץ, וואָס די ערד אַנטהאַלט אין זיך פאַר איר אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג. די אויפגאַבע פון אינסטיטוט וועט זיין צו באַשטימען דעם סיסטעם פון דער אַנטוויקלונג.

עס דערוואַרטן אונדז נאָך גרויסע געפאַרן. אונדזער פליכט איז צו שטיין פעסטע און גוט צוגעגרייטע קעגן זיי. מיר האָבן אין האַנט אַ מעכטיקן וואָפן, מיר מוזן אים אויסנוצן מיט חכמה און מיט אַלע מיטלען וואָס שטייען צו אונדזער דיספּאָזיציע. דער דאָזיקער וואָפן איז די וויסנשאַפט — אין איר איז אונדזער כוח.

דער אינסטיטוט האָט זוכה געווען אַז זיין וויסנשאַפטלעכער אָנפירער זאָל זיין ד"ר דוד בערגמאַן, אַ גרויסער וויסנשאַפטסמאַן, אַ פעיִקער און זייער באַשיידענער. אין זיינע הענט און אין די הענט פון זיינע יונגע וויסנ־שאַפטלער, גיב איך איבער די וויסנשאַפטלעכע אָנפירונג פון אינסטיטוט. איך בין זיכער אין דיר, ד"ר בערגמאַן, און אין אייך, יונגע מיטאַרבעטער, אַז מיט טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט וועט איר אויספילן אייער פליכט, און אַז איר וועט אָפּהיטן די ריינקייט פון דער וויסנשאַפט, פאַר אונדזער מדינה און פאַרן גאַנצן מענטשלעכן מין".

ד״ר ווייצמאַן האָט איבערגעגעבן דעם גאָלדענעם שליסל אין די הענט פון ד״ר בערגמאַן און דער לעצטער האָט געזאָגט אַ טיף געריכטער: „מיט אַ ציטער פון כבוד און פון צניעות נעמען מיר אויף זיך די שווערע אויפ־גאַבע, וואָס איר ה׳ פּרעזידענט, האָט אַרויפגעלייגט אויף אונדז; אַז די פאָרשונגס־אַרבעט וואָס וועט געמאַכט ווערן אין אינסטיטוט זאָל ברענגען כבוד פאַר אונדזער פאָלק; אַז אונדזער אַרבעט זאָל זיין דורכגעדרונגען מיט ליבע צום אמת, וואָס עפנט פאַרן מענטשן די באַהעלטענישן פון דער נאַטור. אונדזער אַרבעט וועט דאַרפן אָפּשפּיגלען דעם אייביקן גייסט פון די בתי־מדרשים און די יידישע וויסנשאַפטלייט, וואָס זענען געפאַלן אַ קרבן פון דעם שוידערלעכסטן פיינט. מיר וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן, וואָס מ׳האָט געטאָן אונדזערע ברידער, מיר וועלן אָבער וויסן אַז בלויז זייער קערפּער איז טויט און זייער גייסט לעבט און אַז מיר זענען אַ רינגעלע אין דער קייט פון דער גייסטיקער טראַדיציע פון יידישן פאָלק. דער אינסטיטוט וועט דאַרפן דינען דער מדינת ישראל און דעם פאָלק ישראל. אונדזער לעבן וועט זיין געווידמעט צו לייזן די פּראָבלעמען וואָס שטייען פאַרן ישוב: צו פאַרזאָרגן זיין זיכערקייט, פאַר אַ שנעלער אינדוסטריעלער און לאַנד־ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון אונדזער לאַנד און צו אַ פולשטענדי־קער אויסלייזונג פון גלות״.

ד״ר בערגמאַן האָט דאַן איינגעלאַדן רבקה זיוו איבערצושניידן דעם באַנד ביים אַריינגאַנג אין „ווייצמאַן־אינסטיטוט״ און איבערגעגעבן דעם גאָלדענעם שליסל אין די הענט פון פּראָפ. רוזשיצקי פון ציריך, כדי ער זאָל עפענען די טויערן פון אינסטיטוט. ביים עפענען די טויערן האָט דער קאַטוילישער פּראָפעסאָר אויסגערופן אין העברעיִש: „הנני מכריז את המכון פתוח״ — איך דערקלער דעם אינסטיטוט פאַר אָפן.

גלייך נאָך דעם איז פאָרגעקומען די צערעמאָניע פון לייגן דעם גרונט־שטיין פאַרן ביאָלאָגישן אינסטיטוט. ד״ר בלאָך האָט געלייענט די גרינ־דונגס־מגילה אין העברעיִש און ה׳ הערי לעווין פון באָסטאָן, האָט זי גע־לייענט אין ענגליש. די פרויען ווערא ווייצמאַן, פּאָלאַ בן־גוריון און די אָנגעזעענסטע וויסנשאַפטלער פון דער וועלט זענען מכובד געוואָרן מיטן לייגן דעם גרונטשטיין. דער הויפּט־רב, הרב הערצאָג, האָט געזאָגט אַ תפילה פאַרן שלום פון ישראל און אירע פירער, פאַר דער אויפריכטונג פון ירושלים אַלס הויפּטשטאָט פון יידישן לאַנד, פאַרן געזונט און לאַנגע יאָרן פונעם מלוכה־פּרעזידענט און פאַר דעם אויפבלי פון אינסטיטוט, וואָס

טראָגט זיין נאָמען — ער זאָל זיין אַ שיין און אַ ברכה פאַרן פאָלק און לאַנד.

אַ זייגער 12.46 האָט פּראָפ. בראָדעצקי געשלאָסן די פייערלעכע צערע־מאָניע, דער אָרקעסטער האָט געשפּילט „התקווה" און דער גרויסער עולם האָט מיטגעזונגען.

דערמיט איז געשלאָסן געוואָרן דער אָפיציעלער טייל פון דער פייע־רונג. גלייך נאָך דעם זענען די הויכגעשעצטע געסט איינגעלאַדן געוואָרן אין גאָרטן פון אינסטיטוט און ביי שיין געדעקטע טישן האָבן זיי פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט.

טויזנטער באַגריסונגס־טעלעגראַמעס זענען אָנגעקומען פון אַלע עקן וועלט צו דעם פייערלעכן עפענונג־אַקט פונעם „וויצמאַן־אינסטיטוט". פּרעזידענט טרומאַן שרייבט אין זיין טעלעגראַפישער באַגריסונג: „די עפע־נונג פון די נייע פליגלען פון „וויצמאַן־אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפט" סימ־באָליזירט דעם פאָרשריט פון מדינת ישראל. כ׳בין גליקלעך, וואָס ס׳איז מיר געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט איבערצושיקן מיינע האַרציקסטע ווונטשן פאַרן דערפאָלג פון אינסטיטוט אין דער צוקונפט". אין דער באַ־גריסונג, וואָס איז אָנגעקומען פון פּראָפ. איינשטיין פון פּרינסטאָן אין ניו־דזשוירזי, ווערט געזאָגט:

„מיין טייערער וויצמאַן, איך שיק דיר און די חברים פון וויצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות די האַרציקסטע ווונטשן, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אָפיציעלער עפענונג פון אינסטיטוט. אויפן סמך פון דעם, וואָס איך ווייס וועגן אינסטיטוט, זענען מיר באַרעכטיקט צו האָפן, אַז דער אינסטיטוט וועט זיך באַטייליקן מיטן גרעסטן דערפאָלג אין דער גייסטיקער אוןווירט־שאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון מדינת ישראל. מיט אַ האַרציקן „שלום"־גרוס פאַרבלייב איך דיין — אַלבערט איינשטיין".

דער פּאָרזיצער פון דער מאָסקווער אַקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפטן שרייבט אין זיין באַגריסונג: „מיין האַרציקן דאַנק אייך פאַר דער אַזוי איידעלער איינלאַדונג צו באַטייליקן זיך אין דער פייערלעכער עפענונג פון „וויצמאַן־אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפט". צום באַדויערן בין איך געצוווּנ־גען אייך צו מעלדן, אַז צוליב זייער דרינגענדיקע ענינים קאָן איך ניט פאַרלאָזן מיין לאַנד אין דער נאָענטסטער צייט. צוליב די אומשטענדן וועל איך פּערזענלעך נישט קאָנען באַטייליקן זיך אין דער פייערלעכער עפע־

נונג. איך ווינטש דעם אינסטיטוט, פון טיפן האַרצן, גרויסע דערגרייכונ־גען לטובת דעם שלום און אַ צווישנפעלקערלעכער צוזאַמענאַרבעט. מיט טריישאַפט און איבערגעגעבנהייט, אייער א. וואווילאָוו, פּרעזידענט פון דער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן אין ראַטן־פאַרבאַנד״.

אַ האַרציקע באַגריסונג איז אויך אָנגעקומען פון נאַציאָנאַלן אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפטן אין אינדיע מיטן אונטערשריפט פון פּראָפעסאָר ש. נ. בוז. נאָך אַ באַגריסונג פון אינדיע איז אָנגעקומען פון פּראָפ. ג. נ. ריי, פּרעזידענט פון דער אינדישער אַקאַדעמיע, וואָס האָט אין זיין יוגנט גע־לערנט צוזאַמען מיט ד״ר ווייצמאַן אין מאַנטשעסטער. אין זיין באַגריסונג דערמאָנט ער טאַקע „יענע גליקלעכע טעג ווען מיר האָבן פאַרבראַכט צו־זאַמען״.

ס׳איז אוממעגלעך אַפילו בלויז צו דערמאָנען די איבעריקע באַגריי־סונגען, ווייל ווי געזאָגט האַנדלט זיך וועגן הונדערטער. פון די אויבן־גע־בראַכטע באַגריסונגען איז צו זען, וואָסער איינדרוק די עפענונג פון „וויצ־מאַן־אינסטיטוט״ האָט געמאַכט אין דער גאַנצער וועלט.

אייניקע פון די גרויסע וועלט־באַרימטע וויסנשאַפטלייט, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פייערלעכער עפענונג, האָבן איבערגעגעבן פאַר זשורנאַליסטן וועגן זייערע איינדרוקן פון גרויסן אַקט: „דאָס איז אַ גרוי־סער מאָמענט פאַר אַ גרויס פאָלק, וואָס טוט איצט אַרבעט אויף אייגענער ערד און דאַרף נישט באַדינען קיין פרעמדע הערן — האָט געזאָגט פּראָפ. לעאָפּאָלד רוזשיצקי, דער נאָבעל־פּרייז־טרעגער פאַר פיזיק — איך האָף, אַז דאָס יידיש פאָלק וועט דינען אַלס ביישפּיל פאַר די פעלקער פון מיטעלן מזרח און זיי וועלן לערנען אַ „מוסר השׂכל״, איך שאַץ זייער און פאַרער דעם ד״ר ווייצמאַן, וואָס ער פאַרוועגדט זיין לעבן נישט בלויז פאַר זיך, נאָר פאַר זיין פאָלק און פאַר זיין מדינה״.

דער פּראָפ. וויליאַם ראַפּאַר האָט געזאָגט: „ס׳איז אַ זעלטענע פּריווי־לעגיע פאַר אַ פאָלק מיט אַזעלכע זעלטענע אייגנשאַפטן, ווי ס׳איז דאָס פאָלק ישראל, וואָס זאָל קאָנען באַפרוכפּערן די וויסטענישן פאַר די אינטע־רעסן פון געזעלשאַפטלעכקייט און פרייהייט, אונטער דער אָנפירונג פון גאון פּראָפ. ווייצמאַן. שוין זייער פיל יאָרן ווי איך בין נישט געווען גערירט, ווי אין דעם היינטיקן אומפאַרגעסלעכן טאָג״.

פּראָפ. מאַרק לאַ־סאַזש פון פראַנקרייך האָט געזאָגט: „איך בין זייער באַאיינדרוקט און איך בין טיף גערירט פון אַלץ, וואָס איך האָב דאָ געזען,

הן פון וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט און הן פון דעם אידעאַליזם פון דער יוגנט פון אייער ווונדערלעכער מדינה".

אַזוי האָט די וויסנשאַפטלעכע וועלט אָפּגעשאַצט דעם גרויסן וויסנ־שאַפטלעכן יום־טוב פון מדינת ישראל און פון איר בויער און שעפער — פון פּרעזידענט ווייצמאַן.

אַ גאַנצע ריי פייערונגען זענען פאָרגעקומען אין דער „ווייצמאַן־וואָך" אין רחובות, אַ ספּעציעלער קאָנצערט פון ישראלדיקן פילהאַרמאָנישן אָר־קעסטער לכבוד פּרעזידענט ווייצמאַן און זיין פרוי איז פאָרגעקומען אין רחובותער „פּאַלקסהויז". צום קאָנצערט זענען געקומען דער מלוכה־פּרע־זידענט און זיין פרוי, בן־גוריון און זיין פרוי, מיטגלידער פון דער ישראל־רעגירונג, דער דיפּלאָמאַטישער קאָרפּוס און די הויכגעשטעלטע געסט פון אויסלאַנד. דער קאָנצערט איז אַדורך ביי זייער אַ פייערלעכער שטימונג. די אַלע אויבן דערמאָנטע האָבן אויך בייגעוווינט אַ קינדער־פייערונג אין דעם רחובותער שטאָטישן גאָרטן און האָבן אויך אָנטייל גענומען אין אַ גרויסאַרטיקן „אָוונטברויט", וואָס די ישראל־רעגירונג האָט איינגעאָרדנט לכבוד די געסט.

ווען די שורות ווערן געשריבן האַלטן נאָך אָן די פייערונגען, און אין יידישן לאַנד, און אין דער גאַנצער וויסנשאַפטלעכער וועלט, ווערט גע־טראָגן מיט ליבע און פאַרערונג דער נאָמען ד"ר חיים ווייצמאַן.

4.10.1949

## אַ תימנער ייד
## איז זעקס יאָר געגאַנגען קיין ישראל

דער היסטאָרישער אַקט פון „צויבער־טעפּעך" וואָס האָט געבראַכט 50.000 יידן פון תימן „על כּנפי נשרים" — אויף די שטאָלענע פליגלען פון עראָפּלאַנען דירעקט קיין ישראל, האָט זיך שוין פאַרענדיקט. איצט ווערט פאָרגעזעצט דער „עזרא ונחמיה"־אַקט, וואָס ברענגט אין עראָפּלאַ־נען קיין ישראל יעדן מעת־לעת 1.000 יידן פון איראַק, נאָך אַ רייזע פון

2־3 שעה, און אין אָט דער תקופה פון עראָפּלאַנען, וואָס ברענגען יידן פון אַלע מזרח־לענדער אין געציילטע שעהען, איז די טעג אָנגעקומען אַ תימנער ייד, וואָס איז געגאַנגען קיין ישראל גאַנצע זעקס יאָר.

די העברעיִשע פּרעסע ברענגט אויספירלעכע באַשרייבונגען, וועגן דעם אויסטערלישן תימנער ייד, אהרון מדמון עבאַס, 50 יאָר אַלט, פון דאָרף נאַדזשדאַן אין מזרח־תימן, וואָס האָט גאַנצע זעקס יאָר געזוכט דעם גאולה־וועג קיין ישראל. איבערמענטשלעכע צרות, ליידן און פּיין האָט ער דורכגעמאַכט וואַנדערנדיק איבער בערג און טאָלן, איבער מדבריות און ימען, גייענדיק איבער אַלע אַראַבישע לענדער. אין סאַודיע איז ער מאָבי־ליזירט געוואָרן אין דער „אַראַבישער רעטונגס־אַרמיי" צו קעמפן קעגן די „יאַהודים" אין פּאַלעסטינע. זייענדיק צווישן די אַראַבער האָט ער אייניקע מאָל געביטן זיין נאָמען ביז „ס'איז מיר נמאס געוואָרן צו זיין פאַרשטעלט אַלס אַראַבער און כ'האָב דערקלערט אַז כ'בין אַ ייד".

אין דער אויספאָרשונג־פּאָליציי איז ער אַריינגעקומען אַ באָרוועסער און אַן אָפּגעריסענער. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ שוואַרצע תימנער יאַרמולקע און מיט זיין באָרד און מיט די געקרייזלטע פּיאות האָט ער גע־מאַכט דעם איינדרוק פון אַ כאַראַקטעריסטישן תימנער ייד. ער האָט גע־שמייכלט און באַגריסט די פּאָליציי־לייט און זשורנאַליסטן מיט אַ ברייטן „שלום עליכם". ווען דער „מעריב"־רעפּאָרטער האָט זיך צו אים געווענדט אין העברעיִש לויטן תימנער נוסח האָט ער געזאָגט: „נאָך מיינע יאָרן־לאַנגע וואַנדערונגען איז עס דאָס ערשטע מאָל, ווען כ'הער די שפּראַך פון מיין עדה".

וועגן זיינע וואַנדערונגען און איבערלעבונגען האָט ער דערציילט:

„מיט זעקס יאָר צוריק האָב איך פאַרלאָזט מיין דאָרף נאַדזשדאַן, נאָך דעם ווי כ'האָב באַקומען באַקומען בריוו פון מיין ברודער יוסף מדמון, וואָס האָט זיך געפונען אין עדן, און געוואָרט אויף אַ מעגלעכקייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, און פון מיינע צוויי שוועסטער סעדה און נחמה, וואָס האָבן זיך שוין געפונען אין ארץ־ישראל. אין לעצטן בריוו פון מיין שוועסטער סעדה, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דוד בן־יוסף עאמר לוי, האָט זי געשריבן, אַז זי האָט אַן אייגן הויז און פעלדער אין רחובות און אַז איך און די עלטערן זאָלן גלייך קומען קיין ארץ־ישראל.

„פון מיין דאָרף בין איך אַרויסגעגאַנגען — דערציילט ער — אין וועג קיין העדזשאַס, און מיין ערשטע סטאַנציע איז געווען דזשעדאַ. דאָ האָב

איך געוווינט ביי צוויי יאָר און כ׳האָב געאַרבעט אַלס שוסטער פאַר די אַראַבער. מיין נאָמען איז דאַן געווען „מוחאַמעד איבן מאַחמוד״. ביי נאַכט האָב איך געגעכטיקט אויף די מערק פון דזשעדאַ. כ׳האָב געוווּסט, אַז דזשעדאַ איז אַ הייליקע שטאָט פאַר די מוסולמענער און אַז פאַר יידן איז דאָרט שטרענג פאַרבאָטן צו זיין. אין אַלע יאָרן פון מיינע וואַנדערונגען האָב איך נישט פאַרזוכט קיין פלייש. כ׳האָב געלעבט נאָר פון עסן פיש און מילכיקע מאכלים. יאָר־יערלעך קומען קיין העדזשאַס צענדליקער טויזנטער פון אַלע מוסולמענישע לענדער בכדי עולה צו זיין צו דער הייליקער שטאָט מעקאַ. כ׳האָב געפּרוּווט איינציקע מאָל אויסצומישן זיך צווישן זיי, בכדי אויך אָנצוקומען קיין מעקאַ, כ׳האָב אָבער מוותר געווען אויף דעם, שרעקנדיק זיך מ׳זאָל נישט אַנטדעקן מיין רעליגיע. ווען די מוסולמענישע פּילגרימען זענען צוריקגעפאָרן האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט און כ׳בין געפאָרן מיט זיי קיין עקבה. קומענדיק אַהין האָב איך געזוכט די „עברים״ — די יידן און כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז זיי געפינען זיך אין באַגדאַד. גאַנצע וואָכן בין איך געגאַנגען צו פוס ביז כ׳בין אָנגעקומען צו דער איראַקישער גרענעץ, נישט האָבנדיק קיין דאָקומענטן האָט מיר די גרענעצוואַך צוריקגעשיקט. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען איבער שרעקלעכע מדבריות און וויסטענישן בין איך אָנגעקומען אין אַ שטאָט מיטן נאָמען „אירביד״ אין עבר־הירדן. דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט, אַז ס׳איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן „אל יהוד״ און די מוסולמענער. פון אירביד בין איך אַוועק קיין מאַפראַק און פון דאָרטן אין דער הויפּטשטאָט פון עבר־הירדן רבת־עמון. כ׳האָב דאָרט געאַרבעט אַלס בעקער און כ׳האָב זיך ווי ס׳איז דורכגעלעבט. פלוצלונג האָב איך געטראָפן אַ גרופּע אַראַבער, וואָס האָבן מיר פאָרגעלייגט אָנצושליסן זיך אין דער מלחמה קעגן די יידן. כ׳בין מיט זיי אַרויס אין וועג, מיט דער האָפענונג אַזוי אַרום אָנצוקומען קיין ארץ־ישראל. מיר זענען איינציקע וואָכן געגאַנגען אין די וועגן, מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט און מיר זענען גאָר אָנגעקומען צו דער גרענעץ פון מצרים. מיר האָבן פאָרגעזעצט דעם וועג אין מצרים און מיר זענען געקומען ביז פּיתום, ווו יוסף־הצדיק האָט געהערשט אין דער תקופה פון פרעה.

אַ מיליטערישע וואַך האָט מיר דאָ געכאַפּט און האָט מיר צוריק פאַרטריבן אין מדבר סיני. קומענדיק קיין תל־עריש האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין אַ גרופּע מצרים, תימנער און העדזשאַסער, וואָס זענען מאָביליזירט געוואָרן אין די רייען פון דער מצרישער אַרמיי; צו לעצט בין איך צוריק־

געקומען קיין רבת־עמון און כ׳האָב זיך פאַרנומען מיט שוסטעריי. כ׳האָב געזען די חיילות פון אַראַבישן לעגיאָן, וואָס האָבן זיך געצויגן קיין ירושלים, כ׳בין געגאַנגען אין די וועגן און שאָסייען אין די טריט פון זייערע אויטאָ־מאָבילן און טאַנקען און כ׳בין אָנגעקומען אין אַלט־ירושלים.

כ׳בין אַריין אין אונדזער הייליקער ירושלים און ס׳האַרץ איז מיר ממש צעריסן געוואָרן אויף שטיקער, זעענדיק ווי דער פּלאַץ פון בית־המיקדש איז פאַרשוועכט, און דער כּותל־המערבי געפינט זיך אין טמאדיקע הענט. ריזיקע מאַסן אַראַבער האָבן געשטראָמט קיין ירושלים און אין דער גרעס־טער בהלה זענען זיי אַנטלאָפן צו די בערג. ווען כ׳האָב אייניקע געפרעגט פאַר וואָס לויפן זיי אַזוי שנעל? — האָבן זיי געענטפערט: „די אל־יאַהוד יאָגן אונדז״. זיי זענען אַנטלאָפן קיין חברון, בית־לחם, ראַמאַלאַ, דזשענין און שכם.

אהרון מדמון קען די נעמען פון די אַלע שטעט ווי ער וואָלט געווען אַ געבוירענער אין לאַנד. צוזאַמען מיט די אַראַבישע פּליטים איז ער אָנגע־קומען אין דער באַלאַגערטער רמלה און פון דאָרט דורך לוד, קיין יפו. יפו האָט זיך דאַן געפונען אין סאַמע מיטן שטורעם פון די קאַמפן. ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם צעיושעטן אַראַבישן פּעבל, וואָס האָבן אים חושד געווען, אַז ער איז אַ ייד. ער האָט עקשנותדיק אָפּגעלייקנט און האָט געטענהט, אַז ער איז פון חייבר־שבט אין תימן און אַז ער האָט זיך פרייוויליק מאָביליזירט צו דער מלחמה קעגן די יידן. די אַראַבער האָבן אים נישט געגלויבט. אַ צעשלאָגענער און צעבראָכענער האָט ער זיך קוים אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און מיטן אַראַבישן פּליטים־שטראָם איז ער אָנגעקומען קיין חברון.

אהרון האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין מצרישן מיליטער, ווייל ער האָט געפונען אַ בשותפותדיקע שפּראַך מיט די סודאַנער סאָלדאַטן אין דער מצרישער אַרמיי, און זיי האָבן זיך הויפּטזאַכלעך קאָנצענטרירט אין דער געגנט פון בית־לחם. „דאָ האָב איך באַשלאָסן איבערצוגיין די גרענעץ אויף דער זייט פון די יידן. דאָס איז געווען מיט צוויי יאָר צוריק. אין אַן אָליוון־וועלדל האָט מיך געכאַפּט די וואַך, און ווען מ׳האָט מיך געפרעגט, וואָס כ׳טו דאָ, האָב איך געענטפערט: „כ׳בין אַ ייד״. די וואַך האָט מיר אַוועקגעפירט אין אַ בנין איבער וועלכן ס׳איז געווען אַרויסגעהאָנגען אַ פאָן פון „רויטן קרייץ״. פון דאַנען האָבן זיי זיך פאַרבונדן מיטן אַראַבישן לעגיאָן. מ׳האָט אהרונען אַרעסטירט, מ׳האָט אים געפּייניקט און צעשלאָגן,

האַלטנדיק אים פאַר אַ שפּיאָן. די אויספאָרשער פון לעגיאָן האָבן זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען פון אים פאַרשידענע „סודות", אָבער אהרון האָט געטענהט עקשנותדיק: „כ'בין אַ ייד, כ'וויל אַריבערגיין צו מיינע ברידער יידן". אין ראַמאַלאַ איז ער געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט און פאַרמשפּט געוואָרן אויף דריי יאָר טורמע. „אַ געשמידטער אין קייטן בין איך געזעסן אין ירושלימער טורמע, כ'האָב דאָרט געטראָפן דעם „חכם ווייספּיש" (גע־מיינט דעם נטורי־קרתאניק לייבעלע ווייספּיש, וואָס איז אַנטלאָפן צו אַבדאַ־לאַן), כ'האָב דערציילט, אַז כ'בין אַ ייד. די אַראַבער האָבן מיר געפּייניקט מיט שווערער אַרבעט".

אַ געוויסן טאָג איז דערשינען פאַרן געפּייניקטן און צעבראָכענעם אהרון מדמון אַ הויכער אָפיציר פון „רויטן קרייץ" און האָט אים אָנגעזאָגט די פריידיקע בשורה: „ס'איז געקומען די גרויסע שעה פון זיין גאולה!" ער האָט אים געזאָגט, אַז נאָך היינט וועט מען אים אַריבערפירן צו דער זייט פון די יידן. און ווען אהרון מדמון עבאַס איז געשטאַנען אין דעם מאַנדעלבוים־דורכגאַנג אויף דער זייט פון דער יידישער ירושלים, נאָך זעקס יאָרן פון וואַנדערונגען, נאָך זעקס יאָר פון ליידן און פּיין, האָט זיך אים געדוכט אַז משיח אַליין פירט אים אַריין אין דער אויסגעחלומטער הייליקער יידישער שטאָט...

אייניקע מינוטן נאָך דעם ווי אהרון מדמון איז באַפרייט געוואָרן פון דער פּאָליציי־אויספאָרשונג האָט ער זיך צופעליק געטראָפן ביי די טרעפּ פון פרעמיער דוד בן־גוריונס רעזידענץ מיטן אויסערן־מיניסטער משה שרת. אַזוי ווי מדמונען איז נישט געלונגען צו דערליידיקן זיינע פאָרמאַ־ליטעטן אין דער עליה־אָפּטיילונג פון דער יידישער אַגענץ איז ער געגאַנגען דירעקט צו בן־גוריונען...

מדמון האָט דערציילט דעם אויסערן־מיניסטער וועגן זיינע איבערלע־בונגען ביז ער האָט זוכה געווען צו קומען קיין ישראל און וועגן די שווערי־קייטן ביים באַקומען אַן עולה־דאָקומענט. מיניסטער שרת האָט אים אַריינ־גענומען צו זיך אין אויטאָמאָביל, אים צוריק אַוועקגעפירט אין דער עליה־אָפּטיילונג און אויפן פלאַץ אַרויסגענומען פאַר אים אַן עולה־דאָקומענט, אין וועלכן ס'איז איינגעשריבן געוואָרן: „אהרון מדמון עבאַס, געקומען צו פוס פון תימן קיין ישראל"...

אין זעלבן טאָג זענען אָנגעקומען קיין ירושלים זיינע צוויי שוועסטער סעדה און נחמה, און אַלע צוזאַמען האָבן זיי געוויינט פאַר פרייד. אין אוי־

טאַמאַביל פון תימנער דעפּוטאַט גלוסקאַ איז מדמון מיט זיינע שוועסטער אַוועקגעפאָרן צו זייער משפחה אין תימנער קוואַרטאַל שעריים ביי רחובות.

נאָך זעקס יאָר וואַנדערונגען איז אהרון מדמון עבאַס געקומען צו זיין אויסגעטרוימטן ציל.

7.5.1951

## די ראַדיאָ־זענדונגען "קול ציון לגולה"

די טעג האָט מדינת־ישראל געפייערט אַ פריידיקן און אייגנאַרטיקן יובילײ: דאָס ערשטע יאָר פון דער ראַדיאָ־סטאַציע פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע פאַר די גלות־לענדער „קול ציון לגולה". די זענדונגען אין יידיש, ענגליש און פראַנצויזיש, וואָס די ראַדיאָ־סטאַציע שיקט יעדן אָוונט פון ירושלים, האָבן ממש אַריינגעבראַכט אַן איבערקערעניש אין דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג־אַרבעט. דורך די וועלן פון עטער ווערט געבראַכט דאָס קול פון ציון פאַר די ברייטסטע יידישע מאַסן אין 63 לענדער פון דער וועלט און ברענגט אויפמונטערונג און פרייד. ער ברענגט די בשורה פון ציון פאַר יעדן ייד, ווו ער זאָל זיך ניט געפינען, אַפילו אין פאַרוואָרפנסטן ווינקל, און אַפילו אין די לענדער ווו ציוניזם איז פאַרבאָטן, רייסט זיך דורך דאָס מוטיקע קול פון ירושלים.

און כאָטש איין יאָר איז אַריבער זינט דער גרינדונג פון „קול ציון לגולה" האָבן די זענדונגען שוין באַוויזן באַליבט צו ווערן ביי די ברייט־סטע יידישע פאָלקס־מאַסן אין די גלות־לענדער. די אַנטוויקלונג פונעם ערשטקלאַסיקן אויפקלערונג־אינסטרומענט, וואָס איז קוים אָפּצושאַצן זיין וויכטיקייט פאַרן אויפבוי פון ישראל און פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, איז באַצייכנט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד ווי אַ גרויס געשעעניש. אַ גאַנצע ריי פאַראַנשטאַלטונגען זענען געווען געווידמעט דעם ערשטן יאָרטאָג פון „קול ציון לגולה". בעת דער פייערלעכער יובילײ־זענדונג איז פאַרן מיקראָפאָן אויפגעטראָטן דער רעגירונג־שעף פון ישראל

דוד בן־גוריון מיט פֿאַלגנדער באַגריסונג: „שלום לקרוב ולרחוק! — מיט אַ יאָר צוריק האָט די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע געשאַפֿן אַ ראַדיאָ־סטאַציע מיטן נאָמען „קול ציון לגולה" און פֿון איר ווערט דער־טראָגן, אָוונט ביי אָוונט, פֿון אונדזער הויפּטשטאָט ירושלים, פֿאַר אייך, ליבע ברידער און שוועסטער, די בשׂורה פֿון גאולה און פֿון קיבוץ־גלויות.

דאָס איז געווען אין מדינת ישראל אַ יאָר פֿון שוועריקייטן און פֿון ריזיקע אָנשטרענגונגען. דאָס איז אָבער אויך געווען אַ געבענטשט און פּרוכטבאַר יאָר פֿון דעראָבערונגען. מיט ריזנשריט זענען מיר געגאַנגען פֿאָרויס אין אַלע שטחים פֿון אונדזער אַרבעט, אינעם אויפֿבוי און אין דער אַנטוויקלונג פֿון לאַנד, פֿון לאַנדווירטשאַפֿט און אין אינדוסטריע, אין דער אַרמיי און אין דער זיכערקייט פֿון לאַנד, אין „אונאָ" און אין אונדזערע באַציִונגען מיט די אומות־העולם. אין דערציִונג און קולטור, אין ליטעראַ־טור און וויסנשאַפֿט, און איבער אַלעמען — אין „קליטת־עליה", וואָס שטייט אין צענטער פֿון אונדזער אַרבעט און פֿון אונדזערע זאָרגן. זינט דער גרינ־דונג פֿון דער מדינה (14טן מאַי 1948) זענען אָריינגעקומען אין לאַנד 550,000 יידן — ליידער קאָנען מיר נאָך נישט זאָגן, אַז מיר זענען שוין בייגעקומען אַלע אינערלעכע און אויסערלעכע שוועריקייטן. — להיפּוך, אין אייניקע ווינקלען פֿון אונדזער לעבן, זענען נאָך מער פֿאַרגרעסערט געוואָרן די שוועריקייטן. די איראַקער יידן ווערן איצט אַרויסגעריסן פֿון זייער פּלאַץ, ווו זיי זענען געזעסן 2,500 יאָר, און אין די נאָענטסטע פֿיר חדשים דאַרפֿן מיר אַרויסנעמען 100,000 יידן פֿון איראַק. דערמיט וועט נאָך נישט פֿאַרענדיקט ווערן דער קיבוץ־גלויות. עס זענען פֿאַראַן נאָך גלותן וואָס וואַרטן אויף אַ באַלדיקער עליה און גאולה — זיי אַלעמען זענען מיר גרייט אויפֿצונעמען מיט אָפֿענע אָרעמס און מיט זיי זיך טיילן מיט אונדזער ברויט. די אַרבעט איז גאָר נישט קיין לייכטע, מיר וועלן זיך נישט אָפּשרעקן פֿאַר קיין שום שוועריקייטן — ווייל פֿאַר דעם ציל איז דאָך געשאַפֿן געוואָרן מדינת ישראל".

זיין באַגריסונג האָט דוד בן־גוריון פֿאַרענדיקט מיט די ווערטער: „איך שיק די האַרציקסטע ברכה אין נאָמען פֿון דער ישראל־רעגירונג און פֿון מיר פּערזענלעך, פֿאַר דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע פֿאַר איר געבענטשטע איניציאַטיוו אויפֿצושטעלן דעם לעבעדיקן בונד צווישן מדינת ישראל און צווישן דעם וועלט־יידנטום. מיין ברכה פֿאַר אייך, טייערע ברי־דער און שוועסטער, צוהערער פֿון „קול ציון" און טרוימער פֿון ציון, אַז

איר זאָלט אין גיכן זוכה זיין אָנצושליסן זיך אין אונדזערע רייען און צוזאַמען מיט אונדז צו בויען אַ היים פון שלום און גערעכטיקייט, פון ברידערלעכקייט און פרייהייט אין מדינת ישראל. און ס׳זאָל מקוים ווערן דעם נביא ישעיהוס ווערטער: „ממזרח אביא זרעך, וממערב אקבצך, אומר לצפון — תני, ולתימן — אַל תכלאי; הביאי בניך מרחוק ובנותיך מקצה הארץ״ — ברענג דיינע זין פון דער ווייט און דיינע טעכטער פון עק וועלט״.

אַ גראַנדיעזע פייערונג לכבוד „קול ציון״ האָט איינגעאָרדנט דאָס ביל־דונג־מיניסטעריום. אין פּרעכטיקן אויפנעמזאַל האָבן זיך פאַרזאַמלט: דער בילדונג־מיניסטער דוד רמז, דער פאָרזיצער פון דער יידישער אַגענץ בערל לאָקער און צענדליקער הויכגעשטעלטע געסט. מיניסטער רמז האָט גע־האַלטן אַ לענגערע רעדע אין יידיש, אין וועלכער ער האָט אָפּגעשאַצט די וויכטיקע אַרבעט פון „קול ציון לגולה״.

בערל לאָקער האָט אין זיין באַגריסונג אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז די צוהערער פון „קול ציון לגולה״ וועלן אין קורצן ווערן די צוהערער פון „קול ישראל״.

מרדכי אבידע (זלאָטניק), דער דירעקטאָר און „דער לעבעדיקער גייסט״ פון דער יונגער אונטערנעמונג, האָט דערציילט צווישן אַנדערע, אַז נאָך אין דער תקופה פון דער מאַנדאַט־מאַכט האָבן זיך אייניקע פירער פון יישוב אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק וועגן אַזעלכע זענדונגען פאַר די יידן אין גלות. דער פּלאַן האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרווירקלעכט ווערן, אָבער גאַנץ פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַן אָנווייזונג פון „די הויכע פענצטער״, פון דער ענגלישער מאַנדאַט־מאַכט, און דער גאַנצער ענין איז אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג.

אויך די „לעבעדיקע זשורנאַליסטן־צייטונג״ האָט געווידמעט אַ ספּעציעלן „נומער״ דער יובילי פון „קול ציון לגולה״. אבידע האָט ביי דער געלעגנהייט דערציילט, אַז מיט אַ יאָר שפּעטער וועט „קול ציון לגולה״ האָבן נאָך אייניקע זענדער מיט אַ מעכטיקער קראַפט און צווישן זיי איינער פון הונדערט קילאָוואַט, און זיין קול וועט געהערט ווערן פון איין עק וועלט ביז צום צווייטן. ער האָט פאָרגעלייענט בריוו פון צוהערער פון ווייטע לענדער, און אַלע האָבן אַן איין און איינציקן ווונטש: אויסברייטערן די פּראָגראַמען און זענדן אין 77 שפּראַכן. אויסער יידיש, ענגליש און פראַנ־צויזיש וועט „קול ציון לגולה״ בקרוב געבן אוידיציעס אויף אַראַביש, שפּאַניש, איטאַליעניש, גריכיש און פּערסיש.

וועגן „קול ציון לגולה" אין שיין פון די העכער טויזנט בריוו, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַלע עקן וועלט אין פאַרלויף פון יאָר, האָט דערציילט אהובה נצר: ס'איז קוים איבערצוגעבן אונדזער געריררטקייט ווען מיר האָבן דערהאַלטן די ערשטע בריוו פון דער יידישער וועלט וועגן אונדזערע אוידיציעס. ענגלאַנד איז געווען די ערשטע. מיט דער צייט האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען בריוו פון צפון־אַפריקע (טוניס, מאַראָקאָ, אַלזשיר) און פון אַנדערע לענדער. די בריוו זענען פול מיט באַגייסטערונג און דאַנקבאַר־קייט פאַר אונדזער אַרבעט. אויך אין ישראל גופא האָט „קול ציון לגולה" פיל טויזנטער סטאַבילע צוהערער, אָבער אַן איינוווינער פון תל־אביב קאָן צו אונדזערע זענדונגען ניט פילן דאָס, וואָס ס'פילט אַ ייד פון ערגעץ ווו אַ פאַרוואָרפענער שטאָט אין ענגלאַנד אָדער רומעניע, ווען ער און זיין גאַנצע משפחה אַרום אים זיצן ווי צוגעשמידטע צום ראַדיאָ־קאַסטן און הערן דאָס קול פון ציון. און אָט וואָס מ'שרייבט וועגן דעם: „...מיר זענען אָפּגעריסן פון דער יידישער וועלט, גראַד איצט ווען מ'האַלט ערב עולה זיין, דאַרפן מיר נויטיק אייערע אוידיציעס (מ. היימישער, לעגניצאַ, פוילן)... די גרעסטע פרייד פאַר אונדז, יידן אונטערן אייזערנעם פאָרהאַנג און דער איינציקער קאָנטאַקט מיט דער יידישער וועלט און ספּעציעל מיט מדינת ישראל, זענען די ראַדיאָ־אוידיציעס פון „שידורים לגולה" — זיי זענען אויך אונדזער איינציקע האָפענונג".

און פון דער ישראל־געזאַנדשאַפט אין וואַרשע שרייבט מען: „די גאַנצע וויכטיקייט פון אייער אַרבעט קאָן געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן נאָר דאָ אין דער פרעמד".

אברהם שטילער פון העלסינקי שרייבט: „אייער 'קול ציון' ווערט אַ וועלטלעכער שמע ישראל — די האַרציקסטע דאַנקען פאַר די דריי פערטל שעה פרייד יעדן אָוונט". פון יוגאָסלאַוויע שרייבט אַ פרוי: „מיר זענען געטרייע צוהערער פון „שידורים לגולה" יעדן אָוונט. מיין טאָכטער איז אין ירושלים. כ'בעט זי זאָל זינגען אַ ליד פאַר איר מאַמען". אַ באָבע פון טוניס בעט ניט מער און ניט ווייניקער, אַז אין פראַנצויזישן פּראָגראַם פון „קול ציון לגולה" זאָל טראַנסמיטירט ווערן די חתונה־צערעמאָניע פון איר אייניקל אין ירושלים... און די חתונה־צערעמאָניע ווערט טאַקע טראַנס־מיטירט לכבוד דער יידישער באָבע ערגעץ־ווו אין טוניס...

און אַזעלכע בריוו קומען אָן פון באַרצעלאָנאַ און פון שטאָקהאָלם, פון אויסטראַליע און ניו־זילאַנד, פון אירלאַנד און סקאָטלאַנד און פון פיל אַנדערע לענדער און שטעט.

אין ערשטן יאָרטאָג פון זיין טעטיקייט ווערט „קול ציון" באַגלייט מיט די האַרציקסטע ברכות און ווונטשן פון די הונדערטער טויזנטער געטרייע צוהערער, אַז זיין אויפמונטערנדיק וואָרט זאָל ווייטער דערנענטערן די הערצער פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין די תפוצות פאַרן אויפבויאַקט אין מדינת ישראל און פאַרן קיבוץ־גלויות און אַז דאָס קול פון ציון זאָל גאָר אין קורצן געהערט ווערן אין דער גאַנצער וועלט.

מיט גרויסע פלענער אויסצוברייטערן די ראַדיאָ־אוידיציעס טרעט אַריין דער „קול ציון לגולה" אין זיין צווייטן יאָר.

## לופט־אַלאַרם אין תל־אביב

אין ראַדיאָ און אין דער גאַנצער ישראלדיקער פּרעסע זענען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אויסנאַם־תּקנות מיט דער חתימה פֿון זיכערקייט־מיניסטער דוד בן־גוריון. די „תּקנות" הייבן זיך אָן מיט די ווערטער: „בירגער, עס איז דערקלערט געוואָרן אַ גרייטקייטס־צושטאַנד פֿון בירגערלעכער פֿאַרטיידיקונג. הג"א־דינסט (הג"א — התגוננות אוירית — לופט־פֿאַרטיידיקונג) איז געשטעלט געוואָרן אין גרייטקייט־צושטאַנד און שטייט צו אייער דינסט. כדי אויסצומיידן אומזיסטע קרבנות און אומנוויטיקע היזקות, ווערט איר אויפגעפֿאָדערט תּיכּף אויסצופֿירן פֿאָלגנדיקע טעטיקייטן:

א) צוגרייטן שוצגרובנס פֿאַר דער פֿאַמיליע;

ב) פֿאַרענדיקן די אינסטאַלאַציעס פֿון די שוצערטער און קעלערן, אין די אונטערשטע עטאַזשן, אין די טרעפּ־צימערן און אין די צענטערן פֿון די געביידעס;

ג) לערן אַליין און לערן דיין פֿאַמיליע די סימנים פֿון אַלאַרם־סיגנאַלן און אָפּרוף־סיגנאַלן;

ד) אינסטאַליר תּיכּף פֿאַרטונקעלונג־איינריכטונגען אין דיין וווינונג און אויף דיין אַרבעטפּלאַץ, מייד אויס אָנצוצינדן ליכט, אויסער אין פֿאַל ווען עס איז אומבאַדינגט נייטיק. גרייט צו זאַפּאַס־מיטלען פֿאַר באַלייכטונג אאַז"וו.

נאָך דעם ווי די דאָזיקע תּקנות זענען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, איז גלייך קלאָר געוואָרן, אַז מען דאַרף זיין גרייט אויף אַלץ, און טאַקע אויך אויף אַ פֿיינטלעכן לופטאָנגריף.

די אויסנאַם־תּקנות פון „שעת חירום" זענען אַריין אין קראַפט 1 אַ זייגער ביי טאָג און די ישראל־באַפעלקערונג איז מיט דער גאַנצער ערנסט־קייט צוגעטראָטן צו זייער אויספירונג. קודם־כל, האָבן זיך גלייך פאַרמירט גרויסע רייען פאַר די פּאַפּיר־געשעפטן, ווו מען האָט געקויפט שוואַרץ פּאַפּיר און קליי צו פאַרקלעפּן און פאַרטונקלען די פענצטער. אַלע שאָפערן האָבן פאַרטונקלט דאָס ליכט פון די אויטאָס און ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, איז גאַנץ תל־אביב געווען איינגעהילט אין אַ פולשטענדיקער פינצטערניש. די שטענדיק אַזוי העל באַלויכטענע תל־אביב האָט אָנגעהויבן צו פירן איר אָוונטלעבן ביי אַ חושך־מצרים. און ווען מען האָט זיך קוים באַוויזן צוצופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען, האָבן זיך צעוואָיעט די סירע־נעס, וואָס האָבן אַלאַרמירט די באַפעלקערונג קעגן דער סכנה פון אַן אָנקומענדיקן לופטאָנגריף.

עס איז געווען 9 אַ זייגער אין אָוונט. אין די גאַסן פון תל־אביב איז געווען אַ זייער לעבהאַפטע באַוועגונג. מען איז געזעסן אין די קאַפע־הייזער, אין די טעאַטערס און קינאָס, און גאַנץ פלוצלונג האָבן זיך צעפייפט די סירענעס.

אָן דעם מינדסטן שאָטן פון בהלה האָט די באַפעלקערונג אויפגענומען דעם ערשטן אַלאַרם קעגן לופט־אָנגריפן. די מערסטע בירגער פון תל־אביב זענען געזעסן צוגעשמידט צו די ראַדיאָ־קאַסטנס און האָבן מיט שפּאַנונג צוגעהערט זיך צו די נייעס־אוידיציעס וועגן דער לאַגע אויפן פראָנט אין סיני־מדבר און ביים סועץ־קאַנאַל. ביי אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג זענען די איינוווינער פון די הייזער אין תל־אביב אַראָפּ אין די בונקערס אָדער אין די אונטערשטע טרעפּן־צימערן. די קינדערלעך, וואָס זענען שוין געשלאָפן, זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון זייערע בעטן. די דורכגייערס אין די גאַסן, אין שטאָט און אין די נאָענטע יישובים, האָבן געזוכט שוץ אין די נאָענטסטע מקלטים. די פּאַסאַזשירן זענען אַרויס פון די אויטאָבוסן און האָבן זיך געאיילט אין דער ריכטונג צו די הייזער.

אַ פולע שטילקייט האָט באַהערשט די פינצטערע שטאָט אין משך פון אַ האַלבער שעה, ביז מען האָט דערהערט הילכיקע אָפּקלאַנגען פון האַרמאַטן־שאָסן פון דער אַנטילופט־פאַרטיידיקונג. ווי עס איז באַקאַנט געוואָרן, זענען נישט געווען קיין שום קרבנות אָדער היזקות.

גלייך ווי עס איז דערהערט געוואָרן דער אַלאַרם־סיגנאַל, זענען אין די קינאָס איבערגעריסן געוואָרן די פאַרשטעלונגען ביז מען האָט דער־

הערט דעם 3 מינוטיקן אַפּרוף־סיגנאַל. אין די קינאָס „תמר״ און „זמיר״, וואָס געפינען זיך אין אונטערערדישע שטאָקן, זענען די פאָרשטעלונגען נישט איבערגעריסן געוואָרן.

דער אַפּרוף־סיגנאַל איז געגעבן געוואָרן פּונקט אין אַ שעה אַרום נאָכן אַלאַרם און די באַפעלקערונג איז צוריק אַריין אין אירע וווינונגען. דער ערשטער סירענע־אַלאַרם זייט דעם באַפרייונג־קריג מיט העכער אַכט יאָר צוריק, איז געווען דער בעסטער באַווייז, אַז די באַפעלקערונג האָט זיך גאָר שנעל צוגעפּאַסט צו די נייע אַזוי שווערע באַדינגונגען פון „שעת־חירום״ — פון אויסנאַם־צייט.

אין דער זעלבער נאַכט — 3.30 אַ זייגער פאַר טאָג, האָבן זיך ווידער צעפּייפט די אַלאַרם־סירענעס און מיט דער זעלבער קאַלטבלוטיקייט און זעלבפאַרשטענדלעכקייט זענען די תל־אביבער בירגער אַראָפּגעגאַנגען אין די קעלערס. דער אַלאַרם האָט דאָס מאָל אָנגעהאַלטן נאָר צען מינוט.

און נאָך דער „ליל שימורים״ פון די אַלאַרמען, האָט זיך די באַפעלקערונג צוריקגעקערט צו איר געוויינלעכער אַרבעט.

16.11.56

## העכער 6 טויזנט מצרישע קריגס־געפאַנגענע

אין דער געשיכטע פון מלחמות זענען באַקאַנט די פאַלן ווען דאָס געווער און וואָפן פון שונא פאַלן אַריין צום קעגנער, און ער באַנוצט זיך מיטן זעלבן וואָפן קעגן אים. אויך בעת דער גרינדונג פון דער מדינה זענען געשען אַזעלכע פאַלן. אָבער דאָס, וואָס ס׳איז געשען בעת דער מערכה אין סיני שטייגט איבער די רייכסטע פאַנטאַזיע און האָט נישט זיינס גלייכן.

דעם אמתן באַגריף פון דער דאָזיקער דערשיינונג האָט געקאָנט באַקומען נאָר דער, וואָס האָט בייגעוווינט די שלאַכטן אין דער לענג און אין דער ברייט פון סיני־מדבר און פון עזה־פּאַס. ער האָט געקאָנט טרעפן גאַנצע קאַראַוואַנען פון צענדליקער און אויך הונדערטער, שווער־באַלאָדנטע אויטאָמאָבילן מיט מיליטערישער אַפּראָוויזאַציע פון „כל־טוב״ — און סיי די

אויטאָמאָבילן, סיי די אַפּראָוויזאַציע, האָבן מיט עטלעכע שעה צוריק געהערט דעם מצרישן שונא...

אין די פֿאַרשידענע פֿעלדקיכן האָט מען געקאָנט עסן וויפֿל דאָס האַרץ גלוסט פֿון דער שפֿע פֿון די בעסטע פֿליישן, וואָס זענען צוגעגרייט געוואָרן פֿאַר די מצרישע אָפֿיצירן. ביי נאַכט האָט מען זיך געקאָנט צודעקן מיט קאָלדרעס און מיט ווייסע ליילעכער — אַלץ פֿון די פֿאַנטאַסטיש־רייכע לאַגערן פֿון דעם צעשמעטערטן פֿיינט. אָבער דאָס אַלץ איז נאָך גאָרנישט אין פֿאַרגלייך מיט די טראָפֿייען, וואָס דער שונא האָט איבערגעלאָזט, אַנטלויפֿנדיק אין גרויס בהלה. איינער פֿון די אָפֿיצירן, וואָס איז זיך מטפּל מיט די קריגס־טראָפֿייען, האָט געזאָגט: „נאָכן פֿאַרענדיקן די קריגס־אָפּעראַציעס איז נייטיק אַ דרינגנדיק־שנעלע „שלום"־אָפּעראַציע, כדי צו רע־קאָנסטרויִרן און צופּאַסן די דאָזיקע זעלטן טייערע כלים. עס אונטערליגט נישט דער מינדסטער צווייפֿל, אַז ווען עס וועט צוגעגרייט ווערן דער אַלגעמיינער איבערזיכט איבער דעם דעראָבערטן שלל פֿון טראָפֿייען, וועלן מיר ממש ווערן איבערראַשט. ס'וועט קלינגען ווי אַ לעגענדע".

פֿונעם ערשטן סך־הכּל איז שוין באַקאַנט, אַז אין די הענט פֿון דער ישׂראל־אַרמיי זענען אַריינגעפֿאַלן העכער 100 פֿון די מאָדערנסטע סאָוויע־טישע „סטאַלין"־טאַנקן און פֿון די ענגלישע „סענטוריאָנען", פֿיל הונדער־טער שווערע און לייכטע האַרמאַטן, דערונטער אויך געהיימע וואָפֿן פֿון סאָוויעטישער פּראָדוקציע, וואָס איז ביז איצט נישט באַקאַנט געווען די מערב־גרויסמאַכטן. ריזיקע אונטערערדישע זאַפּאַסן פֿון נאַפֿט און בענזין פֿאַר אויטאָמאָבילן און עראָפּלאַנען, וואָס קאָנען גענוגענען פֿאַר דער גאַנ־צער ישׂראל־אַרמיי אויף אַ לענגערער צייט. ריזיקע סכומען פֿון די בעסטע שפּייז־פּראָדוקטן. בכדי צו באַקומען אַ באַגריף פֿון די קוואַנטומס איז כדאַי צו ברענגען צוויי ציפֿערן: אין זייער גרויסער בהלה האָבן די מצרים איבערגעלאָזט 2 מיליאָן ליילעכער און אַ מיליאָן קאָלדרעס...

די אויסלענדישע מיליטערישע אָבסערוואַטאָרן זענען איבערצייגט, אַז די דאָזיקע ריזיקע לאַגערן זענען צוגעגרייט געוואָרן נישט בלויז פֿאַר דער מצרישער אַרמיי, נאָר אויך פֿאַר דער סאָוויעטישער. ס'בלייבט אויך נישט דער מינדסטער ספֿק, אַז דער מצרישער גענעראַל־שטאַב האָט געהאַט צו־געגרייט אויף די נאָענטסטע וואָכן אַ מעכטיקן אָנגריף אויף מדינת ישׂראל.

ביז איצט זענען „איינגעקוואַרטירט" געוואָרן אין די לאַגערן העכער 6,000 געפֿאַנגענע מצרישע אָפֿיצירן און זעלנער. טויזנטער פֿון זיי זענען

דערהרגעט געוואָרן אויף די שלאַכטפעלדער פון סיני און נאָך אַ גרעסערע צאָל איז פאַרוווּנדעט געוואָרן. דאַקעגן איז באַקאַנט געוואָרן, נאָך דער מעלדונג פון רעגירונג־שעף און זיכערקייט־מיניסטער דוד בן־גוריון, אַז די הגנה־אַרמיי האָט געליטן נישט מער ווי 150 פאַרלוסטן, הגם די מיליטערישע אָפּעראַציעס זענען געווען פון אַזאַ גרויסן און דרייסטן פאַרנעם.

מיליטערישע אָבסערוואַטאָרן שטרייכן אונטער מיט זיכערקייט, אַז קיין שום אַראַבישע אַרמיי קאָן היינט צו טאָג זיך נישט פאַרמעסטן מיט די צה״ל־כּוחות און יעדער, וואָס וואָלט דאָס געטאָן, וואָלט געליטן אַ שנעלע מפּלה.

די זעלבע אָבסערוואַטאָרן זענען אויך ביי דער מיינונג, אַז נאָך דעם ווי נאַסערס אַרמיי איז דורך דער הגנה־אַרמיי צעשמעטערט געוואָרן, וועלן די אַראַבער אַ לאַנגע צייט נישט וואַגן אַריינצולאָזן זיך אין אַ מלחמה מיט ישראל. צה״ל האָט אַרויסגעוויזן די אויבערהאַנט איבער די מצרים שוין אין ערשטן טאָג פון דער מלחמה און וואָלטן געהאַט דעם זעלבן שנעלן דערפאָלג אויך אָן דער באָמבאַרדירונג פון די ענגליש־פראַנצויזישע עראָפּלאַנען אויף די מצרישע מיליטערישע באַזעס. די אויסלענדישע פרעסע שטרייכט אונטער, אַז די קאַמף־פעיִקייט פון צה״ל שטייגט איבער אַלע אַנדערע, אַפילו אייראָפּעיִשע אַרמייען.

אַ דאַנק דעם גרויסן נצחון פון דער ישראל־אַרמיי, האָבן אין מדבר סיני און עזה־פּאַס זיך אָנגעקליבן גרויסע זאַפּאַסן פון שמעלץ־אייזן, וואָס וועלן בקרוב אַריבערגעפירט ווערן קיין עכּו, אַלס רוישטאָף פאַר דער שטאָל־גיסעריי.

27.11.56

## ווי אַזוי עס זענען פאַרנומען געוואָרן רפיח, אל־עריש, אבו עגילה

דער בליצשנעלער אָנגריף פון דער הגנה־אַרמיי און איר ממש פאַנ־טאַסטישער נצחון איבער דעם אַזוי מעכטיקן און שווער־באַוואָפנטן מצרישן שונא, אין מדבר־סיני און אין דעם עזה־פּאַס, האָט ממש דערשטוינט די

גאַנצע וועלט. אומעטום פרעגט מען, ווי אַזוי האָבן עס באַוויזן אונדזערע בחורים צו דעראָבערן אַ שטח, וואָס איז דריי מאָל אַזוי גרויס ווי אונדזער גאַנצע מדינה, פולשטענדיק צו צעשלאָגן אַן אַרמיי פון 40.000 גוט אויסגעאיבטע זעלנער, וואָס איז געווען באַוואָפנט „פון קאָפּ ביז די פיס" מיטן מאָדערנסטן וואָפן, וואָס האָט געליטן טויזנטער פאַרלוסטן און געהרגעטע און קרוב 10 טויזנט געפאַנגענע, פאַרלירנדיק הונדערטער שווערע טאַנקן און האַרמאַטן און פאַנטאַסטיש־ריזיקע לאַגערן פון מיליטערישער אַפּראָוויזאַציע — און דאָס אַלץ איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער הגנה־אַרמיי, נאָך שלאַכטן פון קוים 90 שעה. ווי אַזוי האָבן עס די העלדן פון דער הגנה־אַרמיי באַוויזן?

וועגן דער דאָזיקער ווונדערלעכער מערכה אין מדבר סיני, וואָס וועט זיכער אַריין אין די כרעסטאָמאַטיעס פון אַלע מיליטערישע אַקאַדעמיעס אין דער גאַנצער וועלט, אַלס קלאַסישער מאַטעריאַל פון העלדישקייט און געוואַגטקייט, זענען שיין אָנגעשריבן געוואָרן גאַנצע ביכער און אין דער פאָרעם פון פיל צענדליקער „לעבעדיקע רעפּאָרטאַזשן" פון די מיליטערישע קאָרעספּאָנדענטן, וועלכע האָבן זיך דירעקט באַטייליקט צוזאַמען מיט די קאַמף־איינהייטן אין אַלע שלאַכטן, אויף דער יבשה, אויפן ים און אין דער לופט, אין דער מעכטיקער סיני־אַקציע. פון אַלע רעדאַקציעס זענען מאָביליזירט געוואָרן די בעסטע זשורנאַליסטישע כוחות און זיי זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין די ראַמען פון „חוליות כתבים" — פון מיליטערישע קאָרעספּאָנדענטן ביי די קאַמף־איינהייטן — זייערע לעבעדיקע רעפּאָרטאַזשן פון די שלאַכטפעלדער זענען טאָג־טעגלעך איבערגעגעבן געוואָרן אין „קול ישראל" און זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער גאַנצער ישראלדיקער פרעסע. ס'האָט זיך געשאַפן אַזאַ מין לאַגע, אַז שטענדיקע מיטאַרבעטער פון „הארץ" האָבן געשריבן פאַרן „דבר", און די רעפּאָרטערן פון „ידיעות אחרונות" האָבן געשריבן פאַרן „מעריב" — און פאַרקערט, ווייל, ווי געזאָגט, מיטן מאָמענט ווען די זשורנאַליסטן זענען מאָביליזירט געוואָרן אין די „חוליות כתבים", האָבן זיי אויפגעהערט צו זיין מיטאַרבעטער פון זייערע צייטונגען, נאָר מיטאַרבעטער פון דער הגנה־אַרמיי און פון כלל ישראל.

אויף דער פראַגע: ווי אַזוי האָט די הגנה־אַרמיי דערגרייכט איר ווונדערלעכן נצחון? ענטפערן די מיליטערישע קאָרעספּאָנדענטן: „אַ דאַנק די קאָמאַנדירן און זעלנער, אַלט־איינגעזעסענע אין לאַנד און נייע עולים,

אַ דאַנק זייער גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט און מסירות־נפש, זעלטע־נער און שנעלער צופּאַסונג־פעיִקייט און ווונדערלעכער קאַמף־פעיִקייט".

מיר ווילן דאָ ברענגען בלויז אַ טייל פון די באַריכטן און ווונדערלעכע שילדערונגען פון די מיליטערישע קאָרעספּאָנדענטן, ווי אַזוי אונדזערע העלדישע זעלנער האָבן געקעמפט און געזיגט.

דער נצחון איז דערגרייכט געוואָרן — שרייבט שבתי טבת, שיל־דערנדיק דעם אָנגריף קעגן די פעסטונגען פון רפיח — אין דער בליצ־שנעלקייט פון דער אַקציע, מיט דער גרייטקייט פון אונדזערע זעלנער און מיטן כּוח פון זייער התמדה ביים אויספירן זייער אויפגאַבע. דער ציל איז געווען — די פעסטונג פון רפיח און דער וועג־קנופּ רפיח־אל עריש. מיט זייער דעראָבערונג איז דערגענצט געוואָרן דאָס אָפּשניידן דעם מצרישן כּוח אין דעם עזה־פּאַס און דאָס פאַלן פון גאַנצן אינדזל סיני.

דער אָנגריף אויף די דאָזיקע פעסטונגען האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבן מיט עטלעכע טעג צוריק — מיט אויסשפּירונגען, מיט אויפרייסן מינע־פעלדער און דורך אַן אומאויפהערלעכער באָמבאַרדירונג פון אונדזער לופטפלאָט. פאַקטיש איז נישט געגעבן געוואָרן די מצרים די מעגלעכקייט צו דעמאָנסטרירן זייער כּוח אין דער לופט. נאָך דער דאָזיקער הילף האָבן אונדזערע פוסגייער־כּוחות מיט שטורעם איינגענומען די באַפעסטיקונגען, דורכרייסנדיק די מינירטע פעלדער. זיי זענען גלייך אַריינגעדרונגען אין די פאַרבינדונג־קאַנאַלן פון די פעסטונגען און מיט זייערע „עוזי"־ביקסן אָפּגעשטעלט יעדע קעגנערשאַפט.

ווען דו זעסט די מעכטיקע מצרישע פעסטונגען אין רפיח, איבער־צייגסטו זיך, אַז נאָר מיט זייער דערהויבענעם קאַמף־גייסט האָבן אונדזערע בחורים באַוויזן בייצוקומען דעם שרעקלעכן שׂונא. די פעסטונגען זענען געווען פול מיטן מאָדערנסטן געווער. דער שׂונא האָט אָבער נישט געקאָנטביישטיין די אויסערגעוויינלעכע גבורה פון די צה"ל־זעלנער. אין פאַל, ווען אַ בונגאַלאָד האָט נישט געקאָנט דורכרייסן אַ מינירטע וואַנט פון שטעכל־דראָט, איז אויף דער וואַנט אַרויף אַ געפּאַנצערטער אויטאָ. ער איז אָבער אַרויף אויף מינעס. ער איז שטאַרק באַשעדיקט געוואָרן און ס'זענען געווען פאַרווונדעטע צווישן זיינע מענטשן. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשראָקן אַן אַנדערן געפּאַנצערטן אויטאָ, וואָס איז אַרויף אויף דער וואַנט פון שטעכלדראָט און דורכגעריסן אַ וועג פאַר די זעלנער, וואָס האָבן גלייך פאַרנומען די פאַרבינדונג־קאַנאַלן.

די גבורה־אַקטן פון אונדזערע זעלנער זענען געקניפּט און געבונדן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט צו זייערע וואָפן־חברים. אין אַ געוויסן פאַל זענען צוויי חברים פאַרבליבן מיט זייער קאָמאַנדיר, וואָס איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין פוס, ער איז געצווונגען געווען צו פאַרבלייבן אין דער פינצטערניש אויף אַ שטח צווישן צוויי מצרישע פּאָזיציעס. מיט די הענט האָבן זיי אויסגעגראָבן אַן אָקאָפּע, כדי צו שיצן אים קעגן די פיינטלעכע קוילן. די מצרישע פּאָזיציעס האָבן געשאָטן מיט פייער. אויך אונדזער מאַשין־געווער האָט נישט געשוויגן. ס'איז געווען אַ באָמבאַרדי־רונג פון דער לופט, פון ים און פון אונדזערע פּאַנצער־כוחות. אָבער די צוויי חברים האָבן נישט פאַרלאָזט זייער וואָפן־חבר און זענען פאַרבליבן מיט אים ביז ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן און מ'האָט אים געקאָנט געבן די ערשטע הילף.

די טויזנטער געפאַנגענע מצרישע זעלנער האָבן זיך, אַלע ווי איינער, שטאַרק באַקלאָגט אויף זייערע אָפיצירן, וואָס זענען כמעט אַלע אַנטלאָפן גלייך ביים אָנהייב פון דער אַקציע. בלויז ווייניקע אָפיצירן זענען אַריינ־געפאַלן אין געפאַנגענשאַפט פון דער הגנה־אַרמיי. וועגן איינעם אַזאַ „העלד" דערציילט דער מיליטערישער קאָרעספּאָנדענט, שבתי טבת.

מיט אַ שנעלקייט האָבן זיך די מצרים אָנגעהויבן אונטערצוגעבן. לויפנדיק און האַלטנדיק די הענט איבער די קעפּ האָבן זיי זיך געבעטן מ'זאָל זיי נעמען אין געפאַנגענשאַפט. לכתחילה האָט מען גענומען אַלעמען, אָבער זעענדיק, אַז אויך ציווילע בירגער זענען געקומען בעטן מ'זאָל זיי נעמען אין געפאַנגענשאַפט, איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז אין געפאַנגענ־שאַפט זאָלן גענומען ווערן נאָר מצרישע זעלנער. מיט אַרומגעבונדענע אויגן האָט מען זיי געפירט אין די געפאַנגען־לאַגערן.

צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען אַ מצרישער מאַיאָר, גלל סידי, וואָס איז געפאַנגען געוואָרן אין רפיח, אַ שוואַרצהאָריקער, מיט וואָנצעלעך און מאַניקירטע נעגל. ער האָט געציטערט פון שרעק. „הרגעט מיך נישט" — האָט ער געוויינט — „הרגעט מיך נישט!"

מ'זאָגט אים, אַז מ'וועט אים גאָרנישט טאָן. אַז מ'וועט זיך באַציִען צו אים לויטן זשענעווער אָפּמאַך. אָבער ער וויינט כסדר און בעט רחמים: „הרגעט מיך נישט". אויך די איבעריקע געפאַנגענע זענען שטאַרק צע־שראָקן. די מצרישע פּראָפּאַגאַנדע האָט שטאַרק געווירקט אויף זיי („אויב

איר וועט אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט פון ישראל וועט מען אייך הרגענען״). מען נעמט אַראָפּ די פאַרדעקונג פון מאַיאָרס אויגן. מען איז אים מכבד מיט אַ סיגאַרעט. זיינע אויגן פאַלן כמעט אַרויס פון זייערע לעכער פון גרויס איבערראַשונג. „פאַר וואָס האָט איר זיך אַזוי שנעל אונטערגעגעבן?״ — פרעגט מען אים, און דער מאַיאָר ענטפערט: „אַזוי פיל האַרמאַטן, אַזוי פיל עראָפּלאַנען, די עראָפּלאַנען האָבן דאָך געמאַכט פון אונדז אַ תּל. אונדזערע זעלנער האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם שווערן עקזאַמען״. „ווי זשע מיינסטו, אַז נאַסער האָט שטאַרק מצליח געווען מיט דעם, וואָס ער האָט געטאָן?״

„כ׳האָב שטענדיק געזאָגט, אַז נאַסער איז נישט גוט״.

„פאַר וואָס זשע ביסטו געווען אין דער מצרישער אַרמיי?״

„כ׳בין געווען אין דער אַרמיי נישט פאַר נאַסערן. כ׳בין געווען אין דער אַרמיי פאַר מצרים״.

„כדי אומצוברענגען ישראל?״

„חס וחלילה, האָט ער געזאָגט מיט אַ וויינענדיקער שטימע, כ׳האָב געוואָלט שלום מיט ישראל״.

„אָבער נאַסער האָט דאָך געזאָגט, אַז ער וועט חרוב מאַכן ישראל״.

„איך האָב נישט געהערט וועגן דעם״.

„אין דיין קעמפּ זענען געווען ,פעדאַיִן׳?״

„איך האָב נישט געהערט וועגן ,פעדאַיִן׳ אין מיין קעמפּ״.

„האָסטו געהערט וועגן די מעשים פון די ,פאַדאַיִן׳ און וואָס נאַסער האָט געזאָגט וועגן זיי?״

„איך לייען נישט קיין צייטונגען. איך האָב נישט געוווּסט וואָס זיי טוען. איך זאָג נישט קיין ליגן. כ׳האָב ווירקלעך נישט געוווּסט. איך האָב שטענדיק געזאָגט, אַז נאַסער איז נישט גוט״.

„זיי אַ מאַן און זאָג דעם אמת״.

„איך זאָג נאָר דעם אמת. איך האָב קיין מאָל נישט געוואָלט, אַז ס׳זאָל זיין אַ מלחמה מיט ישראל, הרגעט מיך נישט!״

„באַרויִק זיך, מ׳וועט דיך נישט הרגענען. מען וועט דיך נעמען אין אַ געפאַנגענען־לאַגער און דו וועסט דאָרט לעבן ווי אַ מלך״.

ער איז גרייט צו זאָגן אַלץ. דערווייל זעצט מען אים אַריין צווישן הונדערטער געפאַנגענע, וואָס איז אַרומגענומען מיט שטעכלדראָט. מ׳גיט

זיי עסן און טרינקען. מ׳גיט זיי קאָלדרעס. ס׳זענען אָבער נישטאָ קיין קליידער אָנצוטאָן פאַר די אַלע, וואָס זענען געקומען אין העמדלעך און אין אונטערהויזן. זייער פיל פון זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן זייערע מיליטערישע קליידער אין די זאַמדן פון מדבר, כדי אויסצוזען ווי ציווילע בירגער.

אין צווישן מעלדעט מען וועגן נייע טראַנספּאָרטן פון געפאַנגענע. „מיין גאָט!" — רופט אויס דער אָפיציר, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די געפאַנגענע — „וואָס וועלן מיר טאָן מיט אַזוי פיל געפאַנגענע?"

„זאָרג זיך נישט" — זאָגט אַ דערנעבן שטייענדיקער זעלנער — „זיי וועלן לעבן בעסער פאַר מיר, איך ווין נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין אַ מעברה"...

28.11.56

## די מצרישע קריגסשיף "איבראַהים אַל אַוואַל" — אין געפאַנגענשאַפט

באַלד אין צווייטן טאָג פון דער מלחמה קעגן די מצרישע חיילות, האָט זיך דער ישראלדיקער ים־פלאָט באַרייכערט מיט אַ גרויסער צע־שטערער־שיף, וואָס זי האָט גענומען אין געפאַנגענשאַפט, ביי גאָר דראַמאַ־טישע אומשטענדן.

באָרוועסע און אייניקע בלויז אין די אונטערהויזן, אַרומגענומען מיט רעטונגס־גאַרטלען, זענען אין די פריִע אָוונט־שעהען אָנגעקומען אין חיפהער פּאָרט די ערשטע געפאַנגענע מאַטראָזן פון דער גרויסער מצרישער צעשטערער־שיף „איבראַהים אַל־אַוואַל", וואָס איז דעראָבערט געוואָרן דורך די שיפן פון דעם ישראלדיקן ים־פלאָט, נישט ווייט פון חיפהער ים־ברעג.

מיט 12 שעה פריִער האָבן אַ סך פון דער מאַנשאַפט פאַרלאָזט זייע־רע פּאָזיציעס אויפן צעשטערער, זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט רעטונג־שיפלעך און אַ טייל איז אַפילו געשפּרונגען אין ים אַריין. די לעצטע פון די שפּרינ־גער האָבן באַוויזן אַרויסצוהענגען אַ ווייסע פאָן אויפן מאַסט פון שיף

אַלס סימן פון אונטערגעבן זיך. מיטן אַרויסהעגגען די ווייסע פאָן איז פאַר־ענדיקט געוואָרן דער קאַמף צווישן דער מצרישער קריגסשיף און צווישן די שיפן פון ישראלדיקן ים־פלאָט, וואָס האָבן אויך באַקומען הילף פון די עראָפּלאַנען פון לופטפלאָט. אונדזערע כוחות האָבן נישט געהאַט קיין שום פאַרלוסטן.

אַ זייגער 30.3 פאַר טאָג האָט אַ הילכיקער קנאַל פון האַרמאַטן אויפ־געציטערט די איינוווינער פון חיפה און האָט זיי אַרויסגענומען פון די בעטן. פיל זענען געלאָפן אין די קעלערס מיינענדיק, אַז דאָס איז אַ לופט־אַנגריף, אָבער שפּעטער איז קלאָר געוואָרן, אַז די מצרישע צעשטערער־שיף „איב־ראַהים אַל־אַוואַל" האָט זיך דערנענטערט צו די ברעגן פון לאַנד און געעפנט אַ האַרמאַטן־פייער אין דער ריכטונג פון חיפה. די גרעסטע צאָל קוילן איז געפאַלן אין ים אַריין אָדער אויף די זאַמדבערגן. ס׳איז נישט געמאַכט געוואָרן דער מינדסטער שאָדן און קיינער איז נישט געטראָפן געוואָרן פון די קוילן. די באַשיסונג האָט אָנגעהאַלטן אַ 20 מינוט און גלייך נאָך דעם איז געגעבן געוואָרן דער אָפּרוף־סיגנאַל. פיל חיפהער איינוווינער האָבן פון די דעכער פון זייערע הייזער זיך צוגעקוקט צום פאַרלויף פון דער שלאַכט, וואָס איז פאָרגעקומען אויפן אָפענעם ים.

בעת אַ צוזאַמענטרעף מיט קאָמאַנדיר פונעם ישראלדיקן ים־פלאָט, אַלוף שמואל טאַנקוס, איז איבערגעגעבן געוואָרן פאַר די חיפהער זשור־נאַליסטן און פאַר אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, אַז די ישראלדיקע שיפן, וואָס האָבן זיך געפונען בעת דער באָמבאַרדירונג נאָענט פון די חיפהער ברעגעס, איז געגעבן געוואָרן אַן אָנווייזונג נאָכצויאָגן דעם מצרישן צעשטערער, וואָס איז אַנטלאָפן אין דער ריכטונג פון מערב, ס׳איז דאַן געווען 4 אַ זייגער פאַרטאָג, צוליב דער פינצטערניש איז שווער געווען צו אידענטיפיצירן די פיינטלעכע שיף. אָבער נאָך דעם ווי זי אידענטיפי־צירט געוואָרן האָבן די האַרמאַטן פון ישראלדיקן ים־פלאָט געעפנט אַ פייער און די קוילן האָבן געטראָפן אין דער שיף, זי האָט נישט געקאָנט פאָרזעצן איר וועג. אויף דער שיף איז אויסגעבראָכן אַ שריפה, וואָס איז פאַרלאָשן געוואָרן דורך דער מאַנשאַפט.

ביים אָנהייב פון דער שלאַכט האָט זיך דער גענעראַל־שטאַב פון פלאָט פאַרבונדן מיטן שטאַב פון לופטפלאָט און געבעטן אים צו זיין גרייט אויף אַ נאָענטן רוף. און ווען דער רוף איז געקומען האָט אין משך פון געציילטע

מינוטן אָנגעיאָגט אַן עראָפּלאַן, וואָס האָט אָנגעוויזן ווי אַזוי צו ריכטן דאָס פֿייער אין דער שיף.

אייניקע פון דער מאַנשאַפט פון „איבראַהים אַל־אַוואַל" זענען געטראָפן געוואָרן. וואָסער האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין בויך פון דער שיף און זי האָט זיך אויסגעדרייט אויף אַ זייט. פאַר 6 אין דער פרי האָט מען געזען ווי פיל פון די מצרישע מאַטראָסן פאַרלאָזן די שיף. גלייכצייטיק האָט זיך באַוויזן אויפן מאַסט פון מצרישן צעשטערער אַ ווייסע פאָן.

די שיפן פון ישראלדיקן ים־פלאָט האָבן זיך דערנענטערט צום מצרישן צעשטערער און אָנגעהויבן צונויפזאַמלען די מצרישע מאַטראָסן, וואָס האָבן זיך געפונען נעבן זייער שיף. „איבראַהים אַל־אַוואַל" איז צוגע־בונדן געוואָרן צו איינער פון די ישראלדיקע שיפן און איז געשלעפּט גע־וואָרן אין דער ריכטונג פון חיפהער פּאָרט. אונדזערע מאַטראָסן זענען ארויף אויף דער שיף און דורכגעפירט אַ רעוויזיע. דאָס טאָגבוך פון דער שיף האָט מען נישט געקאָנט געפינען, אָבער אויף דער מיליטערישער מאַפּע פון דער שיף זענען געווען אָנגעצייכנט די פּרטים פונעם אָנפאַל אויפן חיפהער אויסגוס. אויפן דעק פון דער שיף זענען געלעגן 4 געהרגעטע מאַטראָסן און 18 פאַרוווּנדעטע.

„איבראַהים אַל־אַוואַל" איז איינער פון די ענגלישע צעשטערער, וואָס די מצרים האָבן באַקומען אין יאָר 1951. איידער זי איז איבערגעגעבן געוואָרן די מצרים איז זי געווען אַ טייל פון ענגלישן קריגספלאָט, און איז אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1940.

שוין אין די פרימאָרגן־שעהען האָבן זיך גרויסע מאַסן פאַרזאַמלט פאַרן טויער פון חיפהער פּאָרט און מיט שפּאַנונג אָפּגעוואַרט דעם אַריינ־פאָר פון דער מצרישער צעשטערער־שיף. אין די נאָכמיטאָג־שעהען איז די געפאַנגענע שיף אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין פּאָרט דורך אַ ישראלדיקער קריגסשיף. גלייך נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַריבערפירן די העכער 200 געפאַנגענע מאַטראָסן און אָפיצירן. אין אַלגעמיין זענען זיי געווען אין אַ גוטער שטימונג, אַ טייל פון זיי איז געווען באָרוועס און האַלב־נאַקעט, אַנדערע — אין אַלטע פאַרלאַטעטע הויזן. די יינגערע מאַטראָסן זענען געווען שטאַרק צעשראָקן און זיי זענען געגאַנגען מיט אַראָפּגע־לאָזטע קעפּ. מען האָט זיי אַריינגעזעצט אין אויטאָבוסן, וואָס זייערע שויבן

זענען געווען אָפּגעפּאַרבט אויף שוואַרץ און מען האָט זיי אַריבערגעפירט אין אַ געפאַנגען־לאַגער.

דער ליגנערישער ראַדיאָ אין קאַיִראָ האָט די וויסטע מפּלה פון זייער גרויסער קריגסשיף פאַרוואַנדלט אין אַ „נצחון“, דערציילנדיק, „אַז די מאַטראָסן און אָפּיצירן פון „איבראַהים אַל־אַוואַל“ האָבן העלדיש געקעמפט ביז דער לעצטער קויל, און ווען זיי האָבן געזען, אַז זיי וועלן נישט קאָנען בייקומען דעם פיל גרעסערן כוח פון פיינט, האָבן זיי זיך דערטרונקען צוזאַמען מיט זייער שיף“... אין דער אמתן זענען אַלע האַרמאַטן געווען אין בעסטן צושטאַנד און הונדערטער סנאַריאַדן זענען נישט אויסגענוצט געוואָרן. די ווייסע פאָן האָבן די „העלדן“ אַרויסגעהאָנגען ביי דער ערשטער געלעגנהייט...

ס'איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די אַראַבישע אוידיציעס אין „קול ישראל“ האָבן באַרויִקט די קרובים פון די העכער 200 געפאַנגענע מאַטראָסן און אָפּיצירן פון דעם צעשטערער, אַז זיי זענען נישט דערטרונקען געוואָרן אין ים, ווי ס'האָט איבערגעגעבן דער מצרישער גענעראַל־שטאַב, נאָר זיי אַלע געפינען זיך געזונט און גאַנץ אין דער ישראלדיקער געפאַנגענשאַפט.

זשורנאַליסטן און פאָטאָ־רעפּאָרטערן, וואָס זענען אין די נאָכמיטאָג־שעהען אַרויסגעפאָרן אַנטקעגן דער שיף, וואָס איז געשלעפּט געוואָרן צום חיפהער פּאָרט האָבן נאָך פון דער ווייטנס באַמערקט די ישראל־פאָן, וואָס האָט געפלאַטערט אויפן מאַסט פון דער שיף און אונטער איר — די פאָן פון מצרישן ים־פלאָט. ביי די זייטן זענען געשטאַנען צענדליקער מאַטראָסן אין ציווילער קליידונג. די אָפּיצירן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער שיף זענען געזעסן אין אַ באַזונדער גרופּע, אין אַ ווייטערן דיסטאַנס פון די מאַטראָסן. ווען זיי האָבן באַמערקט די פאָטאָ־אַפּאַראַטן האָבן זיי זיך דער־נענטערט און געבעטן מען זאָל זיי פאָטאָגראַפירן.

דער ישראלדיקער ים־פלאָט וועט טאָן אַלץ, כדי צו רעפּאַרירן די מצרישע צעשטערער־שיף „איבראַהים אַל־אַוואַל“ ווי צום שנעלסטן און אָנשליסן זי צום ישראלדיקן ים־פלאָט.

28.11.56

# עזה — אין טאָג ווען זי איז פאַרנומען געוואָרן דורך צה״ל

פרייטיק, 7 אַ זייגער פרי, אין פערטן טאָג פון די קאַמפּן, האָט „קול ישראל״ איבערגעגעבן, אַז עזה און דער גאַנצער פּאַס זענען אַרומגענומען מיט די כוחות פון דער הגנה־אַרמיי און אַז איר פאַלן איז שוין אַ פראַגע פון געציילטע שעהען... און שוין, בעת דער נייעס־אוידיציע פון 8 אַ זייגער, האָט „קול ישראל״ איבערגעגעבן די איבערראַשנדיקע ידיעה: „עזה האָט זיך אונטערגעגעבן און דאָס גאַנצע געביט געפינט זיך אין די הענט פון דער ישראלדיקער אַרמיי״.

ס׳איז שווער איבערצוגעבן די פרייד, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד און באַזונדערס די גרענעץ־ישובים ביים עזה־פּאַס, וואָס האָבן במשך פון לאַנגע יאָרן געהאַט אויסצושטיין אַזוי פיל צרות פון דער דאָזי־דער מערדער־שטאָט. די שווער־געפּרוּווטע ישובים זענען איצט פריי!

פרייטיק אין די פרימאָרגן־שעהען, איז דערשינען דער מצרישער מילי־טערישער קאָמענדאַנט פון עזה, אין דער באַגלייטונג פון אָרטיקע נכבדים, אויפן וועג, וואָס פירט פון עזה קיין נחל־עוז, און זיי האָבן געטראָגן אין זייערע הענט ווייסע פענער, פענער פון קאַפּיטולאַציע.

אין זעלביקן היסטאָרישן פרייטיק, 2.20 אַ זייגער נ״מ, האָט דער מצרישער אַדמיניסטראַטיווער גובערנאַטאָר פון עזה־געביט, גענעראַל מו־כאַמעד פואַד אַדאַוואַדזשי, אין דער פייערלעכער קליידונג פון אַ גענעראַל, באַצירט מיט מעדאַלן און אויסצייכענונגען, אונטערגעשריבן דעם קאַפּיטו־לאַציע־אַקט פון דער שטאָט עזה און דעם גאַנצן געביט, אָן קיין שום באַדינ־גונגען, פאַר דעם ישראלדיקן קאָמאַנדיר פונעם דרום־דיסטריקט, אַלוף־משנה אסף שמחוני.

און אין זעלבן טאָג האָט דאָס פּרעסע־ביוראָ פון דער רעגירונג איינ־געאָרדנט אַ באַזוך אין דעם באַפרייטן עזה פאַר די פאַרטרעטער פון דער ישראלדיקער פּרעסע און פאַר די צענדליקער קאָרעספּאָנדענטן פון דער גאַנצער וועלט. ס׳איז קוים איבערצוגעבן ווי גרויס און איבערראַשנדיק

עס איז געווען דער איינדרוק פון דעם ערשטן באַזוך אין עזה, גלייך נאָך איר באַפרייונג.

איידער מיר זענען אַריינגעפאָרן קיין עזה האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ קורצן באַזוך אין דעם העראָישן און אַזוי באַרימט־געוואָרענעם קיבוץ נחל־עוז, וואָס געפינט זיך קוים אַנדערהאַלבן קילאָמעטער פון עזה און וואָס האָט אַזוי פיל געליטן פון די אַראַבישע אַריינדרינגלער, פון די „פּאַדאַיִן"־מערדער און פון די באָמבאַרדירונגען. אַ פרייד און אַ לוסטיקייט איז אויסגעגאָסן אויף אַלעמענס צעשמייכלטע פּנימער אין קיבוץ. „איצט וועלן אונדזערע קינדערלעך קאָנען רויִק שלאָפן און מיר וועלן רויִק באַאַרבעטן אונדזערע פעלדער" — זאָגן די חברים פון קיבוץ פריידיקע און אויפגע־מונטערטע.

אַ זייגער 4.30 זענען מיר אַרויסגעפאָרן פון נחל־עוז. מיט אַ זייטיקן זאַמדיקן וועג פאָרן מיר מערבדיק און מיר דערנענטערן זיך שנעל צו עזה. „גרייט צו די פּאַספּאָרטן, מיינע הערן — דאָ איז די גרענעץ" — זאָגט מיט אַ שמייכל דער אָפיציר, וואָס באַגלייט די זשורנאַליסטן. מיר פאָרן אַרויף אויפן שאָסיי, וואָס פירט דירעקט קיין עזה. מיר פאָרן צווישן גרויסע לאַנגע קאַראַוואַנעס פון טאַנקען און פּאַנצערס, פון אויטאָבוסן און משא־אויטאָמאָבילן. כמעט אַלע זענען פון העלן זאַמדקאָליר מיט אַראַבישע אויפשריפטן. די ישראלדיקע אויטאָמאָבילן זענען באַדעקט מיט ברוינער בלאָטע אַלס קאַמופלאַזש. אויף איינעם פון זיי האָט אַראָפּגעשיינט דער אויפשריפט: „פּתח־תקווה — קאַירא". אַ גרופּע פון אונדזערע קעמפער איז געווען באַשעפטיקט ביים אויסלאָדענען טראַנספּאָרטן און ווען זיי האָבן אונדז באַמערקט, האָבן זיי געשריגן מיט פרייד: „מיר האָבן דעראָבערט עזה!". פון זייערע מיט שטויב־באַדעקטע פּנימער האָט אַראָפּגעשיינט דאָס ליכט פון נצחון. די מערסטע פון זיי האָבן אויסגעזען ווי רעזערוו־זעלנער.

עזה מאַכט נישט קיין איינדרוק פון אַ שטאָט. ס'איז אַ גרויס דאָרף. ביים ראַנד פון דער שטאָט שטייען שוואַרצע לייוונטענע געצעלטן — טיפּי־שע בעדויִנער־געצעלטן, און ווייטער הייבן זיך אָן ליימענע שטיבלעך. אויך אין צענטער שטאָט זעט מען די זעלבע ליימענע כאַטקעס. מען זאָגט, אַז עס איז פאַראַן אויך אַ מאָדערנער טייל פון עזה מיט שענערע בנינים, אָבער אין משך פון אונדזער קורצן באַזוך האָבן מיר זיי נישט געזען.

מיר כאַפּן אַ קורצן געשפּרעך מיט עטלעכע זעלנער. איינער פון זיי, אַ טאַנקיסט, דערציילט אונדז, אַז דער ווידערשטאַנד פון די מצרים אין

עזה בעתן פרייטיקדיקן אָנגריף פון דער ישראל־אַרמיי פאַר דער קאַפּיטו־לאַציע, איז געווען נישט קיין איבעריק שטאַרקער, און דאָך אַ „נישקשה־דיקער" און ביים ליקווידירן זייער ווידערשטאַנד האָט מען געמוזט כאַפּן אַ „שוויץ". אויך נאָך דער אָפּיציעלער קאַפּיטולאַציע זענען געבליבן אייניקע ווידערשטאַנד־נעסטן, וואָס מען האָט געדאַרפט ליקווידירן. אָבער איצט, ווי איר זעט, איז רויִק.

עטלעכע זשורנאַליסטן, וואָס רעדן אַראַביש, האָבן פאַרפירט אַ גע־שפרעך מיט די אַראַבער. איינער פון זיי, וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון אַן אינטעליגענט, האָט געזאָגט: „די מצרים האָבן אונדז כסדר געוואָרנט, אַז די זעלנער פון דער הגנה־אַרמיי וועלן אונדז אַלעמען אויסהרגענען, אָבער זיי זענען גוטע בחורים און מיר זענען זייער צופרידן". אַ פאָטער, וואָס האָט פאַרלוירן זיין זון, האָט דערציילט, אַז פון מיטוואָך אָן האָט זיך אָנגע־הויבן אַ בהלהדיקע אַנטלויפונג פון עזה. מיין זון, וואָס האָט אויך געהאַט אַן אייגענעם אויטאָמאָביל, האָט אויך געפרוווט אַנטלויפן. אַ מצרישער זעלנער האָט אים דערשאָסן, צוגענומען ביי אים דעם אויטאָמאָביל און אַליין אַנטלאָפן". די איבעריקע אַראַבער האָבן זיך געהאַלטן אין איין פאַרענט־פערן: זיי האָבן נישט געקענט די פאַדאַיִן־מערדער... זיי האָבן גאָר נישט געוווּסט... פון זייערע ווערטער האָט זיך אַרויסגעפילט אַ שנאה צו די געוועזענע מצרישע הערשער.

אין דער טונקלקייט פון די עזהער גאַסן באַמערקן מיר פלוצלונג, אַז ס'קומען אָן זעלנער. זיי גייען צו פיר אין אַ ריי. די הענט אויף די קעפּ. זיי זענען שלעכט געקליידט, זיי זעען אויס מיד און דערשראָקן. דאָס זענען די רעשטלעך פון באַסערס אַרמיי אין עזה, וואָס האָט זיך געקליבן חרוב צו מאַכן ישראל. איצט פירט מען זיי טאַקע קיין ישראל אין... געפאַנגען־לאַגערס.

„מיינע הערן — רופט אויס דער אָפיציר, וואָס באַגלייט אונדז — די 15 מינוט זענען שוין אַריבער, מיר מוזן איינשטייגן אין די אויטאָבוסן און גלייך צוריקפאָרן אַהיים..."

אין געציילטע מינוטן שפּעטער האָבן אונדז די אויטאָבוסן געפירט אין דער ריכטונג פון תל־אביב. איבערפולטע מיט פריידיקע איבערלעבונגען, באַרייכערטע מיט איינדרוקן פון 15 מינוט אין דעם אָקאָרשט באַפרייטן עזה.

10.2.57

## די באַפרייטע געפאַנגענע דערציילן
## ווי אַזוי מען האָט זיי געפייניקט
## אין דער מצרישער געפאַנגענשאַפט

ענדלעך האָט נאַסער „באַוויליקט" אויסצוטוישן די כמעט 6.000 געפאַנגענע מצרישע מיליטער־לייט, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון צה"ל, בעת זיין וויסטער מפלה אין דער סיני־אַקציע אויף די 4 (פיר!) ישראלדיקע געפאַנגענע, און פון זיי בלויז דער איין און איינציקער געפאַנגענער, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט בעת די קאַמפן אין סיני־מדבר — דער פליִער עטקעס. נאָכן באַפרייען דריי פאַרטיעס צו 500 געפאַנגענע פון די מצרים, זענען די פיר יידן איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון דער קאַלומביאַנער איינהייט פון דעם אונ"אָ־כוח און זי האָט זיי צוגעשטעלט צום ישראלדיקן גרענעץ־פונקט אין רפיח.

און אַזוי האָט זיך צוריקגעקערט די שמחה צו פיר צעווייטיקטע און פאַרפייניקטע יידישע משפחות אין ישראל — אין ירושלים, חיפה, יפו און נתניה. דאָס זענען די משפחות פון די פיר ישראלדיקע געפאַנגענע — דער פליִער יהונתן עטקעס, סערזשאַנט יהושע אַניקסטער און די צוויי פאָליציי־לייט אַלעקסאַנדער ראָזענבערג און שמעון אוחנה.

ביים גרענעץ פונקט פון רפיח זענען די געפאַנגענע אויפגענומען געוואָרן דורך דער פרוי וויערא ווייצמאַן, די ערן־פּרעזידענטין פון „מגן דוד אדום" אין ישראל און פון פרעזידיום פון דער זעלבער אינסטיטוציע — ד"ר קאַץ, דעם פאָרשטייער פון אינטערנאַציאָנאַלן „רויטן קרייץ" ד"ר ל. איין און פאַרטרעטער פון צה"ל. הויכע אָפיצירן, וואָס זענען געקומען מקבל־פּנים זיין דעם באַפרייטן פליִער, האָבן אים געבראַכט נייע קליידער. די געפאַנגענע זענען איבערגעגעבן געוואָרן די אונ"אָ־כוחות ווי זיי זענען געווען געקליידט — אין שמאַטעס. זיי האָבן דאָרט גלייך באַקומען נייע קליידער. אַ זייגער 11.45 זענען די פיר געפאַנגענע אָנגעקומען אין אַ דזשיפּ פון דער קאָלומביאַנער מיליטערישער פאָליציי, צו דער באַריערע ביים גרענעץ־פונקט אין רפיח, און אין דער אָנוועזנהייט פון דעם קאָמאַנדיר פון די אונ"אָ־כוחות, גענעראַל בוירנס, איז דורכגעפירט געוואָרן די קורצע פּראָצעדור פון צוריקגעבן די פיר געפאַנגענע.

דער לייטנאַנט עטקעס, אַלס געפאַנגענער פון העכסטן ראַנג, האָט אונטערגעשריבן אַ „קבלה": איך האָב באַקומען דריי לעבעדיקע קערפּערס אין אַ גאַנצן און גוטן צושטאַנד" און מיט אַ מינוט שפּעטער איז ענדלעך געקומען דער סוף צו זייערעליידן און פּייניקונגען.

פון גרויס איבערראַשונג איז זיי כמעט דאָס לשון אָפּגענומען געוואָרן. ווען זיי זענען געקומען אַ ביסל צו זיך, האָט דער סערזשאַנט אַניקסטער אויסגערופן: „גאָט צו דאַנקען, וואָס מיר זענען פּטור געוואָרן פון דעם מצרישן גהינום... ווי גוט ס'איז דאָ... ווו זענען אונדזערע עלטערן ?..."

ס'איז קוים צו שילדערן דעם דראַמאַטישן צוזאַמענטרעף פון די באַפרייטע געפאַנגענע מיט זייערע עלטערן און מיט די אַנדערע נאָענטע פאַמיליע־מיטגלידער. מ'האָט זיך געהאַלדזט און געקושט און געוויינט. אַניקסטערס פאָטער האָט אויפן קול געמאַכט די ברכה פון „מתיר אסירים" און זיינע חברים פון רעליגיעזן קיבוץ „יבנה" האָבן אָנגעהויבן מיט אַ התלהבותדיקן „האָראַ"־טאַנץ און עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אים די באַפרייטע געפאַנגענע און צענדליקער זעלנער.

אויפן פלאַץ זענען אָנוועזנדיק געווען העכער 50 אויסלענדישע קאָרעס־פּאָנדענטן און פאַרטרעטער פון דער ישראל־פּרעסע, פאָטאָ־רעפּאָרטערן און פילם־אָפּעראַטאָרן, וועלכע האָבן פאַראייביקט אין בילד די אומפאַר־געסלעכע סצענע.

די באַפרייטע האָבן אָנגעהויבן דערציילן וועגן זייערע איבערלעבונגען אין דעם מצרישן גהינום. דער „ותיק" פון צווישן די געפאַנגענע, סער־שזאַנט יהושע אַניקסטער, פון ירושלים, אַ חבר פון רעליגיעזן קיבוץ „יבנה", האָט דערציילט: — מיין „באַקאַנטשאַפט" מיט די מצרים האָט זיך אָנגעהויבן דעם 5טן סעפּטעמבער 1955, ווען מיין פּאַטראָל איז על פּי טעות אַריבער די גרענעץ־ליניע. צוויי פון מיינע מענטשן זענען אומגעקו־מען און איך בין אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. ווען מ'האָט מיך גע־בראַכט צו דער אויספאָרשונג, האָט מען מיך אויסגעטאָן נאַקעט און גע־שלאָגן מכות־רצח, ביז איך האָב געחלשט... אָט מיט אַזאַ חיהשער אַכזריות האָט מען זיך מטפל געווען מיט מיר במשך דער גאַנצער תקופה פון מיין געפאַנגענשאַפט — אָנהייבנדיק פון „גהינום" אין עזה ביז צו דער „אַבאַ־סיע"־טורמע אין קאַיִראָ, ווו עס שמאַכטן נאָך אין ליידן און אין פּיין די אַסירי־ציון, וואָס זענען פאַרמשפּט געוואָרן דורכן גענעראַל דאַזשאַווי (דער געוועזענער מצרישער הערשער פון עזה — איצט אין געפאַנגענשאַפט אין

ישראל). דריי מאָל האָט אַניקסטער געמוזט דערקלערן אַ הונגער־שטרייק, כדי מ׳זאָל אים דערלויבן אַרויסגיין אויף דעם פרימאָרגן־שפּאַציר, כדי צו זיצן צוזאַמען מיט די ישראלדיקע פּאָליציייליט און צו זען זיך מיט די פאַרטרעטער פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן „רויטן קרייץ״. פאַר די באַזוכן פון די פאָרשטייער פון „רויטן קרייץ״ פלעגן די מצרים ווערן „גוט און פרום״. די צעלע פלעגט דעקאָרירט ווערן מיט בילדער, אויפן טיש פלעגן זיי אויסשפּרייטן אַ שיין טישטעך און אויף אים — שיינע כלים מיט פּירות — ממש ווי אין אַן אָפּרו־הויז. די מערדערישע וועכטער פלעגן אים וואָרענען: „אויב דו וועסט וואַגן עפּעס צו דערציילן, איז דיין לעבן נישט ווערט קיין גראָשן״... און גלייך נאָך די דאָזיקע „וויזיטן״, פלעגן זיי זיך נעמען מיט נאָך מער אייפער צו זייערע סאַדיסטישע מעטאָדן. די אויספאָרשונגען, צו וועלכע ס׳פלעגט קיין סוף גאָר נישט נעמען, זענען פאָרגעקומען נאָר ביי נאַכט. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן אים די מצרישע חיילות געשלאָגן אָן שום סיבה. איין מאָל איז צו אים אין צעלע אַריינגעקומען אַ מצרישער סערזשאַנט און האָט אים געפרעגט צי ער וויל מלחמה האַלטן. ווען ער האָט געענטפערט, אַז ער וויל נישט, איז ער אָנגעפאַלן אויף אים מיט די פויסטן און האָט אים צעשלאָגן ביז בלוט. פרישטיק האָבן זיי באַקומען 4 פאַר טאָג און מיטאָג ערשט פאַר נאַכט. דאָס עסן איז געווען שרעקלעך. פון צייט צו צייט האָבן זיי באַקומען פּעקלעך דורכן „רויטן קרייץ״, וואָס זענען געשיקט געוואָרן פון ישראל. אָבער ביז די פּעקלעך זענען אָנגעקומען צו זיי זענען זיי שוין געווען כמעט אויסגעליידיקט. און דאָך האָבן זיי אין איינעם פון די פּעקלעך געפונען חנוכה־ליכטלעך, און דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט, אַז אונדזערע געפאַנגענע זאָלן אין צענטער פון קאַיראָ פייערן דעם חנוכה־יום־טוב.

ווען דעד סיני־אַקציע האָט אַניקסטער זייער ווייניק געוווּסט, כאָטש ער האָט „דערשמעקט״ מיטן באַזונדערן חוש פון געפאַנגענע, אַז די מצרים כאַפּן אַריין גוטע קלעפּ און די האָפענונג אויף באַפרייונג איז געוואָרן גרעסער. דער 22־יאָריקער יהושע אַניקסטער האָט גאַנצע 16 חדשים געשמאַכט אין דעם מצרישן גהינום און מיט זיין באַפרייונג קערט ער זיך צוריק אין זיין קיבוץ „יבנה״, ווו עס וואַרט אויף אים זיין כלה, צילה, און גאָר בקרוב וועלן זיי פּראַווען זייער חתונה.

פל שוידערלעכער איז די דערציילונג פון דעם פליִער, לייטנאַנט יהונתן עטקעס. ער איז אַדורכגעפלויגן אין זיין „מוסטאַנג״ מיט דער אויפ־

גאַבע אַנצוגרייפן ראַס נאַצראַני, כדי צו פאַרלייכטערן דער 9טער איינהייט איר מאַרש אויף שאַרם אַ־שייך. בעתן אָנגריף איז ער פאַרווונדעט געוואָרן און ער האָט געמוזט לאַנדן. דאָס איז געשען דעם 2טן נאָוועמבער 12.30 אַ זייגער בייטאָג. בעת דער לאַנדונג האָט יהונתן פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין און איז געבליבן ליגן אויף די זאַמדן פון דרום־סיני ביז 7 אָוונט. ווען עס איז דורכגעפאָרן אַ מצרישער פּאַטרול האָבן זיי אים געשטאָכן מיט שפּיזן צו זען אויב ער לעבט. זיי האָבן אים אַרויפגענומען אויפן אויטאָמאָביל און האָבן אים באַרויבט, צוגענומען אַ זייגערל און אַלע ווערטזאַכן. גאַנצע דריי און אַ האַלבן טאָג זינט ער האָט געמוזט לאַנדן און ביז מ'האָט אים געבראַכט אין דער קאַהירער טורמע, האָט זיך קיינער נישט מטפל געווען מיט זיין ווונד און ער האָט נישט באַקומען אַפילו קיין טראָפּן וואַסער אין מויל, און נישט קיין שטיקל ברויט.

אין קאַהיראָ האָט מען באַנדאַזשירט זיין ווונד בלויז מיט וואַזעלין און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונג, וואָס איז געווען איין שוי־דערלעכע קייט פון די שרעקלעכסטע פּייניקונגען. כדי אַרויסצובאַקומען פון אים ידיעות האָבן זיך די מצרים באַנוצט מיט צוויי סיסטעמען: אַ פּסי־כאָלאָגישן און אַ מעדיצינישן. זעקס מצרישע הויכע אָפיצירן האָבן אים אָנגעהויבן אויספרעגן פאַרשידענע פּרטים און ווען ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפערן, האָבן זיי אים צוגעלייגט ברענענדיקע פּאַפּיראָסן צו דער נאָז, אויערן און אויגן. און ווען אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָבן זיי אים מערדערלעך געשלאָגן, געמאַכט איינשפּריצונגען און ווידער אים געשלאָגן, געקאָלערט אים פון לאַנגע טישן און נאָך יעדן מאָל חלשן אים געמונטערט און ווידער זיך גענומען צו דער „אויספאָרשונג״. זיי האָבן אים אויך גע־מאַכט עלעקטרישע שאָקן אויפן קאָפּ און אַנדערע טיילן פון קערפּער. אַ מצרישער דאָקטאָר, וועלכער האָט אים כלומרשט געוואָלט געבן מעדיצי־נישע הילף פאַרן זיין פאַרווונדעטן פוס, האָט פּשוט מיט אַ מעסער גע־שניטן שטיקער פון אים און נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיינע שרעקלע־כע יסורים.

בעת די סאַדיסטישע אויספאָרשונגען, האָבן אים די מצרים דערציילט וועגן זייערע גרויסע „נצחונות״: זיי האָבן גענומען 6 טויזנט ענגלישע געפאַנגענע, 2 טויזנט פראַנצויזישע און דריי טויזנט ישראלישע געפאַנגענע אַחוץ די 20 ישראל־„מיסטערס״, וואָס זענען אַנטלאָפן קיין מצרים. עטקעס האָט דאַן פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים האַלטן צוזאַמען מיט די ישראל־

געפֿאַנגענע. די „ריטערלעכע" מצרים האָבן אָבער פֿון אים פֿאַרלאַנגט, ער זאָל אונטערשרייבן, אַז ער האָט נישט קעגן דעם צו זיין צוזאַמען מיט פּשוטע זעלנער אין געפֿאַנגענשאַפֿט. ער האָט אונטערגעשריבן, און פֿון 18טן דע־צעמבער איז ער געווען צוזאַמען אין איין צעלע מיט די דריי ישראלדיקע געפֿאַנגענע.

דעם 17טן יאַנואַר האָבן זיך פּלוצלונג אַריינגעריסן אין זייער צעלע אַזש 14 מצרישע זעלנער און זיי האָבן אָנגעהויבן שלאָגן מכות־רצח אויף רעכטס און אויף לינקס. צוליב זיין ווונד איז דער ערשטער געפֿאַלן עטקעס און זיי האָבן אים מכבד געווען מיט אַ באַטשוואָקטן שוך אין אויג אַריין. „קוקט אויף מיינע בלויע אונטערגעשלאָגענע אויגן־רינגען" — האָט ער געזאָגט. — דאָס איז אַן „אָנדענק" פֿון יענעם שוידער־טאָג. דעם 23סטן יאַנואַר האָבן זיי באַקומען אַ פֿאַראָרדענונג איינצופּאַקן די זאַכן. מיטאָג־צייט איז געקומען אַ מצרישע מיליטערישע דעלעגאַציע, וואָס האָט גע־מאַכט אַ שטרענגע אונטערזוכונג אין דער צעלע און זיי האָבן צוגענומען אַלע זייערע חפצים. אַ הויכער אָפֿיציר האָט נאָך געהאַט דעם טרויעריקן מוט צו פֿרעגן די געפֿאַנגענע, צי זיי האָבן זיך אויף וואָס צו באַקלאָגן... ווען זיי האָבן דערציילט ווי שוידערלעך די מצרישע זעלנער האָבן זיך איזדיע־קעוועט איבער זיי, האָט דער אָפֿיציר געזאָגט: — „מיר וועלן עס אויס־פֿאָרשן און די שולדיקע וועלן באַשטראָפֿט ווערן".

די פֿיר זענען דעם זעלבן טאָג אַריבערגעפֿירט געוואָרן קיין איסמאַילי, דאָרט האָבן זיי געטראָפֿן די קאָלומביאַנער זעלנער, וואָס האָבן זיי אויפֿגע־נומען מיט אַ האַרציקער פֿריינדלעכקייט. מען האָט זיי באַקליידט אין נייע זאַכן, און די זעלביקע זעלנער האָבן זיי געבראַכט צום גרענעץ־פּונקט ביי רפיח.

אויך די פּאָליציי־לייט יצחק ראָזענבערג און שמעון אוחנה האָבן דערציילט וועגן די זעלביקע שוידערלעכע איבערלעבונגען. זיי זענען גע־נומען געוואָרן אין געפֿאַנגענשאַפֿט מיט אַ צייט פֿריִער ביי ניצנה. זיי זענען געפּאַרשט געוואָרן דורך די מצרים מיט מעסערס אויף די העלדזער. 75 טעג זענען זיי געזעסן אין איינצל־קאַמערן אין דער טורמע פֿון קאַירַאָ, ווו מ׳האָט זיי אויסגעהונגערט און געשלאָגן מכות־רצח. 15 חדשים האָבן זיי אַזוי געליטן, ביז ס׳איז געקומען דער טאָג פֿון באַפֿרייונג.

אין די פֿיר הייזער אין ירושלים און אין חיפה, אין יפו און אין נתניה, האָט מען געפֿייערט דעם צוריקקום פֿון זייערע זין פֿון מצרישן גהינום,

מיט דער באַטייליקונג פון פיל הונדערטער פריינד — און גאַנץ ישׂראל האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער גרויסער שמחה.

21.3.57

## אַראָפּגענומען די ישׂראל־פאָן פון שאַרם אַ־שייך

קוים איין טאָג נאָך דער עוואַקואַציע פון דעם עזה־פּאַס איז געקומען די ריי אויף שאַרם אַ־שייך, ביי דער מאָלעריש־ליגנדיקער אילת־בוכטע. די הערשונג איבער דעם ברעג־פּאַס מזרחדיק פון דעם האַלבאינדזל סיני איז 6 פאַרנאַכט פון פרייטיק דעם 8טן מערץ, איבערגעגעבן געוואָרן אָן דעם מינדסטן צערעמאָניאַל אין די הענט פון אַ פינישער איינהייט פון 200 קאַראַבינערן אונטער דער אָנפירונג פון מאַיאָר אולבי קאַטינען. מיט אַנ־דערהאַלבן שעה פריִער איז אַרונטערגענומען געוואָרן פון מאַסט די ווייס־בלויע ישׂראל־פאָן און אויף איר פּלאַץ איז אַרויסגעהאַנגען געוואָרן די פאָן פון דער אונ״אָ. די לעצטע ישׂראלים־גרופּע איז אַרויסגעפאָרן אויפן דעק פון דער ישׂראלדיקער קריגסשיף „מזנק״ אין דער ריכטונג פון אילת.

די צעשטערונג־אַרבעט איז אָנגעגאַנגען זייער אינטענסיוו דעם גאַנצן טאָג. אינעם טאָל צווישן שאַרם אַ־שייך און מפרץ שלמה זענען אויפגעגאַנ־גען געדיכטע רויך־וואָלקנס פון ברענענדיקע אויטאָס, שמיראייל און מאַטעריאַלן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַוועקגענומען ווערן. די רויטע פלאַמען און וואָלקנס האָבן זיך געריסן צו די סיני־בערג און האָבן פאַר־דעקט אַ ביסל די טיף בלויע וואַסערן פון ים־סוף.

די געשרייען פון די ציווילע פאַרט־אַרבעטער און פון די זעלנער, וואָס האָבן פיבערהאַפט געאַרבעט ביים צוזאַמענבררענגען פון אַלע פונקטן אויי־טאָס, טאַנקען, האַרמאַטן, מאַטעריאַלן און מאַשינען, מיליטערישע און טעכ־נישע אויסשטאַטונג — האָבן זיך אויסגעמישט מיט די מעכטיקע אויפרייס־קנאַלן, ווען ס׳זענען אויפגעריסן געוואָרן די מצרישע באַפעסטיקונגען אין די בערגלעך און ביים ברעג. דער אַרמיי־שעף, רב־אַלוף משה דיין, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם זייער רירנדיקן און לעצטן באַזוך אין שאַרם אַ־שייך

בעת דער עוואַקואַציע פון די צה״ל־כוחות, האָט געזאָגט צו די זשורנאַ־ליסטן: „ווער דאַרף איצט די דאָזיקע באַפעסטיקונגען?״ ער האָט צוגעגעבן, אַז די וואַסער־אײַנריכטונגען און די דיסטילירונג־פּאָמפּעס וועלן איבערגע־לאָזט פאַר די און״אָ־כוחות אין בעסטן אָרדענונג. דער ישראלדיקער כוח האָט אויך איבערגעלאָזט הינטער זיך די טעלעפאָן־ליניע צווישן שאַרם אַשייך און ראַס נאַצראַני, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די מצרישע האַרמאַטן, וואָס האָבן באַהערשט דעם דורכפאָר אין דער אילת־בוכטע.

אין בעסטן צושטאַנד איז איבערגעלאָזט געוואָרן דער קליינער פּלי־פלאַץ ביי שאַרם אַשייך און אַלע וועגן אין דער געגנט, אין דעם אַ נייער וועג פון 20 קילאָמעטער, וואָס איז אויסגעפּלאַסטערט געוואָרן אין דער תקופה פון דער ישראל־הערשאַפט.

„מיר פאַרלאָזן דעם פּלאַץ מיט אויפריכטיקן צער״ — האָט געזאָגט דער צה״ל־קאָמאַנדיר צו די אָנוועזנדיקע זשורנאַליסטן. ער האָט אָבער גלייך צוגעגעבן אין אַ זעלנערישער שפּראַך, ווי ער וואָלט וועלן זיך קאָרע־גירן: „מיר זענען זעלנער און נישט קיין פּאָליטיקער. מיר האָבן באַקומען די פאַראָרדענונג מיט באַדויערן, אָבער מיט פאַרשטענדעניש. כאָטש מיר האָבן געהאָפט צו פאַרבלייבן אויף דעם דאָזיקן שיינעם פּלאַץ לאַנגע יאָרן״.

די פינישע זעלנער זענען פריידיק איבערראַשט געוואָרן, ווען זיי האָבן געטראָפן אויפן פּלאַץ יונגע שיינע מיידלעך אין מיליטערישע אוני־פאָרמען. „אין מצרים האָבן מיר געזען פרויען אין אַ שוואַרצער מרה־שחורה־אָנוואָרפנדיקער קליידונג מיט פאַרדעקטע פּנימער, און אָט, נאָך אַזאַ לאַנגן איבעררייס, זעען מיר ווידער יונגע שיינע פּנימער״ — האָבן שמייכ־לענדיק געזאָגט די בלאָנדע פינישע בחורים — „אפשר וואָלט איר פאַר־בליבן מיט אונדז?״ — „מיר וואָלטן גערן פאַרבליבן״, — ענטפערן די מיידלעך — „אָבער נאָר מיט אונדזערע בחורים״...

אויסגעשמירטע און פאַרשטויבטע, מידע פון שווערער אָנגעשטרענג־טער אַרבעט און פון דער ווייטיקלעכער איבערלעבונג, פאַרלאָזן די צה״ל־זעלנער שאַרם אַשייך, זיי שטייגן איין אין דער קריגסשיף, וואָס וועט זיי באַלד אָוועקפירן אין דער ריכטונג פון אילת. פאַרן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ זאָגט דער צה״ל־קאָמאַנדיר: „יעדער איינער פון אונדז באַדויערט, וואָס ער מוז פאַרלאָזן דעם פּלאַץ, נישט ווייל ער איז אַזוי שיין, נאָר ווייל ס׳איז ביי אונדז זייער פאַרמיאוסט דער געדאַנק, אַז די מצרים קאָנען חלילה צוריקקומען און באַנייען די בלאָקאַדע קעגן אונדז״.

„איך בין זיכער, אַז מיר וועלן נאָך צוריקקומען" — האָט געזאָגט איינער פון די זעלנער.

איינע פון די לעצטע זאַכן, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין עראָפּלאַן איז געווען די ספר־תורה און דער אָרון־קודש, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן דורך דער קאָלאָנע, וואָס האָט דעראָבערט דעם פּלאַץ. דער מיליטערישער רב רב־אַלוף גורן האָט פאַרן אָנלאָדן דעם אָרון־קודש אויפן עראָפּלאַן געזאָגט דאָס קאַפּיטל תהילים י"ח: „ארדוף אויבי ואשיגם ולא אשוב עד כלותם"..." אין וועלכן דוד המלך לויבט גאָט פאַר מציל זיין אים פון די הענט פון אַלע שונאים.

„פאַר וואָס, פאַר וואָס פאַרלאָזט איר אונדז אַזוי שנעל?" — האָבן מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט געפרעגט די נייע הערשער פון שאַרם אַשייך, די גוטמוטיקע פינישע זעלנער.

„מיר וועלן נאָך צוריקקומען!"

אַזוי האָבן געענטפערט די צה"ל־זעלנער, און זייערע בליקן האָבן געגלעט דעם פּרעכטיקן ים־ברעג פון דער מאַלערישער אילת־בוכטע.

## בן־גוריון טיילט מיט וועגן אַרעסט
## פון אַדאָלף אייכמאַן

ס׳איז געווען מאָנטיק דעם 23סטן מאַי. אַלע ישראל־צייטונגען און די גאַנצע עפנטלעכקייט אין לאַנד האָבן מיט פרייד קאָמענטירט דעם איבער־ראַשנדיקן נצחון פון דער נאַציאָנאַלער ישראלדיקער פוטבאָל־מאַנשאַפט קעגן דער יונגער נאַציאָנאַלער פוטבאָל־מאַנשאַפט פון ענגלאַנד אינעם פאַרמעסט, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ טאָג פריִער אויף דעם גרויסן ספאָרט־סטאַדיאָן אין רמת־גן, פאַר 50,000 צושויער. די ישראלדיקע שפּי־לער האָבן באַזיגט די ענגלענדער מיטן רעזולטאַט פון 4 צו 0. דעם זעלבן טאָג איז אויך דערוואַרט געוואָרן דער אויפטריט פון דער אויסערן־מיניס־טאָרין גאָלדע מאיר אין כנסת, ווו זי האָט געדאַרפט רעאַגירן אויף דער דורכגעפאַלענער שפּיצן־קאָנפערענץ אין פּאַריז — און דאָ איז אַזוי פּלוצ־לונג, פאַר דער זעלבער כנסת, אויפגעטראָטן דער פרעמיער דוד בן־גוריון בכבודו ובעצמו, און ער האָט געבראַכט די סענסאַציאָנעלע און אויפטרייס־לענדיקע ידיעה, אַז אַדאָלף אייכמאַן, איינער פון די גרעסטע נאַצי־פאַר־ברעכער, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאַרניכטן די מערהייט פון אייראָפּעיִשן יידנטום, איז אַנטדעקט געוואָרן דורכן ישראלדיקן זיכערקייט־דינסט און געפינט זיך אין אַרעסט אין ישראל. די דאָזיקע דראַמאַטישע ידיעה האָט עלעקטריזירט נישט נאָר די כנסת, דאָס פאָלק אין ישראל און אַלע יידן אין די תפוצות, זי האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע עפנטלעכע מיינונג אויף דער גאַנצער וועלט.

ביי אַ גוואַלדיקער שפּאַנונג פון די כנסת־דעפּוטאַטן, ביי אַ פולן קאָמפּלעט פון דער רעגירונג און אין דער אַנוועזנהייט פון צענדליקער

אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן און פאַרטרעטער פון דער גאַנצער ישׂראל־פּרעסע, האָט דער פּרעמיער איבערגעגעבן די קורצע, אָבער סענסאַציאָנעלע מיטטיילונג:

„איך וויל מעלדן דער כנסת, אַז מיט אַ געוויסער צייט צוריק איז אַנטדעקט געוואָרן דורכן ישׂראלדיקן זיכערקייט־דינסט איינער פון די גרעסטע נאַצי־פאַרברעכער, אַדאָלף אייכמאַן, וועלכער איז פאַראַנטוואָרט־לעך, צוזאַמען מיט די נאַצי־פירער, פאַר דעם, וואָס זיי האָבן באַצייכנט מיטן נאָמען „ענדגילטיקע לייזונג פון יידן־פּראָבלעם", דאָס הייסט, פאַר־ניכטונג פון 6 מיליאָן אייראָפּעיִשע יידן.

„אַדאָלף אייכמאַן געפינט זיך שוין אין אַרעסט אין לאַנד און ער וועט בקרוב געשטעלט ווערן פאַרן געריכט אין ישׂראל, אין איינקלאַנג מיטן געזעץ צו משפטן די נאַצים און זייערע אַרויסהעלפער פון תש"י, 1950".

אַן ערך אַ האַלבע שעה פאַר דער דאָזיקער היסטאָרישער כנסת־זיצונג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער רעגירונג־שעף וועט אָפּ־געבן אַ זייער וויכטיקע מיטטיילונג און מען האָט זיך באַמיט אָנצושטויסן, זעענדיק, אַז בן־גוריון ווערט באַגלייט צו דער כנסת דורך דעם הויפּט־אינספּעקטאָר פון דער פּאָליציי, ה' נחמיאָס, און דורכן הויפּט־אויספאָרשער פון שרות־הבטחון, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ וויכטיקן ענין, וואָס האָט אַ שייכות צום זיכערקייט־דינסט און דער פּאָליציי, אָבער ווען האָט עס געקאָנט איינפאַלן, אַז דער רעגירונג־שעף וועט ברענגען פאַר דער כנסת אַזאַ סענסאַציאָנעלע מיטטיילונג, וואָס וועט אויפטרייסלען דאָס גאַנצע לאַנד און די גרויסע יידישע און נישט־יידישע וועלט?

פּרעמיער בן־גוריון האָט אויף מאָנטיק, 3.30 נ.מ. צונויפגערופן אַן אויסעראָרדנטלעכע רעגירונג־זיצונג, אויף וועלכער ער האָט אויספירלעך מיטגעטיילט וועגן עצם פאַקט פון אַנטדעקן און אַרעסטירן אַדאָלף אייכ־מאַנען. בן־גוריון האָט געזאָגט, אַז דער שוידערלעכער מאַסן־מערדער וועט בקרוב געשטעלט ווערן פאַרן געריכט.

נאָך דער דערקלערונג פונעם פּרעמיער, האָט דער יוסטיץ־מיניסטער, ה' פּנחס ראָזען, צונויפגערופן אַ פּרעסע־קאָנפערענץ פאַר די פאַרלאַמענטאַ־רישע און אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל־גענומען העכער 100 פּערזאָן. אין דער קאָנפערענץ האָט זיך אויך באַטיי־ליקט דער גענעראַל־אינספּעקטאָר פון דער פּאָליציי, נחמיאָס. זיי האָבן

געענטפערט אויף די געשטעלטע פראַגן און געגעבן אויפקלערונגען בנוגע דעם יורידישן סטאַטוס אין דער טעטיקייט פון דער פּאָליציי ביז צום פּראָ־צעס פון מאַסן־מערדער.

דער באַשולדיקטער אייכמאַן האָט באַשטעטיקט, אַז ער איז אַדאָלף אייכמאַן, 54 יאָר אַלט, און ער האָט געבעטן מען זאָל אים דערמעגלעכן אַ פאַרטיידיקער. דער יוסטיץ־מיניסטער האָט געזאָגט, אַז ישראל איז פאַר־אינטערעסירט אין צוזיילן דעם פּראָצעס. דערביי איז קלאָר, אַז אויב אייכ־מאַן וועט פאָדערן אַ פאָר-אויספאָרשונג וועט מען אַנטקעגנקומען זיין ביטע אין איינקלאַנג מיטן געזעץ.

אין דער נאָענטסטער פּאַזע וועט אייכמאַן געפאָרשט ווערן דורך דער פּאָליציי. דערביי וועלן אויסגעהערט ווערן עדות און וועלן עס וועלן קאָנטראָלירט ווערן פיל דאָקומענטן. אויפן סמך פון דעם וועט צוגעגרייט ווערן אַ באַ־שולדיקונגס־אַקט, אָדער אַפילו צוויי באַשולדיקונגס־אַקטן: פאַר זיינע פאַרברעכנס קעגן דעם יידישן פאָלק אין אַלגעמיין און פאַר די רציחות קעגן יידן אין אייראָפּע. פאַר ביידע באַשולדיקונגען דראָט אים, לויטן געזעץ, טויט־שטראָף.

ווען און ווו דער מאַסן־מערדער אַדאָלף אייכמאַן איז געכאַפּט געוואָרן, און אין וועלכער תּפיסה ער געפינט זיך פאַרשפּאַרט, וואָס פאַר אַ בירגער־שאַפט ער האַלט אַן — אויף די דאָזיקע פראַגן האָבן דער יוסטיץ־מיניסטער און דער פּאָליציי־אינספּעקטאָר נישט געגעבן קיין ענטפערס. דאַקעגן האָבן זיי דערקלערט, אַז כדי צו כאַפּן אייכמאַנען איז נישט אָנגעווענדט געוואָרן קיין הסכם וועגן אויסליפערן פאַרברעכער און אַז ישראל האָט זיך נישט געווענדט צו קיין שום פרעמדער מדינה מען זאָל אים אויסליפערן. זיי האָבן דערביי קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז די מערב־דייטשע רעגירונג האָט נישט צוגעהאָלפן כאַפּן דעם מאַסן־פאַרברעכער. ווי אַזוי מען האָט אים געכאַפּט און אויף וועלכן אופן ער איז געבראַכט געוואָרן אין לאַנד אַריין — דאָס פאַרבלייבט דערווייל איינער פון די סאַמע שטרענגסטע סודות אין ישראל.

אַדאָלף אייכמאַן האָט זיך נישט געווענדט מיט קיין ביטע מען זאָל אים פאַרבינדן מיט אַ פאָרשטייער פון אַן אַנדער רעגירונג. ער וועט געמשפּט ווערן הויפּטזעכלעך פאַר די פאַרברעכנס קעגן דעם יידישן פאָלק, און מעג־לעך, אַז אויך פאַר פאַרברעכנס קעגן אַנדערע פעלקער.

וואָס שייך דער פראַגע צי די געריכט־פאַרהאַנדלונגען וועלן פאָרקומען עפנטלעך, אָדער ביי געשלאָסענע טירן, האָט דער יוסטיץ־מיניסטער געזאָגט, אַז דאָס געהערט צו דער קאָמפּעטענץ פון געריכט. עס איז שוין אָבער באַקאַנט, אַז גרויסע מאַסן פון אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, פון די גרעסטע וועלט־צייטונגען און נייעס־אַגענטורן, ווי אויך פאָרשטייער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־נעץ, וועלן זיך באַטייליקן אין די געריכט־פאַרהאַנדלונגען און דער משפט קעגן דעם היטלעריסטישן אַרכי־מערדער אַדאָלף אייכמאַן וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָצעס פון ממש היסטאָרישער באַדייטונג.

„אַדאָלף אייכמאַן, דו ווערסט באַשולדיקט אין גורם זיין דעם טויט פון מיליאָנען יידן אין דייטשלאַנד און אין די אָקופּירטע לענדער, אין די יאָרן 1945־1938. אַדאָלף אייכמאַן — דו ביסט עס אַדאָלף אייכמאַן״? — האָט געפרעגט דער פרידנס־ריכטער עמנואל ידיד־הלוי.

„יאָ — האָט אַדאָלף אייכמאַן געענטפערט אין דייטש — איך בין אַדאָלף אייכמאַן״.

אייכמאַן, פון וועמענס הענט עס זענען אַראָפּגענומען געוואָרן די קייטן, איז געשטאַנען אויסגעצויגן אויפן נאַצישן שטייגער. ער איז געווען געקליידט אין לאַנגע טונקעלע הויזן און אין אַ העל העמד. ער איז הויך און מאָגער, זיינע שיטערע האָר פאַרקעמט, זיין פּנים מיט קנייטשן, פריש ראַזירט.

געווען איז עס מאָנטיק אין אַ געוויס צימער אין יפו, פאַרן הויפּט־פרידנס־ריכטער עמנואל ידיד־הלוי, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן קעגן אייכמאַנען אַן אַרעסט־באַפעל אויף 14 טעג.

11 אַ זייגער פאַר מיטאָג זענען דערשינען אין דער קאַנצעלאַריע פונעם הויפּט־פרידנס־ריכטער אין תל־אביב דער גענעראַל־דירעקטאָר פון דער פּאָליציי, יוסף נחמיאס, דער פאַרטרעטנדיקער לייטער פון אויספאָרשונג־אָפּטיילונג ביים פּאָליציי־שטאַב, ה׳ שמואל רוט, און נאָך פּאָליציי־אָפיצירן און זיי האָבן פאַרגעלייגט דעם ריכטער, ער זאָל מיט זיי פאָרן קיין יפו, אַרויסצוגעבן אַן אַרעסט־באַפעל קעגן אַדאָלף אייכמאַן.

אין אַן אויטאָ, וואָס איז געווען באַזעצט דורך באַוואָפנטע פּאָליציי־לייט, איז אייכמאַן געבראַכט געוואָרן אין דאָזיקן אָרט. דאָרט זענען אָנוועזנדיק געווען דער גענעראַל־אינספּעקטאָר פון דער פּאָליציי און אַנדערע

היכע פּאָליציי־אָפיצירן. ה׳ רוט האָט געלייענט פאַר אייכמאַנען דעם נוסח פון דער באַשולדיקונג, נאָך דעם ווי מען האָט דעם פּאָליציי־אָפיציר באַ־ שווירן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גרונד צו גלייבן אין זיין באַשולדיקונג קעגן אייכמאַנען. ה׳ רוט האָט די באַשולדיקונג געלייענט אין עברית און דערנאָך זי איבערגעזעצט אין דייטש. ה׳ רוט האָט דערנאָך דערציילט:

„ער האָט זיך אידענטיפיצירט, ווען מ׳האָט אים געפרעגט ווי אַזוי ער הייסט. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, ווען מ׳האָט אים די ווערטער איבער־ געזעצט אין דייטש. ער האָט עס אויפגענומען זייער רויִק״.

די פּראָצעדור פון אַרויסגעבן דעם אַרעסט־באַפעל האָט געדויערט 15 מינוט. נאָך דעם ווי דער ריכטער האָט אונטערגעשריבן דעם באַפעל, איז אייכמאַן אַרויסגעפירט געוואָרן פון זאַל דורך פּאָליציי־לייט.

דער ריכטער ידיד־הלוי האָט אַ טיף־געריזטער געזאָגט: „איך האָב געפילט, אַז עס איז מיר אויסגעפאַלן אַ גרויסער זכות אַרויסצוגעבן אַן אַרעסט־באַפעל קעגן אַדאָלף אייכמאַן״.

די ערשטע ידיעה וועגן דער סענסאַציאָנעלער מיטטיילונג פון רעגי־ רונג־שעף אין דער כנסת, אַז דער צורר־היהודים אַדאָלף אייכמאַן איז געכאַפּט געוואָרן, און אַז ער געפינט זיך אין אַ ישראלדיקער תפיסה, איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דער נייעס־אוידיציע פון „קול ישראל״ 5 פאַר־ נאַכט, און דאָס גאַנצע לאַנד, פון עק ביז עק, איז ממש אויפגעטרייסלט געוואָרן פון איבערראַשונג.

קורץ נאָך דעם האָבן די אָוונט־צייטונגען „מעריב״ און „ידיעות אחרונות״ אַרויסגעגעבן עקסטרא־אויסגאַבן, וואָס זענען געריסן געוואָרן פון די הענט ביי די צייטונגס־פאַרקויפער. אין אַלע רעדאַקציעס האָבן נישט אויפגעהערט צו קלינגען די טעלעפאָנען, פון אַלע זייטן האָט מען געפרעגט: „צי איז טאַקע אמת, אַז מען האָט געכאַפּט אַדאָלף אייכמאַנען?״ אין די גאַסן האָבן זיך געשאַפן גרויסע געזעמלען פון מענטשן, וועלכע האָבן ברייט קאָמענטירט די איבערראַשנדיקע ידיעה. מענטשן האָבן גע־ וויינט פון פרייד און עס זענען אויך געווען פאַלן פון חלשות, פון טיפער גערירטקייט.

דעם גאַנצן אָוונט זענען הונדערטער טויזנטער אין גאַנצן לאַנד גע־ זעסן ווי צוגעשמידט צו די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, אָפּוואַרטנדיק מיט אומגע־ דולד מער אויספירלעכע פּרטים: וועגן דעם ווי דער מערדער איז געכאַפּט

געוואָרן און ווי אַזוי מען האָט אים געבראַכט קיין ישראל. מען האָט ממש נישט געגלייבט די אייגענע אויערן, אַז דער מאַסן־מערדער און איינער פון די געפערלעכסטע היטלעריסטישע פאַרברעכער, געפינט זיך שוין אין די הענט פון דער גערעכטיקייט, און דווקא אין מדינת ישראל. אַ גאַנצע ריי קאַצעטלער און פאַרטיזאַנער, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דאָס היטלער־גיהנום, האָבן זיך געמאָלדן, אַז זיי זענען גרייט פרייוויליק דורכצופירן דעם טויטאורטייל איבערן מערדער פון אונדזערע ברידער און שוועסטער.

מיטן כאַפּן פון דעם אַרכי־מערדער אַדאָלף אייכמאַן, און מיטן ברענגען אים פאַרן משפט פון דער פרייער און זעלבשטענדיקער יידישער מדינה, לעבט איבער ישראל טעג פון גרויסער און טיפער סאַטיספאַקציע.

3.6.60

## דער גרויסער זשורנאַליסטן־יריד

פון אַלע קאָנטינענטן, פון אַלע עקן וועלט, שטראָמען זיי קיין ישראל — די פאָרטרעטער פון דער „זיבעטער גרוימאַכט" — פון דער גרויסער און מעכטיקער וועלט־פּרעסע, פון ראַדיאָ און טעלעוויזיע. אַלע קומען זיי כדי צו „דעקן" דאָס גרויסע און היסטאָרישע וועלט־געשעעניש — צום משפט פון אַרכימערדער און מאָנסטער אַדאָלף אייכמאַן, וואָס ווערט געעפנט דינסטיק, דעם 11טן אַפּריל 1961, אַ זייגער 9 פרי אין ירושלים.

אין די הונדערטער קומען זיי אָן אין גרויס געאייל אויפן פליפלאַץ אין לוד, און פון דאָרט — דירעקט קיין ירושלים, כדי צו דערליידיקן אַלע נייטיקע פאָרמאַליטעטן און באַקומען די געגאַרטע קרעדענציאַל־קאָרטע. ווען די דאָזיקע שורות ווערן געשריבן, פיר טעג פאַרן אָנהייב פון משפט, זענען שוין אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט פון ישראל קרוב 400 זשורנאַ־ליסטן, צווישן זיי פיל קאָרעספּאָנדענטן מיט וועלט־נעמען — די סאָמע „קאַרפּן־קעפּ" פון דער גרויסער וועלט־פּרעסע און פון די נייעס־אַגענטורן. אין ירושלים האָט זיך שוין געשטעלט דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער זשורנאַליסטן־יאַריד מיטן גאַנצן ברען.

כדי מקבל־פנים צו זיין די הונדערטער אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן מיטן גאַנצן כבוד און דערטיילן זיי יעטוועדע מעגלעכע הילף, האָט דאָס מלוכהשע פּרעסע־ביוראָ געעפנט אַ ספּעציעלן קרעדענציאַל־צענטער אויפן רוסן־פּלאַץ אין ירושלים. די צאָלרייכע אָנגעשטעלטע, וואָס זענען באַשעפ־טיקט אין דעם דאָזיקן צענטער, זענען אַ טייל פון די 50 אָנגעשטעלטע, וואָס דאָס פּרעסע־ביוראָ באַשעפטיקט בעת דעם אייכמאַן־משפט — און זיי באַהערשן מער ווי אַ טוץ שפּראַכן.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט היינט באַזוכט דעם דאָזיקן קרעדענציאַל־צענטער און האָט דאָרט באַקומען זיין פּערמאַנענטע איינטריט־קאַרטע אויפן אייכמאַן־פּראָצעס. אין דער טעקע געפינט זיך אַ קאָפּיע פונעם באַשולדיקונג־אַקט קעגן אייכמאַנען, אין ענגליש, פראַנצויזיש און דייטש. אַ בויגן מיט אַלע פּרטים וועגן די אָפיציעלע ראַנגעס אין דער דייטשער אַרמיי, אַ רשימה פון די ריכטער, וואָס וועלן משפטן אייכמאַנען און די מענטשן פון דער פּראָקוראַטור.

די הכנות פון ישראלדיקן פּרעסע־ביוראָ ציִען זיך שוין פאַקטיש פון יולי, פאַראַיאָרן. דער קרעדענציאַל־צענטער פאַרענדיקט זיין אַרבעט דעם 10טן אַפּריל, אַ טאָג פאַרן אָנהייב פון אייכמאַן־משפט. אויף צו מאָרגנס, ס'הייסט היינט, דינסטיק, גייט דאָס גאַנצע פּרעסע־ביוראָ אַריבער אין בנין פון „בית העם" אין ירושלים.

ביז איצט האָבן געמאָלדן וועגן זייער באַטייליקונג קרוב 500 אויסלענ־דישע זשורנאַליסטן און 123 ישראלדיקע זשורנאַליסטן. ווי „מעריב" גיט איבער, האָבן די ישראלדיקע מאַכט־אָרגאַנען נישט געוואָלט געבן קיין איינרייזע־דערלויבעניש פאַר דריי זשורנאַליסטן פון אייראָפּע, נישט האָבנ־דיק קיין גענויע פּרטים וועגן זייער פאַרגאַנגענהייט, אָדער צוליב זייער פיינטלעכער איינשטעלונג צום יידישן פאָלק.

צום משפט קומען זשורנאַליסטן פון 40 לענדער. דער מזרח־בלאָק וועט זיין פאַרטרעטן דורך 16 זשורנאַליסטן — פון בולגאַריע, טשעכיע, מזרח־דייטשלאַנד, אונגאַרן, פּוילן און רומעניע, ווי אויך דער רוסישער פאַרטרע־טער פון „טאַס", וואָס זיצט סטאַביל אין לאַנד. ער וועט פאַרטרעטן סאָ־וויעט־רוסלאַנד.

צווישן די צענדליקער זשורנאַליסטן, וואָס וועלן קומען פון פראַנק־רייך, געפינען זיך צוו"אַ דע קאָקאָ („פיגאַראָ"), ראָזשע וואַיאַנט („פראַנס אָבסערוואַטאָר"), וואָס איז באַשאָנקען געוואָרן מיטן גאָנקור־פּרייז, זשאַק

קאָבער („ל'הומאַניטע", אַ קאָמוניסטישע צייטונג), זשאַן מאַרק האויער („לע מאָנד"), פּאָטשער (פון דער פראַנצויזישער טעלעוויזיע), דער שרייבער דזשאָזעף קאָסעל א"אַ.

מערב־דייטשלאַנד איז פאַרטראָטן דורך 51 זשורנאַליסטן, גריכנלאַנד — דורך דריי, פון איטאַליע זענען געקומען 25, פון יאַפּאַן — 5, פון ניגעריע איינער, און פון אינדיע — איינער. צווישן די זשורנאַליסטן פון שוועדן געפינט זיך אויך די פאַרלאַמענט־מיטגלידערין פרוי אינגריד זיגערשטאָט. פון ענגלאַנד — 31 זשורנאַליסטן, צווישן זיי לאָרד ראַסעל אָף ליווערפּול, וואָס שרייבט אַ בוך וועגן אייכמאַן־משפט, לאָרד ראַסעל וועט זיין אָנוועזנדיק במשך דער ערשטער וואָך פונעם משפט, ער וועט צוריקפאָרן קיין ענגלאַנד און צוריקקומען צו די לעצטע צוויי וואָכן פון משפט. די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע שלאָגן דעם רעקאָרד מיט דער צאָל זשורנאַליסטן, וואָס זענען געקומען צום משפט — העכער הונדערט זענען געקומען פון די צוויי לענדער, צווישן זיי באַרימטקייטן אין דער אַמעריקאַנער פרעסע־וועלט, ווי, למשל, מאַרטאַ געלהאָרן (די געוו. פרוי פונעם שרייבער העמינגוויי), דער שרייבער האַרי גאָלדען, גענעראַל מאַרשאַל, אירווינג שאָו, גענעראַל טעלפאָרד טיילאָר — דער געוועזענער אַמעריקאַנער פּראָקוראָר בעת דעם נירנבערגער פּראָצעס. אויך פון יוגאָסלאַוויע דאַרפן נאָך אָנקומען 10 זשורנאַליסטן.

ביז איצט האָבן געמאָלדן בלויז דריי רעגירונגען — מערב־דייטשלאַנד, עסטרייך און יוגאָסלאַוויע — אַז זיי וועלן אַרויסשיקן אָפיציעלע אָבסערוואַטאָרן, זיי וועלן אָבער נישט פאַרטרעטן זייערע רעגירונגען, נאָר פאַרשידענע אינסטיטוציעס און קערפּערשאַפטן. אַזוי, למשל, איז שוין באַקאַנט, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן און פראַנקרייך וועלן זיין פאַרטראָטן דורך צענטראַלע פערזענלעכקייטן אין זייער פּאָליטישן לעבן. פיל מדינות האָבן געמאָלדן דעם ישראלדיקן אויסערן־מיניסטעריום, אַז זייער סטאַביּלער דיפּלאָמאַטישער פאָרשטייער אין ישראל וועט זיי פאַרטרעטן בעתן משפט. אַלע דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטונגען אין ישראל האָבן באַקומען איינטריט־קאַרטן אין געריכט־זאַל.

צווישן די חשובע אָבסערוואַטאָרן איז שוין אָנגעקומען דער מיטגליד פון העכסטן געריכט אין יוגאָסלאַוויע, באָריוואָי קגיזיץ פון סאַראַיעוואָ. רענאַטאָ ברוטאָליני, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אינטערנאַציאָנאַ־

לער אָרגאַניזאַציע פון די אַנטי־נאַצי־קעמפער (פ.י.ר.). ברוטאַליני האָט זיך באַטייליקט אין דעם לאַנד־כינוס פון די אַנטי־נאַצי־קעמפער און די נאַצי־קרבנות, וואָס איז פאָרגעקומען שבת אין דער פרי אויפן „מוגראַבי״־פּלאַץ אין תל־אביב און נאָך דעם האָט ער זיך באַטייליקט אין דער דעמנ־סטראַציע פון דער „געלער לאַטע״, וואָס איז אַרויס פונעם „מוגראַבי״־פּלאַץ איבער די צענטראַלע גאַסן פון שטאָט.

אין דער פרייער צייט ביז צום משפּט, נוצן אויס די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן אַלע מעגלעכקייטן צו באַקענען זיך מיטן לאַנד און מיט זיינע פּראָבלעמען. אַ באַזונדערן אינטערעס ווייזן זיי אַרויס פאַרן פּראָבלעם פון דער אַראַבישער מינדערהייט אין לאַנד. זיי האָבן באַזוכט אַ ריי אַראַ־בישע דערפער, געטראָפן זיך מיט אַראַבישע פאַרטרעטער אין דער כנסת, מיט אַראַבישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. פיל קאָרעספּאָנדענטן האָבן שוין אַרויסגעשיקט אויספירלעכע קאָרעספּאָנדענצן פון דעם איבעראַשנ־דיקן אויפשטייג — קולטורעלן, פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן און גאַנץ באַזונדערס, אינעם עקאָנאָמישן שטח — אין די אַראַבישע דערפער אין ישראל. אין קיין שום אַראַביש לאַנד לעבט זיך נישט אַזוי גוט די ברייטע אַראַבישע מאַסן ווי אין מדינת ישראל — שטרייכן אונטער די קאָרעס־פּאָנדענטן.

אויך אַנדערע ישראלדיקע פּראָבלעמען באַקומען אין די דאָזיקע טעג אַ זייער ברייטע אָפּשפּיגלונג אין דער וועלט־פּרעסע.

אַזוי האָט זיך געשטעלט דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער „זשורנאַ־ליסטן־יאַריד״ אין ירושלים, וואָס איז גאָר נישט געווינט צו אַזאַ פאַר־שמאַיעטן, טומלענדיקן עולם, אָבער אונדזער אַזוי סאָלידע הויפּטשטאָט וועט זיך מוזן צופּאַסן צו דעם דאָזיקן „זשורנאַליסטן־יאַריד״, ווייניקסטנס אין די נאָענטע 2־3 חדשים.

דערווייל וואַרטן זיי אָפּ מיט טיפער שפּאַנונג דעם פרימאָרגן פון דינסטיק, דעם 11טן אַפּריל, ווען ס׳עפנט זיך אין ירושלימער „בית עם״ דער היסטאָרישער אייכמאַן־פּראָצעס.

11.4.61

# דער פּראָקוראָר באַשולדיקט אייכמאַנען

ס׳איז געווען אַ שרעקלעכער, אַ שוידערלעכער טאָג, ס׳איז געווען אַ טאָג, ווען מיר האָבן ווידער איבערגעלעבט אַלע אַכזריותן, אַלע ליידן און פּיינען פון אויסגעשאָכטענעם יידישן פאָלק, אין די געטאָס, אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין די גאַזקאַמערן. דאָס איז געווען אַ „תשעה־באָב״, וואָס איז גאָר אויסגעפאַלן אין א׳ אייר תשכ״א — אַ שוידערלעך אויפטרייסלענדיקער מאָנטיק, פון 17טן אַפּריל 1961 — ווען דער גענעראַל־פּראָקוראָר, ד״ר גדעון האַוזנער, האָט אויסגעוויטיקט און אויסגעקרעכצט די גרויסע קינה פון אומגעקומענע זעקס מיליאָן קדושים, אין דעם, אַ מיליאָן יידישע קינדערלעך, וואָס זענען צעריסן געוואָרן אויף שטיקער אין די אויגן פון זייערע מוטערס, — אין זיין אומפאַרגעסלעכער און היסטאָרישער באַשולדיקונגס־רעדע, קעגן דעם פּלאַנירער און אויספירער פונעם פּלאַן פאַר דער ענדגילטיקער לייזונג פון יידן־פּראָבלעם, דעם אַרכי־מערדער פון יידישן פאָלק, אַדאָלף אייכמאַן.

אַ שווערע אַטמאָספער פון ליידן און פּיין האָט אַרומגענומען דעם פול־געפּאַקטן געריכט־זאַל, ווען דער פּראָקוראָר איז אַרויסגעטראָטן מיט זיין באַשולדיקונג, ווען ער האָט געשילדערט די מאָרדן, פּייניקונגען און שרעקן, וואָס אייכמאַן האָט אויסגעפירט מיט אַזאַ שוידערלעך־פאַרביסענער אַכזריותדיקייט. און ווען ער האָט געשילדערט דעם מאָרד פון אַ מיליאָן יידישע קינדערלעך, זענען אַפילו די האַרטסטע און אַזוי אויסגעפּרוווטע נישט־יידישע קאָרעספּאָנדענטן, פון אַלע עקן וועלט, צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן און זיי האָבן ביטער געוויינט. אויך די דייטשע קאָרעספּאָנדענטן זענען געווען טיף אויפגעטרייסלט און איינער פון זיי האָט געזאָגט: „דאָס איז געווען דער שוואַרצער טאָג פאַר די דייטשן״, — „איך בין דערשיטערט נאָך דעם ווי איך האָב אויסגעהערט די אויפטרייסלענדיקע רעדע פון יורי־דישן ראַטגעבער, ה׳ האַוזנער״ — האָט דערקלערט פאַר אַן אויסלענדישן קאָרעספּאָנדענט אייכמאַנס פאַרטיידיקער, סערוואַציוס. ווען דער קאָרעס־פּאָנדענט האָט באַמערקט, אַז ער האָט געדאַרפט דערוואַרטן אַזאַ מין רעדע, האָט סערוואַציוס געענטפערט: „דאָס איז טאַקע ריכטיק, אָבער ווען מען הערט עס אין אַזאַ גוט סטיליזירטער פאָרם, ווי דאָס האָט געטאָן דער יורי־

דישער ראַטגעבער, ווערט פאַרכאַפּט דער אָטעם און מען פאַרלירט דעם אַפּעטיט. איך בין דערשיטערט און עס דרייט זיך מיר דער קאָפּ".

גלייך ביים אָנהייב פון דער זיצונג, האָט דאָס ספּעציעלע געריכט צו משפּטן אייכמאַנען באַשלאָסן, אַז ס'איז קאָמפּעטענט צו משפּטן דעם באַשולדיקטן, און וואַרפט אָפּ אַלע באַוואָרעניש פון דעם פאַרטיידיקער ד"ר ראָבערט סערוואַציוס.

דער געריכטזאַל איז פול געפּאַקט, אַלעמענס בליקן זענען געווענדט צו די דריי ריכטער, וואָס האָבן ערשט איצט אַרויסגעגעבן דעם היסטאָרישן באַשלוס, אַז אַ ישראלדיק געריכט האָט דאָס רעכט צו משפּטן אַדאָלף אייכמאַנען. מ'וואַרפט אויך אַ בליק אויפן צורר גופא אין זיין גלעזערנער שטייג, ער שיקט איבער אַ בינטל דאָקומענטן צו זיין פאַרטיידיקער. ער שרייבט עפּעס, לייגט איין זיינע פּאַפּירן — אַלץ מיט ענערגיע, עפּעס נישט ווי נעכטן, אייערנעכטן — ממש ווי אין יענע גוטע טעג...

מיט אַ שטילער שטימע, ווי די ווערטער וועלן געוויגן און געמאָסטן, אָבער דערביי אויך מיט פּאַטאָס, לייענט פאָר דער געריכט־פאָרזיצער דעם באַשלוס. פון יעדן וואָרט פילט זיך אַרויס שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס די ריכטער האָבן גענומען אויף זיך כלפּי דעם יידישן פאָלק און דער גאָרער וועלט.

„זאָג אים, אַז ער קאָן זיך זעצן" — פאַראָרדנט דער געריכט־פאָרזיצער. דער צורר זעצט זיך פעסט אויף זיין שטול, ער טוט אָן אויפן קאָפּ די הער־טרייבלעך, פעסטיקט זיי צו צו די אויערן, כדי ער זאָל גוט הערן, און הייבט אָן ווידער פאַרצייכענען.

דער יורידישער ראַטגעבער פון דער ישׂראל־רעגירונג, וואָס באַשולדיקט אין נאָמען פון אויסגעשאָכטענעם פאָלק הייבט אָן מיט זיין גרויסן אויפטרייסלענדיקן „איך באַשולדיק".

דערמיט הייבט זיך פּאַקטיש אָן דער משפּט קעגן דעם צורר אַדאָלף אייכמאַן. „זאָג דעם באַשולדיקטן ער זאָל זיך אויפשטעלן". — פאַראָרדנט דער געריכט־פאָרזיצער. אייכמאַן שפּרינגט גלייך אויף און שטעלט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער גרייס. לויט דער פאַראָרדענונג פונעם גע־ריכט־פאָרזיצער נעמט ער אַראָפּ די הער־טרייבלעך און זיין געזיכט ווערט נאָך מער אויסגעצויגן, און די נאָז נאָך שפּיציקער.

אין זאָל איז דורכגעלאָפן אַן עלעקטרישער שטראָם. הונדערטער פאָר

אויגן זענען צוגעשמידט צו דער גלעזערנער צעלע, ווו דער צורר איז געשטאַנען מיט אַ פאַרשטיינערט פנים.

וואָס וועט ער איצט זאָגן? איצט, ווען ער דאַרף ענטפערן אויף דער פראַגע, צי ער אָנערקענט זיך שולדיק פאַר זיינע „מעשים". דער געריכט־פאָרזיצער שטעלט די פראַגע:

— איר אָנערקענט זיך אַלס שולדיק אָדער נישט אין פונקט איינס פון באַשולדיקונגס־אַקט?

אַ טויט־שטילקייט הערשט אין זאַל. אייכמאַן, אַן אויסגעגלייכטער, קוקט גלייך אין די אויגן פון די ריכטער, און ער ענטפערט דעצידירט: „אים זיננע דער אַנקלאַגע — ניכט שולדיק". אונטערשטרייכנדיק דעם „ניכט". אַזוי שטייט ער גאַנצע צען מינוט און דער געריכט־פאָרזיצער פרעגט ווידער און נאָך אַ מאָל: „צי אָנערקענט איר זיך שולדיק אָדער נישט אין פונקט צוויי פון באַשולדיקונגס־אַקט?" — און דער בלוטיקער מערדער ענטפערט ווידער און נאָך אַ מאָל אין זעלבן פון פריִער צוגעגרייטן נוסח: „אים זיננע דער אַנקלאַגע — ניכט שולדיק".

און אַזוי פופצן מאָל נאָך יעדן איינעם פון די פופצן באַשולדיקונגס־פונקטן, אונטער וועלכע ס'געפינען זיך ימען פון בלוט און פון טרערן, פון בערג אַש פון אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים — האָט דער צורר געענטפערט מיט דער זעלבער חוצפהדיק־אומפאַרשעמטער, הימלשרייענדיקער דעצידירטקייט: „אים זיננע דער אַנקלאַגע — ניכט שולדיק"...

דער געריכט־פאָרזיצער זאָגט צום איבערזעצער: „זאָגט אים, אַז ער קאָן זיך זעצן, און אויב ער וויל קאָן ער אָנטאָן די טרייבלעך אויף די אויערן"...

און דאַן ווענדט זיך דער געריכט־פאָרזיצער, ד"ר לאנדוי, צו האָוזנער: „ביטע, הער יורידישער ראַטגעבער".

האָוזנער הייבט אָן שטיל און באַלד ווערט זיין שטימע העכער און קלינגענדיקער:

„אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ אויף וועלכן איך שטיי פאַר אייך, ריכטער פון ישראל, קום איך באַשולדיקן אַדאָלף אייכמאַן. איך שטיי נישט איינער אַליין. צוזאַמען מיט מיר שטייען דאָ זעקס מיליאָן באַשולדיקער. אָבער זיי וועלן זיך נישט קאָנען אויפשטעלן און אָנווייזן מיט אַ באַשולדיקונג־פינגער צו דער גלעזערנער קאַבינע און אויסשרייען: ,מיר באַשולדיקן!', וואָרעם זייער אַש איז צעשיט אין אוישוויץ, אויף די פעלדער פון טרעב־

לינקע, פאַרשווענקט אין די טייכן פון פוילן און צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט פון אייראָפּע. אָבער זייער בלוט שרייט און זייער קול וועט נישט געהערט ווערן, דעריבער וועל איך זאָגן אין זייער נאָמען די שרעקלעכע באַשולדיקונג־ווערטער.

אין דער מיט טרערן דורכגעווייקטע געשיכטע פון פאָלק ישראל, האָבן מיר געהערט דאָס געבאָט: ,אין דיין בלוט וועסטו לעבן!׳ פרעה פון מצרים האָט באַשלאָסן זיי צו פּייניקן אין זייערעליידן, המן איז אויפגעשטאַנען זיי צו מאָרדן און פאַרניכטן, כמיעלניצקי און פּעטליוראַ האָבן דורכגעפירט פּאָגראָמען, אָבער אויף דעם גאַנצן וועג פון דאָזיקן פאָלק, זינט עס איז געוואָרן אַ פאָלק, איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען קיין איין מענטש, וואָס זאָל אָפּטאָן דאָס, וואָס עס האָט אָפּגעטאָן דער פאַרברעכערישער רעזשים פון היטלערן, און וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורך אַדאָלף אייכמאַן — דעם אָרעם, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו פאַרניכטן דאָס יידישע פאָלק.

די שרעקלעכע פאַרברעכנס פון וועלכע דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט און פון וועלכע די האָר שטעלן זיך קאַפּויער, וואָס זענען אָפּגעטאָן געוואָרן דורך דעם קיסר נעראָן און דזשינגיס כאַן, שרעקונגס־געשטאַלטן פון באַר־באַריזם — ווערן בלאָס אַנטקעגן די שוידער־פאַרטיליקונגען, וואָס וועלן פאָרגעשטעלט ווערן פאַר אייך, ריכטער פון ישראל".

דאַנטעס „גהינום" איז ווי אַ קינדער־שפּיל, אַקעגן די גרויל־שילדע־רונגען, אין דער גרויסער רעדע פונעם פּראָקוראָר, וואָס האָט אַלעמען אויפגעטרייסלט ביז די טיפענישן פון דער נשמה, וואָס האָט אַרויסגערופן טרערן אַפילו ביי די ריכטער, וועלכע האָבן זיך אַ נדר געגעבן צו האַלטן אין די ראַמען פון געזעץ, נישט צו לאָזן זיך מיטרייסן מיט די געפילן און „שוואַכקייטן". בילדער פון אומענדלעכן גרויל דערשיינען איינס נאָכן אַנדערן, אָפּגעריסענע ציטאַטן, עפּיזאָדן פון שוידערלעכסטן אומגליק. און אַזוי איז געשטאַנען גדעון האַוזנער, ווי אַ היינטצייטיקער נביא, אין משך פון אַנדערהאַלבן טעג, און ברייט פונאַנדערגעוויקלט די גרויליקע פּרשה פון אויסגעשאָכטענעם יידישן פאָלק. ס׳האָבן געוויינט די זשורנאַליסטן אין געריכט־זאַל, ס׳האָבן געוויינט הונדערטער טויזנטער יידן אין גאַנצן לאַנד, וואָס זענען געזעסן ווי צוגעשמידטע צו די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, און מיט צעווייטיקטע הערצער האָבן זיי נאָכגעפאָלגט די אויפשוידערנדיקע קינה איבערן אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק.

נאָר דער בלוטיקער צורר איז געזעסן רויִק. מיט זיין פאַרשטאַרטן

בליק האָט ער געקוקט צו די ריכטער, ווי נישט אים מיינט מען עס, ווי מען וואָלט דאָ דערציילט עפּעס אַן אַלטע געשיכטע...

אָבער מיטן שלוס פון פּראָקוראָרס גרויסער היסטאָרישער באַשולדיקונג־רעדע, ווען ס׳וועט זיך אָנהייבן דער פאַרהער פון די באַשולדיקונגס־עדות, וועט מען נאָך הערן זיין פאַרשאָלטענע שטים: „אים זיננע דער אַנקלאַגע — ניכט שולדיק״...

2.4.61

## „יאַוואָל״ — האָט אייכמאַן געענטפערט...

די גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע נייעס־אַגענטורן, די ראַדיאָ און טעלע־וויזיע־נעצן האָבן אייך שוין זיכער געבראַכט, אייניקע טעג אויספירלעכע באַריכטן וועגן פאַרלויף פון די ערשטע טעג פונעם היסטאָרישן אייכמאַן־משפט אין ירושלים, אָבער ווען די שורות ווערן געשריבן, איז דינסטיק דעם 11טן אַפּריל, 1961, 1 אַ זייגער מיט אייניקע מינוט, גלייך ווי עס האָט זיך געשלאָסן די ערשטע סעסיע פונעם גרויסן משפט, גלייך נאָך דעם ווי מיר זענען געזעסן אין משך פון פיר שעה, פון 9 פרי ביז 1 נ.מ., אויג אויף אויג מיטן צורר אייכמאַן, קוים 5־6 מעטער פון זיין גלעזערנער צעלע...

עס לאָזן זיך ממש נישט איבערגעבן אין ווערטער די געפילן פון די יידן, און אפשר אויך פון אַ טייל פון די נישט יידן, אין די דאָזיקע ערשטע פיר שעה, פון דער ערשטער „באַגעגעניש״ מיטן שוידערלעכסטן מערדער אין דער וועלט־געשיכטע, וואָס האָט גורם געווען דעם אומקום פון זעקס מיליאָן יידן — און ער זיצט זיך אין זיין צעלע, אַן אויסגעגלייכטער, מיט אַזאַ סטאָישער רויִקייט, מיט אַ בלאַסן אויסדרוקסלאָזן געזיכט, ווי נישט אים מיינט מען עס און דאָס איז געווען דאָס סאַמע שוידערלעכסטע אין די אויפּטרייסלענדיקע פיר שעה.

„בית המשפט!״ — האָט פונקט 9 פרי אויסגערופן דער דינער פונעם געריכט — און אין דעם גרויסן אַלגעמיינעם האַרמידער און זשורנאַליסטן־

יאַריד וואָס רוישן אין „בית־עם״־בנין ווי אין אַ בינשטאָק, האָט מען כמעט נישט באַמערקט ווי עס עפנט זיך די אויטאָמאַטישע טיר, וואָס פירט צו דער פאַרגלאָזטער צעלע און ווו מיט אַ צען מינוט פריִער איז דאָרט אַריינגעפירט געוואָרן דער צורר אייכמאַן און ווי אַזוי ער האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ, ווערנדיק אָפּגעהיט אין דער צעלע דורך צוויי ישראלדיקע פּאָליציאַנטן, און האַרט ביי דער צעלע — דורך אַן אָפיציר פון דער פּאָליציי וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין זיכערקייט.

אַ זייגער 8.50 איז אייכמאַן אַריינגעקומען אין געריכטזאַל דורך אַ זייטיקער טיר אין זיין גלעזערנער צעלע. ער איז געקומען געקליידט אין אַ נייעם אַנצוג, וואָס ער האָט באַקומען מיט אַ טאָג פריִער, מיט אַ בינדע אין פּאַסן און מיט ברילן אויף די אויגן. ער האָט זיך געזעצט מיט אַ פאַרגליווערטן געזיכטס־אויסדרוק, נאָר זיינע ליפּן האָבן זיך געשאָקלט פון נערוועזיטעט. דער שרייבער פון די שורות און אַ גאַנצע גרופּע זשורנאַליסטן, זענען צוגעקומען צו דער גלעזערנער צעלע צו אָבסערווירן דעם צורר פון דער נאָענט און פלוצלונג. אַ שאַרפער געשריי: „בית המשפט״ — און אין זעלבן מאָמענט האָבן זיך אַלע געשטעלט אויף די פיס. דריי יידישע ריכטער פון מדינת ישראל זענען אַריינגעקומען אין זאַל פון „בית עם״ אין ירושלים צו משפטן דעם צורר אַדאָלף אייכמאַן.

פונקט ניין פרי, קומט אריין, איינער נאָכן צווייטן, דער געריכטס־פאָרזיצער לאַנדוי, און נאָך אים — ד״ר הלוי און ד״ר ראַווה. אַדאָלף אייכמאַן גיט אַ שפּרונג אויף, מיט אונטערטעטיקייט און מיט כבוד. און ער שטעלט זיך אַן אויסגעגלייכטער, ווי אַ מיליטער־מאַן. עס הויבט זיך אָן די ערשטע סעריע פונעם ערשטן טאָג, פון גרויסן היסטאָרישן משפט. אַן אויסגעגלייכטער און אַ געשפּאַנטער שטייט אייכמאַן און ווענדט זיין קאָפּ צום ריכטערטיש.

„דו ביסט עס אַדאָלף, דער זון פון אַדאָלף קאַרל אייכמאַן?״ — פרעגט אים דער געריכטס־פאָרזיצער — „יאַוואָל!״ — ענטפערט ער גלייך. דער געריכטס־פאָרזיצער ד״ר לאַנדוי הויבט אָן צו לייענען דעם באַשולדיקונגס־אַקט אין אַ קלינגענדיקן העברעיִש: „דער קרימינעלער אַקט 61־40 — דער יורידישער ראַטגעבער פון דער ישראל־רעגירונג קעגן אַדאָלף דער זון פון אדאָלף קאַרל אייכמאַן״ — און די גאַנצע מגילה פון יסורים פון יידישן פאָלק אין דעם אומקום־דור ווערט פונאַנדערגעוויקלט פּרק נאָך פּרק, פּאַראַגראַף נאָך פּאַראַגראַף. ווו אין די בלוטיקע ווערגן דערשיינען

די סטאַציעס איינע נאָך דער צווייטער: אוישוויץ, כעלמנאָ, סאָביבאָר, בעלזשעץ, און כאָטש דער ריכטער האָט פאָרגעלייענט דעם אין בלוט פון מיליאָנען־קרבנות דורכגעזאַפּטן באַשולדיקונגס־אַקט, איינטאָניק, מיט דער שפּראַך פון טרוקענע ציפערן און פּאַראַגראַפן, האָט מען אין דעם פול־געפּאַקטן געריכטס־זאַל אַרויסגעפילט די גאַנצע שוידערלעכקייט פון דער טראַגעדיע פון אַ פאָלק, וואָס ווערט געפירט צום טויט, און דער אויפטרייסל איז געווען אַ שרעקלעכער.

נאָך דעם איז געקומען די איבערזעצונג פון באַשולדיקונגס־אַקט אין דער דייטשער שפּראַך, פּרק נאָך פּרק, אין דער שפּראַך, אין וועלכער עס זענען געגעבן געוואָרן די שחיטה און אומקום־באַפעלן — איצט הערט דער צורר אין דער זעלבער שפּראַך די באַשולדיקונג קעגן אים. אין באַשול־דיקונגס־אַקט ווערט געזאָגט צוו״אַ: „אין דער תקופה צווישן 1939 און צווישן 1945, האָט ער צוזאַמען מיט אַנדערע גורם־געווען צום אומקום פון מיליאָנען יידן, אַלס דער, וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אויספירונג פונעם נאַצישן פּלאַן, אומצוברענגען פיזיש מיליאָנען יידן, דער פּלאַן, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען: „די לעצטגילטיקע לייזונג פונעם יידן־פּראָבלעם״.

פאַרן פאָרלייענען פונעם באַשולדיקונגס־אַקט האָט דער ריכטער געמאָלדן אייכמאַנען, אַז ער איז פאַרטראָטן דורך זיינע פאַרטיידיקער ד״ר סערוואַציוס און ד״ר וואַכטענבערג — צי ווייס ער וועגן דעם? „יאַוואָל״, ענטפערט אייכמאַן. בעתן לייענען דעם באַשולדיקונגס אַקט האָט אייכמאַן שטייענדיק די גאַנצע צייט געקוקט צו די ריכטער. בלויז איין אייג־ציקן מאָל האָט ער געוואָרפן אַ בליק צום פול־געפּאַקטן זאַל פון וואַנען קעגנ־איבער דעם צורר, הענגט דער סימבאָל פון ישראל — די מנורה.

אין די סאַמע לעצטע מינוטן פאַרן אָנהויב פון פּראָצעס, זענען אָנגעקומען דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער, וואָס פאַרטרעטן זייערע מדינות אין ישראל און זיי האָבן פאַרנומען די ערשטע רייען פון דער גאַלעריע אין געריכטזאַל. אויסער די הונדערטער זשורנאַליסטן האָט מען אויך געזען ריכטער, אַדוואָקאַטן, הויכע פּאָליציי־אָפיצירן און אַ ריי הויכגעשטעלטע פערזענלעכקייטן וואָס האָבן באַקומען איינטריט־קאַרטן.

נאָכן איבערלייענען דעם באַשולדיקונגס־אַקט האָט דער ריכטער געפרעגט אייכמאַנען צי ער האָט אים פאַרשטאַנען? — ווידער פאַלט זיין

„יאַוואָל", און דאָס זענען געווען די דריי ווערטער, וואָס מען האָט געהערט פון אים אין משך פון דער גאַנצער ערשטער זיצונג.

גלייך נאָך דעם האָט אייכמאַנס פּאַרטיידיקער, סערוואַציוס, אָנגעהויבן פּאָרצולייענען זיינע באַוואָרענישן אַז: יידישע ריכטער, וואָס זענען דורך היטלערן אויף פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, קענען נישט זיין נייטראַל און זיי האָבן נישט קיין רעכט צו משפּטן אייכמאַנען; אַז זיין „קליענט" איז געבראַכט געוואָרן מיט צוואַנג קיין ישראל אאַז"וו. אין מיטן זיינע טענות, פּונקט 1 ביי טאָג, האָט דער געריכטס־פּאָרזיצער ד"ר לאַנדוי געשלאָסן די ערשטע זיצונג פון ערשטן טאָג פון היסטאָרישן אייכמאַן־משפּט.

„זעענדיק ווי מען פירט אַריין אייכמאַנען אין געריכטס־זאַל האָט זיך מיין אָטעם אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוט" — האָט דערקלערט אין געריכטזאַל דער אינזשעניר שמעון וויזענטאַל פון עסטרייך, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן אין די לעצטע 15 יאָר צו כאַפּן אייכמאַנען און אַנדערע נאַצישע פאַרברעכער. — אַלעמען אין פולגעפּאַקטן זיצונגס־זאַל איז כמעט אָפּגעשטעלט געוואָרן דעם אָטעם דערזעענדיק צום ערשטן מאָל דעם מערדער פון זעקס מיליאָן יידן.

18.4.1961

## דער ערשטער עדות...

אַלס ערשטער עדות פון דער באַשולדיקונג איז דערשינען פאַרן געריכט דער הויכער פּאָליציי־אָפיציר אבנר לעס וואָס איז געווען אייכמאַנס אויספאָרשער אינעם „ביוראָ 06". די עדות־מאַטעריאַלן, וואָס זענען אויפ־געגומען געוואָרן אויף אַ קלאַנגבאַנד פון אַ „טייפּרעקאָרדער" און וואָס זענען שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן אויף 3.500 איינגעבונדענע סטענסיל־זייטן זענען בעת דער איינציקער פרימאָרגן־זיצונג פונעם געריכט, פון מיטוואָך, ערב יום־העצמאות איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די ריכטער, נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָט דער געריכטס־פּאָרזיצער דער־לויבט, אַז דאָס געריכט זאָל אויסהערן אויסצוגן פון אייכמאַנס שריפט־לעכער דעקלאַראַציע, וואָס איז אויפגענומען געוואָרן דורכן טייפּ־רעקאָרדער.

„טראָץ אַלעמען ווייס איך, פאַרשטייט זיך, אַז כ׳קען זיך נישט אין גאַנצן רייִנוואַשן, ווייל דער פאַקט אַז איך פלעג באַקומען פאַראָרדענונגען, האָט זיכער, ביים היינטיקן טאָג נישט קיין שום באַדייט. די וואָס האָבן פּלאַנירט, דעצידירט און געגעבן די פאַראָרדענונגען, זענען אַנטלאָפן אויף אַ זייער ביליקן אופן פון יעדער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, דורכן באַגיין זעלבסטמאָרד, אַנדערע, פון די זעלבע קרייזן, זענען געשטאָרבן אָדער זיי געפינען זיך איצט נישט דאָ. אין מיינע הענט איז נישט אָנגעקלעפּט קיין בלוט. טראָץ דעם וועט מען מיך זיכער באַשולדיקן אין העלפן אין מאָרד. זאָל זיין, וואָס ס׳זאָל נישט זיין — אינערלעך בין איך גרייט צו פאַרגעבן פּערזענלעך אויף די שרעקלעכע געשעענישן. כ׳ווייס אַז עס דערוואַרט מיך טויט־שטראָף. כ׳וויל אַפילו נישט בעטן אויף אַ חסד, ווייל כ׳בין דאָס נישט ווערט. און נאָך מער: איך בין גרייט עפנטלעך זיך אויפצוהענגען, כדי די אַנטיסעמיטן פון דער גאַנצער וועלט זאָלן זען און מורא האָבן״. — — —

אין פול־געפּאַקטן געריכטזאַל הערשט אַ טויט־שטילקייט. די אָנוועזנדיקע הערן זיך צו צו אייכמאַנס שטימע פון טייפּ־רעקאָרדער, ווי זי וואָלט אַרויס פון קבר. דער צורר אַליין איז געזעסן אין זיין גלעזערנער קאַבינע מיט אַ פאַרגליווערט געזיכט. אויך ווען מען האָט אויסגעהערט די אויסצוגן פון זיין „וידוי״, האָט מען אויף זיין פּנים נישט געזען קיין שום אויסדרוק פון וועלכער ס׳איז געריבטקייט, „איך ווייס נישט, איך בלאָנדזשע אין דער פינצטער און איך ווייס נישט פון וואָס אָנצוהייבן, האָט עס זיך אָנגעהויבן אין פראַנקרייך, ווי אַזוי האָט זיך עס דאָרט אָנגעהויבן? איז עס געווען אין האָלאַנד? וואָס האָט פּאַסירט אין סאַלאָניקי? וווּ איז עס פאָרגעקומען אין בראַטיסלאַוואַ? ווען איז בכלל וויסליצאַני געקומען קיין בראַטיסלאַוואַ?... אויף אָט די פראַגן קאָן איך איצט נישט ענטפערן״.

אייכמאַן פאַרזיכערט, אַז לכתחילה האָט ער נישט פאַרשטאַנען, וואָס היידריך מיינט, און אַז ער האָט שוין יאָ פאַרשטאַנען, איז „ווי מען וואָלט פון אים אַרויסגעלאָזן די לופט״. ער האָט זיך קיין מאָל אַפילו נישט פאָרגעשטעלט אַזאַ ברוטאַלע לייזונג פון דער יידן־פראַגע.

ער איז אַוועקגעפאָרן צו גלאָבאָטשניקן, און איינער פון גלאָבאָטשניקס געהילפן האָט אים אַוועקגעפירט הינטער לובלין (ער געדענקט נישט — אפשר איז עס טרעבלינקע), וווּ מען האָט געבויט ספּעציעלע הערמעטיש־פאַרמאַכטע האָלץ־געביידעס, וווּ יידן האָבן געזאָלט פאַרניכטעט ווערן מיט דער הילף פון גאַז. שפּעטער, אין יאָר 1942, איז ער לויטן באַפעל פון

דירעקטן פאַרגעזעצטן גרופּנפירער מילער, געפאָרן קיין לאָדזש, ווו ער האָט געזען, ווי מען פאַרניכטעט יידן אין ספּעציעלע גאַז־אויטאָס, אין אַ ספּעציעלע געביידע האָבן די יידן געמוזט זיך אויסטאָן, דאַן זענען זיי אַריינגעטריבן געוואָרן אין די אויטאָס, וואָס זענען הערמעטיש געשלאָסן געוואָרן. די אויטאָס האָבן גענומען פאָרן אין דער ריכטונג פון פריער צוגעגרייטע גריבער. די טויטע קערפּערס, וואָס האָבן ווי אייכמאַן זאָגט, נאָך אויסגעזען ווי לעבעדיקע, זענען אַריינגעשליידערט געוואָרן אין די גריבער. פאַרן פאַרשיטן די גריבער האָט אַ מענטש אין ציווילער קליידונג אַרויסגעריסן די גאָלדענע ציין. ביי די טויט־אויטאָס האָט זיך געפאָרעט אַ דאָקטאָר אין אַ ווייסן כאַלאַט.

אייכמאַן פאַרזיכערט, אַז צוריקקומענדיק קיין בערלין, האָט ער דער־קלערט מילערן, אַז „דאָס איז אַ גהינום״.

אייכמאַן דערציילט אויך וועגן זיינע באַזוכן אין מינסק, ביאַליסטאָק און לעמבערג, ווו עס זענען פאָרגעקומען מאַסן־אויסשיסונגען פון יידן. אין מינסק האָט ער געזען ווי יונגע דייטשן מיט אָפּצייכענונגען פון טויטן־קאָפּ אויף די קראַגנס האָבן געשאָסן אין אַ גרובן מיט מענטשן. ער זעט נאָך איצט פאַר זיך אַ פרוי, אין וועלכער די דייטשן האָבן געשאָסן. דער צורר פאַרזיכערט, אַז ער האָט זיך נישט געקענט צוקוקן צו די שוידער־בילדער און ער האָט פאַרלאָזן לעמבערג.

ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן האָט ער דערקלערט די ס.ס.־אָפיצירן, אַז די מענטשן, וואָס פירן דורך די דערשיסונגען, דאַרפן אָדער משוגע ווערן, אָדער פאַרוואַנדלט ווערן אין סאַדיסטן, אָבער „דאָס זענען דאָך אונזערע מענטשן״. בנוגע זיינע באַזוכן אין אוישוויץ, האָט אייכמאַן דער־קלערט פאַר זיינע אויספאָרשער, אַז ער איז דאָרט געווען בלויז 3 מאָל. דאָס ערשטע מאָל, ווען „ער איז נאָך געווען קליין״ און שפּעטער, ווען עס האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקע פאַבריק, בעת דעם צווייטן באַזוך האָט אים דער קאָמענדאַנט פון אוישוויץ, רודאָלף העס, פאַרבייפאָרנדיק פאַר דער טויטפאַבריק דערקלערט, אַז טעגלעך קענען פאַרניכטעט ווערן צען טויזנט מענטשן.

אייכמאַן דערציילט אויך וועגן באַזוך פון הימלערן אין אוישוויץ. העס האָט אייכמאַנען דערציילט, אַז ביי הימלערן, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דער פאַרניכטונג, האָבן געציטערט די קני. ער האָט זיך אָבער צוגעגעבן קוראַזש און כדי נישט אַרויסצווייזן שוואַכקייט, האָט ער דערקלערט, אַז

דאָ ווערן געפירט שלאַכטן וואָס די צוקונפטיקע דורות וועלן נישט דאַרפן פירן.

אייכמאַן האָט געטענהט פאַר זיינע אויספאָרשער, אַז ער האָט אויס־געמיטן צו זען ווי מענטשן ווערן פאַרניכטעט. ער האָט בלויז געזען ווי עס ווערן פאַרברענט קערפּערס פון טויטע יידן. אַ סעלעקציע, און ווי יידן ווערן געטריבן אין די גאַז־קאַמערן, האָט ער געזען פון אַ געוויסן אָפּשטאַנד אין טרעבלינקע.

וועגן די לעצטע טעג אין בערלין, האָט אייכמאַן דערציילט, אַז עס איז באַקומען געוואָרן אַ באַפעל צו פאַרברענען געהיימע דאָקומענטן. ס.ס.־לייט האָבן באַקומען פאַלשע דאָקומענטן. אָבער ער, אייכמאַן, האָט עס געהאַלטן פאַר אומווירדיק און האָט דערקלערט אַז נאָכדעם ווי עס זענען אומגעקומען מיליאָנען דייטשע פרויען, קינדער און אַלטע לייט דורך שונאים וואָס האָבן געשטורעמט דייטשלאַנד, און ווען עס זענען אויך אומגעקומען 5 מיליאָן יידן — נאָכדעם ווי דאָס אַלץ האָט פּאַסירט און אַלץ איז געענדיקט, וועט ער אַריינשפּרונגען אין גרוב. ער איז אָבער נישט געשפּרונגען...

און דאַן קומט אייכמאַנס „ווידוי", אַז ער ווייסט אַז עס דערוואַרט אים טויט־שטראָף, און כדי מכפּר צו זיין אויף די שרעקלעכע געשעענישן איז ער גרייט זיך אַליין עפנטלעך אויפצוהענגען.

די ווידוי־דערקלערונגען פונעם בלוטיקן צורר זענען אויפגענומען געוואָרן דורכן פול־געפּאַקטן געריכטזאַל מיט שפּאָט און מיט צאָרן.

29.4.1961

## גרויליקע פּרטים פון יידישן אומקום

די גאַנצע פערטע וואָך פונעם אייכמאַן־משפט אין ירושלים, שטייט אונטערן איינדרוק פון די גרויל־שילדערונגען פון די עדות, ווי אַזוי די נאַצי־מערדער האָבן אויסגעשאָכטן, פאַרברענט און פאַרגאַזט דאָס פּוילישע יידנטום. די גאַנצע וואָך איז אַריבער אין ישראל אין אַן אַטמאָספער פון טרויער און פון ברענענדיקן צאָרן אויפן אייכמאַן־פּראָצעס זענען אויפ־

געטראָטן עדות, די על פּי נס לעבנגעבליבענע פון די טויט־לאַגערן און גאַזקאַמערן, ד"ר משה בייסקי, פרידנס־ריכטער פון תל־אביב און ד"ר לעאָן וויעליטשער־וועלס, וואָס איז ספּעציעל געקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן צום געריכט.

אין זייערע עדות־דערקלערונגען האָבן זיי געבראַכט שווידער־בילדער, איינס שרעקלעכער פאַרן אַנדערן. עס האָבן אויפגעטויכט סצענעס פון אומ־באַשרייבלעכער ראַפינירטער אַכזריות פון די מערדער, בילדער פון אומ־ענדלעכן פּיין און פון גרענעצלאָזער בעסטיאַלקייט.

צבי פאַכטער פון מושב מגד, האָט געשילדערט דעם „טויטמאַרש" פון טויזנטער הרוביעשאָווער און כעלמער יידן, אָנהייב דעצעמבער 1939, בעת וועלכן די מערהייט איז דערמאָרדעט געוואָרן און די איבעריקע זענען געצוווּנגען געוואָרן אַריבערצוגיין די סאָוויעטישע גרענעץ, אָבער די סאָ־וויעטישע גרענעץ־וואַך האָט זיי צוריקגעטריבן.

דעם גורל פון די יידן אין סאַנאָק האָט געשילדערט דער עדות יעקב גורפיין פון תל־אביב. ער האָט איבערגעגעבן, אַז אין אָנהייב זענען די יידן באַזעצט געוואָרן אין אַ נישט־אַרומגעצוימטן געטאָ און באַשעפטיקט גע־וואָרן ביי שקלאַפן־אַרבעט. פאַרן אַריינזעצן זיי אין געטאָ איז פאָרגעקומען אַ יידן־ציילונג, וואָס האָט געוויזן, אַז אין סאַנאָק האָבן זיך דעמאָלט געפונען 13 טויזנט יידן, דערפון אַ טייל פון דער סביבה.

נאָך פאַרן שאַפן דאָס געטאָ זענען יידן געמאָרדעט געוואָרן אין שולן זענען פאַרברענט געוואָרן. אַ נאַכט פאַרן מאַסן־גירוש זענען די יידן צע־טיילט געוואָרן אויף אַרבעטספּעיִקע און אויף אַזעלכע, וואָס זענען באַ־שטימט אַריבערגעפירט צו ווערן אין פאַרניכטונג־לאַגער. נאָך די גירושים זענען פאַרבליבן 1,300 יידן. אָבער אויך די לעצטע זענען שפּעטער אומ־געקומען, און היינט קאָן מען אָנציילן אויף די פינגער פון איין האַנט די לעבנגעבליבענע פון סאַנאָקער געטאָ.

דעם גורל פון די יידן אין טשעכאַנאָוו, האָט געשילדערט דער עדות נח זאַבלודאָוויטש. גלייך ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען טשעכאַנאָוו איז די שטאָט איינגעשלאָסן געוואָרן אינעם קרייז „בייע היימאַט". דער עדות, וואָס איז אַ דאַנק זיין פאַכמענישקייט אַלס שאָפער און מעכאַניקער געווען דער פאַרבינדלער צווישן די אַרומיקע יידישע ישובים, האָט דערציילט אויפטרייסלענדיקע פאַקטן פון ספּעציעל צוגעטראַכטע אופנים פון פייניקן יידן, וואָס נאָר סאַדיסטן און פאַרברעכער קאָנען אַזעלכעס צוטראַכטן.

צב״ש, אין איין הויז, ווו צוליב דער ענגשאַפט האָט מען געמוזט אויפשטעלן 3 בעטן, איינס איבערן אַנדערן. אין איינער אַזאַ וווינונג זענען אַריין די דייטשן און האָבן באַפוילן, אַז די מענער זאָלן זיך טוישן מיט די פרויען און זאָלן דורכפירן געשלעכטלעכע אַקטן אין קעגנוואָרט פון די קינדער.

דער עדות דערציילט, אַז אין אַ געוויסער נאַכט האָבן די דייטשן באַפוילן אַלע יידן אַרויסצוגיין פון די הייזער. 5 יידן, וואָס האָבן זיך פאַרשפעטיקט זענען אויפגעהאַנגען געוואָרן אין צענטער שטאָט. די דאָזיקע 5 יידן זענען געבליבן הענגען גאַנצע 24 שעה.

וועגן דער גהינום־פיין אין אַרבעטס־לאַגערן, און ספּעציעל אין לאַגער פּלאַשאָוו, האָט עדות געזאָגט ד״ר משה בייסקי, פון קראָקע, איצט פרידנס־ריכטער אין תל־אביב. די מלחמה האָט אים געטראָפן אין קראָקע און שפּעטער, ביים אויפשטעלן דאָס געטאָ, איז ער אַנטלאָפן קיין דזשאַלאָשיץ, ווו עס זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן מאַסן יידן פון שלעזיע, קראָקע און לאָדזש. פון דאַנען איז דער עדות דורכגעגאַנגען אַ ריי אַרבעטס־לאַגערן, וואָס ער האָט געשילדערט מיט אַן אומגעהייערער בילדערישקייט. פּלאַשאָוו — האָט ער געזאָגט — איז אָפיציעל געווען אַן אַרבעטס־לאַגער, אָבער פאַקטיש איז פּלאַשאָוו געווען אַ פאַרניכטונגס־לאַגער. דער עדות האָט דערציילט ווי אַזוי די יידן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די דייטשע אונטערנעמונגען, פלעגן אומגעבראַכט ווערן ביי דער אַרבעט גופא און אָפט פלעגט צוריקקומען בלויז אַ קליינע צאָל לעבעדיקע פון די, וואָס זענען אַרויס צו דער אַרבעט. אומעטום זענען געווען איינגעשטעלט שטראָפן פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט: פאַר איין אַנטלאָפענעם ייד פלעגט מען אויסמאָרדן צענדליקער. צווישן זיינע דערציילונגען, וואָס האָבן דערשיטערט די אָנוועזנדיקע אין דעם פולן געריכט־זאַל, איז געווען זיין דערציילונג וועגן 2 געהאָנגענע אין לאַגער. אַ 15־יאָריק יינגל מיטן נאָמען האָובענשטאָק איז פאַרמשפט געוואָרן צו הענגען כלומרשט דערפאַר, ווייל ער האָט געזונגען אַ רוסישע מעלאָדיע. בעתן הענגען אים האָט זיך די שטריק איבערגעריסן, אָבער די נאַציס האָבן אים געהייסן נאָך אַ מאָל אַרויפגיין אויף דער שטול און אַריינשטעקן דעם קאָפּ אין אַ נייער פּעטליע. דאָס יינגל האָט זיך געבעטן מען זאָל אים לאָזן לעבן, אָבער די נאַציס האָבן אים אויפגעהאָנגען.

דער צווייטער פאַל איז געווען מיט אינזש. קראַוטווירט. איידער ער איז אַרויף צו דער תליה, האָט ער יזך איבערגעשניטן מיט אַ ראַזירמעסער די

אַדערן פון די הענט און אַזוי איז ער אויפגעהאַנגען געוואָרן, בעת דאָס בלוט איז פון אים גערונען. צו די דאָזיקע סצענעס האָבן זיך צוגעקוקט, אונטער צוואַנג, 15 טויזנט מענטשן, וואָס זענען געווען אַרומגערינגלט דורך הונדערטער דייטשן און אוקראַינער, באַוואָפנטע מיט מאַשינגעווער.

דער עדות דערציילט וועגן אַ סעלעקציע פון קינדער, וואָס זענען גע־פירט געוואָרן צום טויט. ווען די עלטערן שטייען באַזונדער אויסגעטאָן נאַקעט, און קיינער ווייסט נישט וועמענס קינד עס גייט אַוועק צום טויט. און דאַן האָבן זיך דורך הילכער פונאַנדערגעטראָגן קלאַנגען פון וויגלידער. דאָס איז געווען די פּערפידיע פון אַרויספירן קינדער צום טויט ביי דער באַגלייטונג פון וויגלידער.

אויף דער פראַגע פון באַשולדיקער פאַר וואָס האָבן די 15 טויזנט מענטשן זיך נישט קעגנגעשטעלט, האָט דער עדות געענטפערט: איך טראַכט, אַז דאָס איז אוממעגלעך צו שילדערן. אויף דעם איז נישטאָ קיין ענטפער, און דער, וואָס איז דאָרט נישט געווען, קאָן דאָס זיכער נישט פאַרשטיין. דאָס איז געווען אין דער מיט פון 1943. דאָס דריטע יאָר פון מלחמה. די יידן זענען שוין געווען אויסגעפייניקט און דערשלאָגן, און דאָך האָט נאָך געטליעט אַ פונק פון האָפענונג, אַז אפשר וועט מען איבער־לעבן. עס איז געווען קלאָר, אַז דער קלענסטער פּרווו פון ווידערשטאַנד וועט מאַכן אַ סוף צו אַלע האָפענונגען. אַפילו ווען איין מענטש איז אַנט־לאָפן זענען דערפאַר אומגעבראַכט געוואָרן צענדליקער אַנדערע. ווער האָט געקאָנט נעמען אויף זיך די אַחריות פאַר זיין אייגן לעבן און באַדראָען דאָס לעבן פון אַנדערע צענדליקער מענטשן? יידן האָבן נישט געהאַט ווו צו לויפן. אָבער אויך פאַליאַקן, וואָס זייערע היימען זענען געווען הינטער דעם לאַגער, האָבן זיך נישט קעגנגעשטעלט. ווען איך שטיי איצט פאַר אייך בין איך נישט אימשטאַנד צו מאָלן דאָס דאָזיקע געפיל, און איך צווייפל, צי עס איז מעגלעך עמעצן צו געבן צו פאַרשטיין וואָס דאָס איז געווען. דאָס זענען געווען מוראדיקע שרעקן. מען שטייט אַנטקעגן מאַשינ־געווערן. און דאָס עצם צוקוקן זיך צו דעם אויפגעהאַנגענעם ייִנגל האָט געליימט און האָט אוממעגלעך געמאַכט יעטוועדע רעאַקציע.

דער עדות האָט דערציילט, אַז יידן האָבן זיך דאָך געפּרוּווט קעגנ־שטעלן, און ביים טראָגן שטיינער אָפט מאָל אַראָפּגעלאָזט אַ פעלז אויף אַן ס.ס.־מאַן. פאַר דעם האָבן אַנדערע צענדליקער יידן באַצאָלט מיט זייער לעבן.

בעת די גרויליקע עדות־דערקלערונגען פונעם עדות נח זאַבלודאָ־וויטש, וואָס האָט געשילדערט די ליידן פון די יידן אין טשעכאַנאָוו, האָט זיך פּלוצים דערהערט פון דער גאַלעריע, אין געריכט־זאַל, שרעקלעכע געשרייען פון אַ מאַן. די אויגן פונעם גאַנצן עולם האָבן זיך גלייך געווענדט צו דער גאַלעריע, ווו אַ יונגערמאַן איז געשטאַנען מיט אויפגעהויבענע הענט און אַ בלאַסער, מיט ווילד־געוואָרענע אויגן, האָט ער מיט אַ דער־שטיקט קול געשריגן: „בלוטהונט!”, „הרגעט אים!”, „האָסט אויסגעהרגעט מיין גאַנצע משפּחה!” — דאָס איז געווען דער 42־יאָריקער צבי שעפער, פון תל־אביב, וואָס האָט באַקומען אַ נערוון־צוזאַמענברוך, בעת ער איז געווען צווישן עולם אויף דער גאַלעריע, אין געריכט־זאַל, אויפן אייכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים.

פון אַלע ווינקלען פון דער גאַלעריע זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן די פּאָליציי־היטער, וואָס האָבן דעם מאַן אַרויסגעפירט פון געריכטזאַל.

די שטימונג בעת דער אויפטרייסלענדיקער סצענע איז געוואָרן אַזאַ, אַז ס׳האָט געפעלט אַ רגע, אַז דער נערוון־צוזאַמענברוך זאָל מיטשלעפּן אויך אַנדערע, פון גרויסן אויפגעציטערטן עולם. דער צורר אַדאָלף אייכמאַן, אין זיין גלעזערנער קאַבינע, וואָס זיצט די גאַנצע צייט אָן שום אויסדרוק אויף זיין פּרצוף, און ווי תמיד מיטן בליק אין דער ריכטונג פון די ריכטער, האָט אויך אויף דער דאָזיקער אויפטרייסלענדיקער סצענע נישט רעאַגירט און אַפילו נישט אַ קוק געטאָן אין זאַל.

אַ פּאָליציי־אָפיציר האָט פאַראָרדנט די פּאָליציי־לייט, זיי זאָלן באַ־זאָרגן אַ שטול אויפן הויף פון געריכט, כדי דער נערוון־דערשיטערטער, צבי שעפער, זאָל בלייבן אויף דער פרישער לופט און זיך באַרויִקן. נאָכן קומען עטוואָס צו זיך, האָט שעפער דערציילט, אַז אייכמאַן האָט אין אונ־גאַרן אומגעבראַכט זיין גאַנצע משפּחה, וואָס האָט געציילט זעכציק פּערזאָן, פון וועלכע בלויז פיר זענען געבליבן.

אין זעלבן טאָג, ווען די שוידערלעכע פּרשה פונעם אומקום פון פּוי־לישן יידנטום איז פונאַנדערגעוויקלט געוואָרן אין איר גאַנצער לענג און ברייט, ווען אין דער געפּרעסטער, פול מיט ווייטיק און צער אָנגעפּילטער שטילקייט, האָט אַרויסגעשריִען דער אויפטרייסלענדיקער וויי־געשריי פון די מיליאָנען פאַרפּייניקטע אין די טויט־לאַגערן און אין די גאַזקאַמערן — איז אין דער צווייטער ריי פונעם זיצונגזאַל געזעסן אַ צעווייטיקטע און

אויפגעטרייסלטע די אויסערן־מיניסטאָרין פרוי גאָלדע מאיר, און די אויגן אירע זענען רויט געוואָרן פון וויינען. אין די ווייטערדיקע רייען זענען געזעסן דער געוועזענער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן און אין לאָנדאָן, אליהו אילת, די מיטגלידער פון דעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמי־טעט, אויפגעטרייסלטע זענען אַרויס פון זיצונג־זאַל דער מיטגליד פון ענגלישן פּאַרלאַמענט, באַרנעט דזשאַנער, און אַ באַרימטער קאָרעספּאָנ־דענט פון אַ גרויסער ענגלישער צייטונג האָט געשעפּטשעט אינעם אויער פון זיין ישראלדיקן פריינד: „ניין, ניין, ניין. ס'דאַכט זיך מיר, אַז כ'וועל דאָס מער נישט קאָנען אויסהאַלטן".

דער שוידער, דער ווייטיק, דער צער און צאָרן, וואָס האָט אַרומגענו־מען אַלעמען אין זאַל בעת דער דאָזיקער זיצונג, איז געקומען צום אויס־דרוק אין די ווערטער פונעם גענעראַל־פּראָקוראָר, וועלכער האָט געזאָגט: „די דאָזיקע עדות־דערקלערונגען פאָדערן פון אונדז נישט קיין קליינע מאָראַלישע אָנשטרענגונג. צום באַדויערן, וועלן אַזעלכע עדות אויך אויפ־טרעטן אין די נאָענטסטע טעג. מיט געפילן פון טיפן ציטער, וועל איך מוזן ברענגען עדות, וואָס וועלן אין זייערע עדות־דערקלערונגען שילדערן די זעלבע שוידער־בילדער פון אומקום פון יידישן פאָלק אין פוילן".

10.5.61

## צביה לובעטקין
## און יצחק צוקערמאַן (אַנטעק) באַשולדיקן

נאָך די אַזוי שווערע, ווייטיקלעכע און אויפטרייסלענדיקע טעג, אין וועלכע די עדות האָבן געשילדערט די גרויליקע סצענעס פון דער נאַצי־שער אויסראָטונג, האָט ממש אַ גייער גייסט באַהערשט די געריכט־פּאַר־האַנדלונגען קעגן דעם בלוטיקן צורר אַ. אייכמאַן, ווען ס'האָבן אָנגעהויבן זייער עדות זאָגן צוויי פון די וויכטיקסטע פירער פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, די העראָיִשע קעמפער צביה לובעטקין און יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), וואָס האָבן ברייט פונאַנדערגעוויקלט די העלדישע עפּאָפּייע, ווי

אַ הייפל קעמפער איז מיט געווער אין האַנט אַרויס קעגן דעם מעכטיקן שׂונא, כדי צו פֿאַרטיידיקן דעם כבוד און די ווערדע פֿון פֿאַרפּייניקטן און אויסגעשאָכטענעם יידישן פֿאָלק.

„ס׳איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס איז העכער פֿון אונדזערע געוואַגט־סטע חלומות — די דייטשן זענען צוויי מאָל אַנטלאָפֿן פֿון געטאָ. פֿון אַלע אונדזערע גרופּן אין געטאָ פֿעלט בלויז איינער פֿון אונדזערע מענטשן. אויך דאָס איז אַ נצחון. זיי געזונט, טייערער. אפשר וועלן מיר זיך נאָך זען. דער עיקר: מיין לעבנס־חלום איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן. כ׳האָב זוכה געווען צו זען אַ יידישע פֿאַרטיידיקונג מיט איר גאַנצער גרויסקייט און פּראַכט". אַזוי האָט אין אַפּריל 1943 געשריבן דער קאָמאַנדיר פֿון וואַרשע־ווער געטאָ, מרדכי אַנילעוויטש ז״ל, צו זיין געהילף יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), וועלכער האָט זיך אין יענע טעג געפֿונען אויפֿן „אַרישן" שטח אין וואַרשע, זוכנדיק צו באַקומען געווער. איצט שטייט ער פֿאַרן עדות־פּולט, כדי פֿונאַנדערצוּוויקלען די ווונדערלעכע פּרשה פֿון גבורה אין וואַר־שעווער געטאָ.

זעקס עדות פֿון דער באַשולדיקונג זענען אויפֿגעטראָטן פֿאַרן גע־ריכט אין דעם זעלביקן טאָג און אין זייערע מיילער — געשיכטעס פֿון שוידער, וואָס זענען געווען געקניפּט און געבונדן איינער אין דער צוויי־טער. אין סאָמע צענטער פֿון די עדות־דערקלערונגען איז אָבער געשטאַנען דער וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד, וואָס האָט געראַטעוועט, לויט די ווער־טער פֿון די עדות, דעם כבוד פֿון יידישן מענטש.

די עיקרדיקע שילדערונג פֿון יענעם יאוש־אויפֿשטאַנד, וואָס איז אויסגעבראָכן טראָץ דעם באַוווּסטזיין פֿון זיינע נישטיקע הצלחה־אויס־זיכטן, האָט איבערגעגעבן אין געריכט צביה לובעטקין, אַ מיטגלידערין אין קיבוץ „לוחמי הגיטאות", אין גליל, וואָס איז אין יענע טעג געווען אַ מיטגלידערין פֿונעם אויפֿשטאַנד־שטאַב, און דורך איר מאַן, יצחק צוקער־מאַן, וואָס איז געווען דער געהילף פֿונעם קאָמאַנדיר פֿון דער יידישער אונטערגרונט אין געטאָ, מרדכי אַנילעוויטש.

נאָך זיי האָבן אָפּגעגעבן זייערע דערקלערונגען בת־שבע רופּאייזן, פֿון בוסתן הגליל, וואָס איז געווען אַ מיטגלידערין פֿון יידישן אונטערגרונט אין קראָקע און אין וואַרשע. רבקה קופּער, פֿון קיבוץ מעין צבי, אַ קעמפּע־רין אין אונטערגרונט אין קראָקע און אין וואַרשע, רחל אויערבאַך פֿון „יד ושם", אַדאָלף בערמאַן, אַ מיטגליד פֿון אנטינאַציישן אונטערגרונט און

דער לייטער פון עליה־דעפּאַרטאַמענט ביי דער יידישער אַגענץ, ברוך דובדבני, וואָס האָט איבערגעגעבן דעם געריכט די ספּעציעל פּאַרפּאַסטע תפילה, דורך אַ רב, אין די טעג פון אומקום אין פּוילן.

ביידע צענטראַלע עדות, צביה לובעטקין און יצחק צוקערמאַן, האָבן אָפּגעוואָרפן די מיינונג, אַז דער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד איז געווען אַן איינציקער אויסדרוק פון יידישער גבורה. זיי האָבן דערציילט, אַז יידן האָבן געקעמפט פאַר זייער לעבן אומעטום ווו זיי האָבן זיך געקאָנט אָרגאַניזירן.

„כ'ווייס עס פון מיין אייגענער דערפאַרונג פון דער תקופה ווען כ'בין געווען אַ קאָמאַנדיר" — דערציילט אַנטעק. „אין פיל ערטער האָבן די סאַמע לעצטע יידן געפּרווּוט רעוואָלטירן. כ'קאָן נישט איינשטימען מיטן געדאַנק, אַז מיינע חברים אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָבן געהאַט וויניק געווער און ווייניק קעמפער — וואָס זענען ממש מיט די נעגל באַפאַלן די דייטשן און האָבן געקעמפט ביזן לעצטן מאָמענט — האָבן כלומרשט נישט געקעמפט". אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט דער עדות דערציילט וועגן אויסערגעוויינלעכער און ווונדערלעכער גבורה אין ביאַ־ליסטאָק, אין קראָקע און אַפילו אין די טויט־לאַגערן אין אוישוויץ, טרעבלינקע, ראַדאָם, פּיעטרקאָוו און יאַנאָוו. דערביי האָט דער עדות אויפגעקלערט, אַז אין וואַרשע, ווו ס'איז קאָנצענטרירט געווען אַ האַלבער מיליאָן יידן, איז געווען אַ בעסערע לאַגע פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אַ יידישן אונטערגרונט, וועמענס מיטגלידער ס'זענען געקומען פון „החלוץ" און פון אַנדערע יידישע, ציוניסטישע און נישט־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציעס.

מיט אַ שטילער, טרויעריקער שטימע האָט צביה לובעטקין געשיל־דערט די גורלדיקע געשעענישן פאַרן אויפשטאַנד גופא. אין אירע אויפ־טרייסלענדיקע און איינדרוקספולע ווערטער האָט זי מצליח געווען אויפצו־לעבן די גאַנצע גרויסקייט און דעם גאַנצן שוידער פון יענע טעג.

צביה לובעטקין האָט געשילדערט די לאַגע פון די וואַרשעווער יידן, אין יאַנואַר 1940. זי האָט זיך דאַן צוריקגעקערט קיין וואַרשע נאָך אַ שליחות אין „החלוץ". דעמאָלט זענען שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ סך גזירות קעגן די יידן, וועלכע האָבן שנעל דערפילט, אַז זיי זענען פאַקטיש געשטעלט געוואָרן אויסערן געזעץ.

דאָס לעבן פון די יידן איז געוואָרן הפקר און אַ דייטש האָט געקאָנט טאָן מיט זיי, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט. צביה לובעטקין האָט דערביי געשילדערט אַ פאַל, ווען 50 יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן צולים דעם, וואָס אַ ייד האָט דערשאָסן אַ פּוילישן פּאָליציאַנט. די יידן איז באַפאַלן אַ פּחד צוליב דער דאָזיקער קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווייל אין יעדן פאַל, ווען אַ ייד האָט אויפגעהויבן אַ האַנט קעגן אַ דייטש, אָדער אַקעגנגערעדט, האָבן הונדערטער יידן באַצאָלט מיט זייער לעבן. אַ פריינד פונעם עדות, אַ געוויסער אינזשעניר, האָט „באַליידיקט" אַ דייטש. אין דער זעלבער נאַכט האָט מען אים אַרויסגענומען פון בעט. אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט מען זיי פּרוי צוגעשיקט אַ מיטטיילונג, אַז זי קאָן „פאַר אַן אָפּצאָל" באַקומען דאָס אַש פון איר מאַן.

יום־כיפּור 1940 אין דורכן ראַדיאָ מיטגעטיילט געוואָרן, אַז עס ווערט געשאַפן אַ „יידישער קוואַרטאַל". די דאָזיקע פאַראָרדענונג איז אַרגומענ־טירט געוואָרן דורך די דייטשן מיט דעם, אַז זיי האָבן מורא עס זאָל נישט אויסברעכן קיין עפּידעמיע צווישן די יידן, ווי אויך — אַז דאָס געטאָ וועט דערלויבן די יידן צו פירן אַ שטיל לעבן אין באַדינגונגען פון אויטאָנאָמיע.

אין משך פון געציילטע טעג האָבן די יידן געדאַרפט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען און אַריבערגיין אינעם יידישן ווויגראַיאָן. לויט דער מיינונג פונעם עדות האָט אין געטאָ זיך געפונען אַ האַלבער מיליאָן יידן. צווישן זיי אַן ערך 150 טויזנט יידן, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אָדער אַליין געקומען פון די אַרומיקע שטעטלעך קיין וואַרשע.

אַ געוויסן טאָג איז דאָס געטאָ אָפּגעשלאָסן געוואָרן דורך דייטשן און פּאָליאַקן, און דער גאַנצער יידישער ווויגראַיאָן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין איין גרויסער תפיסה. אין דער צייט אָבער, וואָס אין אַ געוויינלעכער תפיסה זענען פאַראַן פאָרשריפטן און געזעצן, איז די תפיסה־געטאָ געווען הפקר. דאָרטן האָבן זיך אַרומגעדרייט נישט נאָר געסטאַפּאָ־לייט, נאָר אויך פּליִער, יוגנטלעכע און דייטשע זעלנער, וועלכע האָבן גערויבט, פּאָגראָ־מירט און געמאָרדעט.

אין יאָר 1942 זענען די דייטשן צוגעטראָטן צו ליקווידירן דאָס געטאָ. די נישט־אַרבעטנדיקע יידן זענען אין אַ געוויסן טאָג צונויפגעזאַמלט גע־וואָרן אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ", און אַן ערך 100 טויזנט יידן זענען אָפּגע־שיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע, וווּ זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן. פון

הונגער און פון קראַנקייטן זענען אומגעקומען אין משך פון געציילטע חדשים 200.000 יידן.

אָנהייב סעפּטעמבער 1942 האָבן די דייטשן דורכגעפירט די טרויעריק באַרימטע „קעסל־אַקציע״. די יידן האָבן באַקומען אַ באַפעל זיך צו פאַר־זאַמלען אין געציילטע שעהען אין דריי גאַסן. עס האָבן זיך צוגעשטעלט 120.000 פּערזאָן. די, וואָס האָבן זיך פאַרשפּעטיקט, זענען דערשאָסן גע־וואָרן. די אַקציע האָט געדויערט אַ וואָך צייט. די ס.ס.־לייט זענען געשטאַ־נען ביי טישן און פונאַנדערגעטיילט: אויף רעכטס — די אַרבעטס־פעיִקע, און אויף לינקס — זקנים, פרויען און קינדער. די סצענעס, וואָס האָבן זיך דאַן אָפּגעשפּילט זענען אומבאַשרייבלעך. די מאַמעס, וועלנדיק ראַטעווען זייערע קינדער, האָבן אָפּגעפאַרבט זייערע בעקלעך אויף רויט און אָנגעטאָן זיי שיך מיט הויכע קנאַפּל. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן. יום־כיפּור 1942 איז די אַקציע פאַרענדיקט געוואָרן. אין דאָזיקן טאָג זענען איבער־געבליבן אין וואַרשעווער געטאָ 60 טויזנט פּערזאָן — פון אַ האַלבן מיליאָן. די איבעריקע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

איבערגעבנדיק וועגן דער טעטיקייט צווישן דער יידישער יוגנט אין וואַרשעווער געטאָ, האָט צביה לובעטקין אונטערגעשטראָכן, אַז די יוגנט האָט אָפּגעהיט איר מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע ווערדע. ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די דייטשן גרייטן זיך צו אַ טאָטאַלער פאַרניכטונג פון די יידן, האָט די יוגנט זיך געכאַפּט צום געווער. די יוגנטלעכע פון אַלע ריכטונגען האָבן זיך אָפּגערופן אויפן באַפעל פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

ערב פּסח 1943 איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד. מיט צוויי טעג פריִער איז געקומען דער פאַרבינדונגסמאַן פון געסטאַפּאָ אין יודענראַט און דערקלערט, אַז דער יודענראַט דאַרף זיך מער פאַרנעמען מיט די קינ־דער, שאַפן פאַר זיי גרינס־גערטנער, ווו זיי וועלן זיך קאָנען שפּילן אד״גל. ער האָט דערביי צוגעגעבן, אַז איצט עקזיסטירט שוין נישט די סכנה פון גירושים.

די דאָזיקע מיטטיילונג פון געסטאַפּאָ־מענטש האָט אַרויסגערופן פאַר־דאַכט, ווייל די דייטשן האָבן שטענדיק באַרויִקט די יידן, איידער זיי זענען צוגעטראָטן צו אַ נייער אַקציע. די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט פּראָק־לאַמירט גרייטקייט־צושטאַנד צווישן די קאַמפס־גרופּן. די פרויען און קינ־דער, ווי אויך די אומבאַוואָפנטע, זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין בונקערס. אין דער פּסח־נאַכט איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן

און צו מאָרגנס זענען טויזנטער באַוואָפנטע זעלנער אַריין אין געטאָ. קעגן זיי איז געשטאַנען אַ גרופּע פון 20 יינגלעך און מיידלעך, וואָס יעדער פון זיי איז געווען באַוואָפנט מיט אַ רעוואָלווער, אַ האַנטגראַנאַט און מאָלאָטאָוו־פלאַש. די געטאָ־קעמפערין צביה לובעטקין דערציילט: „עס איז געווען מאָדנע צו זען, ווי די דאָזיקע בחורים, וועלכע זענען געשטאַנען קעגן איבער אַ שטאַרקן שונא, וואָס איז געווען באַוואָפנט ביז די ציין — זענען דאָך געווען פריילעך און מונטער. פאַר וואָס פריילעך און מונטער? זיי האָבן דאָך געוווסט, וואָס זיי דערוואַרט. מיר האָבן דאָך געוווסט, אַז זיי וועלן אונדז באַזיגן, אָבער מיר האָבן אויך געוווסט, אַז די דייטשן וועלן דאָס מאָל באַצאָלן אַ טייערן פּרייז. און זיי האָבן טאַקע דעם פּרייז באַצאָלט".

אין המשך פון אירע דערקלערונגען האָט דער עדות אונטערגעשטראָכן, אַז עס איז שווער צו שילדערן די בהלה, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן די דייטשן, ווען זיי האָבן אָנגעטראָפן אויפן פייער פון די געטאָ־קעמפער. אין ערשטן טאָג האָבן די געטאָ־קעמפער פאַרלוירן צוויי מענטשן: דאַקעגן זענען געפאַלן הונדערטער דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע דייטשן.

צו מאָרגנס האָבן זיך אַריינגעריסן אין געטאָ דייטשע אָפּטיילונגען, באַוואָפנטע מיט טאַנקען און אַרטילעריע; אָבער די קאַמפן האָבן געדויערט פון 19טן אַפּריל 1943, ביז דער ערשטער העלפט פון חודש מאַי. דער אויפשטאַנד איז בלוטיק אונטערדריקט געוואָרן דורכן שטאַרקן שונא.

צביה לובעטקין דערציילט, אַז אין דער סדר־נאַכט איז זי אַריין אין אַ בונקער, וווּ עס האָט זיך געפונען הרב מייזעלס, דער רב האָט איבערגעריסן דעם סדר, אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף איר קאָפּ און געזאָגט: „איצט קאָן איך שטאַרבן. הלוואי וואָלטן מיר דאָס געטאָן אַ סך פריִער".

נאָכן אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד איז דאָס געטאָ אונטערגעצונדן געוואָרן דורך די דייטשן און איז גולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן. פרויען מיט קינדער אין די אָרעמס זענען געשפּרונגען פון די ברענענדיקע הייזער. אַרומגעכאַפּטע דורך די פלאַמען זענען מענטשן אַרויסגעלאָפן אויף די גאַסן, אָבער זיי אַלעמען האָט דערוואַרט דער טויט פון די דייטשע קוילן...

13.5.61

## ק. צעטניק זאָגט עדות...

אַ שווערער חמסין־טאָג האָט געהערשט אין לאַנד. און גאַנץ באַזונדערס אין ירושלים אין דעם מיטוואָך פון 7טן יוני: ביי 40 גראַד איבער זערא. אָבער, אין געריכטזאַל, אין ירושלימער „בית־עם", איז די אַטמאָספער געווען אַ פיל שווערערע און „הייסערע". אין דעם טאָג זענען געבראַכט געוואָרען פאַרן געריכט די עדות־דערקלערונגען וואָס האָבען געשילדערט דעם שוידערלעכסטן פון די סאַמע גרויזאַמסטע טויט־לאַגערן — אוישוויץ. אין דעם טאָג איז אַלס ערשטער עדות דערשינען דער אַרויסגעראַטעוועטער פון אוישוויץ, דער באַרימטער שרייבער ק. צעטניק, וועלכער האָט פאַר־עפענטלעכט אַ ריי ביכער וועגען די שוידערלעכקייטן פון דאָזיקן פאַר־ניכטונג־לאַגער ווי: „סאַלאַמאַנדראַ", „דאָס הויז פון די ליאַלקעס" א"אַ. זייער ווייניק האָבן ביז איצט געוווסט ווער ס'באַהאַלט זיך אונטערן נאָמען „ק. צעטניק", אויפטרעטנדיק צום ערשטען מאָל פאַר דער עפענטלעכקייט, האָט ער פאַרן געריכט איבערגעגעבען, אַז זיין נאָמען איז דינור. ס'איז קוים איבערצוגעבן די שפּאַנונג וואָס האָט אין דעם מאָמענט געהערשט אין זאַל.

נאָך מיטאָג פונעם זעלבן טאָג זענען די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען געפירט געוואָרען ביי פאַרמאַכטע טירן, היות עס זענען אויסגעהערט געוואָרן צוויי אַרויסגעראַטעוועטע פון אוישוויץ, וועלכע זענען דורך די פאַרברעכערישע דייטשע דאָקטוירים סטעריליזירט געוואָרן. זייערע נעמען זענען נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרען. עס איז אויך נישט דערלויבט געווען זיי צו פאָטאָגראַפירן, אָדער צו ווייזן דורך דער טעלעוויזיע.

דעם צוררס פאַרטיידיקער אַדוו. סערוואַציוס האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם פאַרשלאָג אויסצוהערן די דאָזיקע עדות, דערקלערענדיק, אַז די פרשה סטעריליזאַציע אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן איז שוין באַהאַנדלט געוואָרן אויפן נירענבערגער פּראָצעס. דער גענ.־פּראָקוראָר, ה' גדעון האַוזנער, האָט געענטפערט, אַז די דאָזיקע מענטשן זענען געשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ, לויט אייכמאַנס דירעקטען באַפעל. נאָך אַ באַראַטונג האָט דאָס געריכט אָפּגעוואָרפן די קעגנע־שאַפט.

דעריבער איז גאָר קיין וווּנדער נישט, אַז די געריכט־פאַרהאַנדלונגען פון דעם אויבענדערמאָנטען טאָג האָבן אַרויסגערופן אַזאַ גוואַלדיקע פאַראינטערעסירונג אין גאַנצען לאַנד. שוין אין די פריִע מאָרגן־שעהען האָט זיך שנעל אויסגעפילט דער געריכטזאַל ביז איבער די ברעגען. געציילטע מינוטען פאַר 9 ווערט אַרייַנגעפירט דער צורר אין זיין גלעזער־נער שטייג. ער באַזעצט זיך באַקוועם אויף זיין שטול, טוט אָן די הער־טרייבלעך אויפן קאָפּ און ער איז גרייט.

„בית המשפט!" — דערהערט מען דעם באַקאַנטען אויסגעשריי פונם געריכטס־באַאַמטן, דער עולם שטעלט זיך און די ריכטער פאַרנעמען זייער'ע פּלעצער. „מר יחיאל דינור מתבקש למסור עדותו" — ה׳ יחיאל דינור ווערט געבעטען איבערצוגעבען זיינע עדות־דערקלערונגען — האָט געזאָגט דער געריכטס־פאָרזיצער ד"ר לאַנדוי. „יחיאל דינור!" — האָט נאָכגעשריִגן דער געריכט־באַאַמטער. אַ ציטער איז דורך אין פול־געפּאַקטן זאַל, ווען ק. צעטניק האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ ביים עדות־שטענדער, קורץ נאָך דעם ווי זיין אמתער נאָמען איז באַקאַנט געוואָרן אין דער עפנט־לעכקייט.

„דאָס איז אַ כראָניק פון ז'ער פּלאַנעטע וואָס הייסט אוישוויץ. כ׳בין דאָרט געוועזן בערך צוויי יאָר. די צייט איז דאָרט נישט ווי ביי אונדז אויפן ערדקוגל. יעדער ברוך פון אַ מינוט גייט דאָרט אויף גאָר אַנדערע צייט־רעדער. די איינוווינער פון ז'ער דאָזיקער פּלאַנעטע האָבן נישט געהאַט קיין עלטערן און זיי האָבן נישט געהאַט קיין קינדער. זיי האָבן דאָרט געאָטעמט לויט אַנדערע נאַטור־געזעצען. זיי האָבן נישט געלעבט לויט די געזעצען פון דער וועלט און אויך נישט געשטאָרבן לויט זיי. זייער נאָמען וועט זיין דער נאָמען — „ק. צעטניק". — מיט די דאָזיקע אויפ־טרייסלענדיקע ווערטער האָט אָנגעהויבען זיינע עדות־דערקלערונגען, דער וועלט־באַרימטער שרייבער פון אומקום, ק. צעטניק, און דערמיט איז אויך געעפענט געוואָרען דער קאַפּיטל פון דער אַנקלאַגע איבער דער „פאַבריק פון טויט" אוישוויץ, דער שרעקלעכסטער פון אַלע טויט־לאַגערן, וואָס די בלוטיקע נאַציס האָבען אויפגעשטעלט אין אייראָפּע.

אַלץ, אַלץ, וואָס איז ביז איצט געשריבן און דערציילט געוואָרן, זייט דעם שלוס פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועגען אוישוויץ, האָט אין דעם טאָג, אין געריכטזאַל, באַקומען דעם שוידערלעך־מעכטיקסטן פאַרנעם, אין דער ברייט און אין דער טיף — ווען מ׳האָט געהערט די פינף

עדות, וואָס זענען ממש דורך די פאַנטאַסטישסטע נסים געראַטעוועט געוואָרן. אויפגעטרייסלט זענען געווען די פיל הונדערטער, וואָס האָבן אויס־געפילט דעם געריכטסזאַל, צווישן זיי פיל אַרויסגעראַטעוועטע פונעם אומ־קום — וואָס האָבן געוויינט ווי קינדער.

דער ערשטער עדות איז, ווי געזאָגט, געווען דער שרייבער פון אומ־קום, ק. צעטניק, דאָס איז יחיאל דינור — ער האָט געחלשט און פאַרלוירן זיין באַוווּסטזיין, געציילטע מינוטן נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעהויבן זיין עדות־זאָגן. אויך בעת דער נאָכמיטאָג־זיצונג איז דאָס געריכט אַן עדות פון נאָך אַן אויסברוך, בעת אַן עלטערער ייד מיט אַ באָרד האָט אָנגעהויבן היסטעריש צו שרייען און שיטן מיט טויטע קללות אויפן קאָפּ פון בלוטיקן צורר, וואָס זיצט אין דער גלעזערנער שטייג. לויט דער פאַראָרדענונג פונעם געריכט־פאָרזיצער איז ער אַרויסגעפירט געוואָרן פון זאַל.

בעת איינעם פון די סאַמע דראַמאַטישסטע מאָמענטן, אין זיין נישט־פאַרענדיקטן עדות־זאָגן, האָט ק. צעטניק אידענטיפיצירט דאָס אָנטועכץ, די פּידזשאַמע אין פּאַסן, פון די אַרעסטירטע אין אוישוויץ. און ער האָט דערביי געזאָגט: „דאָס איז דאָס אָנטועכץ פון דער פּלאַנעטע, וואָס הייסט אוישוויץ. און איך גלייב באמונה שלימה, אַז איך דאַרף פאָרזעצן צו טראָגן דעם דאָזיקן נאָמען (געמיינט זיין ליטעראַרישן פּסעוודאָנים „ק. צעטניק") כל זמן די וועלט האָט זיך נאָך נישט דערוועקט נאָכן קרייצן דאָס יידישע פאָלק, כדי אָפּצומעקן דאָס דאָזיקע שלעכטס, ווי די מענטשהייט האָט זיך דערוועקט נאָכן קרייצן אַן איין און איינציקן מענטש. כ'גלייב באמונה שלימה, אַזוי ווי אין דער אַסטראָלאָגיע באַאיינפלוסן די שטערן אויף אונדזער לאַגע, אַזוי וועט אויך דער אַש־פּלאַנעט אוישוויץ, וואָס שטייט קעגן איבער דעם ערדקיילעך, משפיע זיין אויף אים".

„אויב איך קען שטיין אַט דאָ פאַר אייך — האָט פאָרגעזעצט דער מחבר פון „דאָס הויז פון ליאַלקעס" — אויב איך, דער אַראָפּגעפאַ־לענער פון דער דאָזיקער פּלאַנעט, קען איצט זיין דאָ, גלייב איך באמונה שלימה, אַז דאָס איז אין זכות פון מיין שבועה, וואָס כ'האָב זי געשוווירן דאָרט, ווייל זיי זענען אַוועק פון מיר, געזעגנט זיך מיט מיר און אינעם קוק פון זייערע אויגן איז געווען די דאָזיקע שבועה. איך זע זיי... זיי קוקן אויף מיר... איך זע זיי..."

אין דעם מאָמענט האָט דער פּראָקוראָר געוואָלט שטעלן דעם עדות אַ פראַגע. אָבער ק. צעטניק איז אַריין אין „טראַנס" און האָט געוואָלט פאַר־זעצן. דער געריכט־פאָרזיצער, ד״ר מ. לאַנדאַו, האָט געבעטן דעם עדות ער זאָל ענטפערן אויף די פראַגן פון פּראָקוראָר. ק. צעטניק־דינור, האָט זיך דאַן אויפגעשטעלט, געגעבן אַ טריט־צוויי, ער האָט פאַרלוירן זיין גלייכ־געוויכט, און איז געפאַלן אַ פאַרחלשטער. ס׳זענען גלייך צוגעלאָפן צו אים זיין שוועד, ד״ר אַשערמאַן, און דער באַרימטער פאָרשער פון אומקום, דער מעדיצין־דאָקטאָר מ. דוואָרזשעצקי. זיי האָבן אים געפּרוווט צוריק־זעצן אויפן שטול און געבן אים אַ טרונק וואַסער, כדי ער זאָל קומען צו זיך. ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן און מ׳האָט אים גלייך געמוזט איבערפירן אין שפּיטאָל. די זיצונג איז איבערגעריסן געוואָרן אין מאָמענט, ווען אויף אַ טראָגבעטל האָט מען אַרויסגעטראָגן ק. צעטניקן אין שפּיטאָל.

דער גרויסער עולם אין זאַל, די עדות פון די דאָזיקע דראַמאַטישע געשעענישן, איז דערשטוינט געוואָרן. אין דעם מאָמענט האָט דער געריכט־פאָרזיצער געמאָלדן וועגן איבעררייס פון דער זיצונג, וואָס איז באַנייט געוואָרן מיט אייניקע מינוט שפּעטער.

נאָכן אויפטרייסל, ווען די זיצונג איז באַנייט געוואָרן, איז צום עדות־שטענדער צוגעקומען יוסף זלמן קליינמאַן, אַן איינוווינער פון ירושלים. דער עדות האָט דערציילט, אַז זייענדיק אַלט 14 יאָר — היינט איז ער אַלט 31 יאָר — איז ער צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע געבראַכט געוואָרן קיין אוישוויץ. דאָרט איז ער אָפּגעטיילט געוואָרן פון זיין משפּחה. אין אַ צייט אַרום זענען אַלע יינגלעך אין עלטער פון 14 ביז 16 יאָר אַריבערגעפירט געוואָרן אין לאַגער בירקענאַו, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די קרעמאַטאָריעס און די גאַז־קאַמערן.

דער עדות דערציילט וועגן יענעם טאָג ווען ס׳זענען אויסגעבראָכן מגיפות פון שקאַרלאַטין און „סווינקע", ווען ד״ר מענגעלע, דער טרויעריק באַרימטער דאָקטאָר־מערדער פון אוישוויץ, פלעגט דורכגיין דורך די קראַנקע און יעדער קראַנקער האָט געציטערט דערזעענדיק דעם „מלאך המוות". אין איינעם אַ פרייטיק — דערציילט דער עדות — אייניקע טעג פאַר ראש השנה, איז דערשינען מענגעלע אין לאַגער, בעת דעם פאַרנאַכט־אַפּעל, און ער האָט דורכגעפירט אַ סעלעקציע. 3 טויזנט יינגלעך, און דער עדות צווישן זיי, זענען באַפוילן געוואָרן אויסצוטאָן זיך ביז צו דער העלפט.

מענגעלע איז דורכגעגאַנגען צווישן די רייען און ער האָט פּאַראָרדנט צו שיקן די קליינע און די דאַרע צום שאָסיי, און די גרעסערע — צום הינ־טערשטן טויער פונעם לאַגער. דער עדות איז געווען צווישן די, וואָס זענען געשיקט געוואָרן צום שאָסיי, ד"ה צום טויט. ער האָט דאַן באַשלאָסן צו אַנטלויפן, און ס׳איז אים געלונגען צו אַנטלויפן צום באַראַק פון זיין ברו־דער. אויף דער פראַגע, וואָס ס׳איז געשען מיט די 1000 יינגלעך, וואָס זענען געשיקט געוואָרן צום שאָסיי — האָט ער געענטפערט, אַז זיי זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אין צוויי באַראַקן, מען האָט זיי געהאַלטן ביז מוצאי ראש השנה. מ׳האָט זיי דאַן אַרויפגעלאָדנט אויף לאַסטאויטאָס און אַוועקגעפירט צו די גאַז־קאַמערן.

אַ ציטער איז דורך אין געריכט־זאַל ווען דער עדות האָט געשילדערט ווי אַזוי די 1000 יינגלעך האָבן געשריגן אין משך פון שעהען: „שמע ישראל! טאַטע... מאַמע..."

אויף די אַנדערע געבליבענע 2000 יינגלעך, האָבן געהאַט דעם זעלבן סוף. ערב יום כיפור האָט דער מאָנסטער מענגעלע אויך זיי געשיקט צום טויט אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ.

ד׳ער ווייטערדיקער עדות, ה. באַקון, האָט געשילדערט פאַלן פון קאַני־באַליזם, וואָס האָט געהאַט אַן אָרט אין לאַגער מאַטהאַוזען. קאַצעטלער האָבן געגעסן דאָס פלייש פון זייערע חברים, וואָס זענען געפאַלן בעת דער באָמבאַרדירונג פון לאַגער. דער עדות האָט אויך געשילדערט דעם געבוי פון די גאַז־קאַמערן און די קרעמאַטאָריעס לויט צייכענונגען, וואָס ער האָט געמאַכט און האָט איבערגעגעבן גענוי דעם גאַנצן פּראָצעס פון ליקווידירן די מענטשן.

גיהנום־שילדערונגען וועגן דעם ווי אַזוי די נאַציס האָבן זיך איזדיע־קעוועט איבער די אַרעסטירטע אין לאַגער בירקענאַו, וועגן ליקווידאַציע דורך גיפט־גאַזן, דורך צעשיסונגען און תליות, וועגן פּייניקונגען מיט מכשירים ווי פון מיטלאַלטער און צום סוף, רעטונג אין דער סאַמע לעצטער רגע — האָט איבערגעגעבן אין זיינע עדות־דערקלערונגען ד"ר אַלפרעד אָפענהיימער, איצט דער ראש הקהילה אין לוקסעמבורג.

דער לעצטער עדות אין דעם שוואַרצן אוישוויץ־טאָג, איז געווען ד"ר אהרן ביילין, וועלכער האָט איבערגעגעבן וועגן די שוידערלעכע מעשים פון ד"ר מענגעלע, וועלכן ער האָט אַפילו געקענט פערזענלעך. ד"ר ביילין האָט אויפגעקלערט דעם מעדיצינישן הינטערגרונט פון דער דערשיינונג

„מוזולמאַן״, וואָס איז געווען אַן אָפּטע דערשיינונג צווישן די אַרעסטירטע אין אוישוויצער לאַגער. ד״ר ביילין האָט אויך דערציילט וועגן די „מעדי־ציניש״ עקספּערימענטן און פאַרברעכנס, ווי דאָס באַלייכטן מיט רענטגען־שטראַלן די געשלעכטס־גלידער און די סטעריליזאַציע פון יידישע יונגע־לייט אין דעם גרויזאַמסטן טויטן־לאַגער.

דער דערמאָנטער עדות באַקון דערציילט וועגן זיין אַרבעט אין די קרעמאַטאָריעס, ווי אַזוי אַנדערע קינדער פלעגן פון צייט צו צייט אַריינגיין אין דער קרעמאַטאָריע, ווען ער איז געשטאַנען אַן אַרבעט, כדי זיך אָנצווואַרעמען....

די קינדער זענען אויך געווען באַשעפטיקט ביים פונאַנדערוואַרפן און פאַרשפּרייטן דאָס אַש פון די אומגעקומענע. אין די ווינטער־חדשים פלעגן זיי פאַרשפּרייטן דאָס אַש אויף די וועגן.

געווען אין לאַגער פיל פאַלן, וואָס מענטשן האָבן נישט אויסגעהאַלטן און געפּרוווט באַגיין זעלבסטמאָרד, אָבער די נאַציס פלעגן אָפּראַטעווען די מענטשן, אָננעמען מיטלען זיי זאָלן זיך דערהאָלן, און דאַן זיי אויפהענגען. די בלוט־הינט האָבן נישט געקענט דערלויבן די יידן דאָס „פאַרגעניגן״ צו שטאַרבן פון די אייגענע הענט...

24.4.1962

## אַדוואָקאַט סערוואַציוס וועגן זיין קליענט

ווי אַזוי איז עס געשען, אַז נאָך די שוידערלעך־אויפטרייסלענדיקע באַשולדיקונגען, וואָס מ׳האָט געלאָזט הערן אין משך פון די לאַנגע גע־ריכטס־דעבאַטן, האָט זיך אייכמאַן אויפגעפירט ווי דאָס אַלץ וואָלט אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען, דעמאָנסטרירנדיק אַ שרעקלעכע גלייכגילטיקייט?

ד״ר סערוואַציוס: ס׳איז טאַקע אמת, אַז אייכמאַן האָט זיך גאָרנישט געפילט געטראָפן פון די דאָזיקע אַלע ענינים פונעם אינערלעכן און גע־וויסנס־שטאַנדפּונקט. ער איז אַ קליין מענטשעלע און באַזיצט נישט דעם נייטיקן מעכאַניזם פאַר פאַרוויקלטע פּסיכישע רעאַקציעס. ער איז ענלעך

צו אַ זעלנער, וואָס האָט באַקומען אַ פּאַראָרדענונג צו שיסן און צו הרגענען. ער פירט אויס די דאָזיקע פּאַראָרדענונג גאָרנישט טראַכטנדיק וועגן איר.

די דאָזיקע ווערטער גיט איבער דער „מעריב״־קאָרעספּאָנדענט פון דייטשלאַנד, וועלכער האָט געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך מיטן אַדוואָקאַט. ער שרייבט, אַז ד״ר סערוואַציוס איז געווען אָפנהאַרציק. ס׳איז קענטיק געווען אין אים אַנטשפּאַנונג נאָכן אַזוי שווערן משפּט.

ער האָט גערעדט אויספירלעך וועגן אייכמאַנען, וועגן די שריט וואָס ער האָט בדעה אונטערצונעמען, וועגן זיך זעלבסט און וועגן זיינע איינדרוקן פון ישראל, צו וועלכער ער פילט, ווי ער זאָגט, אַ טיפע סימפּאַטיע.

ער האַלט זיך ביי זיין מיינונג, אַז אייכמאַן איז שוין מער נישט קיין נאַציסט. ווי אַזוי קען מען עס גלייבן? — האָט געפרעגט דער זשורנאַליסט. האָט דאָך אייכמאַן בפירוש דערקלערט דעם האָלענדישן נאַציסט פּראַנק זאַסען, אַז ער איז נאָך אַלץ אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַליסט?

סערוואַציוס: דאָס איז טאַקע אמת, מען דאַרף אָבער נעמען אין אַכט די אומשטענדן. אין זיינער צייט האָט אים געזאָגט זאַסען, אַז מ׳קען פאַרדינען געלט. אַ ווירקונג האָבן אויך געהאַט די שאַרפע געטראַנקען. ער האָט גענומען אייכמאַנען אויף אַ לענגערן שפּאַציר. און נאָך אַלעמען האָט אייכמאַן אַליין אַפילו נישט געלייענט וואָס זאַסען האָט געשריבן אין זיין נאָמען. די פרוי אייכמאַן האָט דעם אינטערוויו געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון זאַסען פאַרן פּרייז פון 15 טויזנט דאָלאַר. ער האָט דעם אינטערוויו פאַרקויפט צום אַמעריקאַנער זשורנאַל „לייף״ פאַר אַ מיליאָן דאָלאַר.

פראַגע: צי נעמט אייכמאַן אין אַכט דעם טויטאורטייל? און ווי איז בכלל זיין גייסטיקער צושטאַנד?

סערוואַציוס: אייכמאַן נעמט אין אַכט דעם טויטאורטייל, ער גיט זיך אָבער נישט אָפּ קיין חשבון פון זיין לאַגע. ער איז איינגעזונקען מיט פּאַנאַטיזם אין די פאַרשידענע דאָקומענטן און אין שרייבן זיינע זכרונות. דער אויפטרייסל ביי אים וועט קומען ערשט דאַן ווען ער וועט שוין נישט האָבן קיין ענין מיט די דאָקומענטן. פון געזונטהייט־צושטאַנד איז אייכמאַן אין בעסטן אָרדענונג. נאָר זעלטן ליידט ער פון אַ לייכטער האַרץ־שוואַכקייט.

פראַגע: ווי אַזוי זענט איר געקומען צו דעם, אַז איר האָט גענומען אויף זיך די פאַרטיידיקונג פון אייכמאַנען?

סערוואַציוס: כ׳בין געווען, צווישן אַנדערן, דער פאַרטיידיקער פון די פירער פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פאַר דעם אינטערנאַ־

ציאָנאַלן מיליטערישן געריכט אין נירענבערג, און אויך דער פּאַרטיידיקער פון גאַולייטער זאַוקעל. אַזוי איז געשען, אַז אייכמאַנס ברודער און פרוי האָבן זיך געווענדט צו מיר, אַז כ׳זאָל אים פאַרטיידיקן.

פראַגע: ווער פינאַנסירט דעם דאָזיקן משפּט?

סערוואַציוס: אין אָנהייב איז די מערב־דייטשע רעפּובליק גרייט געווען צו פינאַנסירן. אָבער נאָך דעם האָט זי זיך צוריקגעצויגן. איינער פון אייכמאַנס ברידער האָט געגעבן אַ געוויסע סומע געלט. אויך די פרוי אייכמאַן האָט זיך באַטייליקט מיט דער סומע וואָס זי האָט באַקומען פאַרן אינטערוויו ביי זאַסענען. צו לעצט, האָט זיך מיט עטוואָס אויך באַטייליקט די ישראל־רעגירונג. די ענגלישע צייטונג „פיפל" האָט געשטעלט צו מיין דיספּאָזיציע אַ געוויסע סומע, אַלס דעקונג פאַר פאַרקויפטע רעכט. אָבער דאָס אַלץ צוזאַמען איז נאָך נישט גענוג. כ׳בין געווען געצוווּנגען צו נעמען אין קעלן אַ באַנק־הלוואה פון 30 טויזנט מאַרק. כ׳מיין, אַז די רעכט צו פאַרעפנטלעכן דאָס, וואָס אייכמאַן האָט געשריבן אין תפיסה, וועלן דעקן די אויסגאַבן.

פראַגע: צי ווייסט איר נישט, אַז די ישראל־רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן אַן אָנווייזונג, לויט וועלכער זי האָט רעכט צו קאָנפיסקירן די דאָזיקע שריפטן צוליב זיכערקייט־טעמים?

סערוואַציוס: דאָס איז פאַר מיר אין גאַנצן אַ נייע זאַך. אין ערגסטן פאַל וועל איך זיך ראַנגלען קעגן דער דאָזיקער אָנווייזונג. סוף כל סוף איז דער „קאָפּירייט" אין אייכמאַנס הענט. אויב מ׳וועט נישט באַפרייען אייכמאַנס שריפטן, וועל איך פאָדערן מען זאָל זיי פאַרניכטן.

פראַגע: ווי אַזוי האָבן זיך פאַרגעשטעלט אייערע באַרירונג־מעגלעכקייטן מיט אייכמאַנען?

סערוואַציוס: אין דעם דאָזיקן ענין האָב איך זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן, כאָטש די גלעזערנע מחיצה און דאָס פאַרשטענדיקן זיך דורך דער פאַרמיטלונג פון הערטרייבלעך האָט אַ ביסל געשטערט. דאָס געפיל, אַז מען קאָן זיך צוהערן צו יעדן וואָרט — און דאָס דאָזיקע צוהערן זיך לייגט זיך אויפן שׂכל און איז באַרעכטיקט ביי די געגעבענע אומשטענדן — האָט אויך געווירקט ווי אַ שטערנדיקער פאַקטאָר. כ׳האָב זיך אָבער נישט אויף וואָס צו באַקלאָגן. ניין! ניין! — די באַציִונג צו מיר, אין אַלגעמיין, איז געווען זייער אַ קאָרעקטע.

8.3.62

# פרטים וועגן טויטאורטייל
# איבער אַדאָלף אייכמאַן

ענדלעך, ענדלעך, האָבן די ברייטסטע מאַסן פון יידישן לאַנד און פון יידישן פאָלק אין די תּפוצות פריי אָפגעאָטעמט: דאָס העכסטע געריכט אין ישׂראל האָט ענדגילטיק באַשטעטיקט דעם טויטאורטייל קעגן דעם גרעסטן מערדער אין אַלע דורות, דעם צורר היהודים אַדאָלף אייכמאַן. דאָס העכסטע געריכט האָט אָפגעוואָרפן די אַפּעלאַציע פון צורר, און מיטביידע הענט און אָן די מינדסטע באַוואָרענישן האָבן די ריכטער באַשטעטיקט אַלע אויספירן און אַלע מאָטיוון פונעם טויטאורטייל, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דאָס ירושלימער קרייז־געריכט.

זייער גרויס איז געווען די שפּאַנונג אין לאַנד, און גאַנץ באַזונדערס אין ירושלים, ערב דעם אַרויסטראָגן פון ענדגילטיקן אורטייל קעגן דעם הויפּט־אַרכיטעקט, בויער און אויספירער פונעם שוידערלעכן פּלאַן „צו לייזן די יידן־פראַגע" — כאָטש עס איז נישט געווען דער מינדסטער צווייפל, אַז דער מערדער וועט באַקומען זיין פאַרדינטע שטראָף, האָבן דאָך די הערצער פון די על פּי נס געראַטעוועטע פון די גאַז־קאַמערן, און פון די ברייטסטע יידישע מאַסן אין לאַנד בכלל, שטאַרקער געקלאַפּט אין דעם דאָזיקן גורלדיקן פרימאָרגן פון דינסטיק, דעם 29סטן מאַי.

שוין אין די פאַרטאָג־שעהען האָבן זיך גרויסע מאַסן פאַרזאַמלט פאַרן פרעסע־ביוראָ פון דער רעגירונג אין ירושלים, כדי צו באַקומען אַן איינטריט־קאַרטע און בייזיין דעם לעצטן אַקט פון דער דראַמע און כדי צו וואַרפן כאָטש איין בליק אויף דעם מערדער, איידער ס'ווערט אַרויסגעטראָגן קעגן אים דער לעצט־גילטיקער אורטייל.

גאָר שנעל האָט זיך אויסגעפילט דער געריכט־זאַל. אַלע בענק זענען געווען ענג באַזעצט מיט מיניסטאָרן פון דער ישׂראל־רעגירונג, כנסת־דעפּוטאַטן, יוריסטן, מיטגלידער פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, וואָס האַלט איצט אָפּ זיין סעסיע אין ירושלים, אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן פון לאַנד און אויסלאַנד, צענדליקער פאַרטרעטער פון דער ישׂראלדיקער און

אויסלענדישער פּרעסע און הונדערטער בירגער פון אַלע קרייזן און שיכטן פונעם ציבור.

די אַטמאָספער אין געריכט־זאַל איז אַ העכסט־געשפּאַנטע. אייניקע מינוטן איידער ס׳קומען אַריין די ריכטער פון העכסטן געריכט, ווערט אייכמאַן אַריינגעפירט אין זיין גלעזערנער צעלע. ער באַגריסט זיך מיט זיין פּאַרטיידיקער סערוואַציוס. אויך דער גענעראַל־פּראָקוראָר ה׳ גדעון האַוזנער, וואָס איז ערשט נעכטן צוריקגעקומען פון זיין באַזוך אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, און אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער פּראָקוראַטור, זיצן שוין אויף זייערע ערטער. דער צורר אייכמאַן האָט זיך גלייך אַוועקגעזעצט אויף זיין פּלאַץ און מעשה „באַאַמטער" האָט ער גלייך אָנגעהויבן זיך מטפל זיין מיטן גרויסן שטויס פּאַפּירן, ווי זיין שטייגער, זינט דעם אָנהייב פון פּראָצעס.

דער צורר איז געווען געקליידט אין דעם זעלבן טונקעלן אָנצוג, וואָס איז געקויפט געוואָרן פאַר אים ספּעציעל פאַרן אָנהייב פון משפּט מיט הכער אַ יאָר צוריק. ער זעט אויס אַ ביסל אַטראָפירט, ווי ס׳שיינט, האָט ער פאַרלוירן עטוואָס פון זיין וואָג זיצנדיק אין דער תּפיסה אין רמלה. אויף זיין געזיכט זעט מען דעם זעלבן פאַרשטאַרטן און גאָרנישט זאָגנדיק אויסדרוק, און אויך ווי ווייט ס׳האָט זיך געלאָזט באַמערקן פון זיינע רעאַקציעס, אין דעם אַזוי גורלדיקן פרימאָרגן אין ירושלימער „בית עם", האָט מען געזען, אַז דער צורר איז פולשטענדיק גלייכגילטיק פאַרן אַרויסטראָגן דעם לעצטגילטיקן גזר־דין קעגן אים. אויך ווען דער וויצע־פאָרזיצער פון העכסטן געריכט, ד״ר ש. אַגראַנאַט, האָט פאַרגעלייענט די באַשלוסן פון די ריכטער, וואָס האָבן ריקזיכטלאָז אָפּגעוואָרפן אַלע טענות פון דער אַפּעלאַציע און האָבן באַשטעטיקט דעם פּסק־דין און גזר־דין פון ירושלימער קרייז־געריכט, האָט זיך גאָרנישט געענדערט אין דעם גלייכגילטיק אויסדרוקלאָזן פּנים פונעם צורר.

דאָס פאַרלייענען דעם פּסק־דין האָט זיך אָנגעהויבן ביי אַ זייער גע־שפּאַנטער שטימונג. פיר שעה האָט געדויערט דאָס לייענען פון דעם אויספירלעך מאָטיווירטן אורטייל, וואָס פאַרנעמט 57 סטענסיל־זייטן. נאָך 14 פון זיי זענען געווידמעט פאַקטישע פראַגן, און די 43 זייטן פונעם דאָקומענט — באַטראַכטן יורידישע ענינים, און הויפּטזעכלעך פּראָבלעמען, צי איז דאָס ישראלדיקע געריכט באַפולמעכטיקט צו משפּטן אַ נאַצישן פאַרברעכער, וואָס האָט אויסגעפירט זיינע גרוילטאַטן נאָך איידער ס׳איז גע־

גרינדעט געוואָרן די מדינה און נישט אין איר תחום. ווי ס׳שיינט האָבן די ריכטער אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט פאַר דעם דאָזיקן יורידיש־פאַרכמעגישן צד, און וואָסביידע געריכטן אין ישראל האָבן באַ־שטעטיקט אין דער דאָזיקער סוגיא, וועט ענדגילטיק קלאָר מאַכן אַפילו די מינדסטע ספיקות אינעם זכות פון מדינת ישראל צו משפטן די, וואָס האָבן געמאָרדעט, פאַרברענגט און פאַרגאַזט מיליאָנען נישט־געשיצטע יידן.

דער פסק־דין איז געלייענט געוואָרן טיילווייז דורך די ריכטער פון העכסטן געריכט אַגראַנאַט, זוסמאַן און זילבערג און ער איז געחתמעט געוואָרן דורכן פאָרזיצער פון העכסטן געריכט יצחק אָלשאַן, פאַרטרעטער פון דעם פאָרזיצער שמעון אַגראַנאַט, ד״ר משה זילבורג, יואל זוסמאַן און אַלפרעד וויטקון. פינף מינוט נאָך דעם ווי דער ריכטער ש. אַגראַנאַט האָט אָנגעהויבן לייענען דעם פסק־דין, האָבן די פיל הונדערטער אין דעם פול געפאַקטן געריכטזאַל און פיל צענדליקער טויזנטער אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט דעם דראַמאַטישן פאַרלויף פון דער לעצטער געריכט־זיצונג, דורך דער ספּעציעלער אוידיציע פון „קול ישראל״, שוין געוווסט, אַז די אַפּעלאַציע פון אַדאָלף אייכמאַן האָט נישט די מינדסטע אויסזיכטן. און אַזוי האָט אויסגערופן אַגראַנאַט: „זאָל גלייך געזאָגט ווערן: מיר באַשטעטיקן מיט ביידע אונדזערע הענט, ריקזיכטלאָז און אָן די מינד־סטע באַוואָרענישן, אַלע אויספירן און אַלע מאָטיוון פון ירושלימער קרייז־געריכט״. און כאָטש נאָך דעם האָבן די ריכטער געלייענט גאַנצע פיר שעה זייערע מאָטיוון, האָבן שוין אַלע געוווסט, אַז אייכמאַנען וועט שוין נישט געלינגען אַרויסצודרייען זיך פון דער תליה־שטריק.

נאָך דעם ווי די ריכטער האָבן געמאָלדן וועגן זייער לעצטגילטיקן באַשלוס, האָבן זיי אין זייער פסק־דין באַצייכנט, אַז ווען נישט דער ערנ־סטער רעזולטאַט מיט וועלכן ס׳האָט זיך פאַרענדיקט די דעציזיע פונעם קרייז־געריכט, און וואָס שטעלט פאַר מיט זיך די טעמע פון דער אַפּעלאַציע, וואָלטן מיר נישט געזען פאַר זיך קיין שום נויטווענדיקייט צו מאָטיווירן מיט אונדזער שפּראַך, אונדזער מיינונג, ווייל יענע אויספירן שטייען אויף אַ זייער פעסטער באַזע״. און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָבן די ריכטער אויסגעדריקט זייער אָפּשאַצונג „פאַר דער מעכטיקער מיפּולער אָנשטרענ־גונג, וואָס די געלערנטע ריכטער האָבן אינוועסטירט, דורכן עצם פירן די אַזוי שווערע דעבאַטע״.

אין דעם לעצטן פּרק פון פּסק־דין שטעלט פעסט דאָס העכסטע געריכט פון ישראל: „ווען מיר האָבן באַשלאָסן צו באַשטעטיקן דעם פּסק־דין און דעם גזר־דין פון אַפּעלירער, האָבן מיר געוווּסט זייער גוט ווי שרעקלעך אָרעם און ווי בלאָס ס׳וועט זיין דער דאָזיקער טויטאורטייל, אַנטקעגן די מיליאָנען מיתות־משונות, וואָס עס האָט גוזר געווען ער אַליין. און אַזוי ווי ס׳איז נישטאָ אין דער שפּראַך פון מענטשן אַ נאָמען, מיט וועלכן מ׳זאָל קענען אָנרופן די מעשים פון אַפּעלירער, אַזוי איז אויך נישטאָ קיין שטראָף אין די געזעצן פון מענטשן, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דער ערנסטקייט פון דער באַשולדיקונג פון אַפּעלירער. אָבער מיר ווייסן, אַז יעדע מאָס, וואָס וועט אויסגעמאָסטן ווערן פאַרן אַפּעלירער וועט נישט זיין גלייך און יעדע באַצאָלונג, וואָס וועט אַרויפגעלייגט ווערן אויף אים וועט נישט זיין גענוג. די דאָזיקע איבערצייגונג דווקא דערלויבט אונדז נישט, פאַר קיין פאַל, צו פאַרלייכטערן זיין שטראָף. ס׳איז דאָך נישט דערלאָזבאַר צו פירן צו דער תליה — אין איינקלאַנג מיטן געזעץ צו באַשטראָפן די נאַציס און זייערע געהילפן — דעם, וואָס האָט געמאָרדעט הונדערט, און צו באַ־פרייען, אָדער צו פאַרשפּאַרן אין תפיסה, און אָפּהיטן אַזעלכן, וואָס האָט געמאָרדעט מיליאָנען!

פעסטשטעלנדיק, אין יאָר 1950, די מאַקסימאַלע שטראָף, וואָס ווערט געבראַכט אין דעם דערמאָנטן געזעץ, האָט דער ישראלדיקער געזעצגעבער זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אַ גרעסערן פאַרברעכער ווי אַדאָלף אייכמאַן, און אויב מיר ווילן נישט חוזק מאַכן פונעם ווילן פון געזעצגעבער, מוזן מיר אויף אייכמאַנען אַרויפלייגן די מאַקסימאַלסטע שטראָף, וואָס ווערט פעסטגעשטעלט אין דעם פּאַראַגראַף 1 פונעם געזעץ, און דאָס איז טויט־שטראָף".

די ריכטער האָבן צוגעגעבן, אַז „אויך דער פאַקט, וואָס דער אַפּעלי־רער — דורך פאַרשידענע מיטלען, פאַרבאַהעלטעניש, געפעלשטע דאָקו־מענטן און אַנדערע — איז געלונגען אַרויסצודרייען זיך פון דער תליה, וואָס איז געווען גרייט פאַר אים, אין דער געזעלשאַפט פון זיינע חברים, אין נירנבערג, קען אים דאָ נישט בייִשטיין, און ער מוז סוף סוף געבן דעם דין פאַרן ישראלדיקן בית־המשפט".

„דעריבער איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצוּוואַרפן די אַפּעלאַציע פון אַפּע־לירער, הן אין באַצוג צו דער באַשולדיקונג און הן אין באַצוג צו דער שטראָף און באַשטעטיקן דעם פּסק־דין און דעם גזר־דין, וואָס זענען

אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן קרייז־געריכט אין ירושלים". גלייך נאָך דער ענדגילטיקער באַשטעטיקונג פון טויטאורטייל קעגן אייכמאַנען איז זיך צוזאַמענגעקומען די ישראל־רעגירונג אויף אַ ספּעציעלער זיצונג בעת וועלכער דער יורידישער ראַטגעבער פון דער רעגירונג, ה' גדעון האַוזנער, האָט איבערגעגעבן אַן אויספירלעכן באַריכט פון פּסק־דין.

דאָס אומפאַרמיידלעכע האָט געמוזט קומען. ס'איז אָבער געקומען אַפילו עטוואָס שנעלער ווי מ'האָט זיך פאָרגעשטעלט: דער שוידערלעכ־סטער מערדער פון אַלע דורות, דער צורר־היהודים אַדאָלף אייכמאַן איז געפירט געוואָרן צו דער תליה. און געפירט האָבן אים יידן פון דער פרייער מדינת ישראל.

ס'איז געווען זיבן אין אָוונט. אייכמאַן האָט געגעסן זיין געוויינלעכן אָוונטברויט פון תפיסה: ברויט, טיי, מאַסלינעס און קעז. אַכט אַזייגער איז אין דער צעלע אַריינגעקומען ה' ניר, דער קאָמיסאַר פון די ישראל־תפיסות און אין קורצע ווערטער האָט ער אים געמאָלדן, אַז דער נשיא המדינה האָט אָפּגעוואָרפן זיין ביטע וועגן באַגנעדיקונג. ער האָט אים נישט געזאָגט קיין וואָרט ווען דער גזר־דין וועט אויסגעפירט ווערן. אייכמאַן האָט גאָר־נישט געפרעגט. ער האָט בלויז געזאָגט „יאָוואָל" און זיין לעצטער פאַר־לאַנג איז געווען מ'זאָל אים ברענגען אַ פלאַש וויין. זיין ביטע איז דער־פילט געוואָרן און ער האָט אויסגעטרונקען אַ האַלבע פלאַש. ער האָט אויך געבעטן מ'זאָל אים געבן צו לייענען די צוויי בריוו פון זיינע ברידער, וואָס ער האָט באַקומען אין לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

אַ זייגער 11.30 ביי נאַכט איז דערשינען דער גייסטלעכער אין אייכ־מאַנס צעלע. און דאַן איז אים אַלץ קלאָר געוואָרן... „איר זעט אויס טרויע־ריק — האָט ער געזאָגט צו דעם גייסטלעכן און זיין פרוי, — און איך נישט". ער איז געווען באַהערשט דורך אַ טעמפּער רויִקייט, און מיט דער זעלבער רויִקייט איז ער אויך געגאַנגען צו דער אויפגעשטעלטער תליה. ער האָט כסדר אויסגעדריקט זיין נעגאַטיווע באַציִונג צום קריסטנטום. ווען דער גייסטלעכער האָט אים געפרעגט וואָס ער זאָל איבערגעבן זיין פרוי, האָט ער געזאָגט: „זאָגט איר, אַז אין מיין האַרץ הערשט אַ רויִקייט און דאָס באַווייזט, אַז דער יסוד פון מיין אמונה איז אַ ריכטיקער". און וואָס שייך די זעקס מיליאָן קרבנות? — אייכמאַן האָט כסדר אָפּגעלייקנט וועלכע ס'איז שולד...

אַרום האַלבער נאַכט איז מען געקומען אים נעמען. מ׳האָט אים אַריינ־געפירט אין עקזעקוציע־צימער. דאָס צימערל איז געווען אַ קליינס, אפשר דריי אויף דריי. ס׳זענען דאָרט אָנוועזנדיק געווען דריי תפיסה־ און פּאָליצײ־אָפיצירן, אַ רעגירונגס־אָפיציר, אַ פּאָר זשורנאַליסטן און אַ פאַרטרע־טער פון מלוכהשן פּרעסע־ביוראָ. אין זייער אָנוועזנהייט איז אויסגעפירט געוואָרן די עקזעקוציע.

דער צום טויט פאַרמשפּטער איז געשטאַנען אויף אַ טיר אין צענטער פון דער פּאָדלאָגע. פיר תפיסה־וועכטער האָבן מיט ברייטע בענדער פעסט אַרומגעבונדן זיינע הענט און פיס. און דער צורר האָט דערביי גערעדט כאָטש שטיל, אָבער מיט גרויס חשק, מיט אַ מין אויסטערלישער תאַווה: „זאָל לעבן דייטשלאַנד, זאָל לעבן עסטרייך, זאָל לעבן אַרגענטינע — די דריי מדינות מיט וועלכע כ׳בין געווען אַזוי פאַרבונדן און וועלכע כ׳וועל נישט פאַרגעסן״. און כמעט אָן הפסקה האָט ער צוגעגעבן: „כ׳שיק מיינע גרוסן פאַר מיין פרוי, פאַר מיין משפּחה און פריינד. כ׳האָב געמוזט זיין געהאָרכזאַם צו די געזעצן פון דער מלחמה, פון מיין פאָן. כ׳בין גרייט״. ווען מ׳האָט אים געוואָלט פאַרבינדן די אויגן, האָט ער געזאָגט: „ס״איז נישט נייטיק״.

און ווען מ׳האָט זיך אָנגעהויבן מטפּל זיין מיט דעם תליה־שטריק, האָט דער צורר באַמיט זיך אַ שמייכל צו טאָן.

און דאַן איז שוין אַלץ צוגעגאַנגען זייער שנעל. ס׳איז נישט געווען קיין צייט ר׳עכט אַרומצוקוקן זיך אויף דעם צום טויט־פאַראורטיילטן, וואָס איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין ברוינע קליידער און סאַנדאַלן אויף די פיס און ווען ער האָט נאָך באַוויזן צו זאָגן, אַז ער איז „גאָטגלויביג״, איז פּלוצעם דערהערט געוואָרן די פאַראָרדענונג פון פאַראַנטוואָרטלעכן אָפיציר איבער דער עקזעקוציע: „פּעל!״ — לאָז אין גאַנג! די פּאָדלאָגע האָט זיך גע־עפנט, אייכמאַן איז גלייך אַריינגעפאַלן אין גרוב צעברעכנדיק זיין נאַקן. ס׳איז געווען 12.02. געננוי פיר מינוט זענען אַריבער זינט דער צורר איז אַריינגעפירט געוואָרן אין תליה־צימער. דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט זיין טויט. לויטן תפיסה־רעגולאַמין איז דער טויטער קערפּער פון צורר געהאָנגען אַ שעה צייט. מיט איינ׳קע שעה שפּעטער איז אייכמאַנס קערפּער פאַרברענט געוואָרן לויט זיין אייגענעם ווּנטש.

אַ זייגער 4.35 פאַר טאָג איז זיין אַש פאַרשפּרייט געוואָרן אין מיטן ים ווייט אויסער די טעריטאָריעלע וואַסערן פון ישראל. אויף אַן ענלעכן אופן

האָט מען זיך אויך געפירט מיט די קערפּערס פון די נאַצישע קריגס־פאַר־ברעכער נאָכן פּסק־דין אין נירנבערג.

צוויי נאָך האַלבער נאַכט האָט מען צוזאַמענגערופן אַ ספּעציעלע פּרעסע־קאָנפערענץ אין „בית סוקולוב" אין תל־אביב. די צוויי אַנוועזנ־דיקע ישראל־זשורנאַליסטן בעת דער עקזעקוציע האָבן זיך געטיילט מיט זייערע קאָלעגן וועגן די איינדרוקן, און אויף צו מאָרגנס האָבן אַלע ישראל־צייטונגען געבראַכט פולע פּרטים פון דער עקזעקוציע איבער אַדאָלף אייכמאַן.

צוויי יאָר מיט צוואַנציק טעג איז אַדאָלף אייכמאַן געווען אין די הענט פון ישראל — זינט ישראל האָט געכאַפּט דעם אַרכימערדער אין אַרגענטינע און אים געבראַכט צום משפּטן אין יידישן לאַנד.

יידן האָבן געזאָגט: „ווען אונדזערע טייערסטע און ליבסטע — די געשאָכטענע, פאַרפּייניקטע און פאַרגאַזטע ברידער און שוועסטער — וואָלטן געקענט אויפשטיין כאָטש אויף איין מינוט, כאָטש אויף אַ סעקונ־דע — און זען אייכמאַנס צעשאָטענעם אַש איבער די וויסטע ימען...
ווען זיי וואָלטן נאָר געקענט!"

28.6.62

## דער היסטאָרישער באַטייט פונעם אייכמאַן־פּראָצעס

דער שוידערלעכסטער מערדער אין דער וועלט־געשיכטע, דער צורר היהודים אַדאָלף אייכמאַן, האָט שוין באַקומען זיין גערעכטע שטראָף; לויט אַן אורטייל פון העכסטן געריכט אין מדינת ישראל איז ער געהאָנגען געוואָרן, זיין קערפּער איז פאַרברענט געוואָרן און זיין אַש איז פאַרשפּרייט געוואָרן איבער זיבן ימען, און פון צורר איז קיין שריד ופליט נישט פאַר־בליבן. און דאָך באַשעפטיקט מען זיך נאָך אין ישראל און אין דער גאַרער וועלט מיט דעם גרויסן היסטאָרישן באַטייט פון דעם אייכמאַן־משפּט אין ירושלים. אַזוי האָט דער רעגירונג־שעף, דוד בן־גוריון, אויסגעדריקט זיין

מיינונג אין דער כנסת, אַז די גרויסע וויכטיקייט פון דעם דאָזיקן משפט איז אין דער בולטער אַרויסשטעלונג פון שוידערלעכן פאַרברעכן, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן דעם יידישן פאָלק, כלפּי דער גרויסער וועלט, ווייל בעת די נירנבערגער פּראָצעסן איז דער יידישער ענין כמעט פאַר־טושט געוואָרן צווישן אַלע נאַצישע פאַרברעכנס.

בן־גוריון האָט געלאָזט הערן די דאָזיקע ווערטער אין די ראַמען פון זיין תשובה פאַר די דעפּוטאַטן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער דעבאַטע אַרום דעם בודזשעט פון זיין קאַנצעלאַריע. דער רעגירונגס־שעף האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז די גרויסע וויכטיקייט פון דעם אייכמאַן־משפּט איז נישט אין דעם אומברענגען דעם איינציקן אייכמאַן, נאָר אין דעם ברענגען דעם ענין פון די פאַרברעכנס, אויף אַלע זייערע שוידער־לעכע פּרטים, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן דעם יידישן פאָלק, פאַר די פעלקער פון דער וועלט, און בעיקר — פאַר יענע טיילן פון דעם יידישן פאָלק, וואָס זענען קיין מאָל נישט געווען אין אייראָפּע, און דעריבער זענען זיי געווען ווייט פון דעם, וואָס ס'איז דאָרט געשען, ווי אויך פאַר דעם יונגן יידישן דור, וואָס איז געבוירן געוואָרן נאָך דער שוידערלעכער אומקום־תקופה.

רעדנדיק וועגן דעם אופן, ווי אַזוי אייכמאַן איז געבראַכט געוואָרן אין לאַנד, האָט בן־גוריון געזאָגט, אַז ביי דעם דאָזיקן אַקט זענען געווען פיל שותפים, זיי ווילן אָבער פאַרבלייבן אין שאָטן און זיי ווילן נישט, אַז מ'זאָל וויסן ווער זיי זענען. אַן אַנדער פאַקטאָר, וואָס האָט זוכה געווען צו אַ גרויסן לויב מצד דעם רעגירונגס־שעף, איז געווען די ישראל־פּאָליציי. מיט אַן אָנגעשטרענגטער מילבן־אַרבעט האָט זי באַוויזן צונויפ־צוזאַמלען אַ ריזיקן מאַטעריאַל אין לאַנד און אין אויסלאַנד, און אויף דעם יסוד איז דערמעגלעכט געוואָרן צו רעזומירן און צו באַקומען אַ פול און קלאָר בילד, וואָס ס'איז געשען דעם פאָלק, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אייגן לאַנד, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אַרמיי, נישט קיין מלוכה און וואָס האָט נישט געהאַט קיין זעלבשטענדיקייט. דער רעגירונגס־שעף האָט אויך זייער שטאַרק געלויבט די פּראָקוראָרן און די ריכטער, וואָס האָבן געפירט דעם משפט אויף אַזאַ באַוווּנדערונגס־ווערטן אופן. „ס'זענען נישט געווען פיל אַזעלכע מעשים, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַזאַ גרויסן כבוד פאַר ישראל אין דער גאַנצער וועלט, ווי דער דאָזיקער משפּט" — האָט פאַרענדיקט דער רעגירונגס־שעף.

אַ ראַזיר־מעסערל, האַלב צעבראָכן, איז געווען באַהאַלטן אונטער אַ פּאָסטמאַרקע אויף אַ קאַרטל, וואָס איז געשיקט געוואָרן אייכמאַנען פון אויסטראַליע — האָט דערקלערט גדעון האַוזנער, דער גענעראַל־פּראָקוראָר אויפן אייכמאַן־משפּט, בעת אַ „לעבעדיקער זשורנאַליסטן־צייטונג", וואָס איז פאָרגעקומען אין „בית סוקולוב" אין תל־אביב.

די שרייבער פון דעם פּאָסטקאַרטל האָבן פאָרגעלייגט אייכמאַנען, אַז ער „זאָל גיין אין דעם וועג פון זיינע גרויסע פאָרגייער". דאָס איז געווען אַ דייטלעכע אָנצוהערעניש, אַז דער צורר זאָל באַגיין זעלבסטמאָרד, אַבי עס זאָל נישט אויסגעפירט ווערן דער טויטאורטייל איבער אים, וואָס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן קעגן אים דורך אַ יידיש געריכט. אַלס פּאָסטמאַר־קעס־זאַמלער איז אייכמאַן געבעטן געוואָרן גוט צוצוקוקן זיך צו די נייע און שיינע פּאָסטמאַרקעס, וואָס זענען אַרויפגעקלעפּט געוואָרן אויף דעם פּאָסטקאַרטל.

פאַרשטייט זיך — האָט געזאָגט ה׳ האוזנער — אַז דאָס פּאָסטקאַרטל איז נישט דערגאַנגען צו אייכמאַנען. ווען עס איז פאָטאָגראַפירט געוואָרן אין דער אַנאַליטישער לאַבאָראַטאָריע פון דער פּאָליציי, האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז אונטער די „שיינע" פּאָסטמאַרקעס איז געווען אויסבאַ־האַלטן דאָס צעבראָכענע ראַזיר־מעסערל.

הער גדעון האַוזנער האָט צוגעגעבן, אַז אין אויסטראַליע האָבן זיך באַזעצט די דייטשן פון שרונה און ווילהעלמאַ אין ישראל, און דאָס האָבן זיי עס געשיקט דאָס קאַרטל, אַז זייער „קאָלעגע" אייכמאַן, „זאָל גיין אין דעם וועג פון זיינע גרויסע פאָרגייער"...

עס איז נאָך נישט געקומען די צייט צו אַנטדעקן דעם אינהאַלט פון אַלע בריוו וואָס ס׳האָט באַקומען דער צורר, אָדער, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר אים. פון פאַרשידענע נאַצישע קרייזן האָט מען אייכמאַנען געעצהט ער זאָל באַגיין זעלבסטמאָרד, כדי ער זאָל נישט דאַרפן שטיין פאַרן ישראלדיקן געריכט. צווישן אַנדערע זענען דערהאַלטן געוואָרן ביי אַ 20 בריוו, וואָס האָבן אַנטהאַלטן שאַכמאַט־פּראָבלעמען, און מאָדנע, אַלע האָבן זיך פאַרענדיקט מיט דער לייזונג פון „מאַט".

ס׳זענען שוין אַריבער דריי וואָכן זינט אייכמאַנס אַש איז צעשפּרייט געוואָרן איבער די כוואַליעס פון מיטללענדישן ים, אָבער דערמיט איז נאָך נישט פאַרענדיקט געוואָרן די פּרשה פון דעם שרעקלעכסטן קלאָפּ, מיט וועלכן אַ פאָלק איז ווען עס איז געשלאָגן געוואָרן — האָט געזאָגט

גדעון האַוזנער אין אָנהייב פון זיינע ווערטער. לויט דער מיינונג פונעם רעדנער, האָט דער אייכמאַן־פּראָצעס אַרויסגערופן אַ פיל גרעסערן אָפּ־קלאַנג אין דער וועלט, ווי די נירנבערגער פּראָצעסן, ווען אייראָפּע איז נאָך געווען פאַרנומען מיטן היילן אירע אייגענע פרישע מלחמה־ווּנדן. און ווען די וועלט האָט זיך באַצויגן צו זיי ווי צו פּראָצעסן מיט אַ פּאָלי־טישער באַפאַרבונג.

די נאַטירלעכע לעקציע, וואָס די וועלט לערנט פון דעם אייכמאַן־משפט איז, אַז פּאָליטיק וואָס איז געבויט אויף שנאה צו דעם צווייטן און אויף דער פולשטענדיקער נעגירונג פון מאָראַל, מוז פירן צו גאַז־קאַמערן, און אַז יעדער טאָטאַליטאַרער רעזשים אַנטהאַלט אין זיך די סכנה פון מאַסן־מאָרד. אויך פּרווּוט מען לערנען פאַר וואָס דער דאָזיקער שוידער־לעכער פאַרברעכן, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן אין דעם 20סטן יאָרהונ־דערט, איז געשען דווקא אין דייטשלאַנד, און צי דער גורל פון דעם יידישן פאָלק וואָלט אויך נישט געווען דער גורל פון אַנדערע פעלקער, ווען היטלער וואָלט געזיגט אין דער מלחמה.

אַ זייער וויכטיקן צושטייער פונעם משפט ליגט אין דעם, וואָס ישראל האָט זיך געווענדט צו דעם געוויסן פון דער וועלט מיט דער שפּראַך פונעם געזעץ און דורך אַ משפט וואָס איז געפירט געוואָרן עפנטלעך, לויט אַ געוויינלעכער פּראָצעדור, לויט די פאַקטן, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פאַר די ריכטער, — האָט געזאָגט ג. האַוזנער. דער דאָזיקער משפט האָט אויך געגעבן דעם העכסטן אויסדרוק פון דער סוּווערעניטעט פון ישראל, און דאָס האָט אין זיך אַ זייער טיפן סימבאָלישן באַטייט, וואָס נאָך 13 יאָר זינט דער עקזיסטענץ פון דער מדינה, האָבן מיר זוכה געווען צו שטעלן אייכמאַנען פאַר אַ יידישן געריכט און דורך די יידישע אָנקלאָגער ברענגען אַ חשבון פאַר די אומות העולם, וואָס די נאַציס האָבן אונדז געטאָן. ג. האַוז־נער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די באַווייזן, וואָס זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן קעגן דעם צורר דורך דער ישראל־פּאָליציי וואָלטן דערמעגלעכט צו פאַרענדיקן דעם משפט אין אַ זייער קורצער צייט. „אונדזער אויפגאַבע איז אָבער געווען צו ברענגען פאַרן משפט נישט די 1.600 דאָקומענטן, וואָס מיר האָבן געהאַט, נאָר דעם אומקום אַליין און זיינע רעשטלעך". ער האָט אויך געזאָגט, אַז ס׳איז גאָרנישט געווען קיין לייכטע אַרבעט צו מאַכן רעדן די עדות, וואָס האָבן גאָרנישט געהאַט קיין ווילן צוריקקערן זיך צו יענער שוידערלעכער תקופה. די צווייטע אויפגאַבע איז געווען צו ברענגען

פאַרן עדות־פּולט אַ דורכשניט פונעם גאַנצן פאָלק — מענטשן פון אַלע קרייזן און שיכטן, כדי צו באַקומען אַ פול בילד פון אומקום.

18.5.61

## דער שענדלעכער פאַמפלעט אין דער "פּראַוודאַ" קעגן דעם אייכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים

דער משפט קעגן דעם שוידערלעכן צורר אַדאָלף אייכמאַן, דער מערדער פון זעקס מיליאָן יידן, וואָס האָט זיך געעפנט דעם 11טן אַפּריל אין ירושלימער „בית־העם", האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן אָפּקלאַנג אין דער גרויסער וועלט און האָט צוגעשמידט צו זיך די טיפסטע אויפמערקזאַמקייט פון הונדערטער מיליאָנען מענטשן. די איינציקע מדינה, וואָס האָט בייזוויליק און עקשנותדיק פאַרשוויגן דעם פּראָצעס, איז געווען — סאָוויעט־רוסלאַנד. די דאָזיקע מדינה, וואָס „זאָרגט" אַזוי פאַרן „וועלט־שלום", איז געבליבן טויב, בלינד און שטום, אין די טעג, ווען אין ירושלים זענען אַזוי ברייט פונאַנדערגעוויקלט געוואָרן די נאַצישע גרוילקייטן, ווען ס'איז פאָרגעבראַכט געוואָרן די גרעסטע טראַגעדיע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט — דער טאָטאַלער פאַרניכטונגס־פּלאַן פון אַ גאַנץ פאָלק.

וועגן דעם אַלעמען האָט די סאָוויעטישע פּרעסע נישט דערציילט קיין איינציק וואָרט. מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון כמעט אַ חודש, האָט זיך די מאָסקווער „פּראַוודאַ" „דערמאָנט" אין אייכמאַן־משפט און... איז אַרויס מיט אַ שענדלעכן פאַמפלעט, אַז דער גאַנצער אייכמאַן־משפט איז נישט מער ווי אַ „קנוניה" צווישן דער ישראל־רעגירונג און מערב־דייטשלאַנד „כדי צו פאַרזיכערן ראַקעטן און אַטאָם־געווער פאַר דער דייטשער פעדעראַלער רעפּובליק"....

ס'איז קוים איבערצוגעבן די אויפרעגונג און דעם צאָרן, וואָס האָט אַרומגענומען די ברייטסטע מאַסן אין לאַנד, לייענענדיק דעם דאָזיקן עקלדיקן פאַמפלעט. די דאָזיקע געפילן קומען צום אויסדרוק אין אַ גאַנצער ריי לייטאַרטיקלען, וואָס ס'האָבן פאַרעפנטלעכט די ישראלדיקע צייטונגען.

דער גרויסער און איינפלוסרייכער „הסתדרות"־אָפּיציאָז „דבר" צב"ש שרייבט אין זיין לייטאַרטיקל: איינע פון די סאַמע אויפטרייסלענדיקסטע דערשיינונגען בעת דעם אייכמאַן־משפט איז די באַציִונג פון דער סאָוויעטישער פּרעסע צום דאָזיקן משפט. אויסער אַ קורץ ידיעהלע וועגן דער עפענונג פונעם משפט, האָבן ביז איצט די הויפּט־סאָוויעטישע צייטונגען נישט פאַרעפנטלעכט קיין איינציק וואָרט וועגן גאַנג פונעם משפט, נישט וועגן דער גרויסער באַשולדיקונגס־רעדע פון פּראָקוראָר, נישט וועגן די עדות־דערקלערונגען אאַז"וו. ווי ס'שיינט, האָבן די אָנפירער פון דער סאָוויעטישער פּרעסע באַשלאָסן, אַז די צייטונגס־לייענער אין ראַטן־פאַר־באַנד, אין דעם אויך די יידישע לייענער, דאַרפן נישט וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין „בית־עם" אין ירושלים. פאַר וואָס האָבן זיי אַזוי באַשלאָסן? די באַשליסער אַליין האָבן נישט אַנטדעקט די מאָטיוון פון זייער באַשלוס, אָבער, ווי ס'זעט אויס, האָבן דריי באַטראַכטונגען מיטגעווירקט פאַר דעם דאָזיקן באַשלוס.

ראשית, האָבן זיי זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז פון די עדות־דערקלע־רונגען וועגן דער שחיטה איבער די יידן, וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די נאַציס האָבן געהאַט געטרייע שותפים צו דער דאָזיקער מלאכה, און די דאָזיקע שותפים זענען געווען, אין זייער איבערוויגנדיקער מערהייט די פעלקער, וואָס ווערן היינט אָנגערופן „סאָוויעטישע פעלקער". אוקראַינער און ביע־לאָרוסן, ליטווינער און לאָטישן, אין פיל טויזנטער האָבן זיי בשותפות־דיק מיטגעאַרבעט מיטן בלוטיקן נאַצישן אָקופּאַנט ביים אונטערדריקן און אויסמאָרדן די יידן. ס'זענען געווען קאָלאַבאָראַציאָניסטן אויך פון אַנ־דערע לענדער, אָבער אין קיין איין פלאַץ האָט דער „הייליקער ציל" פון מאָרדן יידן נישט געפונען אַזעלכע התלהבותדיקע מיטהעלפער און אין אַזעלכע גרויסע צאָלן, ווי צווישן די אויבנדערמאָנטע פעלקער. פאַרשטייט זיך, אַז די סאָוויעטישע צייטונגען איז נישט באַקוועם מודה צו זיין זיך אין דעם דאָזיקן פאַקט, און דער בעסטער וועג פאַר דעם איז אַרויסצודרייען זיך און פולשטענדיק פאַרשוויגן דעם משפט.

צווייטנס, ס'איז נישט אומפאַרמיידלעך, אַז דאָ האָט דעצידירט דער ווילן צו פאַרשווייגן זאַכן, וואָס קענען פאַרשטאַרקן דעם יידישן באַוווסט־זיין און די געפילן צום יידישן כלל צווישן יידן אין ראַטנפאַרבאַנד. דער אייכמאַן־משפט ווייזט אַרויס, צווישן אַנדערן, די איינִיקייט פונעם יידישן גורל, אַן איינִיקייט, וואָס רייסט אַדורך גרענעצן, צייט און פלאַץ. דער

דאָזיקער פאַקט שטייט אין קעגנזאַץ צו דער סאָוויעטישער אָפיציעלער פּאָליטיק אין באַצוג צו דער יידישער מינדערהייט, און דעריבער — ווי צו די פאַקטן! דורך אונטערדריקן דעם וויסן פון די פאַקטן האָפט מען מבטל צו מאַכן זייער השפעה.

און דריטנס, דער דאָזיקער משפּט פלעכט זיך נישט אַריין גוט אין דער מערכה פון שקרים און בלבולים, וואָס דער ראַטן־פאַרבאַנד פאַרשפּרייט וועגן מדינת ישראל. די דאָזיקע מדינה איז דאָך, ווי זי איז באַקאַנט פאַר אַלע צייטונגס־לייענער אין ראַטן־פאַרבאַנד, אַ „ליאַלקע" פון די אימפּעריאַליסטן, וואָס „דינט דעם מערב", אַ „געקויפטער אַגענט פון דייטשלאַנד". און אָט, האָט זי באַוויזן צו מאַכן אַזאַ אויפטו, וואָס שטייט אין אַזאַ שאַרפן קעגנזאַץ צו איר געשטאַלט: זי האָט געכאַפּט אייכמאַנען און האָט אויפגערעגט די „נעאָ־נאַציס"; און איצט האָט זי איינגעאָרדנט אַ משפּט, וואָס רעגט אויף און דענערווירט די דייטשן (די מערבדיקע) און זייערע שותּפים. ווי אַזוי זאָל פאַרגעשטעלט ווערן דער דאָזיקער אויפטו אין שיין פון דער טעאָריע פון "דער באַדינערין פון מערב"? יאָ, ס'איז טאַקע זייער שווער אויפצוקלערן, און דעריבער קומט מען אָן צום לייכטסטן וועג פון פשוט „אַרויסטרייבן" דעם משפּט פון די צייטונגס־זייטן. ס'איז נישטאָ קיין משפּט — ס'איז נישטאָ וואָס אויפצוקלערן. און אפשר טאַקע צוליב אָט דער סיבה האָט דער ראַטן־פאַרבאַנד אונדז נישט געוואָלט העלפן מיט וועלכן ס'איז מאַטעריאַל וועגן די מעשים פון אייכמאַנען?

און גאַנץ מעגלעך, אַז די, וואָס האָבן באַשטימט די דאָזיקע ליניע, וואָלטן געקענט זיין זיכער, אַז דורכן פאַרשווייגן דעם משפּט אין די צייטונגען, וועט אויסגעמיטן ווערן וועלכע ס'איז ידיעה וועגן אים אין אַלע תחומען פון ראַטן־פאַרבאַנד, וואָלטן זיי זיך באַגנוגנט דערמיט, און וואָלטן פאַרגעסן דעם גאַנצן ענין. אָבער, אין אונדזערע טעג, די טעג פון ראַקעטעס און ראַדיאָ, און דאָס פליִען אין דער סטראַטאָספערע, איז זייער שווער הערמעטיש צו פאַרשליסן אַזאַ גרויס און ברייט לאַנד ווי דער ראַטן־פאַרבאַנד, און ווען דו וועסט אַפילו פאַרטרייבן אַזאַ געשעעניש ווי דער אייכמאַן־משפּט פון אַלע צייטונגען, וועט זי צוריקקומען און אַריינדרינגען מיט טויזנט אַנדערע וועגן. מען מעג אָננעמען, אַז די איינוווינער פון ראַטן־פאַרבאַנד, און גאַנץ באַזונדערס, אירע יידישע איינוווינער, ווייסן וועגן משפּט און וועגן זיין פאַרלויף. דאָס פאַרשווייגן העלפט נישט, און דעריבער, ווי ס'זעט אויס, איז באַשלאָסן געוואָרן אויפן פּלאַץ, אַז צוזאַמען מיטן

אויסבאַהאַלטן דעם אמת וועגן משפט דאַרף מען אויך פאַרשפּרייטן שקרים וועגן אים. און אָט אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער מאמר א״נ „אַ משפט אָדער אַ פאַרסע״, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „פּראַוודאַ״, דעם 28סטן אפּריל ד. י. מיטן אונטערשריפט פון מחבר י. אַלעקסאַנדראָוו. אין דאָזיקן מאמר באַשולדיקט „פּראַוודאַ״ די ישראל־רעגירונג אין אַ „קנוניה״ מיט די מאַכט־אָרגאַנען פון מערב־דייטשלאַנד, כדי צו פאַרדעקן די פאַר־ברעכנס פון יענע נאַציס, וואָס זענען נאָך נישט באַשטראָפט געוואָרן און וואָס פאַרנעמען נאָך הייַנט זייער וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער דייטשער פעדעראַלער רעפּובליק. די פּאַקטישע „באַווייזן״ פאַר דעם דאָזיקן עקלדיקן בילבול פון בעל־המאמר, זענען: 1) די ענדערונג פון ישראל־געזעץ מיט דער כוונה צו דערמעגלעכן אַ דייטשן פאַרטיידיקער פאַר אייכמאַנען, און 2) דער באַשלוס פון דער ישראל־רעגירונג צו דעקן די פאַרטיידיקונגס־הוצאות פון באַשולדיקטן. די איבעריקע „באַווייזן״ זענען פּשוט אויסגע־זויגענע פון פינגער פונעם מחבר: אַ פאַרטרויליכער צוזאַמענטרעף אין בריסל צווישן בן־גוריונען און אַדענאַוערן, דאָס צעשטערן אייכמאַנס כוונות אַנצורופן די נעמען פון 387 זיינע שותפים, וואָס פאַרנעמען הייַנט זייער וויכטיקע פּאָסטנס אין מערב־דייטשלאַנד, און אַ ריי אַנדערע „דער־פינדונגען״ פון דעם מין.

מיר האָבן לחלוטין נישט בדעה צו פירן אַ וויכוח מיטן מחבר פון דעם דאָזיקן שקר־בלבול. מיר נעגירן אויך די מאָראַלישע רעכט פון די „פּראַוודאַ״־רעדאַקטאָרן, צו לערנען אונדז ווי אַזוי מיר דאַרפן זיך אויפ־פירן כלפּי דייטשלאַנד. ווער ס׳וועט אָפּ זיין אויג פון די געוועזענע נאַ־ציס, וואָס פאַרנעמען פּאָסטנס אין מזרח־דייטשלאַנד, ווער ס׳האָט איינגע־לאַדנט ד״ר אַדענאַוערן קיין מאָסקווע, מאַכנדיק אָנשטרענגונגען צו גע־ווינען זיין האַרץ — זאָל אונדז נישט לערנען הלכות ווי אויפצופירן זיך כלפּי דייטשלאַנד. ס׳דוכט זיך, אַז אַלע ווייסן איצט, אַז אין רעזולטאַט פון כאַפּן אייכמאַנען דורך ישראל און דעם משפּט איבער אים זענען געכאַפּט געוואָרן אין דייטשלאַנד זייער פיל אייכמאַנס מיטהעלפערס. און ס׳איז אָנצונעמען, אַז דערמיט זענען נאָך נישט פאַרענדיקט געוואָרן די רעזול־טאַטן פון דעם אַזוי געוואַגטן אַקט פון ישראל.

לגבי אונדז איז דער מאַמר אין „פּראַוודאַ״ נאָך אַ טראָפּן אין דעם כוס פון צער און טרויער, וואָס מיר טרינקען איצט טאָג־טעגלעך.

3.12.1960

## לויבגעזאַנג פאַר יידיש אין "דבר"

דער מיטאַרבעטער פון „דבר“, דער אָנגעזעענער שרייבער און דענקער שלמה גראָדזענסקי, דער געוו. פירער און אידעאָלאָג פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג אין צפון־אַמעריקע, וואָס האָט זיך באַזעצט אין ישראל, טרעט אַרויס זייער שאַרף קעגן דעם העברעיִשן „כנעניזם“ און די „גלות־פרעסער“ און ער זינגט דערביי אַ לויבגעזאַנג פאַר יידיש און פאַר די יידיש־שרייבער. אַזאַ טיפע און אויפריכטיקע אָפּשאַצונג פון די היסטאָרישע פאַרדינסטן פון יידיש, פון איר ערשטראַנגיקער נאַציאָנאַלער שליחות, וואָס זי האָט נאָך צו דערפילן אין דער קעגנוואַרט און אין דער צוקונפט, פון אַזאַ אָנגעזעענער פערזענלעכקייט אין אַזאַ גרויסער פאַרשפרייטער צייטונג אין ישראל, מיט אַזאַ מוט און געוואָגטקייט איז, דוכט מיר, פאַרעפנטלעכט געוואָרן צום ערשטן מאָל. צוליב דער אויסערגעוויינלעכער וויכטיקייט פון די אַרויסגעבראַכטע מיינונגען, וועלן מיר גראָדזענסקיס העברעיִשן אַרטיקל ברענגען אין אַ פולער יידישער איבערזעצונג פאַר די יידיש־לייענער אין דער גרויסער יידישער וועלט.

„מיר האָבן געהערט, אַז דער העברעיִשער שרייבער־פאַרבאַנד אין ישראל האָט אָפּגעוואָרפן די ווענדונג פון דעם יידישן שרייבער־פאַרבאַנד אָנצונעמען אים אַלס סעקציע. דער פאַרבאַנד פון די העברעיִשע שרייבער האָט נישט פאַרעפנטלעכט דעם דאָזיקן באַשלוס און האָט אויך נישט אָנגעגעבן די מאָטיוון. מען דאַרף אָבער אָננעמען, אַז דער מאָטיוו איז, אַז זייער פאַרבאַנד איז אַ פאַרטיקולאַרע אָרגאַניזאַציע פון העברעיִש־שרייבער, און נישט קיין אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון שרייבער אין ישראל אָדער

יידישע שרייבער. לויט מיין מיינונג, איז עס בלויז אַ פּאַרמעלער מאָטיוו און דעריבער, ווייל ס׳ווערט דאָ גערעדט וועגן יידיש, וועגן שרייבער, וואָס שרייבן אין דער דאָזיקער שפּראַך און וואָס זיצן אין ישראל, איז דער באַשלוס אַ שאַקירנדיקער און באַליידיקנדיקער.

מיט יאָרן צוריק איז אין דעם מזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום, און ביי די יידן פון די דאָזיקע לענדער מעבר לים, געפירט געוואָרן אַ שפּראַכן־מלחמה, וואָס איז געווען פון די שווערסטע גייסטיקע געראַנגלען אינעם פאָלק. דאָס איז געווען מער ווי אַ קריג צווישן צוויי שפּראַכן. דאַן האָט זיך אונדז געדוכט, אַז די דאָזיקע שפּראַכן זענען אינסטרומענטן — אָרגאַנישע אינ־סטרומענטן — פאַר צוויי יידיש־היסטאָרישע קעגנזייטיקע לעבנס־אויפ־פאַסונגען: פון איין זייט — די גרויסע פּאָזיטיווע יידישע געשיכטע, די נישט געקירצטע, אין איר גאַנצער טיף און ברייטקייט; און פון דער צווייטער זייט — אַן אויבערפלעכלעכער „פּראָגרעסיוויזם״, אַ דאָקטרי־נאַרער און אָפּגעריסענער פון יסוד. אָבער איצט מוז מען מודה זיין, אַז די „ישראלדיקע ווירקלעכקייט״ האָט נישט באַשטעטיקט די דאָזיקע הנחות פון די העברעיִשע פאַנאַטיקער, וואָס האָבן אין העברעיִש געזען אַן אויטאָ־מאַטישע פאַרזיכערונג פון דער יידישער פאַרוואָרצלטקייט. די העברעיִשע שפּראַך. אינעם גאַנג פון איר וווּנדערלעכער אויפלעבונג, האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ פעיִקייט צו דינען אַלס אינסטרומענט פאַרן יידישן ניהיליזם, צו וועלכן ס׳זענען גישט דערגאַנגען אַפילו די סאַמע עקסטרעמע אַנטי־טראַדיציאָנעלע יידישיסטן, אפשר, אויסער עטלעכע פון די עקסטרעמסטע אידעאָלאָגן פון דער יעווסעקציע. ס׳איז נאָך נישט געווען אַזאַ ראַדיקאַלע אָפּרייסונג פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט ווי דאָס קומט איצט פאָר אין ישראל. דעם אמת זאָגנדיק איז די גרעסטע מערהייט פון דער פּרעסע און פון דער העברעיִשער ליטעראַטור — די מערהייט קוואַנטיטאַטיוו — שוין איצט „כנעניסטיש״, אַן וועלכן ס׳איז געפיל פאַר דער יידישער פאַרגאַנגענהייט, אָן שום נאָענטקייט צו יידן מחוץ די גרענעצן פון ישראל, אַ נייע בריאה, אַ קאָסמאָפּאָליטיש לעוואַנטינישע. און דאָס איז נישט בלויז אַן ענין פון גלייכגילטיקייט, פון „נייטראַליזם״. און מ׳קען שוין רעדאַגירן אַן אַנטיסעמיטיש־העברעיִשע אַנטאָלאָגיע.

און דאַקעגן מוז מען מודה זיין, גאָר אַן אַנדער גייסט הערשט איצט ביי די רעשטלעך פון דער יידישער ליטעראַטור. ס׳דוכט זיך, אַז זי האָט געירשנט אייניקע פון די אייגנשאַפטן, צוליב וועלכע אונדזער זעלע איז

צוגעבונדן געוואָרן צו דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור: דער צער פונעם פאָלק, די לעבהאַפטיקייט פון זכרון, געטריישאַפט. איך אורטייל דאָ נישט דעם קינסטלערישן ניוואָ פון דער איצטיקער יידישער ליטעראַטור. די אָנגענומענע מאָסן אין איר — גענוי ווי אין העברעיִש — זענען פון גרויסער פאַרלייכטערונג און פאַרגעבונג. איך בין זיך מודה, אַז ווען איך וויל אַנטלויפן פון דער „פליסנדיקער" העברעיִשער ליטעראַטור צו אַזאַ דערציילער ווי י. באַשעוויס, דוכט זיך מיר, ווי איך וואָלט אַרויס פון אַ מדבר־וויסטעניש, אָן אַ געשטאַלט און אָן אַ שאָטן, צו אַ לאַנד, וואָס גאָט האָט עס געבענטשט מיט דעם אַלעמען.

און דעריבער לויערט נישט קיין שום סכנה פאַר העברעיִש מצד יידיש. יידיש איז נישט קיין פרעמדע שפּראַך. זי איז נישט אימשטאַנד צו דינען ווי אַ פענצטער צו דער „גרויסער וועלט". אויך אַ בוך אין יידיש האָט נישט קיין אויסזיכטן פאַרקויפט צו ווערן מער ווי אין צוויי טויזנט עקזעמפּלאַרן. די גאָענטקייט פון יידיש באַהויכט נישט דעם מענטש מיט יענעם „כבוד" צו וועלכן נישט וויניקע אין ישראל שטרעבן אַזוי. זי דערמאָנט צופיל דעם „געטאָ" און דעם „פאַרעיפּושטן שטעטל" (לויטן דינעם נוסח פון באַ־קאַנטן העברעיִשן קריטיקער און אַ טיפּזיניקן עגנון־קאָמענטאַטאָר, אַ געקו־מענער פון סלאָוואַקיי, אויב איך האָב נישט קיין טעות). יידיש איז אַ צו אויטענטיש־יידישער ענין, ער זאָל צוציִען די הערצער פון די אוי־טענטישע „ישׂראלים". וואָס פאַר אַ שייכות האָבן זיי צו אַ שפּראַך, וואָס האָט נישט קיין שום אינטערנאַציאָנאַלן מעמד, וואָס קאָן זיי נישט דינען אַלס בריק צו דער „גוטער געזעלשאַפט", פאַר גוטע פאַרבינדונגען און פאַר אַ גוטער פרנסה אין ישׂראל און אין אויסלאַנד.

און דעריבער, דוכט זיך, אַז אַ העברעיִשער שרייבער אין ישראל האָט געדאַרפט איצט פילן, איבער אַלע קריגערייען פון נעכטן, איבער יעדן אידעאָלאָגישן וויכוח — אַ באַזונדערע נאָענטקייט, עטוואָס אַ טרויע־ריקע, צו זיין ברודער וואָס שרייבט יידיש — על אף הכל, טראָץ אַלעמען, טראָץ דער פאַרניכטונג פונעם פאָלק, וואָס האָט גערעדט און געשאַפן אין דער דאָזיקער שפּראַך, טראָץ דער נעפלהאַפט־פאַראומערטער צוקונפט. די ציוניסטישע מחיצה, איז דאָך זיכער, אַז זי צעטיילט נישט. ס'איז דאָך נישטאָ קיין אמת־אויפריכטיקערע ליבע, ווי זייערע, און קיין אמתע טיפערע זאָרג ווי די זאָרג פון די יידיש־שרייבער — און פון זייערע געטרייע

לייענער — צו מדינת־ישראל. פיל פון די יידיש־שרייבער האָבן די מער־הייט פון זייער לעבן דורכגעמאַכט אין אַנדערע פּאָליטישע מחנות, נישט־און־אַנטי־ציוניסטישע. און אויב זיי קלאָמערן זיך מיט אַזאַ ליבע אין מדינת־ישראל, איז די דאָזיקע מעגלעכקייט אָנשליסן זיך אין אַן ענין, וואָס איז זיי פיל יאָרן געווען פרעמד, שטאַמט אַרויס פון איין מקור — פון אַ פּאַראַנטוואָרטלעכער און פאַרוואָרצלטער יידישקייט. און אויב ס׳איז אַזוי כמעט לגבי יעדן יידיש־שרייבער אין דער וועלט — איז על אחת כמה וכמה לגבי יידיש־שרייבער, וואָס זענען עולה געווען קיין ישראל.

איך בין זיכער, אַז איך וועל נישט אָפּנייגן פון מיין געטריישאַפט צו העברעיִש, אויב איך וועל זאָגן: ס׳איז גוט וואָס יידיש האָלט אָן אַ מעמד אין ישראל, וואָס ס׳דערשיינען אין איר צייטונגען, צייטשריפטן און ביכער. און נאָך מער: איך בענטש יעדן יידן — כאָטש זייער צאָל איז אַ קליינע — וואָס פּרוּוון לערנען זייערע קינדער די שפּראַך פון זייער מוטער און פון זייער שבט. ס׳איז דאָך קלאָר, אַז זייער יידישקייט וועט פון דעם גאָרנישט פאַרלירן. פונקט פאַרקערט, זיי האָבן אַלע אויסזיכטן צו זיין בעסערע יידן, און ממילא, בעסערע בירגער פון ישׂראל, ווי די „גלות״־פּרעסער, וואָס האָבן אונדז אויסגעכאָוועט אַ דור פון „ישראלדיקע ציגיינער״.

ס׳איז אַ טעות צו מיינען, אַז צו די דאָזיקע ענינים קאָן מען צוטרעטן מיט אַ פאָרמאַליסטישער מאָס. דער אַבסורד פון דעם דאָזיקן פאָרמאַליזם ווייזט זיך לייכט אַרויס, אויב אַ שפּראַכלעך־פאָרמעלע מאָס דערלויבט צו עפענען די טויערן פון העברעיִשן שרייבער־פאַרבאַנד אויך פאַר אַזאַ מענטש ווי יוחנן ראַטוש, צב״ש (פון די טרויעריק־באַרימטע „כנענים״־אידעאָלאָגן — י. ר.). איך האָף, אַז איך וועל נישט זינדיקן אויב איך וועל אַנטדעקן אַ פּריוואַטן סוד — ה׳ ראַטוש באַרימט זיך מיט דעם עפנטלעך — אַז דער דאָזיקער דיכטער האָט אַ „תעודת זהות״ (אידענטיטעט־דאָקומענט) ווו ס׳איז אויסגעמעקט די באַצייכענונג „ייד״ און אַנשטאָט איר איז גע־שריבן „עברי״ — „העברייער״. דאָס איז געמאַכט געוואָרן לויט דער פאָדע־רונג פונעם דיכטער, און ווי איך האָב געהערט, נאָך זייער גרויסע באַמיִונ־גען. איך ווייס נישט, וואָס ס׳האָט באַוויגן מיין פריינד ראַטוש אָנצושליסן זיך אין דעם פאַרבאַנד פון „יידישע עמיגראַנטן״, לויט זיין באַצייכענונג. איך בין זיך משער, אַז זיין זיצן צוזאַמען מיט יידן פאַרשאַפט אים נישט קיין פאַרגעניגן. איך בין אים חושד (מיר יידן זענען גרויסע חשדנים), אַז ווי אַנדערע נישט־ווייניקע קולטורעלע נישט־יידן, איז די נאָענטקייט פון

אונדזערע בני־ברית נישט שטאַרק באַליבט אויך ביי אים. און פון דער צווייטער זייט, איז מיר אויך שווער צו פאַרשטיין מיינע יידישע פריינד אין דעם העברעיִשן שרייבער־פאַרבאַנד, וואָס זיי האָבן אַריינגענומען אין זייער געזעלשאַפט אַ מענטש, וואָס איז פון זייער יידישן שטאַנדפונקט, נישט מער ווי אַ „ישראלדיקער" עקזעמפּלאַר פון אַ געוויסן יידישן טיפּ, וואָס איז במשך פון אייניקע דורות געווען אַ ציל פאַר די פיילן פון דער העברעיִשער ליטעראַטור. וואָס איז די פאַרבינדונגס־ליניע צווישן אַזאַ מין ראַטוש און צווישן דער גרויסער מערהייט מיטגלידער פונעם שרייבער־פאַרבאַנד? — און אויב אַזוי, ווען ס'וואָלט דאָ געלעבט מיט אונדז אַזאַ יידישער שרייבער ווי לייוויק, וואָלט ער נישט ראוי געווען צו זיין אַ מיטגליד פון דעם שרייבער־פאַרבאַנד אין ישראל. ער — נישט. אָבער דער, וואָס האָט אויסגעמעקט די באַצייכענונג „ייד" פון זיין אידענטיטעט־קאַרטע, ער, — יאָ".

זיין אַזוי אינטערעסאַנטן אַרטיקל פאַרענדיקט גראָדזענסקי מיט די ווערטער: „ס'איז זייער געוווּנטשן, אַז דער העברעיִשער שרייבער־פאַרבאַנד זאָל ווידער און נאָך אַ מאָל גוט אַריינטראַכטן זיך אין זיין אַזוי משונהדיקן באַשלוס".

גראָדזענקיס שאַרפער אַרויסטריט אין „דבר" האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין דער ישראלדיקער געזעלשאַפטלעכקייט, הויפּטזעכלעך אין די שרייבער־ און קינסטלער־קרייזן, ער איז אויך ברייט קאָמענטירט געוואָרן אין דער העברעיִשער און יידישער פרעסע פון לאַנד.

14.11.1962

## „גראַף פון אוישוויץ" אין ישראל

דעם לעצטן פרייטיק פאַרנאַכט האָבן זיך אין לוד אויפן פליפלאַץ פאַרזאַמלט הונדערטער מענטשן, צווישן זיי פאַרטרעטער פון ענגלישן לעגיאָן, באַפרייטע זעלנער, וואָס האָבן געקעמפט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, פאַרטרעטער פון די יידישע פאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציעס און

פון די געווּעזענע נאַצי־אַרעסטאַנטן — אַלע האָבן מיט שפּאַנונג און אומ־געדולד אָפּגעוואַרט אַן אויסערגעוויינלעכן גאַסט — דעם געוועזענעם סער־זשאַנט פון דער ענגלישער אַרמיי, טשאַרלז קאָוואַרד, וועלכער האָט מיט אַ זעלטענעם מוט און מסירת־נפש, בעת זיין נאַצישער געפאַנגענשאַפט, אַרויסגעראַטעוועט הונדערטער יידן פון טויט אין אַשוויענטשים, און אַ דאַנק דעם טאַקע איז ער געקרוינט געוואָרן מיטן טיטל: „דער גראַף פון אוישוויץ".

ווען קאָוואַרד איז אויסגעשטיגן פון עראָפּלאַן און ער האָט דערזען פאַר זיך דעם גרויסן באַגייסטערטן עולם וואָס איז אים געקומען מקבל־פּנים זיין, האָט ער געזאָגט אַ טיף־גערירטער: „פאַר וואָס קומט עס מיר? כ׳האָב דאָך בלויז דערפילט מיין פליכט און כ׳גלייב, אַז עס זענען געווען נאָך טויזנטער, וואָס האָבן געראַטעוועט מענטשן".

אָבער צווישן דעם גרויסן עולם האָט דער געוו. ענגלישער סערזשאַנט גאַנץ באַזונדערס געזוכט דעם געוועזענעם קאָרפּאָרעל פון ארץ־ישראל יצחק פּערסקי (דער פאָטער פון דעם וויצע־זיכערקייט־מיניסטער שמעון פּרס), מיט וועמען ער איז געזעסן אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט און מיט אים איז ער אויך אַנטלאָפן פון דער געפאַנגענשאַפט בעת איינעם פון די אַכט אַנטלויף־פּרוּוון.

פּערסקי — וואָס איז אויך אייניקע מאָל אַנטלאָפן ביז עס איז אים ענדלעך געלונגען אַנצוקומען צו דער אַמעריקאַנער ליניע, ביים סוף פון דער מלחמה און ער איז דורך די דייטשן פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, צוליב זיינע אָפטע אַנטלויפונג־פּרוּוון — איז אַרויפגעפאַלן אויף קאָוואַרדס האַלדז און קאָוואַרד האָט מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט:

„דאָס איז דער גליקלעכסטער מאָמענט אין מיין לעבן"...

איצט איז באַוווּסט, אַז וויניקסטנס 400 פּערזאָן פאַרדאַנקן אים זייער לעבן. אָבער אין משך פון אַלע יאָרן זינט נאָך דער מלחמה, האָט קיין איינער פון די אָפּגעראַטעוועטע נישט מצליח געווען אים אָפּצוגעפי־נען, כדי אים אויסדריקן זייער דאַנק, היות קאָוואַרד געהערט נישט צו די מענטשן וואָס האָבן ליב זיך צו רימען מיט זייערע מעשים. אויף אַ גאַנץ צופעליקן אופן איז ער אַנטדעקט געוואָרן דורך די רעדאַקטאָרן פון אַן ענגלישן טעלעוויזיע־פּראָגראַם און אין רעזולטאַט פון דעם האָבן אַ סך שרייבער אויסגעדריקט זייער ווילן אָנצושרייבן זיין העלדישע לעבנס־געשיכטע.

גלייכצייטיק האָט אַ געוויסע פרוי מיטן נאָמען אַן רוס, אָנגעשריבן אַ בריוו צום נשיא המדינה, אין וועלכן זי האָט פאָרגעלייגט, אַז קאָוואַרד זאָל איינגעלאַדן ווערן צו באַזוכן ישראל.

דער בריוו איז איבערגעשיקט געוואָרן אין ביוראָ פון רעגירונג־שעף און דורך זיין פערזענלעכער איניציאַטיוו, האָט די ענגלישע ציוניסטישע פעדעראַציע אין לאַנד גענומען אויף זיך די אויפגאַבע פון זיין די גאַסט־געבער צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזאַציע פון די באַפרייטע זעלנער און פון ענגלישן לעגיאָן.

די ישראל־אַמבאַסאַדע אין לאָנדאָן האָט אָפיציעל איינגעלאַדן קאָ־וואַרדן צו באַזוכן ישראל און האָט אויך פינאַנסירט זיין רייזע.

דער ענגלישער סערזשאַנט האָט באַשלאָסן צו העלפן ראַטעווען די אומגליקלעכע יידישע לאַגער־מענטשן וואָס זענען געווען פאַרמשפט אויף אומקום. עס איז אים איינגעפאַלן אַן אומגעוויינלעכער געדאַנק: אָפּקויפן פאַר פּאַפּיראָסן און שאָקאָלאַד פון „רויטן קרייץ" — ביי די דייטשע לאַגער־קאָמענדאַנטן — די טויטע קערפּערס פון די יידישע געפאַנגענע, כדי צו דערמעגלעכן אַנדערע יידן צו אַנטלויפן.

ער האָט דאָס אָרגאַניזירט מיט דער הילף פון אַ יונגן יידישן בחור פון אונגאַרן, וועלכער האָט צוגעגרייט די קאַנדידאַטן צום אַנטלויפן בעתן צוריקקער פון דער אַרבעט.

קאָוואַרד און זיינס אַן ענגלישער חבר פלעגן זיי אָנטאָן און אויס־שטאַטן אויפן וועג. און די געקויפטע מתים האָבן געדינט אַלס דעקונג, כדי די צאָל פון די צוריקגעקומענע זאָל „שטימען" בעתן אַפּעל.

קאָוואַרד האָט זיך אָבער נישט באַגנוגנט בלויז מיט ראַטעווען יידן. מיט דער צייט האָט ער איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיטן פּוילישן אונטער־גרונט און געהאָלפן אַריינגנבענען אויפרייס־מאַטעריאַלן, געהאָלפן דורכ־פירן סאַבאָטאַזש־אַקטן און באַזאָרגט מיט דינאַמיט און מיט האַנט־גראַנאַטן אַ גרופּע יידישע יוגנטלעכע, „פרייוויליקע זעלבסטמערדער", וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן אין די „בעדער" און אויפגעריסן די גאַז־קאַמערן פון ביר־קענאַו.

דרייסיק דייטשן זענען אומגעקומען אין דער דאָזיקער אַקציע, צוזאַמען מיט די יידישע גבורים.

זיבט דאַן זענען פאַריבער 17 יאָר. טשאַרלז קאָוואַרד, דער געוועזענער זעלנער, האָט זיך צוריקגעקערט צום גרויען, טאָג־טעגלעכן ציווילן לעבן

אין דעם אַרבעטס־קוואַרטאַל פון זיין היימשטאָט, געוואָרן אַ סטאָליער און מיט דער צייט — אַ מייסטער אין אַ מעבל־סטאָלעריי.

זיינע מעשים זענען פאַרגעסן געוואָרן, קיינעם איז נישט איינגעפאַלן אויפצוזוכן דעם „גראַף פון אוישוויץ" — דעם זעלטענעם ליכטיקן שטראַל אין די פינצטערע מלחמה־דערינערונגען.

אָבער דערמאָנט האָבן זיך אין אים די יוריסטן, וועלכע האָבן אים אַרויסגערופן אַלס עדות אינעם פּרווו־פּראָצעס קעגן „א. ג. פאַרבען־אינ־דוסטריע".

דאָס עדות־זאָגן פון טשאַרלז קאָוואַרד האָט אויפגעטרייסלט די ריכ־טער. דעם אָנקלאָגער, אַ געוועזענעם שקלאַפן־אַרבעטער אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג — וועלכע האָט אויך צוו"אַנד פאַבריצירט דעם פאַרניכ־טונגס ציקלאָן־גאַז — איז צוגעשטימט געוואָרן אַנטשעדיקונג און דער אורטייל האָט געדינט אַלס פּרעצעדענס פאַר טויזנטער ניצול־געוואָרענע שקלאַפן פון „א. ג. פאַרבען־אינדוסטריע". פיל פון די אַכזריותדיקע דייטשע אַרבעטס־לייטער זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויפן סמך פון קאָוואַרדס עדות־זאָגן.

און ווידער וואָלט דער באַשיידענער סטאָליער־מייסטער פאַרגעסן געוואָרן, ווען נישט אַן אווידיציע אין דער ענגלישער טעלעוויזיע, וואָס האָט צוזאַמענגעפירט קאָוואַרדן מיט אייניקע פון די דורך אים געראַטעוועטע יידן, און אויפן דאָזיקן טעלעוויזיע־צוזאַמענטרעף האָט מען זיך דערציילט זכרונות אין פּראָגראַם, וואָס טראָגט דעם נאָמען „אַזוי איז דאָס לעבן" און צו וועלכן עס קוקן זיך צו פיל מיליאָנען מענטשן.

אַ זשורנאַליסט האָט די זכרונות צוזאַמענגענומען אין אַ בוך, וואָס איז דערשינען אין 19 אויפלאַגעס און אין 5 שפּראַכן.

„אויב איך האָב געקאָנט זוכה זיין צו באַזוכן די נייע יידישע מדינה און זיצן ביי דעם מיט כל־טוב געדעקטן טיש ביי מיין געפאַנגענשאַפט־קאָלעגע און בעסטן פריינד פּערסקי, אין דער געזעלשאַפט פון זיין זון דעם וויצע־מיניסטער, זענען נאָך פאַראַן נסים אויף דער וועלט און אונדזער מלחמה איז געווען נישט אומזיסט. איך האָב געזען די יידן אין זייער טויט, כ'האָב אָבער אויך זוכה געווען צו זען ווי זיי שטייען אויף צוריק צום לעבן" — האָט געזאָגט קאָוואַרד בעת אַ קבלת־פּנים פאַר אים ביי יצחק פּערסקי.

דער געוועזענער ענגלישער סערזשאַנט האָט אין ישראל נאָך אַ גע־פאַנגענשאַפט־קאָלעגע, אַ סערזשאַנט, וואָס איז געווען דער קאָמענדאַנט פון די ארץ־ישראלדיקע געפאַנגענע אין זיין לאַגער, און וועלכער איז באַ־קאַנט ביים היינטיקן טאָג אַלס מיניסטער פאַר וווינונג־בוי און אַנטוויקלונג ה׳ יוסף אַלמוגי.

דער געוו. סערזשאַנט האָט איינגעלאַדן טשאַרלז קאָוואַרדן צו באַטיי־ליקן זיך אין דער חתונה פון זיין זון. דער באַרימטער יידן־רעטער וועט אין די נאָענטסטע טעג אויך זיין דער גאַסט פון נשיא המדינה.

23.4.1963

## דב בער באָראָכאָוו צו זיין אייביקער רו אין קבוצת כנרת

גאַנץ מדינת ישראל איז אין דער לעצטער וואָך געשטאַנען אונטערן איינדרוק פון דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש ווען דער פּאָלטאַוועער גאון, דער טעאָרעטיקער און גרינדער פון ציוניסטישן סאָציאַליזם, דער יונג פאַרשניטענער דב בער באָראָכאָוו איז געבראַכט געוואָרן אין דער פרייער און זעלבשטענדיקער מדינת ישראל. 46 יאָר נאָך זיין טויט איז דאָס געביין פון בער באָראָכאָוו געבראַכט געוואָרן פון דעם ווייטן, פרעמדן און קאַלטן קיעוו צו זיין אייביקער רו אין קבוצת כנרת, ביי די ברעגן פון ירדן.

אין משך פון דער גאַנצער וואָך האָט די גאַנצע ישראל־פרעסע גע־בראַכט אויספירלעכע אָפּשאַצונגען פון באָראָכאָווס פערזענלעכקייט, פון זיין לעבן און שאַפן. בער באָראָכאָוו איז געבוירן געוואָרן דעם 21סטן יולי 1881 אין דעם אוקראַינישן שטעטל זאָלאָטאָנאָשאַ, פּאָלטאַווער געגנט. נאָך אַ קורצער צייט זענען זיינע עלטערן אַריבערגעפאָרן וווינען אין דער שטאָט פּאָלטאַווע. אין יאָר 1900 האָט בער באָראָכאָוו געענדיקט די רעגירונגס־גימנאַזיע און ער איז דאַן אַריבער קיין יעקאַטערינאָסלאַוו און דאָרט איז ער באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער „חיבת ציון״־באַוועגונג. אין יאָר 1903 האָט ער דאָרט אָרגאַניזירט די יידישע זעלבשוץ, אין זעלבן יאָר איז ער

צוריקגעקומען קיין פּאַלטאַווע און ער האָט אָנגעשריבן זיין באַקאַנטן מאַמר „צו די פּראָבלעמען פון דער ציוניסטישער טעאָריע״. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער „אוגאַנדע־קריזיס״ אין דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט באָראָכאָוו געקעמפט קעגן די טעריטאָריאַליסטן און פאַר „אויסדער־ווײילטן לאַנד״ ארץ־ישראל. אויף דער דאָזיקער טעמע האָט ער געשריבן פיל אַרטיקלען און איז אַרויסגעפאָרן אויף פּראָפּאַגאַנדע־טורן פאַר ציון.

אין יאָר 1905 האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג. בעת קאָנפערענצן און כינוסים האָט באָראָכאָוו פאַרענדיקט דעם ענדגילטיקן נוסח פון די פּרינציפּן פון זיין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער תורה. ער פאַרלאָזט רוסלאַנד און הייבט אָן פאַרשפּרייטן זיין תורה איבער די יידישע ישובים אין די גלות־לענדער.

צוריקקומענדיק קיין פּאַלטאַווע ווערט באָראָכאָוו אַרעסטירט דורך דער צאַרישער פּאָליציי, נאָך דעם ווי זי האָט אַנטדעקט אַ געווער־אַרסענאַל פון דער יידישער זעלבשוץ. ער איז באַפרייט געוואָרן קעגן קויציע און זיינע חברים האָבן אים אַריבערגעפירט קיין אויסלאַנד. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע אין יאָר 1917 איז באָראָכאָוו צוריקגעקומען און ער האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ פון דער „פּועלי ציון״־פּאַרטיי. אין סוף פון זעלבן יאָר איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין קיִעוו דעם 17טן דעצעמבער 1917.

אין משך פון פיל יאָרן האָט באָראָכאָווס משפּחה, וואָס געפינט זיך אין לאַנד, באַמיט זיך צו ברענגען זיין געביין אין לאַנד. ווען ס׳איז באַקאַנט געוואָרן דער באַשלוס פון די מאַכט־אָרגאַנען אין קיִעוו צו ליקווידירן דעם אַלטן יידישן בית־הקברות אין שטאָט, האָבן זיך געווענדט די אַלמנה, דער זון און די טאָכטער צום נשיא המדינה יצחק בן צבי. זי האָט געבעטן זיין הילף ביים אַריבערפירן באָראָכאָווס ביינער קיין ישראל.

דער נשיא האָט זיך געווענדט צום פּרעזידענט פון ראַטן־פּאַרבאַנד און געבעטן זיין הילף ביים דערפילן די בקשה פון דער באָראָכאָוו־משפּחה אין לאַנד. אין אָנהייב פון חודש מאַרץ האָט דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל באַזוכט דעם נשיא המדינה און ער האָט אים געבראַכט די ידיעה, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ פּאָזיטיווע תשובה אויף זיין ווענדונג.

פון קיִעוו ביזן פּליפּלאַץ אין לוד איז דער אָרון מיטן געביין פון בער באָראָכאָוו באַגלייט געוואָרן דורכן ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, יוסף תקוע. דער אָרון איז געבראַכט געוואָרן 3 אַ זייגער פאַר טאָג פון רוים.

אויפן פליפלאַץ אין לוד זענען געקומען דער אַדיוטאַנט פון נשיא, אלוף משנה יוסף כרמל, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט דעם נשיא המדינה קאָמוניקאַציע־מיניסטער, ה׳ י. בר־יהודה, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער הסתדרות, ה׳ אהרן בעקער. די טאָכטער פון פאַרשטאָרבענעם, שושנה, און אירע אייניקלעך.

אויפן אָרון, וועלכער איז געווען איינגעהילט אין אַ נאַציאָנאַלער און רויטער פאָן, זענען אַוועקגעלייגט געוואָרן צוויי בלומען־קרענץ פון געזעל־שאַפטלעכן קאָמיטעט אונטער דער אָנפירונג פון זלמן שזר (וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרטרעטער פון דער רעגירונג, פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פון דער הסתדרות און פון די אַרבעטער־פאַרטייען אין לאַנד) און פון דער הסתדרות־עקזעקוטיווע. אַן ערך 4 פאַר טאָג איז דער אָרון געבראַכט געוואָרן אין הויז פון דער הסתדרות־עקזעקו־טיווע און נעבן אים איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַן ערנוואַך.

דאָס געביין פון דב בער באָראָכאָוו ז״ל איז געבראַכט געוואָרן צו זיין אייביקער רו אויפן בית הקברות פון דער קבוצה כנרת, בשכנות מיט נחמן סירקין, בערל קאַצענעלסאָן און משה העס. די לוויה איז אָנגעקומען קיין „אהלו״ דורכן עמק בית שאָן און פון דאָרט איז די לוויה אַרויס צום בית הקברות. צווישן די באַטייליקטע אין דער לוויה האָבן זיך געפונען די פרוי פון נשיא המדינה, רחל ינאית בן צבי, דער רעגירונגס־שעף און זיכערקייט־מיניסטער, דוד בן גוריון, דער כנסת־פאָרזיצער, ה׳ קדיש לוז, די אויסערן־מיניסטאָרין פרוי גאָלדע מאיר, די מיניסטאָרן פאַר קאָמוני־קאַציע און אַרבעט, כנסת־דעפּוטאַטן, די פירער פון דער הסתדרות און פון די אַרבעטער־פאַרטייען, די אַלמנה און זון פון בער באָראָכאָוו, וועטעראַנען פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטס־באַוועגונג, וועלכע האָבן געקענט באָראָכאָוון פאַר זיין לעבן, און אַ גרויסער עולם.

דער אָרון איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין הויז פון „אהלו״, וווּ ס׳האָבן געהאַלטן הספדים ה׳ יצחק טאַבענקין, ה׳ יעקב עמית, רעדאַקטאָר פון „על המשמר״ און ה׳ זלמן שזר. פון דאָרט איז די לוויה אַוועק צום בית הקברות. ביים אָפענעם קבר האָט זיין זון געזאָגט „קדיש״.

איידער דער לוויה־צוג איז אַרויס פון תל־אביב איז דער אָרון פון בער באָראָכאָוו אַרויסגעפירט געוואָרן פון הויז פון דער הסתדרות־עקזעקוטיווע. דער אָרון איז געטראָגן געוואָרן דורך די מיטגלידער פון סעקרעטאַריאַט פון דער הסתדרות־עקזעקוטיווע און פון תל־אביבער שטאָט־פּרעזידענט

ה׳ מ. נמיר. פאַרן אָרון האָבן מאַרשירט די מיטגלידער פון יוגנט־באַוועגונגען, וועלכע האָבן געטראָגן צענדליקער בלומען־קרענץ. פיל טעלעוויזיע־מענטשן זענען געווען פאַרזאַמלט ביים בנין פון דער הסתדרות־עקזעקוטיווע, ווו דער רעגירונגס־שעף, דוד בן־גוריון, האָט געהאַלטן אַ רירנדיקן הספד.

„מיר באַגלייטן צו דער אייביקער רו איינעם פון די יחידי סגולה פון אונדזער פאָלק אין די לעצטע דורות, אַ גרויסער וויסנשאַפטלער און אַרייגינעלער דענקער, אין וועמענס האַרצן עס האָט געברענט ווי אַ פייער די ליבע צו ישראל און איז ביזן לעצטן מאָמענט געווען פאַרבונדן מיט אַלע פעדים פון זיין נשמה צום חלוצישן ווערק אין לאַנד" — האָט געזאָגט דער רעגירונגס־שעף. ער האָט דערביי אויסגעדריקט זיין צער, וואָס באַראַכאָוו האָט נישט זוכה געווען צו זיין אין ארץ־ישראל און איז פריציייטיק געשטאָרבן. בן גוריון האָט אויסגעדריקט זיין באַדויערן וואָס דער נשיא המדינה, ה׳ יצחק בן צבי, אַ יוגנט־חבר פון בער באָראָכאָוו, האָט נישט געקאָנט אָנטיילנעמען אין דער לוויה. „עס איז אַ גרויסער זכות פון נשיא בן צבי, וועלכער האָט זיך געווענדט צום פּרעזידענט פון ראַטן־פאַרבאַנד וועגן ברענגען דאָס געביין פון באָראָכאָוון אין לאַנד". צום שלוס פון זיין הספד־רעדע האָט דער רעגירונגס־שעף אַפּעלירט צו דער רעגירונג פון ראַטן־פאַרבאַנד, אַז זיי זאָלן דערלויבן די עליה פון יידן, וואָס ווילן קומען אַהער כדי זיך צו פאַראייניקן דאָ מיט זייערע קרובים. „מיר האָפן, — האָט ער געזאָגט — אַז רוסלאַנד וועט דערלויבן דעם אַרויספאָר אויך פון לעבעדיקע יידן, וואָס וואַרטן אויפן גליקלעכן מאָמענט זיך צו טרעפן אין ישראל מיט זייערע נאָענטסטע".

אַ הספד האָט אויך געהאַלטן דער הסתדרות־סעקרעטאַר, ה׳ אהרון בעקער, וועלכער האָט אָנגעוויזן, אַז די לערע פון בער באָראָכאָוו, וואָס איז נישט געווען, וואָס אַן אמת, די לערע פון אַלע אַרבעטער אין ישראל, האָט זי דאָך אָבער באַשטראַלט דאָס לעבן און די טעטיקייט פון גאַנצן אַרבעטנדיקן פאָלק אין ישראל.

23.4.1963

# די פטירה פונעם נשיא יצחק בן צבי

.1

„ס׳איז נישטאָ מער אונדזער נשיא...״ אַזוי האָט געמאָלדן כ״ט ניסן תשכ״ג, 7.05 פרי, דער פריוואַטער דאָקטאָר פון נשיא המדינה.

דאָס איז געווען דער שוידערלעכסטער הויכפּונקט נאָך פיר אויפ־טרייסלענדיקע און העכסט דראַמאַטישע מעת־לעתן, ווען די גאַנצע מדינה, אַלע אירע בירגער, יידן און נישט־יידן, האָבן מיטגעפיבערט און מיטגע־וויטיקט מיט דעם אין שווערע יסורים ראַנגלענדיקן זיך נשיא המדינה, יצחק בן צבי, פאַר זיין לעבן. דאָס לעבן אין לאַנד האָט באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען, אין די פאַבריקן און אין די פעלדער — אומעטום האָט מען געזען פאַרטרויערטע און פאַרכמורעטע פּנימער און ביי אַלעמען האָט זיך פון האַרצן אַרויסגעריסן די איינציקע אַזוי גורלדיקע פראַגע: וואָס מאַכט דער נשיא? ווי פילט ער זיך?...

און אין דער זעלבער שעה האָט דער נשיא המדינה שווער זיך גע־ראַנגלט פאַר זיין לעבן. יצחק בן צבי האָט געפירט זיין לעצטן געראַנגל אין זעלבן וועג אין וועלכן ער האָט געפירט אַלע זיינע לעבנס־מערכות: רויִק, צניעותדיק, מיט אַ זעלישער שלווה. אים האָט נישט פאַרלאָזן זיין גוטער גייסט און ער האָט זיך נישט באַקלאָגט. ער איז געווען גאַנץ מיט זיך.

זינט ער האָט זיך צוריקגעקערט פון זיין לאַנגער רייזע אין מערב־אַפריקע, אין פאַריקן זומער, איז זיין געזונט־צושטאַנד געוואָרן אַלץ ער־גער און ערגער. ווי עס זעט אויס, איז עס געווען אַן אָנשטרענגונג איבער זיינע כוחות.

צוריקקומענדיק קיין ירושלים האָט ער זיך געפילט נישט גוט. כדי צו פאַרלייכטערן אים, זענען די אַקטיוויטעטן פון דעם פּרעזידענט פאַר־קלענערט געוואָרן ביז צום נויטיקן מינימום. עס זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן די מיטאָג־מאָלצייטן, צו וועלכע ס׳פלעגן איינגעלאַדן ווערן די הויכגע־שטעלטע געסט און פריינד און עס זענען ווייניקער געוואָרן די קבלת־פּנים־אַקטן.

טראָץ דעם, האָט דער נשיא אָנגענומען די ביטע פון זיינע פריינד, און גאַנץ באַזונדערס פון רעגירונגס־שעף, און ער האָט אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור אַלס פרעזידענט פאַר אַ דריטן טערמין, נאָך דעם ווי ער האָט דורכגעפירט די העכסטע אויפגאַבע אין דער מדינה פולע צען יאָר.

זיינע אַקטיוויטעטן אַלס נשיא אין דער קורצער תקופה פון זיין דריטער קאַדענץ זענען, ווי געזאָגט, שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן און ער האָט דערפילט נאָר די נויטיקע אָפיציעלע אויפגאַבן, וועלכע מ׳האָט נישט געקאָנט אָפּשטופּן. ער האָט אויפגענומען פרעמדע אַמבאַסאַדאָרן, וואָס זענען געקומען איבערגעבן אין זיינע הענט די קרעדענציאַל־פּאַפּירן. ער פלעגט אויך באַקומען, פון צייט צו צייט, באַריכטן פון מיניסטאָרן וועגן די אַקטיוויטעטן פון זייערע מיניסטעריומס.

נאָר מיט איין מענטש האָט דער נשיא אָפּגעהיט אַ כמעט טאָג־טעגלעכע פאַרבינדונג, ווי ער האָט זיך געפירט אין משך פון צענדליקער יאָרן: דער פּרעמיער דוד בן גוריון האָט שטרענג אָפּגעהיט זיין מינהג צו באַזוכן דעם נשיא, ווייניקסטנס איין מאָל אַ וואָך, כדי צו דערציילן אים וועגן די באַשלוסן פון דער רעגירונג.

ערב פסח האָט זיך דער געזונט־צושטאַנד פון נשיא המדינה אונטערגעבראָכן אין אַ זייער ערנסטער פאָרעם. לויט דער פאַראָרדענונג פון די דאָקטוירים איז ער גלייך איבערגעפירט געוואָרן אין „הדסה"־שפּיטאָל אויף אונטערזוכונגען, און דאָן איז אַנטדעקט געוואָרן דער שוידערלעכער סוד פון אַ שווערער אומהיילבאַרער קראַנקייט. אין שפּיטאָל־צימער האָט ער גאַנץ אַליין פאַרבראַכט די „סדר"־נאַכט און ער האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט לייענען אייניקע טיילן פון דער הגדה.

פאַרן סוף פון יום־טוב איז געקומען אַ פאַרבעסערונג אין זיין געזונט־צושטאַנד. ס׳האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז דער נשיא האָט זיך עטוואָס געשטאַרקט, און כדי נאָך מער אויפצומונטערן זיין גייסט, האָבן אים די דאָקטוירים דערלויבט צוריקקערן זיך אין הויז ערב שביעי של פסח. אין שיין פון דער דאָזיקער פאַרבעסערונג, האָט דער אויסערן־מיניסטעריום באַשלאָסן צו דערמעגלעכן גלייך נאָך פסח די אַמבאַסאַדאָרן פון ענגלאַנד, פּערו און אויסטראַליע, וואָס זענען לעצטנס אָנגעקומען אין לאַנד, איבערצוגעבן זייערע קרעדענציאַלן, כדי זיי זאָלן אָפיציעל קאָנען אָנהייבן זייער אַקטיוויטעט.

די צערעמאָניאַלןביים נשיא זענען שטאַרק געקירצט געוואָרן. די פרעמדע אַמבאַסאַדאָרן האָבן געפירט אַ זייער קורצן שמועס מיטן נשיא, וועלכער איז געזעסן. ער האָט זיך געשטעלט נאָר בעתן מעמד, ווען מ׳האָט אים איבערגעגעבן די קרעדענציאַלן.

פרייטיק האָט דער נשיא באַקומען אַ שווערע אַטאַקע פון אַן אַלגע־מיינער שוואַכקייט. ער האָט מער נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס און ס׳איז אים געווען שווער צו רעדן. עס איז גלייך אַלאַרמירט געוואָרן זיין פּריוואַטער דאָקטאָר, סגן־כהן. נאָכן אונטערזוכן דעם נשיא האָט ער באַ־שלאָסן איינצולאַדן די באַרימטע פּראָפעסאָרן צאָנדעק און ראַכמילעוויטש. אויך זיי האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דער שוואַכקייט־אָנגריף איז אַ קאָנסע־קווענץ פון הויכן עלטער, און אַז פּאַקטיש איז נישטאָ צו דעם קיין רפואה. ווען די לאַגע איז געוואָרן נאָך קריטישער, האָבן די דאָקטוירים באַשלאָסן צו פאַרעפנטלעכן אַ מעדיצינישן ביולעטין, כּדי אויפצוקלערן דעם ברייטן עולם אין לאַנד וועגן דעם קריטישן געזונט־מצב פון דעם ערשטן בירגער אין דער מדינה.

דער פאַרעפנטלעכטער ביולעטין פון שבת פרי האָט אַרויסגערופן זאָרג אין לאַנד. גלייך נאָך קריאת־התורה זענען אין אַלע שולן געזאָגט געוואָרן תפילות פאַרן געזונט פון נשיא. דער טרויער און דער צער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אַלעמענס אויגן האָבן באַוויזן ווי שטאַרק פאַרערט און באַליבט דער נשיא איז ביי זיין פאָלק, אין זכות פון זיינע דערהויבענע מידות און פון זיין פּשטות.

פרייטיק נאָך מיטאָג איז אין בית־הנשיא געקומען זיין איינציקער זון עמרם, וואָס איז אים געבליבן נאָך דעם ווי זיין ייִנגסטער זון, עלי, איז גע־פאַלן אין פרייהייטס־קאַמף. ביים בעט פון נשיא האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען זיין פרוי, רחל ינאית בן צבי. פרייטיק פאַר נאַכט איז צו אים געקומען דוד בן גוריון, וועלכער האָט ביי אים פאַרבראַכט צוויי שעה. זיי האָבן כּמעט נישט גערעדט צווישן זיך, נאָר געקוקט איינער אויפן צווייטן. האָבן זיי דאָך דורכגעמאַכט דעם לאַנגן וועג פון קרוב 60 יאָר — פון דער צווייטער עליה, דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דעם גירוש פון לאַנד אין דער צייט פון די טערקן, אין ייִדישן לעגיאָן און אין אַלע פאַזן פון דעם שווערן געראַנגל אין דער תקופה פון דער ענגלישער מאַנדאַט־מאַכט — ביז צו דער אויפריכטונג פון דער מדינה, און ביז זיי ביידע האָבן דער־גרייכט די צוויי העכסטע אַמטן אין דער מדינה.

ס׳איז כמעט נישטאָ נאָך אַ ביישפּיל אין דער יידישער און וועלט־געשיכטע, פון צוויי פּערזענלעכקייטן, חברים בלב ובנפש, וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַזאַ לאַנגן און שווערן וועג, זייענדיק געקניפּט און געבונדן איינער מיטן צווייטן מיט אַזאַ געטריישאַפט. זייערע וועגן האָבן זיך קיין מאָל נישט פונאַנדערגעשיידט. און אָט איז געקומען די געזעגענונג־שעה. אַ דערדריקטער און פאַרלאָזענער האָט בן גוריון פאַרלאָזט דעם בית־הנשיא.

אַפילו אין די שווערסטע שעהען פון זיינעליידן איז דער נשיא געווען ביי זיין פּולסטן באַוווסטזיין און ער האָט געוואָלט וויסן וועגן אַלץ, וואָס קומט פאָר אין לאַנד און אין אויסלאַנד. ער האָט אַלע מאָל געבעטן צו הערן די נייע אוידיציעס פון „קול ישראל״. ווי עס שיינט האָט די לאַגע אין די שכנותדיקע לענדער אַרויסגערופן ביי אים אַ טיפע זאָרג. מיט אַ טאָן פון פאָרוווּרף האָט ער געזאָגט: „די גרויסמאַכטן טוען גאָרנישט כּדי צו פאַרזיכערן דעם שלום אין דער געגנט. לאָמיר פאַרשטאַרקן אונדזער אמונה אין צור ישראל, ער וועט אונדז העלפן״.

1.5.1963

.2

טיפער טרויער האָט באַהערשט דאָס גאַנצע פאָלק אין ישראל און די יידן אויף דער גאַנצער וועלט צוליבן טויט פון יצחק בן צבי ז״ל, דעם צווייטן פּרעזידענט פון מדינת ישראל, וועלכער איז נפטר געוואָרן דינסטיק, כ״ט ניסן תשכ״ג, 7.50 פרי אין בית־הנשיא אין ירושלים.

גלייך אין די פרימאָרגן־שעהען זענען אָנגעקומען אין בית־הנשיא דער רעגירונגס־שעף און די מיניסטאָרן, דער הרב הראשי, דער פאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער פון דער סוכנות, זלמן שזר, און דער ירושלימער שטאָט־פּרעזידענט, דער הויפּט רב פון צה״ל אלוף־משנה ש. גורן און די מיטגלידער פון מיליטערישן ראַבינאַט, האָבן זיך גלייך מטפל געווען ביים דורכפירן די טהרה. נאָך דעם איז דער אָרון מיט זיין קערפּער אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דעם אויפנאַמס־זאַל פון זיין באַרימטן „באַראַק״ און זיין פרוי רחל ינאית האָט אָנגעצונדן די ליכט אַרום דעם אָרון.

שוין פון די פרימאָרגן־שעהען האָבן גרויסע מאַסן פון די ירושלימער איינוואוינערס, פון אַלע עדות און שבטים, אָנגעהויבן פאַרבייגיין דעם אָרון פון נשיא. 3.30 נאָך מיטאָג איז דער אָרון פון יצחק בן צבי ז"ל אַריבער־געפירט געוואָרן פון בית הנשיא צו די „בניני האומה". פאַרן אַרויספירן דעם אָרון האָבן די אָפיצירן פון מיליטערישן ראַבינאַט געזאָגט קאַפּיטלעך תהילים און דער הויפּט־חזן פון צה"ל האָט אָפּגעהאַלטן אַ תפילה. דער זון פון נשיא, עמרם בן צבי, האָט געזאָגט קדיש. דער אָרון איז געווען איינ־געהילט אין אַ טלית און אין דער נאַציאָנאַלער פאָן און איז געפירט גע־וואָרן אויף אַ מיליטערישן אויטאָ פון דער גרענעץ־וואַך.

ביים בית הכנסת „רחביה" האָט זיך דער אָרון פאַרהאַלטן און עס איז געזאָגט געוואָרן אַ קאַפּיטל תהילים. דער זון האָט געזאָגט קדיש און אַ צה"ל־חזן האָט געמאַכט אַן „אל מלא רחמים".

נאָך דעם ווי דער אָרון איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ ספּעציעלן געשטעל, איינגעהילט אין שוואַרצן און אין די נאַציאָנאַלע פּענער, זענען אָנגעצונדן געוואָרן ליכט.

6 אַ זייגער אין אָוונט, האָבן ריזיקע מאַסן פון ירושלים און פון גאַנצן לאַנד אָנגעהויבן פאַרבייציגיין דעם אָרון. טראָץ די שטאַרקע ווינטן, דעם רעגן און די שאַרפע קעלט, וואָס האָבן געהערשט אויפן פּלאַץ, האָט דער ריזיקער מענטשן־שטראָם אָנגעהאַלטן ביז אין די גאָר שפּעטע נאַכט־שעה־ען — און שוין פון 5־6 פרי האָט דער פאַרשידנאַרטיקער מענטשן־שטראָם פון אַלע עדות און שיכטן, פאַרגעזעצט דעם גאַנג אַרום אָרון. אַלטע פרויען און מענער, ספּעציעל פון די מזרח־עדות, פון די אָרעמסטע שיכטן, זענען געקומען אין זייער טראַדיציאָנעלער קליידונג און זיי האָבן ביטער געוויינט אַרום אָרון פון זייער געטרייען פריינד און פאַרערטן באַשיצער.

פון 8 ביז 10 זענען פאַרן אָרון פאַרבייגעגאַנגען טויזנטער שילערס פון די מיטלשולן. ביז 1 ביי טאָג זענען פיל צענדליקער טויזנטער געקומען אין הויף פון די בניני־האומה כדי פאַרבייגיין און אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד דעם פאַרשטאָרבענעם נשיא פון מדינת ישראל.

דער צווייטער נשיא פון מדינת ישראל, יצחק בן צבי, איז געפירט געוואָרן צו זיין אייביקער רו מיט אַן איינדרוקספולער מלוכישער לוויה, און זיין אָרון איז באַהאַלטן געוואָרן,ביים קנאַל פון 21 האַרמאַטן־שאָסן, אין הר־המנוחות אין ירושלים, אין דעם פאַמיליען־קבר פון דער משפחה בן צבי, וואָס קוקט אַרויס צו די מערבדיקע אַריינפאָרן קיין ירושלים.

ביי הונדערט טויזנט פערזאָן, די מדינה־פירערס און די מיניסטאָרן, אַמבאַסאַדאָרן פון פרעמדע מדינות און גייסטלעכע פון די רעליגיעס, פאַר־טרעטערס פון אַלע ישובים אין ישראל, די המונים פון בית־ישראל, פשוטע פאָלקסמענטשן פון אַלע עדות און שבטים פון דער באַפעלקערונג, האָבן באַ־גלייט דעם פאַרשטאָרבענעם נשיא אין זיין לעצטן וועג, אין אַ לאַנגן צוג וואָס האָט זיך געצויגן איבער די ירושלימער גאַסן.

די לוויה האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעם, ווי די טרויער־סירענע האָט געגעבן אַ סיגנאַל און אין גאַנצן לאַנד איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די באַ־וועגונג. אין משך פון צוויי מינוט האָט די גאַנצע ישראל־באַפעלקערונג אין שטילשווייגן זיך מתיחד געווען מיטן זכר פון גרויסן נפטר.

גלייך ווי דער סיגנאַל האָט זיך פאַרענדיקט איז דער הויפּט־רב פון צה״ל אלוף־משנה גורן, אַרויף אויפן בעלעמער און האָט דערקלערט: „על דעת התורה ועל דעת הקהל זענען מיר מתיר מספיד צו זיין דעם באַליבטן נשיא פון ישראל, רבי יצחק בן צבי און אים באַוויינען, טראָץ דעם וואָס היינט פאַלט אויס ראש־חודש, ווייל דער כבוד פון מדינה נשיא איז דער כבוד פון כל ישראל״. נאָך דעם האָט דער רב גורן געזאָגט אַ ספּעציעלע יזכור־תפילה, וואָס איז דורך אים פאַרפאַסט געוואָרן.

נאָך דער תפילה האָט דער רעגירונגס־שעף דוד בן גוריון, דער גע־טרייער חבר און נאָענטער פריינד פון פאַרשטאָרבענעם נשיא אין משך פון 57 יאָר, מספיד געווען אין זיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון דער ישראל־רעגירונג. „מיר באַגלייטן צו אייביקער רו דעם אויסדערוויילטן פון פאָלק, דעם טרייען זון פון בית־ישראל, וועלכער איז באַליבט געווען ביי אַלע שבטים און עדות, יידן און נישט־יידן, דער צווייטער נשיא פון דער באַנייטער מדינת ישראל, יצחק בן צבי״ — האָט אָנגעהויבן זיין הספד דער רעגירונגס־שעף. ה׳ בן גוריון האָט געשילדערט אין זיין קורצן הספד דעם רומפולן לעבנסוועג פון דעם נשיא און זיין טעטיקייט פאַר מדינת ישראל און ער האָט דערקלערט: „איך האָב זוכה געווען צו אַרבעטן מיט יצחק בן צבי זינט ער איז געקומען אין לאַנד אין פּסח תרס״ז און איך האָב נישט געקענט אַזאַ אַקטיוון און גייסטרייכן מענטש, און גלייכצייטיק אַזאַ באַשיי־דענעם, ווי ער איז געווען. ער האָט פאַרקערפּערט אין זיך אַהבת־ישראל און אחדות־ישראל. דאָס גאַנצע פאָלק האָט עס געפילט און איך קען נישט נאָך אַזאַ מענטשן אין אונדזער דור, וועלכער האָט זוכה געווען צו אַזאַ ליבע

מצד דעם פאָלק, צו וועלכער עס האָט זוכה געווען יצחק בן צבי. פון זיין אויפפירונג, רייד און באַציִונג האָט אַרויסגעשטראַלט פשטות, פאָלקסטימ־לעכקייט, באַשיידנקייט, נאָבלקייט, אמתע אויפריכטיקייט און מענטשלעכע ריינקייט. נעכטן פרי איז פון אונדז אַוועקגענומען געוואָרן דער געאַכטסטער און באַליבטסטער ייד אין ישראל, וועלכער איז אַריין אין אייביקן פּאַנ־טעאָן פון דער יידישער געשיכטע".

נאָך דעם ווי דער רעגירונגס־שעף האָט פאַרענדיקט זיין הספד, האָט דער הויפּט־חזן פון צה"ל געזאָגט די משנה „עקביה בן מהללאל אומר" פון פרקי־אָבות און דער זון האָט געזאָגט קדיש.

די לוויה האָט געצירט פון אָרט און אָנגעהויבן צו גיין לענג־אויס די גאַסן פון ירושלים, וועלכע זענען געווען איבערפולט מיט ריזיקע מאַסן באַגלייטערס.

8.5.1963

## זלמן שזר —
## דריטער נשיא פון מדינת ישראל

דער אויסוואַל פון דריטן נשיא איז פאָרגעקומען ביים סוף פון די דרייסיק טרויער־טעג נאָכן טויט פון צווייטן נשיא פון דער מדינה, יצחק בן צבי ז"ל, וועלכער האָט פאַרנומען דעם דאָזיקן הויכן אַמט אין משך פון צען יאָר מיט פיר חדשים.

שניאור זלמן שזר, דער דריטער נשיא פון דער מדינה, איז אויסגע־ווילט געוואָרן צו זיין הויכן אַמט בעת אַ געהיימער אָפּשטימונג, גלייך בעת דער ערשטער רונדע.

די ספעציעלע כנסת־זיצונג איז געעפנט געוואָרן פונקט 4 אַ זייגער נאָך מיטאָג ביי אַ זייער פייערלעכער שטימונג. די גאַלעריע פאַר דער פרע־סע און פאַר געסט איז געווען פול געפאַקט. כאָטש עס איז נישט געווען צו דערוואַרטן קיין שום איבערראַשונגען, ווייל דער אויסוואַל פון ש. ז. שזר איז געווען אַ געזיכערטער. מחוץ דעם בנין פון דער כנסת, האָט אַ גרויסער עולם אָפּגעוואַרט די רעזולטאַטן פון דער אָפּשטימונג און לסוף האָט ער

אויסגעדריקט זיינע געפילן מיט שטורמישע און לאַנגדויערנדיקע אַפּלאָ־דיסמענטן לכבוד די מיניסטאָרן און די כנסת־דעפּוטאַטן ווען זיי האָבן פאַרלאָזט דעם בנין.

דער אַקט פון אויסוויילן דעם דריטן נשיא פון מדינת ישראל, האָט געדויערט נישט מער ווי 40 מינוט.

מיט „מזל־טוב" און „יהי רצון אַז אין די טעג פון אייער נשיאות זאָל קומען די גאולה שלימה" — האָבן גלייך נאָך דער כנסת־זיצונג, באַגריסט מיניסטאָרן, פאַרטרעטער פון אַלע פראַקציעס אין דער כנסת, די סוכנות־עקזעקוטיווע און דעלעגאַציעס פון פאַרשיידענע קרייזן אין ישוב — שניאור זלמן שזרן אין זיין וווינונג, צו זיין אויסגעוויילט ווערן אַלס נשיא המדינה.

די ערשטע וואָס זענען געקומען אינעם הויז פון זלמן און רחל שזר זענען געווען דער כנסת־פאָרזיצער, קדיש לוז און זיין פרוי, צוזאַמען מיטן וויצע־פאָרזיצער פון דער כנסת, ישראל ישעיהו. קורץ נאָך דעם זענען גע־קומען דער רעגירונג־שעף, דוד בן גוריון און זיין פרוי פּאָלאַ, די אויסערן־מיניסטאָרין פרוי גאָלדע מאיר, דעלעגאַציעס פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי, אונטער דער אָנפירונג פון פרץ בערנשטיין — וועלכער איז געווען דער קאַנדידאַט אויף פּרעזידענט פון די פראַקציעס „ליבעראַלן" און „חרות" — שליחים פון דער רעליגיע־נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, אַ דעלעגאַציע פון כנסת־פּרעזידיום און צענדליקער דעפּוטאַטן פון אַלע כנסת־פראַקציעס. עס איז אויך געקומען שזרס אַלטער גוטער־פריינד פּראָפ' גרשם שלום. און פאַרשטייט זיך, אַז די חב"דער חסידים זענען געווען גאָר נאָענטע מחו־תנים בעת דער גרויסער שימחה. און עס זענען געקומען דיכטערס און שרייבערס. און ווער איז אייגנטלעך נישט געקומען? — אַלע, אַלע, זענען אויפגענומען געוואָרן מיט אַ וואַרעמען אַנטדרוק פון דעם „בעל־שימחה" זלמן שזר, וועלכער האָט געשיינט פון גליק, און מיט כּיבוד. אַלע זענען איבערראַשט געוואָרן פון דער באַשיידענער דירה אין וועלכער עס וווינט דער נשיא פון ישראל. דאָס איז זייער סימבאָליש פאַר דער האַרציקייט און פּשטות פון זלמן שזר. די ווענט פון דער צניעותדיקער פיר־צימער־וווינונג זענען באַלאָדן מיט נישט ווייניקער ווי פיר טויזנט ביכער. אין דער דאָ־זיקער אַטמאָספער פון גייסט און פון פרייד האָט דער גרויסער פאַרזאַמלטער עולם געטרונקען „לחיים!" און ווידער און נאָך אַ מאָל זענען געמאַכט גע־וואָרן די אויסרופן „זאָל לעבן דער נשיא!"

*

תקיעות פון שופרות און אַ מעכטיקער שאַל פון 24 טראָמפּייטן, וואָס האָבן אַ לענגערע מינוט אָפּגעקלונגען איבער דעם פול געפּאַקטן זיצונג־זאַל פון דער כנסת — האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך דעם קולמינאַציע־פונקט פון דעם איינדרוקספול־פייערלעכן צערעמאָניאַל, ווען דער דריטער נשיא המדינה, ה׳ שניאור זלמן שזר, האָט אָפּגעגעבן זיין טרייהייט־שבועה פאַר מדינת ישראל.

„איך, שניאור זלמן, זון פון שרה און יהודה־לייב שזר, דערקלער מיט דעם, אַז איך פאַרפליכט זיך אָפּצוהיטן טריישאַפט דער מדינת ישראל און אירע געזעצן, און אויספירן מיט אמונה מיין אַמט אַלס נשיא פון דער מדינה״ — מיטן אָפּגעבן די דאָזיקע טרייהייט־דעקלאַראַציע פאַר דער כנסת און מיטן אונטערשרייבן זי, האָט דער דריטער פּרעזידענט פון מדינת ישראל אָפיציעל איבערגענומען זיין אַמט.

מיטוואָך, כ״ה אייר תשכ״ג — דעם 23סטן מאַי 1963, 9 אַ זייגער מיט 45 מינוט אין דער פרי, האָט אַ דעלעגאַציע פון אַלע כנסת־פראַקציעס, בראש מיטן דעפּוטאַט עקיבא גוברין, באַזוכט ה׳ זלמן שזר אין זיין וווינונג און אים מיטגעטיילט, אַז ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס נשיא פון מדינת ישראל. גלייכצייטיק האָבן זיי אים איינגעלאַדן ער זאָל קומען אין כנסת כדי אָפּצוגעבן די טרייהייט־דעקלאַראַציע. ה׳ שזר, זיין פרוי און די סוויטע, האָבן זיך אַריינגעזעצט אין פּרעזידענט־אויטאָ און אין באַגלייטונג פון רייטער און מאָטאָציקליסטן, זענען זיי אָפּגעפאָרן צום כנסת־בנין, וווּ אַן אָפּטיילונג פון צה״ל און די כנסת־וואַך האָבן פּרעזענטירט דעם געווער. אויפן כנסת־בנין איז אַרויפגעצויגן געוואָרן די פּרעזידענטן־פאָן. דער כנסת־פאָרזיצער, ה׳ קדיש לוז, האָט באַגריסט דעם נשיא און אים אַריינגעפירט אין בנין, וועלכער איז געווען געפּאַקט און צוגעגרייט צו דער פייערלעכער זיצונג.

ביים בלאָזן פון שופרות פון צוויי רבנים פון מיליטערישן ראַבינאַט איז דער נשיא דערשינען אויף דער בינע. אַלע אָנוועזנדיקע אין זאַל זענען אויפגעשטאַנען און דאַן האָט קדיש לוז געבעטן דעם מדינה־פּרעזידענט ער זאָל אָפּגעבן זיין טרייהייט־דעקלאַראַציע.

נאָכן אָפּגעבן די טרייהייט־דעקלאַראַציע האָט זיך דערהערט דאָס שאַלן פון 24 טרומפּייטערס און דער כנסת־פאָרזיצער האָט געבעטן דעם מדינה־פּרעזידענט ער זאָל זאָגן זיין וואָרט צום פאָלק.

זיין איינדרוקספולע רעדע האָט שניאור זלמן שזר אָנגעהויבן מיט די

ווערטער: „עס איז נאָך נישט פאַרביי די שלושים נאָכן צווייטן נשיא פון מדינת ישראל, דעם באַליבטן פון פאָלק, די קרוין פון חלוציזם, דעם גרויסן און טייערן פריינד מיינעם יצחק בן צבי ז״ל; מיר אָטעמען נאָך די לופט פון דער ריטערלעכקייט און פשטות, וואָס האָט באַשיינט דעם פּרע־זידענט־אַמט די גאַנצע צייט פון זיין זיצן אויפן שטול פון נשיא. מיר דאַנ־קען נאָך מיט ברכה דעם נס פון בראשית, ווען אויפן דאָזיקן שטול איז געזעסן דער ערשטער פּרעזידענט פון מדינת ישראל, ד״ר חיים ווייצמאַן ז״ל. און אָט, האָט איר, אויסגעוויילטע פון פאָלק באַשלאָסן, אַז איך דאַרף זיך היינט זעצן אויפן דאָזיקן שטול. מיט וואָס וועל איך אייך אָפּדאַנקען פאַרן צוטרוי און כבוד? מיט וואָס וועל איך ווייסן, אַז איך בין ראוי צו דעם?

מיט באַשיידנקייט און ציטער נעם איך אָן אייער גזר־דין. אונדזער לאַנד איז אַ מדינה פון גאולה — האָט ווייטער געזאָגט דער נשיא — די סכנות, וועלכע דראָען אונדז פון אינעווייניק און פון דרויסן, קאָן מען אי־בערוויינדן דורך נאַציאָנאַלער אייניקייט. דורך אויסראָטן ברידער־שינאה, דורך פלעגן קעגנזייטיקן כבוד און אמתע טאָלעראַנץ, דורך שטענדיקער שטרעבונג צו רעאַליזירן דעם הויפּט־דעוויז, וואָס איז פּראָקלאַמירט גע־וואָרן, ווען מיר זענען נאָך געווען אַ יונג פאָלק: „ואהבת לרעך כמוך!"

— „און דו זאָלסט ליב האָבן דיין פריינד ווי זיך זעלבסט!"

אין ווייטערדיקן טייל פון זיין רעדע האָט ה׳ זלמן שזר אונטערגע־שטראָכן, אַז אונדזערע זין האָבן צוזאַמען מיט די בעסטע פאָרשטייערס פון דער מענטשהייט שטענדיק געקעמפט פאַר שלום און קעגן פעלקער־שינאה, נאָך קיין מאָל איז די שטרעבונג צו שלום און קעגנזייטיקער פאַר־שטענדעניש נישט געווען אַזוי לעבנס־וויכטיק פאַר דער גאַנצער וועלט, און באַזונדערס פאַר אונדזער באַנייט פאָלק, ווי איצט. אונדזער האַנט איז אויסגעשטרעקט צו שלום און מיר האָבן נישט פאַרלוירן אונדזער האָפע־נונג, אַז עס איז נישט ווייט דער טאָג פון שלום מיט אונדזערע שכנים און פון שלום אין גאַנצן ראַיאָן. עס וועט אויך קומען דער טאָג ווען אויף דער גאַנצער וועלט וועט הערשן שלום צווישן פעלקער און גרויסמאַכטן, און מיר, לויט דער מאָס פון אונדזער כוח און איינפלוס, וועלן זיין צווישן זיינע באַגרינדערס.

„אונדזער מדינה איז אָפן פאַר אַלע יידן אויף דער גאַנצער וועלט — האָט דערקלערט דער דריטער נשיא פון מדינת ישראל, ה׳ זלמן שזר —

און מיר וועלן שטענדיק געדענקען, אַז מיר האָבן נאָך אַ פאָלק אויף דער וועלט, אַ פאָלק, וואָס איז פון אונדזער בלוט און פלייש, אַ פאָלק וואָס איז אויסגעשטעלט אויף צעריסנקייט, גייסטיקער אויסגעליידיקטקייט און אַסי־מילאַציע, און דאָך איז דאָס פאָלק טריי געבליבן דער האָפענונג פון זיין ווידעראויפלעבונג. מיר וועלן קעמפן פאַר אָפּהיטן זיין זעלבשטענדיקייט, פאַר אָפּהיטן דעם דת און אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע דערציִונג־אונטער־נעמונגען. מיר וועלן אַרום דעם פאָלק אין אונדזער לאַנד קאָנצענטרירן די פונקען פון יידישער גאונישקייט, וואָס זענען צעשפרייט איבער דער גאַנצער וועלט, מיר וועלן נישט רוען, ביז דער גאַנצער יונגער יידישער דור וועט זיין אַ טרייער שותף מיט אונדז ביים טראָגן דעם יאָך פון אַחריות פאַר דער אויפלעבונג פון פאָלק".

נאָך פאַרענדיקן די רעדע פונעם נשיא האָט דער כנסת־פאָרזיצער איבערגעגעבן די ברכה פון דער כנסת. ה' קדיש לוז האָט געווונטשן דעם מדינה־פרעזידענט הצלחה אויפן הויכן אַמט, ווי אויך אַ גוטן געזונט פאַר אים און פאַר זיין חשובער פרוי, אויף לאַנגע יאָרן. ה' לוז האָט אונטער־געשטראָכן, אַז אונדז איז וויל, וואָס מיר האָבן זוכה געווען צו אַ נשיא אַ תלמיד־חכם, וואָס איז בקי אין הלכה און אגדה און וועלכער האָט אומ־געהייער גרויסע פאַרדינסטן פאַר זיינע גרויסע אויפטוען אין דער אַרבעט־באַוועגונג, ציוניזם, מדינת ישראל און יידישן פאָלק. יהי רצון, אַז בעת דער אָנפירונג פון ה' זלמן שזר זאָל אויפבליִען מדינת ישראל און עס זאָל הערשן שלום צווישן פאָלק, אַרום אונדז און אויף דער גאַנצער וועלט. „זאָל לעבן דער נשיא!" — האָט אויסגערופן דער כנסת־פאָרזיצער און אַלע אָנוועזנדיקע האָבן אויסגעשריִען: „זאָל לעבן דער נשיא!" גלייך נאָך דעם האָט דער עולם געזונגען אַ באַגייסטערטן „התקוה" און דערמיט איז פאַרענדיקט געוואָרן דער פייערלעכער איינשווערונגס־אַקט פון דעם נייעם נשיא.

דער נשיא און זיין סוויטע זענען דאַן אַרויס פון כנסת־בנין, זיך אַריינגעזעצט אין אַן אָפענעם אויטאָ, און געפאָרן איבער די צענטראַלע גאַסן פון ירושלים. די ריזיקע מאַסן אויף ביידע זייטן פון די דאָזיקע גאַסן האָבן אויפגענומען דעם נייעם נשיא המדינה מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און מיט ענטוזיאַסטישע אויסרופן:

זאָל לעבן דער נשיא! זאָל לעבן!...זאָל לעבן!...

4. 6. 1963

## שמחה ביי די לובאַוויטשער חסידים
## צוליבן אויסווײלן זלמן שזר אַלס נשיא

אין טאָג ווען שניאור זלמן שזר איז אויסגעווײלט געוואָרן אַלס נשיא המדינה, האָבן זײנע חברים אין דער סוכנות אײנגעאָרדנט לכבוד אים אין ירושלים, אַ פײערלעכע געזעגענונגס־סעודה, אויף „פּונקט אַכט אַ זײגער". און אַט ווײזט דער זײגער 8.15, און אַט איז שוין 8.30 — און דער „חתן המסיבה" איז נאָך אַלץ נישטאָ...

ס׳זענען אַריבער נאָך צוויי מינוט און דער נשיא מיט זײן סוויטע זענען אָנגעקומען.

האָט אויפגעקלערט אײנער פון זײנע באַגלייטערס: ה׳ שזר באַדויערט זײער וואָס ער האָט זיך פאַרשפּעטיקט, אָבער אַ פערטל צו אַכט איז אין זײן הויז אָנגעקומען אַ דעלעגאַציע פון כפר חב״ד כדי צו באַגריסן זײער חבר און גרויסן פרײנד צום אויסגעווײלט ווערן אַלס נשיא, און ווי באַ־קאַנט — האָבן די חב״דניקעס ביי שזרן אַ שטענדיקע פּרעפערענץ...

ס׳איז שוין אַ מינהג ביי שזרן, זײט לאַנגע יאָרן, אַז אין דער נאַכט פון ראש השנה גייט ער דאַוונען אין „שטיבל" פון די בראַסלאַווער חסידים, גייענדיק דעם לאַנגן וועג פון רחביה ביז מאה־שערים, און אין טאָג פון יום־כיפּור דאַוונט ער אין דער „חברונער" ישיבה. וואָך־איין וואָך־אויס באַטייליקט ער זיך אין דעם קרייז פאַר תנך און אין דעם קרייז פאַר תלמוד און יעדער דאָנערשטיק האָט ער זײן געניי באַשטימטע שעה פאַר אַ שיעור אין „תניא".

איז טאַקע גאָרנישט קיין ווונדער, אַז די סאַמע גליקלעכסטע ווען ס׳איז באַקאַנט געוואָרן, אַז זלמן שזר איז אויסגעווײלט געוואָרן אַלס דער נשיא פון מדינת ישראל, זענען געווען די לובאַוויטשער חסידים. זיי גרויסן זיך דערמיט, וואָס דער נײער „פּרעזידענט" איז באַקאַנט אַלס געטרייער און איבערגעגעבענער פרײנד פון זײער רבין און צוזאַמען מיט אים האָט ער אין זײנער צײט פּלאַנירט דעם כפר חב״ד.

די חב״דניקעס הערן נישט אויף צו דערציילן די שבחים פון נײעם פּרעזידענט פון מדינת ישראל, און ווי ס׳ווײזט זיך אַרויס, איז דער דאָ־

זיקער גליקלעכער אויסוואַל פון נשיא, פּאַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַ צייט צוריק, דורכן לובאַוויטשער רבין בכבודו ובעצמו...

מיט אַ וואָך צוריק איז זלמן שזר ספּעציעל אַראָפּגעפאָרן אין כפר חב"ד, כדי צו באַטייליקן זיך אין אַ מסיבה, וואָס איז דאָרט איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד אים און צוזאַמען טרינקען אַ „לחיים". ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָט שזר דערציילט וועגן זיינע געשפּרעכן מיטן רבין און וועגן זיין וווּנדערלעכער נבואה.

אין דער דאָזיקער מסיבה האָט זיך אויך באַטייליקט דער רב פון כפר חב"ד און פון די חשובסטע חב"דניקעס אין לאַנד, הרב שניאור זלמן גאָרעליק. הערנדיק מיט וואָסער התלהבות זלמן שזר רעדט וועגן רבין און וועגן זיין נבואה, וואָס איז מקוים געוואָרן, האָט ער זיך געווענדט צו אים און געפרעגט:

— כ'הער פון אַלע זייטן, אַז איר זייט אַ געטרייער חסיד און אַז איר באַמיט זיך צו גיין אינעם וועג פון לובאַוויטשער רבין, זאָגט זשע מיך, צי זענט איר אויך מקיים די מצוות פון דער תורה? צב"ש צי לייגט איר יעדן טאָג תפילין? גאַנץ מעגלעך, אַז איר לייגט נישט די תפילין פון רבנו תם, אָבער די תפילין פון רש"י לייגט איר? און פּסח, עסט איר מצה? אפשר האָט איר נישט געגעסן קיין שמורה מצה, מילא, אָבער, צי היט איר זיך אָפּ, נישט נכשל צו ווערן, חלילה, צו עסן חמץ אין פּסח?

זלמן שזר איז גאָרנישט צעטומלט געוואָרן. ער האָט נישט געהאַט די מינדסטע סיבה פאַר דעם.

„זייט כ'האָב זיך באַקאַנט מיט דעם לובאַוויטשער רבין — האָט ער גלייך געענטפערט — און זייט כ'האָב זיך ממש צוגעקלעפּט צו זיינע וועגן און זיינע שיטות אין חסידות, לייג איך תפילין יעדן טאָג. און וואָס שייך פּסח — איז נישט בלויז וואָס כ'עס נישט חמץ, נאָר מצות האָב איך אין דעם לעצטן פּסח געגעסן עכטע מצה שמורה"...

האָבן דאָס געהערט די חסידים און זייער התלהבות האָט גאָר קיין גרענעץ נישט געהאַט. זענען אויפגעהויבן געוואָרן כוסות, ווידער און נאָך אַ מאָל און פון אַלע זייטן האָט מען געהערט די פריידיקע אויסגעשרייען: „יחי הפּרעזידענט!"

דער נייער נשיא באַזוכט זייער אָפט בתי־כנסת צו דאַווענען בציבור און אין די פּרייטיק צונאַכטסן וועט איר אים געפינען אין בית־הכנסת

„בית הלל״. אין די שבעה טעג נאָכן פאַרשטאָרבענעם נשיא האָט ער געד־דאַוונט אין בית הנשיא און דאָרט עולה לתורה געווען.

און ווען מיט אייניקע טעג צוריק איז געשטאָרבן דער אַלטער, פאַר־דינסטפולער ציוניסטישער עסקן, קורט בלומענפעלד, וועלכער איז געווען שזרס אַ קרוב, האָט זיך שזר אין גרויס געאייל געווענדט צו הרב זווין, די גרעסטע אויטאָריטעט פון דער הלכה אין לאַנד, כדי צו באַראָטן זיך אויב אים איז דערלויבט צו נעמען אויף זיך דעם עול פון אַ נייער מאַכט, אין די אָבל־טעג פון זיינעם אַ בן משפחה? — הרב זווין האָט אַראָפּגענומען פון זיין האַרץ יעדן שאָטן פון ספקות: מ׳האָט אייך געדופן צו דער כהונה — גייט אַרויף צום דוכן. און זלמן שזר איז אַרויף...

ווענן זלמן שזרס באַציִונג צום ספר תהילים האָט אַ מאָל דערציילט פּראָפ. ש. שלום:

„מיט שזרן האָב איך זיך באַקאַנט אין די טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין בערלין. מיר האָבן זיך זייער באַפריינדט, מיר האָבן געוווינט אין איין צימער, געשלאָפן אויף איין בעט און געגעסן פון איין טעלער. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה — בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי. אין יענעם טאָג איז צו מיר צוגע־גאַנגען מיין טייערער חבר זלמן רובאַשאָוו, ער האָט אַרויסגענומען אַ קליין ספרל פון קעשענע, ער האָט עס מיר איבערגעגעבן און געזאָגט: ׳נעם דעם דאָזיקן קליינעם ספרל, ער וועט דיר היטן ווי דער בעסטער שומר, לייגן אין אים און ער וועט דיר אָפּהיטן פון אַל דאָס שלעכטס׳.

געווען איז עס דער ספר תהילים, וועלכן פּראָפ. ש. שלום היט אָפּ אין זיין קעשענע ביז צום היינטיקן טאָג שוין קרוב צו 50 יאָר״...

און שזר אַליין האָט דערציילט, מיט דריי יאָר צוריק, ווען ער איז אַלט געוואָרן 70 יאָר: „די שלומי אמוני ישראל (די חב״דער חסידים) האָבן אַ מינהג, אַז אין יעדן יאָר קוקן זיי אַריין אין אַ פּרק תהילים, פון יענעם יאָר. אין מיין 70סטן געבוירן־טאָג האָב איך אַריינגעקוקט אין פּרק „ע״ פון תהילים און כ׳בין שטאַרק איבעררראַשט געוואָרן לייענענדיק די לעצטע צוויי ווערטער פון יענעם פּרק: „אל תאחר״... „דו זאָלסט נישט פאַרשפּע־טיקן״... ווען כ׳האָב געלייענט די דאָזיקע וואָרענונג־ווערטער האָב איך אַ ציטער געטאָן״. און זלמן שזר האָט טאַקע נישט פאַרשפּעטיקט...

5.6.1963

# די ישראלדיקע שיף "ירושלים" אין אָדעסער פּאָרט

דינסטיק, דעם 4טן יוני, אין די נאָכמיטאָג־שעהען, איז לאַנגזאַם אַריינ־געפאָרן אין חיפהער פּאָרט די ישראלדיקע פּאַסאַזשיר־שיף "ירושלים". אויף אירע מאַסטן האָבן מוטיק געפלאַטערט די ווייסבלויע פענער פון ישראל און די פאַרשידנפאַרביקע פענער פון ים־פלאָט. אַלע אירע דעקן זענען געווען איבערפולט מיט פריידיק יובלדיקע מענטשן. דאָס איז געווען די ערשטע ישראלדיקע פּאַסאַזשיר־שיף, וועלכע האָט זיך צוריקגעקערט פול מיט איינדרוקן פון אַ באַזוך אין סאָוויעט־רוסלאַנד. און אויב מיר וועלן נאָך צוגעבן, אַז די דאָזיקע ישראלדיקע שיף, אויף וועלכער די מערסטע פּאַסאַזשירן זענען געווען יידן — האָט איר אָרקעסטער, געזעגענענדיק זיך און אָפּשווימענדיק פון אָדעס געשפּילט ישראלדיקע לידער "הבאנו שלום עליכם", "הבה נגילה" און פיל אַנדערע ישראלדיקע און יידישע פאָלקס־לידער — וועט מען ערשט באַגרייפן, אַז דאָס איז געווען אַ שפּאַציר, וואָס איז ווייט אַרויס פון די ראַמען פון די געוויינלעכע רייזעס פון די ישראל־דיקע פּאַסאַזשיר־שיפן.

ווי אַזוי זשע איז עס דערמעגלעכט געוואָרן דער באַזוך פון אַן ערשטער ישראלדיקער פּאַסאַזשיר־שיף אין סאָוויעטישע פּאָרטן נאָך יאָרן־לאַנגע באַמיִונגען?

אַן ענגלישע רייזע־געזעלשאַפט, וואָס האָט אָרגאַניזירט אַ קאָלעקטיוון באַזוך אין דריי סאָוויעטישע פּאָרטן אין שוואַרצן ים, האָט געזוכט אַ פּאַ־סיקע פּאַסאַזשיר־שיף. נאָך לאַנגע זוכונגען איז אויסגעפונען געוואָרן די שיף "ירושלים", פון דער ישראלדיקער נאַציאָנאַלער "צים"־געזעלשאַפט, פאַר באַזונדערס פּאַסיק צו דער דאָזיקער רייזע. דער שפּאַציר האָט זיך אָנגעהויבן אין ווענעציע און האָט זיך דאָרט פאַרענדיקט. און ער האָט באַזוכט די דריי סאָוויעטישע פּאָרטשטעטביים שוואַרצן ים: אָדעס, יאַלטאַ און סאָטשי.

ביי אַ 200 פּאַסאַזשירן פון ענגלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן און 15 פון ישראל — די גרעסטע מערהייט, פאַרשטייט זיך — יידן — האָבן

איינגעשטיגן אויפֿן דעק פֿון דער שיף „ירושלים“ אין ווענעציער פּאָרט, מיט אַ צוויי וואָכן צוריק. נאָך אַ ריי באַזוכן אין פּאָרטן פֿון מיטללענדישן ים, און מיטן דורכפֿאָר־וועג דורך די דאַרדאַנעלן — איז די ישׂראלדיקע שיף אָנגעקומען קיין אָדעס דעם 23סטן מאַי. אַ טייל פֿון די ישׂראלדיקע פּאַסאַזשירן זענען פֿאַרבליבן אויף אַ לענגערן באַזוך אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.

*

דער קאַפּיטאַן פֿון דער שיף „ירושלים“, טוביה סמאָלענסקי האָט זיך געטיילט מיט די פֿאַרטרעטער פֿון דער ישׂראלדיקער פּרעסע מיט זיינע איינדרוקן און ער האָט דערציילט: „די אויפֿנאַמע לכּבֿוד אונדז אין דעם אָדעסער פּאָרט איז געווען ממש אַן אויסערגעוויינלעכע. מיר זענען פֿריידיק איבערראַשט געוואָרן, זעענדיק פֿון דער ווייטנס ווי אויף אַ הויכן מאַסט פֿלאַטערן די ווייסבלויע פֿענער פֿון ישׂראל צוגלייך מיט די פֿענער פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד, און פֿאַרשטייט זיך, אויך מיט די סאָוויעטישע פֿענער. אויפֿן שיף זענען אַרויף די פֿאַרטרעטער פֿון סאָוויעטישן אימיגראַציע־אַמט, פֿון געזונטהייט און צאָל, ווי אויך די פֿאַרטרעטער פֿון דער סאָוויעטישער טוריסטן־געזעלשאַפֿט „אינטוריסט“ און די פֿאַרטרעטער פֿון די פֿרעמדע שיפֿן אין סאָוויעט־רוסלאַנד „אינפֿלאָט“. די באַציִונגען זענען געווען העכסט פֿריינדלעכע און אַפֿילו האַרציקע פֿון ערשטן מאָמענט אָן. די אונטערזוכונגען זענען שנעל דורכגעפֿירט געוואָרן אָבער די פּאַס־פּאָרט־קאָנטראָל איז געווען זייער אַ שטרענגע און זי האָט געדויערט העכער צוויי שעה. זעקס פֿון די פּאַסאַזשירן פֿון ענגלאַנד, וועלכע האָבן זיך נישט באַזאָרגט מיט סאָוויעטישע וויזעס, איז נישט דערלויבט געוואָרן אויסצושטייגן פֿון דער שיף. אַלע פּאַסאַזשירן זענען דאַן אַרויסגעפֿאָרן אויף אַן אָרגאַניזירטן שפּאַציר איבער דער שטאָט און אין אירע געגנטן און פֿיל פֿון זיי האָבן אין אָוונט געזען אַ באַלעט־פֿאָרשטעלונג אין איינעם פֿון די אָדעסער טעאַטערס. אַלע מאַנשאַפֿט־מיטגלידער פֿון „ירושלים“, האָבן אין צוויי גרופּעס באַזוכט די שטאָט און האָבן אָנטייל גענומען אין דעם האַרציק פֿייערלעכן קבלת־פּנים־אַקט, וואָס ס'איז פֿאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן אין „הויז פֿון סאָוויעטישן מאַטראָס“. דאַן זענען זיי אַרומגעפֿירט געוואָרן איבער דער שטאָט און מ'האָט זיי דערטיילט פֿרייע איינטריטס־קאַרטן צו אַן אויפֿטריט פֿון אָרטיקן באַלעט. מיט דער זעלבער פֿריינדשאַפֿט ווערן אויפֿגענומען אַלע פֿרעמדע ים־לייט, וואָס קומען אָן אין אָדעסער פּאָרט.

די פּאַסאַזשירן זענען געווען פרײַ צו טאָן וואָס זיי ווילן. די וואָס האָבן זיך נישט אָנגעשלאָסן אין דעם אָרגאַניזירטן שפּאַציר — האָבן זיך אַליין אַרומגעדרייט איבער די גאַסן פון שטאָט, וויפל זייער האַרץ גלוסט. זיי האָבן געשמועסט מיט די אָדעסער אײַנוווינער. פיל פון די פּאַסאַזשירן און פון די מאַנשאַפט־מיטגלידער, האָבן זיך געטראָפן מיט זייערע קרובים און פרײַנד, וועלכע האָבן געוואַרט אויף זיי אין פּאָרט.

זייער פיל פון די פּאַסאַזשירן האָבן דורכגעלעבט אַ טיפע אַנטוישונג. אויף דער שיף זענען טאַקע נישט געמאַכט געוואָרן קיין שום צאָל־קאָנטראָלן — ס'איז אָבער שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן אַראָפּצוטראָגן די מינדסטע זאַך פון דער שיף. ממילא זענען פאַרבליבן אין די שיף־קאַבינעס זייער פיל גוטע און ווערטפולע פּעקלעך, וואָס זענען צוגעגרייט געוואָרן מיט טיפער זאָרג און מיט נישט קיין קלענערער התלהבות. און ס'איז קוים אײַנגערצוגעבן דעם צער און דעם ווייטיק פון די פּאַסאַזשירן און פון זייערע קרובים. דאַקעגן איז נישט געווען קיין באַגרענעצונג פון אַרויפטראָגן אויפן שיף די פּעקלעך פון די אײַנקויפן אין די ספּעציעלע געשעפטן פאַר טוריסטן.

דער שיפס־קאַפּיטאַן, סמאָלענסקי, אַ געבוירענער אין איינער פון די באַלטישע לענדער, וועלכער האָט זיך אין אָדעס געטראָפן מיט זײַנעם אַ ברודער, האָט איבערראַשט די סאָוויעטישע גאַסטגעבער מיט זײַן פּערפעקטן רוסיש.

אויף צו מאָרגנס נאָך זייער אָנקומען קיין אָדעס, איז פּונקט אויסגעפאַלן שבועות און פיל פון די פּאַסאַזשירן און די שיף־מאַנשאַפט — צווישן זיי אויך דער משגיח אויף כשרות אין דער שיף אריה פרידמאַן, אַ געבוירענער אין ירושלים, זענען געגאַנגען דאַווענען אין דעם אײנציקן בית־כנסת אין שטאָט. זיי האָבן דאָרט געטראָפן אַ 400 מתפללים, די גרעסטע מערהייט — אַלטע לײַט. מ'האָט אין גאַנצן נישט געזען קיין יוגנטלעכע און אויך די צאָל פרויען איז געווען זייער אַ קליינע.

אייניקע פון די מתפללים האָבן זיך געווענדט צו די געסט — פאַרשטעלט און אין געהיימניש — צו געבן זיי אַ סידור אָדער אַ טלית. נאָר אַ טייל פון די מתפללים האָט געטראָגן טליתים. די שול, וואָס זעט אויס שטאַרק אָפּגעלאָזן, איז דאָך געווען באַפּוצט מיט גרינס לכבוד יום־טוב.

די תפילות זענען אָפּגעריכט געוואָרן דורך אַ חזן אין דער באַגלייטונג פון אַ כאָר. לויט ווי די מתפּללים האָבן איבערגעגעבן וווינען ביים היינטיקן טאָג אין אָדעס ביי 250 טויזנט יידן — אַ דריטל פון דער אַלגעמיינער צאָל איינוווינערס אין שטאָט.

פון אָדעס איז די שיף אָפּגעשוווּמען קיין יאַלטאַ, ווו זי האָט געאַנקערט 10 שעה. אויך דאָ האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע פריינדלעכע באַציִונג צו די פּאַסאַזשירן און צו דער שיפס־מאַנשאַפט. אויך דאָ איז צווישן דעם פּאַרזאַמלטן עולם אין פּאָרט געווען פיל יידן, וועלכע זענען געקומען כאָטש אָנזעטיקן זייערע אויגן מיטן אויסזען פון אַ ישראלדיקער שיף, וואָס טראָגט אַזוי שטאָלץ דעם נאָמען „ירושלים". דער לייטער פון „מאַטראָסן־הויז" אין יאַלטאַ האָט לויט זיין ביטע באַקומען פון שיפס־קאַפּיטאַן פון „ירו־שלים", אַ פענדל פון מדינת ישראל, וועלכן ער וועט אַרויסשטעלן צוזאַמען מיט די אַלע אַנדערע פענער פון פרעמדע מדינות, וואָס געפינען זיך אין „מאַטראָסן־הויז" פון יאַלטער פּאָרט.

די גרעסטע און אָנגענעמסטע איבערראַשונג האָט דערוואַרט די פּאַסאַ־זשירן פון דער ישראל־שיף דווקא אין דריטן פּאָרט, אין וועלכן זי איז אָנ־געקומען — אין סאָטשי. „ירושלים" איז דאָרט אויפגענומען געוואָרן דורך אַ גרויסן אָרקעסטער, וועלכער האָט געשפּילט פריילעכע רוסישע פאָלקס־לידער. די שיף האָט דאָרט געאַנקערט 11 שעה און די פּאַסאַזשירן האָבן באַזוכט די שטאָט און איר געגנט און זיי האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּ־וווּנדערן פון איר שיינקייט.

די געזעגענונג פון סאָטשי איז אויך געווען אַ באַזונדערס רירנדיקע. אין פּאָרט האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל מענטשן און זיי האָבן באַשאָטן די שיף מיט קאָנפעטי. ענטפערנדיק אויף דער דאָזיקער אַרויסגעוויזענער האַרצי־קייט, האָט זיך דער אָרקעסטער פון דער שיף „ירושלים" אויפגעשטעלט אויפן דעק און ער האָט געשפּילט „הבאנו שלום עליכם", „הבה נגילה" און פיל אַנדערע ישראלדיקע און יידישע פאָלקסלידער. דער גרויסער עולם האָט ווידער און נאָך אַ מאָל געפּאַטשט מיט די הענט, אויסשרייענדיק: „דאָסווידאַניאַ" און אויך „שלום!", „שלום!"...

צי זענען עס געווען יידן אָדער סתם רוסן, וועלכע האָבן זיך געזעגנט מיט אַ טוריסטן־שיף? — לויטן אָנשליסן זיך צום געזאַנג און פון די היל־כיקע „שלום"־אויסרופן, איז מער ווי זיכער, אַז זייער פיל טייערע האַר־

ציקע יידן זענען דאָרט געשטאַנען, און זיי האָבן זיך עס אַזוי געזעגנט מיט „ירושלים", מיט געזאַנג און מיט טרערן אין די אויגן...

22. 6. 1963

## מיט גבורה איז אלי כהן געגאַנגען צו דער תליה

די ישראל־צייטונגען און די נייעס־אוידיציעס פון „קול ישראל" האָבן געבראַכט די אויפטרייסלענדיקע ידיעה, אַז דער 40־יאָריקער ישראלי, אלי כהן, וועלכער איז פאַרמשפּט געוואָרן אין סיריע צום טויט, אויף דער באַשולדיקונג פון שפּיאָנאַזש לטובת ישראל, איז אין די פאַרטאָג־שעהען פון דינסטיק דעם 15טן מאַי אויפגעהאָנגען געוואָרן אויפן פּלאַץ „אל מאַרדזשאַ" אין דמשק. כהן, וועלכער ווערט געשילדערט פון די נייעס־אַגענטורן ווי „דער מענטש, וואָס האָט מצליח געווען דורכצופירן די גרעסטע שפּיאָנאַזש־טעטיקייטן אין דער נייער געשיכטע פון סיריע", איז געגאַנגען צו דער תליה מיט אַן אויסערגעוויינלעכער העלדישקייט, זיינע הענט זענען געווען פאַרבונדן פון אונטער זיין רוקן, 3.35 פאַר טאָג, מיט 4 מינוט שפּעטער איז אָפיציעל געמאָלדן געוואָרן וועגן זיין טויט.

בעתן אויספירן דעם אורטייל, זענען אַנוועזנדיק געווען אויפן פּלאַץ אַלע מיטגלידער פון ספּעציעלן געריכט, וואָס האָט פאַרמשפּט אלי כהן און זיינע חברים און אויך דער רב ניסים עגובו. כהן האָט געזאָגט דעם רב איידער די תליה־שטריק האָט זיך צוזאַמענגעפּרעסט אויף זיין האַלדז, אַז ער האָט נישט איבערגעלאָזט קיין אָפּשפּאָרונגען און נישט קיין חובות. ווענדנדיק זיך צום געריכט־פאָרזיצער האָט ער געזאָגט, אַז ער באַשטעטיקט אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט בעת דעם משפּט.

אלי כהן האָט איבערגעלאָזט אַ צוואה־בריוו פאַר זיין פרוי נאַדיאַ און פאַר זיינע דריי קינדער. אין בריוו, וועלכער איז געשריבן אין עברית און פראַנצויזיש, בעט ער אַנטשולדיקונג ביי זיין פרוי און ער בעט זי זי זאָל זיך מטפל זיין מיט די קינדער — סאָסיאַ, איריס און שאול. ער שרייבט איר אויך, אַז זי מעג ווידער חתונה האָבן.

אלי כהנס קערפער איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער תליה 10 אַזייגער פרי. ביז דאַן זענען דעם פּלאַץ פאַרבייגעגאַנגען פיל טויזנטער איינוווינער כדי צו זען דעם הענגענדיקן.

אלי כהן איז אין מיטן נאַכט געבראַכט געוואָרן פון תפיסה אין אַ מיליטערישן אויטאָמאָביל, אונטער אַ שווערער באַוואַכונג, צום „אל־מאַרדזשאַ"־פּלאַץ, אין צענטער פון דמשק. אַלץ אַרום האָט אויסגעזען ווי גרייט צום קאַמף. שווערע קאָרדאָנען פון מיליטער און פּאָליציי־לייט האָבן געשאַפן דריי לעבעדיקע קייטן אַרום דער תליה. ביי 50 זשורנאַליסטן און פאָטאָ־רעפּאָרטערן זענען דערלויבט געוואָרן צו זען ווי עס ווערט אויס־געפירט די עקזעקוציע.

אויף כהנס געזיכט איז געווען אויסגעגאָסן אַ זעלישע רויִקייט. נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעשריבן דעם לעצטן בריוו צו זיין פרוי (וועלכער וועט וואָרשיינלעך איבערגעגעבן ווערן דורך דער פאַרמיטלונג פון יר־ען־שטאַב) האָט ער נאָכגעזאָגט די תפילה פון הרב ניסים עגובו, נאָך דעם ווי ער איז דורכגעגאַנגען מיט זיכערע טריט די 30 מעטער, וואָס האָבן אָפּגעטיילט צווישן אים און דער תליה. אומדערשראָקן איז ער אַרויף אויף די טרעפּלעך און דער תליון האָט גלייך אַרויפגעלייגט די תליה־שטריק אויף זיין האַלדז. מיט 90 סעקונדן שפּעטער האָט אלי כהן אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם.

זיין קערפּער, אַרומגענומען מיט אַ ווייסן זאַק, איז געבליבן הענגען אין משך פון זעקס שעה פאַר די אויגן פון טויזנטער פאַרבייגייער.

ווי גנבים ביי נאַכט, מיט פאַרשידענע אָפּנאַרערישע מאַנעוורן, האָבן די סיריער אויסגעפירט די עקזעקוציע. זיי האָבן געמאָלדן וועגן זיין תליה בלויז עטלעכע שעה איידער דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן. דער ישראל־בירגער אלי כהן האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די הערשער פון דמשק. זיי זענען געווען שטאַרק צעטומלט און אויפגעטרייסלט וואָס זיי האָבן אַנטדעקט, נאָך דריי יאָר, אַז דער סירישער בירגער קאַמעל אַמין מאבת, וועלכער איז געווען אַ ידיד און געטרייער פריינד פון די גרעסטע פערזענלעכקייטן פון דער סירישער מדינה־אַנפירונג, ביז דעם סירישן פּרעזידענט, גענעראַל כאַפעז, בכבודו ובעצמו — האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס ישראל־בירגער!

מיט אויסערגעוויינלעכער גבורה האָט כהן אויסגעהאַלטן די שוידער־לעכע פּייניקונגען אין דער תפיסה אין דמשק, אין משך פון דער גאַנצער

תקופה פון זיין אַרעסט, זייענדיק אין גאַנצן אָפּגעריסן פון דער דרויסנ־דיקער וועלט.

מיט שוידערלעכער אַכזריות האָבן די סיריער געפּרוּווט צעברעכן זיין גייסט און זיין קערפּער. אלי כהן איז אָבער געווען פון יענע מענטשן, וועלכע זענען גרייט מקריב צו זיין אַלץ פאַר זייער פאָטערלאַנד. פון הינטער די קראַטן, אין משך פון די לעצטע פיר הדשים, האָט ער אָנגע־וואָרפן אויף דער אָנפירונג פון דער סירישער מאַכט אַ פּחד און אַ שוידער, ווי ער וואָלט געווען פריי, אָן קייטן אויף די הענט.

זיי האָבן געפּאָדערט זיין קאָפּ, כדי בייצוקומען זייער פּחד און אומ־צוטרוי, וואָס ער האָט פאַרזייט צווישן זיי. זיי האָבן אים נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן, זיי האָבן אים אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט. זיי האָבן פאַרשטאָפּט זייערע אויערן פון די בקשות און וואָרענונגען, וואָס האָבן געשטראָמט צו זיי פון דער גאַנצער וועלט, אַז ס'זאָל נישט אויסגעפירט ווערן דער טויטאורטייל. און אַז מען זאָל אים דערלויבן זיך צו פאַרטיידיקן. אין מיטן נאַכט און אין גרויס בהלה האָבן זיי זיך געאיילט צו מעלדן וועגן זיין תליה, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז די דאָזיקע געלעגנהייט וועט זיי אַנטלויפן.

די תליה־עקזעקוציע איבער אלי כהן איז אויסגעפירט געוואָרן טראָץ די ווענדונגען פון פּויפּסט, פון פראַנצויזישן פּרעזידענט גענעראַל דע גאָל און פון אַ ריי פּערזענלעכקייטן אין דער גאָרער וועלט.

מיט אַ טאָג פריִער האָט זיך צוריקגעקערט קיין פּאַריז דער אַדוואָקאַט מאַרסיע, מיט אַ צוזאָג פון סירישן יוסטיץ־מיניסטער, אַז די אויספירונג פון גזר־דין וועט אָפּגעהאַלטן ווערן ביז דער אַדוואָקאַט אַריגי וועט זיך טרעפן מיטן הויפּט פון רעוואָלוציאָנערן ראַט, גענעראַל אַמין אַל־כאַפעז. מיט עטלעכע שעה שפּעטער, נאָך דעם ווי ער האָט געלאַנדט אין פּאַריז, האָט מאַרסיע באַקומען אַ טעלעגראַפישע מעלדונג, אַז דער גזר־דין איז אויסגעפירט געוואָרן היינט פאַר טאָג.

דער געראַנגל צו ראַטעווען כהנס לעבן איז געפירט געוואָרן ענערגיש און אומאויפהערלעך, זינט ער איז אַרעסטירט געוואָרן אָנהייב פעברואַר. נאָך דעם ווי ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, האָט ישראל פאָרגעלייגט אויסצוטוישן אלי כהן אויף דריי סירישע שפּיאָנען, וועלכע זיצן פאַר־שפּאַרט אין ישראל.

אין אַלע װענדונגען צו סיריע איז אונטערגעשטראָכן געװאָרן, אַז ביז איצט זענען געמשפּט געװאָרן אין ישראל פּיל צענדליקער שפּיאָנען לטובת די אַראַבישע מדינות און קיין איינער פון זיי איז נישט אומגעבראַכט געװאָרן. פאַרשידענע פּערזענלעכקייטן פון דער גזעלשאַפטלעכער, פּאָליטישער און יורידישער װעלט, זענען אַליין אַרויסגעפּאָרן קיין דמשק מיט דער שטרעבונג צו טרעפן זיך מיט די פירער פון דער דאָרטיקער מאַכט — מען האָט זיי אָבער נישט געװאָלט אויפנעמען און אַלע ביטעס זענען צוריקגעקערט געװאָרן.

װי מ׳גיט איבער, האָט זיך אין דעם ענין אַריינגעמישט דער פּויפּסט, און איינער פון זיינע הויכע געהילפן האָט געבעטן אין זיין נאָמען רחמים פאַר אלי כהן. נאָך דעם װי אויך פריִער, גלייך װי זיין משפּט איז דערעפנט געװאָרן, איז געװען אַ דרינגענדיקע אַריינמישונג לטובת אים מצד דעם װאַטיקאַן. אָבער די סירישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אַפילו נישט געענטפערט אויף די װענדונגען פון װאַטיקאַן.

מיט דרינגענדיקע ביטעס פאַר באַגנעדיקונג האָבן זיך אויך געװענדט דער באַרימטער ענגלישער פילאָזאָף בערטראַנד ראַסל און 22 דעפּוטאַטן פון ענגלישן פּאַרלאַמענט.

דער געראַנגל צו ראַטעװען כהנס לעבן איז געפירט געװאָרן דורך דריי קאַנאַלן:

א) אינעם הומאַניטאַרן שטח — זענען אַקטיװיזירט געװאָרן פּערזענלעכקייטן װי דער פּויפּסט, דער פראַנצויזישער פּרעזידענט, געװעזענע פראַנצויזישע רעגירונג־שעפן און צװישן זיי עדגאַר פאָר, דער געװ. בעלגישער רעגירונגס־שעף קאַמיל הויסמאַנס און פיל אַנדערע.

ב) אינעם יורידישן שטח — זיינע צװיי פאַרטיידיקער פון פראַנקרייך האָבן געמאַכט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אָנװעזנדיק צו זיין בעתן משפּט, נאָך דעם װי די סירישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נאָמינירן אַ פאַרטיידיקער פאַר אלי כהן; די סיריער האָבן אויך אָפּגעװאָרפן די מעגלעכקייט, אַז די אַדװאָקאַטן פון פראַנקרייך זאָלן זיין בלויז אָבסערװאַטאָרן, אָן רעכט זיך אַריינצומישן אינעם גאַנג פון משפּט. נאָך דעם האָבן די אַדװאָקאַטן געבעטן מ׳זאָל זיי דערלויבן צו טרעפן זיך מיט אלי כהן — און זייער פאַרלאַנג איז נישט באַװיליקט געװאָרן. די אַדװאָקאַטן אַריבי און מערסיע האָבן געבעטן דורכצופירן אַ רעװיזיע אין דעם משפּט — און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

ג) אין פראַקטישן שטח — דורך פאַרלייגן אַ שפּיאָנען־אויסטויש. די סיריער האָבן אָפּגעוואָרפן אויך דעם דאָזיקן פאָרשלאָג.

איצט, ווען די עקזעקוציע איבער אלי כהן איז שוין דורכגעפירט געוואָרן, איז נאָך נישט קלאָר, וואָסערע ווענלן זיין די ווייטערדיקע פאַזעס אין די אָנשטרענגונגען צו באַקומען דעם קערפּער. נאָך דעם ווי אלי כהן האָט געוויילט אין דמשק אַלס אַרגענטינער בירגער — האָבן זיך לטובת אים אַריינגעמישט, אין אַ געוויסער מאָס, די אָנפירער פון די סירישע, לבנונישע און אַראַבישע אימיגראַנטן־אָרגאַניזאַציעס אין בוענאָס־איירעס.

אלי כהן האָט איבערגעלאָזן אַ פרוי און דריי טעכטער. זיין פרוי, נאַדיאַ, האָט זיך באַמיט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן און צו זען איר מאַן אין דער תפיסה, אָבער די סירישע אַמבאַסאַדע אין פּאַריז האָט אָפּגעוואָרפן איר ביטע.

28.5.65

## כ״ז ניסן — אין טאָג פון אומקום און גבורה

דאָס פאָלק אין ישראל האָט אָפּגעצייכנט דעם טאָג פון חורבן און גבורה — כ״ז ניסן — צום 23סטן יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ — מיט צענדליקער איינדרוקספולע אָנדענק־אַקאַדעמיעס, פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, תפילות און מאַניפעסטאַציעס, אין די גרויסע שטעט, קאָלאָניעס און קיבוצים, און אַפילו אין די קלענסטע ישובים אין גאַנצן לאַנד. אין די דאָזיקע אָנדענק־אַקאַדעמיעס האָבן זיך באַטייליקט פיל טויזנטער, פון אַלע עדהס, פון אַלע קרייזן און שיכטן. שבת צו נאַכטס און אויך זונטיק זענען אומעטום געשלאָסן געוואָרן די טעאַטערס, די קינאָס, די קאַפעהייזער און רעסטאָראַנען, ווי אויך אַלע אַנדערע פאַרוויילונג־פּלעצער. אַ פינצטערניש האָט געהערשט אין די הויפּטגאַסן פון די גרויסע שטעט. פון די פענצטער פון פיל וווינונגען האָבן אַרויסגעשיינט די זכרון־ליכט.

די אָפיצעלע פייערלעכקייטן זענען דערעפנט געוואָרן מיטן אָנצינדן די אָנדענק־ליכט אין „מרתף־השואה״ אין ירושלים און די צענטראַלע

אַנדענק־אַקאַדעמיע אין דער הויפּטשטאָט איז פֿאָרגעקומען אין „היכל שלמה״. ס׳זענען דאָרט אָנגעצונדן געוואָרן זעקס ליכט צום אָנדענק פֿון די זעקס מיליאָן יידן, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין די שווידערלעכע יאָרן פֿון אומקום. אויף דער בינע זענען אויפֿגעשטעלט געוואָרן די פּענער פֿון די פּאַרטיליקטע קהילות אין אייראָפּע.

הרב הראשי א. אונטערמאַן און דער רעליגיע־מיניסטער ד״ר ז. וואַר־האַפּטיק זענען געווען די הויפּט־רעדנער בעת דער אַקאַדעמיע און אין זייערע ווערטער האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויפֿן חוב פֿון דור צו גע־דענקען זיינע אומגעבראַכטע ברידער. הרב אונטערמאַן האָט געזאָגט: פּונקט ווי ס׳איז נישט קיין ביישפּיל פֿאַרן אומקום, איז אויך נישטאָ קיין ביישפּיל פֿאַר דער גבורה וואָס אונדזערע ברידער האָבן אַרויסגעוויזן אין אייראָפּע. די גיבורים פֿון וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד האָבן רעוואָלטירט כמעט אָן געווער אין האַנט, וויסנדיק, אַז זיי האָבן נישט קיין אויסזיכט צו זיגן.

דער רעליגיע־מיניסטער ד״ר זרח וואַרהאַפּטיק האָט געבראַכט דאָס וואָרט פֿון דער ישראל־רעגירונג. דער חורבן פֿון אייראָפּעיִשן יידנטום — האָט ער געזאָגט — האָט נישט געקאָנט זיין אַזוי גרויס ווען נישט די אַקטי־ווע סימפּאַטיע פֿון די דייטשן, ווען נישט די פּאַסיווע סימפּאַטיע פֿון אַנדערע פֿעלקער, און ווען נישט די עבירה פֿון די מדינה־פֿירער אויפֿן הייליקן פֿאַרזאָג: „לא תעמוד על דם רעך״. ער האָט דערמאָנט, אַז ווען ס׳האָבן אויסגעבראָכן מרידות אין אושוויץ און טרעבלינקע און הונדערטער אַסירים זענען אַנטלאָפֿן אין די וועלדער, האָבן די איינוווינער פֿון דער סביבה געהאָלפֿן זיי כאַפּן און צוריקגעבן אין די הענט פֿון די דייטשן. די איינ־דרוקפֿולע טרויער־אַקאַדעמיע אין „היכל שלמה״ האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ תפילה און מיט אַ „קדיש״ בציבור.

אין זעלבן אָוונט זענען אין תל־אביב פֿאָרגעקומען צוויי צענטראַלע אַקאַדעמיעס אין „היכל התרבות״ — איינע פֿאַר יידיש־רעדנדיקע מיט דער באַטייליקונג פֿון א. סוצקעווער, י. בורשטיין, ד״ר בערל פֿרימער, י. זרובבל און פּסח בורשטיין. מיט פּאַסיקע רעציטאַציעס איז אויפֿגעטראָטן דער שוי־שפּילער יוסף בולאָוו. אין דער צווייטער, העברעיִשער אַקאַדעמיע, האָבן זיך באַטייליקט, דער מיניסטער פֿאַר טוריסטיק ה׳ משה קול, דער וויצע־בירגערמייסטער פֿון תל־אביב, י. חלד, הרב ידידיה פֿרענקעל, און מ. קאַ־האַנאָוויטש פֿון פֿאַרבאַנד פֿון די געטאָ־קעמפֿער.

די צענטראַלע אַקאַדעמיע אין חיפה איז פאָרגעקומען אין שטאָטישן טעאַטער מיט דער באַטייליקונג פונעם מיניסטער פאַר סאָציאַלער הילף, ד״ר יוסף בורג.

די רוישיקע דיזנגאָף־גאַס אין תל־אביב, וואָס טונקט זיך שטענדיק אין אַ ים פון ליכט, איז דעם שבת צו נאַכטס געווען פינצטער און איינגע־הילט אין טרויער. אַ שווייגנדיקע דעמאָנסטראַציע פון פּראָטעסט און צאָרן קעגן דער באַנייונג פון נאַצישן גייסט אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, האָט מאַרשירט לענגאויס דער דאָזיקער גאַס. אין דער דעמאָנסטראַציע, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך פאַרשידענע פאַרבאַנדן פון דער שארית־הפליטה און געוועזענע אַנטי־נאַצי־קעמפער.

די דעמאָנסטראַנטן האָבן געטראָגן צענדליקער טראַנספּאַראַנטן מיט די אויפשריפטן: „ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער דייטשלאַנד״, „ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער עסטרייך״, „ס׳איז נישטאָ קיין אָרט אויף אונדזער ערד פאַרן ווערמאַכט־אָפיציר פאַולוס״. „אוישוויץ״, „דאַכאַו״ און די נעמען פון אַלע אַנדערע טויט־לאַגערן האָבן אַראָפּגעשיינט פון די טראַנספּאַראַנטן און זיי האָבן אויסגעשריגן דאָס געשריי פון די פאַרפייניקטע ברידער און שוועס־טער, די פאַרפייניקטע און פאַרגאַזטע.

צו מאָרגנס — כ״ז ניסן, 8 פרי, האָבן זיך צעפייפט די סירענעס אין גאַנצן לאַנד, אין משך פון צוויי מינוט. דאָס גאַנצע לעבן אומעטום האָט זיך אָפּגעשטעלט, און דאָס פאָלק אין ישראל האָט זיך מתייחד געווען מיטן אָנדענק פון זיינע אומגעקומענע שוועסטער און ברידער. אין משך פון טאָג זענען פאָרגעקומען ספּעציעלע תפילות אין די שולן און אָנדענק־אַקאַדעמיעס.

„אונדזער חשבון מיט די דייטשן איז נישט פאַרענדיקט געוואָרן און וועט קיין מאָל נישט פאַרענדיקט ווערן, ווייל זיי האָבן נישט נאָר פאַר־ברענט און דערמאָרדעט זעקס מיליאָן, נאָר פאַרברענט און דערמאָרדעט אויך די קומענדיקע דורות״ — האָט געזאָגט פרוי גאָלדע מאיר בעת דעם אַזכרה־אַקט, וואָס איז פאָרגעקומען נעבן דער טרעבלינקע־מצבה אויפן בית־הקברות אין נחלת־יצחק, אין תל־אביב.

פרוי גאָלדע מאיר האָט אָנגעוויזן, אַז טראָץ אַלעמען געהערט אונדז דער נצחון. היטלער האָט געוואָלט, אַז עס זאָל נישט בלייבן קיין זכר און קיין סימן פון די יידן, זייער גייסט, אָבער די נאַציס האָבן נישט איינגעבראָכן דעם גייסט פון די יידן, וועלכע זענען, ווייניקע, אויפגעשטאַנען קעגן אַ סך.

די אמונה אין די הערצער פון די יידן האָבן די מערדער נישט געקאָנט
אַרויסרייסן, און סימבאָליש איז דער פאַקט, וואָס די מצבה צום זכר פון
טרעבלינקע געפינט זיך אויפן בית־הקברות נעבן די קברים פון די העלדן
וואָס זענען געפאַלן אין באַפרייונגס־קריג. פרוי גאָלדע מאיר האָט ווייטער
אָנגעוויזן, אַז מען דאַרף נישט אויפהערן צו דערציילן אונדזערע קינדער
דאָס געשעענע און אויך אויסוואָרצלען דעם אויפטרייסלענדיקן ליגן, אַז
די יידן זענען געגאַנגען צום טויט אָן ווידערשטאַנד. מיר מוזן דאָס טאָן,
זיי צוגרייטן צו דעם, אויב עס וועט זיין נייטיק, אַז זיי זאָלן זיך קענען
קעגנשטעלן אַ צאָלרייכן שונא.
מיט רעדעס זענען אויך אַרויסגעטראָטן אינזשעניר אַ. רייס, דער פאָר־
זיצער פון „התאחדות עולי פולין" און הרב ידידיה פרענקעל.

די אָפיציעלע נעילה־אַקאַדעמיע פון „יום הזכרון לשואה ולגבורה"
איז פאָרגעקומען פאַר נאַכט אין „יד ושם", אויפן „הר הזכרון" אין ירושלים,
מיט דער באַטייליקונג פון נשיא המדינה, זלמן שזר, מיניסטאָרן, דער
פאָרזיצער און די ריכטער פון העכסטן געריכט, דער פרעזידענט פון דער
ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, די מיטגלידער פון דיפּלאָמאַטן־קאָרפּוס,
אויסער דעם דייטשן אַמבאַסאַדאָר, וועלכער איז נישט איינגעלאַדן גע־
וואָרן — אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן פונעם ציבור, פירער פון אינסטי־
טוציעס, אַרויסגעראַטעוועטע פון אומקום און אַ גרויסער עולם איינוווינער
פון ירושלים און סביבה.
מיט רעדעס זענען אויך אַרויסגעטראָטן אינזשעניר רייס, דער פאָר־
מיטגליד פון „יד ושם", ה' יצחק זאַנדמאַן, פאָרזיצער פון פאַרבאַנד פון
די אינוואַלידן אין קאַמף קעגן די נאַציס און ד"ר אַדעלאַיִדאַ האבעל פון די
„חסידי אומות העולם", פון פראַנצויזישן אונטערגרונט, וועלכע האָט בעת
דער נאַצי־אָקופּאַציע געראַטעוועט אַ סך יידן.
די צענטראַלע רעדע האָט געהאַלטן דער אויסערן־מיניסטער אבא אבן,
וועלכער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די חרפה פאַלט אויף דער גאַנצער
מענטשהייט און די גאַנצע פעלקער־משפחה איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן
אומקום פון די זעקס מיליאָן יידן.
די פאָרשטייער פון די פּאַרטיזאַנער, געטאָ־קעמפער, געוועזענע קאַ־
צעטלער א"אַ האָבן אָוועקגעשטעלט פּראָטעסט־פּיקעטן נעבן הר הרצל מיט
טראַנספּאַראַנטן קעגן באַציִונגען מיט דייטשלאַנד און קעגן די דייטשע

דיפלאָמאַטן אין ישראל. די פּיקעטן האָבן פאַרלאָזן דאָס אָרט מיטן אָנהייב פון דער צענטראַלער נעילה־אַקאַדעמיע.

אַן אַקאַדעמיע איז אין די נאָכמיטאָג־שעהען אויך פאָרגעקומען אין „יער הקדושים" אין די בערג פון ירושלים. אויך אויפן „הר־ציון" איז פאָרגעקומען אַן אַקאַדעמיע צום זכר פון די חרוב־געוואָרענע קהילות.

העכער 20 טויזנט פּערזאָן זענען זיך צונויפגעקומען אין אָוונט אין קיבוץ לוחמי־הגיטאות צו דער אָנדענק־אַקאַדעמיע, געווידמעט דעם 23סטן יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. ביים לייענען „יזכור" איז דער גרויסער עולם אויפגעשטאַנען פון די ערטער און אַן אָפּטיילונג פון צה"ל־זעלנער האָט אָפּגעגעבן דריי סאַלוועס צום זכר פון די קרבנות. אויף דער ערן־טריבונע זענען צוו"אַ געזעסן דער כנסת־פאָרזיצער ה׳ קדיש לוז און אַ פאָרשטייער פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין ישראל.

אין קיבוץ יד־מרדכי איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־אַקאַדעמיע נעבן דענקמאָל פון קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, מרדכי אניי־לעוויטש. נאָך די רעדעס האָבן די פאָרשטייער פון אַלע סניפים פון „השומר הצעיר" אַוועקגעלייגט בלומען־קרענץ נעבן דענקמאָל.

10.5.66

## חנוכת הבית פונעם שלום־עליכם־הויז אין תל־אביב

אין טאָג ווען ס׳איז אָפּגעצייכנט געוואָרן דער 50סטער יאָרצייט זינט שלום־עליכמס טויט, איז אין תל־אביב, אין דער אָנוועזנהייט פון נשיא המדינה, זלמן שזר, ביי אַ זייער פייערלעכן צערעמאָניאַל, פאָרגעקומען דער חנוכת הבית פון „שלום־עליכם־הויז".

אין דאָזיקן צערעמאָניאַל האָבן זיך אויך באַטייליקט דער מיניסטער פאַר חינוך און קולטור, זלמן ארן, דער בירגערמייסטער פון תל־אביב, מרדכי נמיר, שלום־עליכמס משפּחה־מיטגלידער — זיין טאָכטער מרים גאָלדבערג, זיין איידעם בן־ציון גאָלדבערג, דער מיטרעדאַקטאָר פון ניו־יאָרקער „טאָג מאָרגן־זשורנאַל", זיין אייניקל — די באַקאַנטע אַמעריקאַנער שריפט־

שטעלערין, בעל קויפמאַן, די אַלמנה פון חיים נחמן ביאַליק, שרייבער, קינסטלער, הויכגעשטעלטע פּאַרטרעטער פון דער געזעלשאַפט אין ישראל און אַ גרויסער עולם פון איינגעלאַדענע געסט, צווישן זיי — פון די פּאַראייניקטע שטאַטן און פון קאַנאַדע, וואָס האָבן געשפּענדעט די מיטלען אויפצושטעלן דאָס הויז.

דעם צערעמאָניאַל האָט דערעפנט דער פּאָרזיצער פונעם קאָמיטעט „למען בית שלום־עליכם", דער נשיא פון ירושלימער אוניווערסיטעט, אליהו אילת, וועלכער האָט אין אָנהייב פון זיינע ווערטער אַרויסגעבראַכט דעם אָנדענק פון דעם אַרכיטעקט אורי כהנא, וואָס האָט פּלאַנירט דאָס הויז און וואָס האָט נישט זוכה געווען צו זען דאָס אויסגעענדיקט. ער האָט אויך אויסגעדריקט זיין מיטבאַטייליקונג אינעם צער פון דער אַלמנה, — תמרה כהנא, שלום־עליכמס אַן אייניקל. א. אילת האָט געדאַנקט די אַלע, וואָס האָבן צוגעלייגט אַ האַנט און האָבן געהאָלפן אויפבויען דאָס הויז און בראש פון זיי — דעם נשיא המדינה, דעם בירגערמייסטער פון תל־אביב, דער שלום־עליכם־משפחה און די פּאַרטרעטער פון דעם העברעיִשן שרייבער־פּאַראיין אין ישראל. ער האָט אויך געדאַנקט די איניציאַטאָרן פון דעם „בית שלום־עליכם"־געדאַנק אין לאַנד און אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פּאַר זייער ענערגישער אַרבעט פּאַרן אויפשטעלן דאָס הויז, און גאַנץ באַזונדערס ישעיהו רודמאַן, דעם אַמעריקאַנער פּאָרזיצער פונעם קאָמיטעט „למען בית שלום־עליכם" און ישראל סטאָלאַרסקי. ער האָט באַצייכנט, אַז דער רוף פון שלום־עליכמס איידעם, דעם באַרימטן העברעיִשן שרייבער, י. ד. בערקאָוויטש, וואָס איז פּאַקטיש געווען דער הויפּט־איניציאַטאָר פונעם געדאַנק, האָט צום ערשטן דערוועקט די פּאַרערער פון שלום־עליכם, צו אָרגאַניזירן זיך און צו פּאַרווירקלעכן דעם פּלאַן פון אויפשטעלן דאָס הויז אין ישראל.

א. אילת האָט צוגעגעבן און געזאָגט, אַז דער דאָזיקער טאָג פון חנוכת „בית שלום־עליכם" איז אַ גרויסער יום־טוב פּאַרן גאַנצן יידישן פּאָלק, און וועלכן מיר צאָלן אָפּ אַ חוב פּאַר איינעם פון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן אין דער וועלט־ליטעראַטור, פּאַר איינעם פון די דערהויבנסטע יידן אין אונדזער דור און פּאַר איינעם פון די באַגאַבטסטע שרייבער ביי יידן אין אַלע דורות. ס'איז נישטאָ קיין ספק, אַז יעדער פּאָרשער און היסטאָריקער פון אונדזער תקופה און פונעם לעבן פון יידישן פּאָלק אין לעצטן דור אין גלות, וועט מוזן אָנקומען צו שלום־עליכמס שריפטן, וואָס שטעלן פּאַר

מיט זיך אַ געטרייען און טיפֿן מקור פֿאַרן שלל דערשיינונגען און געדאַנ־קען־גאַנג אינעם יידנטום אין די לעצטע דורות".

מ. נמיר לייענט פֿאַר אַ בריוו פֿון שלום־עליכמען צו אַ טעאַטער־אַנסאַמבל אין יפו. — דער בירגערמייסטער פֿון תל־אביב האָט באַצייכנט, אַז דער דאַזיקער טאָג פֿון חנוכּת „בית שלום־עליכם", וועט פֿאַרשריבן ווערן ווי איינע פֿון די סאַמע וויכטיקסטע דאַטעס אין דער געשיכטע פֿון תל־אביב. ער האָט דערמאָנט, אַז מיט 56 יאָר צוריק, אין מאַי 1909, האָט אַן אַנסאַמבל פֿון „ליבהאָבער פֿון דער העברעיִשער בינע" אין יפו, געשטעלט מיט גרויס הצלחה שלום־עליכמס פּיעסע „צעזייט און צעשפּרייט", לטובת די פּרעבל־שולן אין שטאָט, און אַז דאָס איז געווען אַ פּריידיקער סורפּריז פֿאַרן קראַנקן שרייבער, וואָס האָט דאַן געוויילט אין דער שווייץ. שלום־עליכם האָט געשיקט אַ באַגריסונגס־בריוו, געשריבן אין העברעיִש, צו דעם ליבהאָבער־אַנסאַמבל, ווו עס ווערט געזאָגט צווישן אַנדערן: „מיט גרויס צופֿרידנקייט און מיט פֿרייד האָב איך געלייענט אייער בריוו וועגן דער פֿאָרשטעלונג פֿון מיין פּיעסע „צעזייט און צעשפּרייט", אין יפו. דאָס איז געווען פֿאַר מיר אַ טאָפּלטע שמחה, וואָס מיין פּיעסע איז געשטעלט געוואָרן דורך אייך אין העברעיִש, אונדזער אויפֿלעבונגס־שפּראַך. ווייל איז צו די אויגן, וואָס האָבן דאָס געזען און ווויל איז צו די אויערן, וואָס האָבן דאָס געהערט. און איך, איינער פֿון די גלות־יידן, פֿונעם צעזייטן און צע־שפּרייטן פֿאָלק, זינט לאַנג איז מיין האָפֿענונג צו קומען אין אייערע פֿעלע־צער און מיט די אייגענע אויגן צו זען די אַלע נסים. וואָס ווערן געמאַכט אינעם לאַנד פֿון אונדזערע אָבות אין די דאָזיקע טעג ובזמן הזה, צו הערן מיט מיינע אויערן דעם קלאַנג פֿון לעבעדיקן העברעיִש אויף דער ישראל־בינע און אויף די בערג פֿון יהודה. הלוואי זאָל איך זוכה זיין צו זען מיינע „צעזייטע און צעשפּרייטע" קומען זיך צוזאַמען אויף אַ העברעיִשער בינע אין ארץ־ישראל, און דאָס וועט זיין פֿאַר מיר אַ מין „קיבוץ גלויות" בזעיר אַנפּין ואתם שלום וכל אשר לכם שלום".

דער דערמאָנטער ליבהאָבער־אַנסאַמבל האָט נאָך דעם געשטעלט נאָך עטלעכע שלום־עליכמס פּיעסן. און פֿאַקטיש זענען זיי געווען פֿון די ערשטע שפּראָצונגען פֿונעם העברעיִשן טעאַטער אין לאַנד.

דער פֿאָרזיצער פֿון אַמעריקאַנער קאָמיטעט „למען בית שלום־עליכם", האָט געבראַכט די ברכה פֿון קאָמיטעט. דער העברעיִשער שרייבער, חיים הזז, האָט אין זיינע ווערטער באַצייכנט, אַז שלום־עליכם „איז געווען נישט

בלויז איינער פון פאָלק, נאָר אַז ער האָט פאַרקערפּערט אין זיך דאָס גאַנצע פאָלק". ס'האָבן אויך באַגריסט אין נאָמען פון העברעיִשן שרייבער־פאַראיין, יוסף אריכא, אין נאָמען פון יידישן שרייבער־פאַראיין, מ. גראָס־צימערמאַן, און אין נאָמען פון דער הסתדרות און „מגבית ההסתדרות" אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, יהושע לוי. די פאַרדינסטפולע הבימה־שוישפּילע־רין, חנה ראָווינאַ, האָט אין העברעיִש פאָרגעלייענט אויסצוגן פון שלום־עליכמס „די ערשטע ליבע".

דער הויכפּונקט אין דעם איינדרוקספולן צערעמאָניאַל איז, אָן שום ספק, געווען דאָס וואָרט פון שלום־עליכמס איידעם און איבערזעצער פון זיינע ווערק אויף העברעיִש — פון שרייבער י. ד. בערקאָוויטש. ער האָט געשיקט אַ דאַנק פאַר די אַלע, וואָס האָבן זיך מטריח געווען צוזאַמען מיט אים ביים אויפשטעלן דעם „בית שלום־עליכם", און בראש פון זיי אַלע־מען — דער נשיא המדינה „דער אויסגעשפּראָכן הויך־באַגאַבטער שריי־בער, פּאַטער און פּאַטראָן פון די ישראל־שרייבער, צי זיי שרייבן העב־רעיִש, צי זיי שרייבן יידיש", און אויך פאַרן חינוך־ און קולטור־מיניסטער, ז. ארן. צום שלוס פון זיינע ווערטער האָט ער פאָרגעלייענט אין יידיש אַן אויסצוג פון שלום־עליכמס „דער מושב־זקנים אין קאַסרילעווקע".

ביים שלוס פון דער איינדרוקספולן צערעמאָניאַל האָט שלום־עליכמס אייניקל, בעל קויפמאַן, אַנטהילט דעם צודעק איבערן שילד פון הויז. שלום־עליכמס טאָכטער, מרים גאָלדבערג, האָט איבערגעשניטן די לענטע ביים אַריינגאַנג אין הויז.

דער פּרעזידענט זלמן שזר האָט געהאַלטן אַ גרויסע רעדע, פול מיט פּאַטאָס, וועגן שלום־עליכמען, וועמענס שאַפונג ס'איז דער טייערסטער אוצר פון גאַנצן יידישן פאָלק. ער האָט אָנגערופן שלום־עליכמען מיטן נאָמען „חכם האמנות" — דער קונסט־חכם. — דערביי האָט ער איבערגע־שיקט די האַרציקסטע ברכות פאַר זיינע אַלע פאַרערער, סיי פאַר די, וואָס לייענען זיינע ווערק פון סאַמע ערשטן קוואַל אין יידיש, און סיי אין 70 אַנדערע שפּראַכן. אַלס ערן־פּרעזידענט פון דער געזעלשאַפט „למען בית שלום־עליכם", האָט דער פּרעזידענט פון מדינת ישראל פייערלעך פּראָ־קלאַמירט דעם היינטיקן „יובל־יאָר", ווי דאָס „יאָר פון שלום־עליכם". ער האָט זיך געווענדט מיט אַ רוף צו די קולטור־טוער אין דער מדינה און אין די תפוצות, צו ברענגען שלום־עליכמס שאַפונגען פאַר די ברייטסטע מאַסן פון פאָלק. ער האָט גערופן די דראַמאַטורגן צו דראַמאַטיזירן זיינע שאַפונ־

גען, די שוישפילער צו שפילן די ראָלן פון זיינע העלדן, די פאָרשער — אים צו לערנען, די פאָרשער — צו פאָרשן, די ביבליאָטעקאַרן — פאָרצו־לייגן זיינע ביכער פאַר קינדער און דערוואַקסענע גלייכצייטיק. דער נשיא האָט אויך געלויבט דעם שרייבער י. ד. בערקאָוויטש, „וואָס האָט אונדז געגעבן דעם העברעיִשן שלום־עליכם", און ער האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „וישא הבית, זאָל דאָס הויז טראָגן מיט ברכות און גרוסן פון פריינדשאַפט, חברשאַפט און פאָלקסליבע — וישא שלום־עליכם".

פאַרמיטאָג, איידער ס'איז פאָרגעקומען דער צערעמאָניאַל פון חנוכת הבית פון „בית שלום־עליכם", איז אין בית סוקולוב פאָרגעקומען אַ פרעס־סע־קאָנפערענץ, בעת וועלכער דער פאָרזיצער פון ישראל־קאָמיטעט פאַרן „שלום־עליכם־הויז", אליהו אילת, דער נשיא פון העברעיִשן אוניווערסי־טעט אין ירושלים, האָט איבערגעגעבן אינטערעסאַנטע פרטים וועגן די צילן און אויפגאַבן פון הויז. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס הויז וועט זיין „אַ יד לשלום־עליכם" (ס'הייסט, אַ האַנט צו שלום־עליכם און אויך אַ מאָנומענט), אין וועלכן ס'וועט קאָנצענטרירט ווערן יעדער מאַטעריאַל וועגן שלום־עליכמען, וואָס געפינט זיך אין לאַנד און אין יעדן אַנדערן פלאַץ, ווו מ'קאָן אים באַקומען. אויב מ'קאָן נישט ברענגען אַהער דעם אָריגינאַל, וועלן צוגעגרייט ווערן קאָפּיעס, וואָס וועלן אָפּגעהיט ווערן אין הויז צום אָנדענק. אַלץ, וואָס דאָס הויז וועט אַנטהאַלטן, וועט געשטעלט ווערן צו דער דיס־פּאָזיציע פון מענטשן, וואָס וועלן פאָרשן שלום־עליכמס שאַפונגען און זיין תקופה פונעם ליטעראַרישן, געזעלשאַפטלעכן, שפראַכלעכן און היסטאָרישן שטאַנדפונקט. דער קאָמיטעט וועט אויפמונטערן דעם באַוווסטזיין פון ברייטן ציבור און פון די שולן צו לערנען שלום־עליכמס שאַפונגען. ער וועט אויך העלפן פאַרשפרייטן זיינע שריפטן אין די טעאַטערס, וואָס וועלן שטעלן זיינע פּיעסן.

וואָס שייך דער צוקונפט, האָט ער געזאָגט, איז אָנגענומען אַז דאָס „שלום־עליכם־הויז" וועט העלפן אַריבערוואַרפן אַ בריק צווישן דעם גלות און צווישן מדינת ישראל, און דאָס הויפט־געוויכט וועט געלייגט ווערן אויף דער יוגנט. לויט א. אילתס מיינונג, דאַרף דער ציבור אין ישראל זיך איינשפאַנען און מיטהעלפן צו דער פולער אויסענדיקונג פונעם הויז, און נישט פאַרלאָזן זיך בלויז אויף די פריינד פון שלום־עליכמען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז זיי אַליין זאָלן די מלאכה פאַרענדיקן. „דער ישׂראלדיקער ציבור איז מחויב צו געבן זיין האַנט פאַר דער אַנטוויקלונג

פון הויז, פאַר אַ ברייט פאַרצווייגטער אַקטיוויטעט אין אים און צו זיין פאַרגרעסערונג" — האָט געזאָגט א. אילת.

פסח ליטר (ליטוואַק), דער פאָרזיצער פונעם בוי־קאָמיטעט, האָט גע־זאָגט, אַז ביז איצט זענען אינוועסטירט געוואָרן אינעם בוי פון הויז 420.000 פונט. דאָס געלט איז געשאַפן געוואָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע פון צוויי קוועלן: „מגבית בית ההסתדרות", וואָס האָט גע־שטעלט צו דער זאַמלונג איר אַפּאַראַט און אירע עסקנים און „די פריינד פון שלום־עליכם־הויז", וואָס האָבן געשאַפן נאָך צוגאָב־סומעס. ביי דער פולער אויסענדיקונג פונעם בנין וועט ער אָפּקאָסטן אַרום 700.000 פונט — אַריינגערעכנט די אויסמעבלירונג, לופטקילונג און די ספּעציעלע ביכער־שענק פאַרן אַרכיוו. איצט פּלאַנירט מען אויפצושטעלן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ פאָנד, וואָס וועט דאַרפן פינאַנסירן די אויסהאַלטונג פונעם הויז. ביז צו דער פולשטענדיקער אויסענדיקונג פונעם הויז וועט נאָך דויערן אַ דריי חדשים. דאָס האָט אָבער נישט אויסגעמיטן זיין פייערלעכע דערע־פענונג, ווייל ס'איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן דעם אַקט פון „חנוכת הבית" אין טאָג ווען ס'איז געוואָרן 50 יאָר פון שלום־עליכמס פּטירה. דעם פּלאַץ פאַרן בנין, 700 קוואַדראַט־מעטער, האָט געגעבן די תל־אביבער מוניציפּאַליטעט. זי האָט זיך אויך מתחייב געווען פינאַנסיעל מיטצוהעלפן ביים אויפבוי פון הויז.

דער סעקרעטאַר פון קאָמיטעט, א. ז. ישי, האָט געזאָגט, אַז אין „שלום־עליכם־יאָר" וועלן אָרגאַניזירט ווערן פאָרטראָגן און רעציטאַציע־אָוונטן אין פאַרשידענע ערטער פון לאַנד. די טעאַטערס וועלן געבן פאָרשטעלונגען פון שלום־עליכמס פּיעסן. אין קומענדיקן לערניאָר אין די שולן וועט איינ־געפירט ווערן דער לימוד פון זיינע שאַפונגען. די פאַרלאַגן וועלן אַרויס־געבן שלום־עליכמס שריפטן צו ביליקע פּרייזן, אגב, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'זענען נאָך פאַראַן שלום־עליכמס שריפטן און בריוו, וואָס זענען נאָך ביז איצט נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער פאָרעם פון ביכער און מ'קאָן מיט זיי אויספילן 20 בענדער. אַ חוץ דעם זענען נאָך פאַראַן שריפטן, וואָס זענען נאָך קיינמאָל נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן און אין דעם יאָר וועלן זיי פאַרעפנטלעכט ווערן.

ווען די אָנוועזנדיקע זשורנאַליסטן זענען געבעטן געוואָרן צו שטעלן פראַגן, האָט דער שרייבער פון די שורות געפרעגט: „וואָס וועט זיין דער פּלאַץ פון דער יידישער ליטעראַטור און פון יידישן שרייבער אין שלום־

עליכם־הויז?" דער פאָרזיצער, אליהו אילת, וואָס איז ווי באַקאַנט אַן ערשטקלאַסיקער דיפּלאָמאַט (ער איז געווען דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן און אין לאָנדאָן), האָט אויף דער דאָזיקער פראַגע געענטפערט גאַנץ „דיפּלאָמאַטיש": „דאָס שלום־עליכם־הויז וועט זיין אָפן פאַר יעדן יידישן שרייבער"...

דער סעקרעטאַר פון זשורנאַליסטן־פאַראיין, משה רון, האָט אָנגעפירט מיט דער פרעסע־קאָנפערענץ, און אין זיין אַריינפיר־וואָרט האָט ער באַגריסט די אָנוועזנדיקע געסט פון אויסלאַנד און צווישן זיי — בן ציון גאָלדבערג, שלום־עליכמס איידעם און מיטרעדאַקטאָר פון „טאָג מאָרגן־זשורנאַל", דעם קאָמפּאָזיטאָר שלום סעקונדאַ, דעם פאָרזיצער פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן שלום־עליכם־הויז, ישעיהו רודמאַן, דעם פאַרטרעטער פון קאָמיטעט אין קאַנאַדע, באָריס קאַפּלאַן, הערמאַן לעהמאַן און אַנדערע. פון „בית סוקולוב" זענען די קאָמיטעט־מיטגלידער און די זשורנאַליסטן אַריבערגעפאָרן אין „בית ליעסין", וווּ ס'איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכער מיטאָג, איינגעאָרדנט דורכן ישראלדיקן קאָמיטעט „למען בית שלום־עליכם", לכבוד זייערע קאָלעגן פון אַמעריקע און קאַנאַדע — און קודם־כל לכבוד דער שלום־עליכם־משפחה.

3.6.1966

## דאָס ה. לייוויק־הויז אין תל־אביב וועט בקרוב זיין אַ פאַקט

מיט אַן ערך 4 חדשים צוריק האָט דער יידישער שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו אויפצובויען אין תל־אביב אַ הויז אויפן נאָמען פון ה. לייוויק. די פאַרוואַלטונג פון פאַראיין האָט אין די „לעצטע נייעס" אין תל־אביב פאַרעפנטלעכט אַ רוף צו די פריינד און פאַרערער פונעם גרויסן יידישן דיכטער, אַז זיי זאָלן אַריינשיקן זייערע באַשטייערונגען. דער דאָזיקער רוף האָט געהאַט אַ גאַנץ באַדייטנדיקן אָפּקלאַנג, און ס'האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די באַשטייערונגען, סיי פון ישראל און סיי פון אויסלאַנד. די נעמען פון די

באַשטייערער און די סומעס וערן יעדן ערב שבת פאַרעפנטלעכט אין די „לעצטע נייעס". ביז היינט זענען שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן 15 רשימות פון באַשטייערונגען פאַרן ה. לייוויק־הויז אין תל־אביב, מיט אַן אַלגע־מיינעם סך־הכל פון 24.739 ישראל־פונט.

אין בוענאָס־איירעס איז שוין טעטיק, מיט אַ באַדייטנדיקן דערפאָלג, אַ ספּעציעלער ה. לייוויק־קאָמיטעט. ענלעכע קאָמיטעטן זענען אָרגאַניזירט געוואָרן, האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט און האָבן שוין אויך איבער־געשיקט געוויסע סומעס — אין פּאַריז און בריסל־אַנטווערפּן. צווישן די באַשטייערער זענען פאַראַן באַקאַנטע יידישע שרייבער אין ישראל און אין אויסלאַנד, קולטור־טוער און סתם יידישע פאָלקס־מענטשן. ס'זענען דעק־לאַרירט געוואָרן גרעסערע סומעס פאַר דעם דאָזיקן וויכטיקן צוועק פון יחידים און קולטור־אינסטיטוציעס, אין ישראל, פאַראייניקטע שטאַטן און אין אַנדערע לענדער.

דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער פאַרשפּרייטער יידישער טאָג־צייטונג אין תל־אביב, „לעצטע נייעס", מ. צאַנין, ברענגט אין זיין צייטונג פאָלגנ־דיקע דערפרייענדיקע בשורה:

פאַר די אַלע, וואָס האָבן זיך באַשטייערט פאַר דעם ה. לייוויק־הויז אין תל־אביב און פאַר די, וואָס האָבן זיך נאָך נישט באַשטייערט, קאָנען מיר אָנזאָגן די בשורה: דאָס לייוויק־הויז אין תל־אביב ווערט אַ פאַקט! היינטיקע וואָך איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער פּרעלימינאַרער אָפּמאַך צו קויפן אַ בכבודיק הויז אין סאַמע האַרץ פון תל־אביב און דאָס הויז צופּאַסן צו די באַדערפעני שן פון אַ קולטור־אינסטיטוציע אויפן נאָמען פון דיכטער ה. לייוויק.

ווען איך זאָג בכבודיק הויז, איז די באַצייכענונג אַ ריכטיקע. און אָט איז די פולע געשיכטע:

יהושע בערטאָנאָוו, דער נעסטאָר פון „הבימה", האָט זיין הויז אויף דער דוב הוז־גאַס, אַנטקעגן דעם איצטיקן לאָקאַל פון פאַראיין פון יידישע שרייבער. די משפחה בערטאָנאָוו, וואָס גרייט זיך אַריבערקלייבן אין אַן אַנדער פּלאַץ, אויסער תל־אביב, האָט שוין לאַנג געוואָלט פאַרקויפן זייער הויז. אָבער דאָס הויז געפינט זיך אויף דעם פּלאַץ, וואָס רופט זיך „שכונת הבימה". דער אייגנטימער האָט דעריבער נישט געוואָלט, אַז דאָס הויז זאָל סתם אַריינפאַלן אין די הענט פון צופעליקע מענטשן. מיט דעם הויז איז פאַרבונדן אַ שטיק געשיכטע פון קונסט אין ישראל. דעריבער, ווען מיר

האָבן אָנגעהויבן צו זאַמלען באַשטייערונגען אויפצובויען אין תל־אביב אַ הויז אויפן נאָמען פון ה. לייוויק, האָט יהושע בערטאָנאָוו, דער טייערער ייד, וואָס פאַרערט דעם נאָמען פון ה. לייוויק, זיך געווענדט צו אונדז די איניציאַטאָרן, מיר זאָלן קויפן זיין הויז. און הגם צופעליקע קאַנדידאַטן צו קויפן דאָס הויז האָבן געוואָלט געבן אַ סך אַ גרעסערע סומע, ווי די וואָס ער לייגט פאָר פאַר די איניציאַטאָרן פון דעם לייוויק־הויז, איז ער גרייט פאַר אַ קלענערער סומע אָפּצוגעבן דאָס הויז פאַר דער קולטור־אינסטיטוציע אויפן נאָמען פון ה. לייוויק. מיר האָבן געזען אין דעם אַ גליקלעכן צופאַל: דאָס הויז פון יהושע בערטאָנאָוו וועט ווערן אַ לעבעדיקער און שעפערישער קולטור־צענטער אויפן נאָמען פון ה. לייוויק אין סאַמע האַרץ פון תל־אביב.

ווי געזאָגט, איז היינטיקע וואָך אונטערגעשריבן געוואָרן דער פרעלימינאַרער אָפּמאַך מיט יהושע בערטאָנאָוו און אויפן חשבון פון דעם הויז איז איינגעצאָלט געוואָרן די ערשטע סומע. נאָך דעם ווי דאָס הויז וועט אין גאַנצן אַריבער אין אונדזער רשות, וועט עס צוגעגרייט ווערן פאַר די באַדערפענישן פון דעם קולטור־צענטער: אויפן דאַך פון הויז וועט געבויט ווערן אַ גרויסער זאַל פאַר פאָרלעזונגען און די צימערן וועלן איינגעאָרדנט ווערן פאַר אַ ביבליאָטעק, לייענזאַל, אויפנאַמזאַל און אַנדערע.

אויף אַזאַ אופן האָבן מיר געמאַכט אַ קפיצת־הדרך: אָנשטאָט צו געפינען אַ געהעריקן פלאַץ, וואָס וואָלט געקאָנט זיין בלויז ווייטער פון דעם שטאָטצענטער, פאַרנעמען זיך מיט פלאַנירן און בויען — באַקומען מיר אַ פאַרטיק הויז, וואָס איז געבויט געוואָרן און אין וועלכן עס האָט צענדליקער יאָרן געוווינט דער האַרציקער יהושע בערטאָנאָוו. מיר וועלן דאָס הויז דאַרפן בלויז צופאַסן צו די באַדערפענישן פון דעם קולטור־צענטער. דערמיט וועלן מיר אויך איינשפּאָרן הונדערטער טויזנטער פונטן און דאָס קולטור־הויז אויפן נאָמען פון ה. לייוויק וועט זיין רעאַליזירט".

פון די אויבנדערמאָנטע פאַקטן ווערט קלאָר, אַז דאָס ה. לייוויק־הויז אין תל־אביב איז נישט קיין צוקונפט מוזיק, נאָר אין דער סטאַדיע פון רעאַליזירט ווערן.

17.6.1966

# וואַד פאַרן סאָוויעטישן יידנטום

דאַנערשטיק האָט זיך אָנגעהויבן אין ישראל די „וואַד פון סאָוויעטישן יידנטום". אין די ראַמען פון דער „וואַד" זענען דורכגעפירט געוואָרן אין אַלע שטעט, דערפער און קיבוצים אין גאַנצן לאַנד פאַרזאַמלונגען און אויפקלערונגס־אַקציעס וועגן דער לאַגע פון סאָוויעטישן יידנטום. אַלע ישראל־צייטונגען (אויסער דעם קאָמוניסטישן „קול העם") האָבן געווידמעט דער „וואַד" לייטאַרטיקלען און אָפּשאַצונגען. די לייטונג פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין ישראל האָט פאַרעפנטלעכט אַ רייכן מאַטעריאַל וועגן סאָוויעטישן יידנטום, דערונטער אויך אַן אויסגאַבע פון עטלעכע הונדערט זייטן, מיט אַ היסטאָרישן מאַטעריאַל, וואָס קלערט אויף דעם הינטערגרונט פון דער אַנטוויקלונג פון דאָזיקן יידנטום.

אין צענטער פון דער „וואַד פאַרן סאָוויעטישן יידנטום" איז געשטאַנען די גרויסע, איינדרוקספולע אַקאַדעמיע אין דעם ריזיקן זאַל פון „היכל התרבות" אין תל־אביב, וואָס איז געווען איבערפולט מיט קרוב צו 3.500 פערזאָן פון אַלע קרייזן און שיכטן.

די אַקאַדעמיע איז דערעפנט געוואָרן דורכן מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און גענעראַל־סעקרעטאַר פון „האיחוד העולמי", יצחק קאָרן, וועלכער האָט געפאָדערט צו באַשענקען די יידישע קולטור און רעליגיע די זעלבע רעכט פון וועלכע ס'געניסן די 108 נאַציאָנאַליטעטן, וואָס לעבן אין אַלע ברייטקייטן פונעם ראַטן־פאַרבאַנד.

„מיר וועלן נישט שווייגן און נישט רוען, און נישט פאַרגעסן די יידן פון ראַטן־פאַרבאַנד, און איך בין זיכער, אַז ס'איז נאָענט דער טאָג, ווען צוזאַמען מיט זיי וועלן מיר בויען די מדינה, צו וועלכער זיי שטרעבן זיך אָנצושליסן" — האָט געזאָגט די מפא"י־סעקרעטאַרין, מיטגלידערין פון דער כנסת, פרוי גאָלדע מאיר, פאַרן ריזיקן עולם אין „היכל התרבות".

די צווישנרופן, צו וועלכע ס'האָט זוכה געווען פרוי גאָלדע מאיר פון אַ פּאָר צענדליק קאָמוניסטן, פון פאַרשידענע טיילן פון זאַל, און וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך פאַר דעם, די טרערן פון די פרייען, וואָס זענען אַנוועזנדיק געווען בעת דעם דאָזיקן אַזוי רירנדיקן אָוונט, די צעהיצטע וויכוחים,

וואָס זענען אין דער זעלבער שעה געפֿירט געוואָרן אויפֿן פּלאַץ אין דרויסן, פֿאַרן „היכל התרבות״ — האָבן צוגעגעבן נאָך אַ נאָטע צו דער ספּעצי־פֿישער אַטמאָספֿער וואָס האָט געהערשט אין ריזיקן פֿול־געפּאַקטן זאַל און אַרום אים. דאָס איז געווען אַן אַטמאָספֿער פֿון שפּאַנונג, פֿון אַ ציטער און פֿון אַ זאָרג, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין אַ פֿאַרשטאַרקטער שמירה מצד דער פּאָליציי. נאָך אַ לענגערער שעה פֿאַרן אָנהויב פֿון דער עפֿע־נונג פֿון דער אַקאַדעמיע איז די פּאָליציי געצוווּנגען געווען צו שליסן די טירן פֿון זאַל, וואָס איז שוין געווען איבערפֿולט ביז צום לעצטן פּלאַץ און זי האָט קיינעם מער נישט דערלויבט אַריינצוגיין אָדער אַרויסצוגיין, און אַפֿילו פֿאַרשפּעטיקטע מיט איינגלאַדונגען, צווישן זיי אָנגעזעענע פּערזענ־לעכקייטן און געזעלשאַפֿטלעכע טוער, זענען געבליבן אין דרויסן.

קאָמוניסטן פֿון רק״ח (די אָפּגעשפּאָלטענע פֿון מק״י, מיט דער אַראַ־בישער מערהייט) האָבן פֿאַרן „היכל התרבות״ פֿאַרטיילט פּראָקלאַמאַ־ציעס. אין די עקלדיק־פּראָוואָקאַטיווע פּראָקלאַמאַציעס ווערט געזאָגט, אַז „ס׳איז נישטאָ קיין האָר פֿון אמת אין בלבול, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז דאָ וועלכע ס׳איז דיסקרימינאַציע קעגן יידן״.

אַ שטילשווייגן האָט געהערשט אין זאַל ווען דער ווילנער כאָר האָט אָנגעהויבן אויסצופֿירן זיין פּראָגראַם פֿון ישראלדיקע און יידישע פֿאָלקס־לידער. קיינער האָט אויך נישט געשטערט בעת די דערעפֿענונגס־ווערטער פֿונם פֿאָרזיצער יצחק קאָרן. אַלע האָבן מיט אינטערעס אויסגעהערט די ווערטער, וואָס האָבן אויפֿגעקלערט דעם ציל פֿונעם אָוונט, וואָס איז אָר־גאַניזירט געוואָרן דורכן יידישן וועלט־קאָנגרעס אין די ראַמען פֿון דער „וואָך״, וואָס מ׳ווידמעט יעדעס יאָר אין ישראל פֿאַר אַ יידישן ישוב אין איינער פֿון די תפֿוצות.

דעם שטורעם אין זאַל האָט דערוועקט הרב נ. צ. נריה, וועלכער האָט גערעדט נאָך דער באַגריסונג פֿון וויצע־בירגערמייסטער פֿון תל־אביב, ה׳ צ. קלעמענטינאָווסקי. „צו וואָס דאַרפֿט איר שולן, צי דאָ אין ישראל גייט איר דאַווענען? זאָרגט קודם כל פֿאַר אַרבעט״ — האָט מען פּלוצים דער־הערט אויסגעשרייען פֿון פֿאַרשיידענע ווינקלען פֿון זאַל, ווען הרב נריה האָט זייער שאַרף אָנגעגריפֿן דעם פֿאַקט, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד דער־לויבט מען נישט די יידן מקיים צו זיין די מצוות פֿון זייער רעליגיע און מען דיסקרימינירט זיי צום שלעכטן אין פֿאַרגלייך מיט די אַנדערע נאַציאָ־נאַליטעטן. „לגבי די יידן עקזיסטירט נישט דער דעסטאַליניזאַציע־גאַנג״

— האָט אויפגעקלערט הרב גריה, וועלכער האָט באַצייכנט, אַז „שוין צענד־ליקער יאָרן הערן מיר די ס.אָ.ס.־רופן פון סאָוויעטישן יידנטום״.

די קאָמוניסטן האָבן אָנגעהויבן מיט ווילדע העצערישע אויסרופן קעגן דעם רעדנער. פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט זיי נישט געשוויגן און אין זאַל איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, וואָס האָט געפאָדערט אַן אומאויפהער־לעכע אַריינמישונג פון פאָרזיצער.

דעם פאַקט פון דיסקרימינירן די יידן פון ראַטן־פאַרבאַנד אין פאַר־גלייך מיט די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין יענער מדינה, האָט אויך אונ־טערגעשטראָכן דער לייטונגס־מיטגליד פון דער יידישער אַגענטור, ה׳ חיים לבנון, וועלכער האָט פאַרצייכנט די פּרעכטיקע פאַרגאַנגענהייט פון רוסישן יידנטום און דעם גרויסן ביישטייער פון דער יידישער יוגנט אין דער מלחמה קעגן דעם צאַרישן רעזשים, פּראָטעסטירט קעגן דער שלעכ־טער באַציִונג און אַזוי שווערער לאַגע פון יידנטום אין ראַטן־פאַרבאַנד.

ח. לבנון האָט דערקלערט, אַז מיר מוזן פאָדערן פון ראַטן־פאַרבאַנד צו געבן די יידן די זעלבע רעכט ווי אַלע פעלקער, ווי עס זעט פאָר די סאָוויעטישע קאָנסטיטוציע און אויך פאָדערן, אַז עס זאָלן געעפנט ווערן די טויערן פאַר דער פאַראייניקונג מיט די יידן, וואָס ווילן קומען צו אונדז.

אַ זייער רירנדיקע שילדערונג וועגן דער לאַגע פון די יידן אין ראַטן־פאַרבאַנד האָט געבראַכט פאַר די ריזיקע מאַסן, וואָס האָבן זיך באַ־טייליקט אין דער אַקאַדעמיע, פרוי גאָלדע מאיר. זי האָט אַרויסגעבראַכט זכרונות פון אירע צוזאַמענטרעפן מיטן סאָוויעטישן יידנטום, בעת זי האָט דערפילט דעם אַמט פון דער אַמבאַסאַדאָרין פון ישראל אין מאָסקווע. זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט זיך איבערצייגט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין כוח אין דער וועלט, וואָס זאָל קענען אַרויסרייסן פון יידישן האַרץ זיין יידישקייט. „די יידן פון ראַטן־פאַרבאַנד״ — האָט זי צוגעגעבן — „רעדן מיט די אויגן און נישט מיטן מויל, און מיר דאַרפן טאָן אַלץ, צו דערמעגלעכן, אַז דאָס מויל זאָל קענען אַרויסזאָגן וואָס די אויגן דריקן אויס״. זי האָט דער־ציילט וועגן די טויזנטער יידן, וואָס זענען געקומען אין בית־הכנסת אין די טעג פון ראש־השנה און ווי זיי האָבן אויסגערופן „לשנה הבאה בירו־שלים!״

זי האָט געזאָגט, אַז געווי ווי די פּאָגראָמען און די רדיפות אין דער פאַרגאַנגענהייט האָבן נישט געמאַכט פאַרגעסן זייער שטרעבונג און זייער חלום אויפצושטעלן אַ זעלבשטענדיקע יידישע מדינה אין זייער פאָטער־

לאַנד, אַזוי זענען מיר זיכער, אַז ס׳איז נאָענט דער טאָג, ווען מ״ר ווערן צוזאַמען מיט זיי בויען די מדינה״.

פרוי מאיר האָט באַצייכנט, אַז אויך די ליבעראַלע קרייזן אין דער וועלט פאָדערן „צו טאָן גערעכטיקייט פאַרן יידישן פאָלק״. און ווענדנדיק זיך צו די שטערער פון צווישן די אָנוועזנדיקע אין זאַל, האָט זי געזאָגט: „מיר ווייסן, אַז אויך די מאַכט־אָרגאַנען אין ראַטן־פאַרבאַנד ווייסן, אַז אויב ס׳איז פאַראַן אַ שפּאַנונג, איז דאָס נאָר צוליב די, וואָס שרייען דאָ״.

אין אַ דערקלערונג פון דער קאָמיסיע פאַר די תפוצות, ערב דער דערעפענונג פון דער „וואָך פון סאָוויעטישן יידנטום״, ווערט געזאָגט, צווישן אַנדערן: „אין דער וואָך פון סאָוויעטישן יידנטום וועט זיך פאַראייניקן דאָס פאָלק אין ישראל מיט דער דאָזיקער מעכטיקער תפוצה — וועט לערנען איר גרויסע פאַרגאַנגענהייט, וועט זיך באַקענען מיט אירע לעבנס־באַדינגונגען אין דער קעגנוואַרט, וועט אַרויסברענגען אַלע אירע שטרעבונגען און האָפענונגען פאַר דער צוקונפט — צו אַן עליה אין זעלב־שטענדיקן יידישן פאָטערלאַנד, אין דער מאָס וואָס זיי ווילן קומען, און פאַר דער באַנייונג פון זייער יניקה פון דער ירושה פון פאָלק״.

1.3.1967

## זשאַן פּאָל סאַרטער אין ישראל

דער וועלט־באַרימטער פראַנצויזישער שרייבער און פילאָזאָף, זשאַן פּאָל סאַרטער און זיין פריינדין־באַגלייטערין, די שרייבערין סימאָן דע באָוואַר, זענען דינסטיק פאַר נאַכט אָנגעקומען אויף אַ באַזוך פון צוויי וואָכן קיין ישראל, נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרענדיקט זייער וויזיט אין מצרים.

צוזאַמען מיט זיי איז אויך אָנגעקומען דער רעדאַקטאָר פון דער פראַנצויזישער צייטשריפט „טאַן מאָדערן״ („מאָדערנע צייטן״), קלאָד לאַנצמאַן. די חשובע געסט, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַטען האָבן זוכה געווען צו אַ קבלת־פנים מצד פיל הונדערטער פריינד און פאַרערער, וואָס

האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אויפֿן פֿליפֿלאַץ אין לוד מער ווי אַ שעה פֿריִער איידער דער „באָיִנג 707" פֿון „אל־על" האָט געלאַנדט.

קורץ פֿאַרן אָנקומען פֿון עראָפּלאַן האָבן זיך אין אויפֿנעמזאַל פֿון פֿלי־פּלאַץ פֿאַרזאַמלט די מיטגלידער פֿון געזעלשאַפֿטלעכן קאָמיטעט, וואָס נעמט אויף סאַרטערן, און בראש פֿון זיי — דער דיכטער אברהם שלאָנסקי און די דיכטערין לאה גאָלדבערג. ס'זענען אויך געקומען מקבל פּנים זיין סאַרטערן דער כנסת־פּאָרזיצער, קדיש לוז, דער סעקרעטאַר פֿון מפּ"ם, מאיר יערי א"אַ.

אין דער טיר פֿון עראָפּלאַן דערשיינט די ערשטע די שרייבערין סימאָן דע־באָוואַר און נאָך איר — זשאַן פּאָל סאַרטער און זייער באַגלייטער. סאַרטער איז געקליידט אין אַ גראָען אָנצוג, זיין געזיכט עטוואָס פֿאַררויטלט און באַדעקט מיט קנייטשן. זיין אויסזען איז פֿון אַ לערער אַ קפּדן, אין דער פֿאַרגאַנגענהייט איז ער דאָס טאַקע געווען. זי, — אין אַ ווייסן מאַנטל, אירע האָר אַרומגענומען מיט אַ קאָלירטן באַנד, מיט אַ גוט־אונטערגע־שטראָכענער שמינקע אויף די ליפּן. זי האָט אַ שיינעם אַריסטאָקראַטישן אויסזען. ביי די טרעפּ פֿון עראָפּלאַן האָבן די געסט באַגריסט פֿאַרטרעטער פֿון געזעלשאַפֿטלעכן קאָמיטעט, א. שלאָנסקי און לאה גאָלדבערג, וואָס האָט דערלאַנגט פֿאַר סימאָן דע־באָוואַר אַ גרויסן בוקעט פֿון ווייסע איריסן. די פֿילם־אָפּעראַטאָרן און די פּרעסע־פֿאָטאָגראַפֿן האָבן געאַרבעט „אויף אַלע כּלים". די צאָלרייך פֿאַרזאַמלטע זשורנאַליסטן האָבן געלאָזט אין גאַנג זייערע פּעדערס. ווען די גאַסטגעבער האָבן געפֿירט די געסט צום אויפֿנעמ־זאַל, האָט דער גרויסער עולם אויסגעבראָכן מיט אַ ספּאָנטאַנעם געזאַנג „הבאנו שלום עליכם!". פּלוצעם זענען פֿונאַנדערגעשפּרייט געוואָרן גרויסע טראַנספּאַראַנטן אין פֿראַנצויזיש און אין עברית, וואָס באַגריסן סאַרטערן און וואָס פּראָקלאַמירן דעם ווילן פֿון פֿאָלק אין ישראל צו שלום ביי די גרענעצן און אין דער גאַנצער וועלט.

אין אויפֿנעמזאַל איז געווען אַ זייער איינדרוקפֿולער מעמד. סאַרטער און זיינע באַגלייטער האָבן זיך געזעצט בראש פֿון טיש און א. שלאָנסקי האָט פֿאָרגעשטעלט פֿאַר זיי די הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן, איינעם נאָכן צווייטן, וואָס זענען געקומען מקבל־פּנים זיין, און קודם כל דעם פּאָרזיצער פֿון כנסת, קדיש לוז, דעם פֿאַרטרעטער פֿאַר קולטור־פֿאַרבינדונ־גען אין אויסערן־מיניסטעריום א"אַ.

א. שלאָנסקי האָט באַגריסט אין קורצע ווערטער. „כ׳בין טיף גערירט — האָט ער געזאָגט אין עברית — און טראָץ דעם, וואָס כ׳בין אַ מיטגליד אין אַ שפּראַך־אַקאַדעמיע, זוך איך די פּאַסיקע ווערטער, כדי אויסצודריקן דעם דאָזיקן מאָמענט, וואָס איז אַ מאָמענט פון גרויסער דערוואַרטונג פון מיינע ברידער, וואָס וווינען אין ישראל, פון מיין פאָלק, וואָס בויט זיין לאַנד, מיט אַן אויפריכטיקער שטרעבונג צו שלום״.

אין זיינע ווייטערדיקע ווערטער האָט שלאָנסקי געזאָגט, אַז מיר זענען אַ מיד און צעשלאָגן פאָלק, וואָס וויל אויסגלייכן זיין רוקן, כדי צו בויען אַ פרייע וועלט. מיר ווייסן, אַז סאַרטער איז געקומען אין לאַנד, כדי צו זען און צו הערן דעם אמת וועגן אונדזער לעבן, ווערנדיק באַוויגן פון אויפריכטיקע מאָראַלישע, גייסטיקע און היסטאָרישע פאַרזאָגן. צום סוף האָט ער געמאָלדן, אַז די געסט וועלן זיין פריי אויסצוויילן דעם פּלאַן פון זייער באַזוך, לויט זייער ווילן, און ער האָט זיי געווונטשן, אַז דער קורצער באַזוך אין ישראל זאָל זיין אַ נוציקער און אָנגענעמער. „יהא בואכם ברוך״ — „זאָל אייער קומען זיין געבענטשט״ — האָט שלאָנסקי פאַרענדיקט זיינע ווערטער.

זשאַן פּאָל סאַרטער האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט, וואָרעם געדריקט שלאָנסקיס האַנט און נאָך דעם האָט ער קורץ געענטפערט אויף דער באַגריסונג. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז גליקלעך צו זיין אין ישראל און איז פאַראינטערעסירט צו זען „ווי איר בויט און ווערט אויפגעבויט״. טראָץ סאַרטערס מידקייט, האָבן אים די זשורנאַליסטן נישט געוואָלט אָפּלאָזן. ער האָט פאָרגעלייגט צו טרעפן זיך שפּעטער מיט די פּרעסע־פאַרטרעטער, כדי צו הערן זייערע פראַגן און צו ענטפערן אויף זיי, אָבער, די זשורנאַליסטן און באַזונדערס די מענטשן פון ראַדיאָ, האָבן אים באַשאָטן מיט אַ האָגל פון פראַגעס.

פונעם ווייניקן וואָס ס׳איז געלונגען אַרויסצובאַקומען פון זיין מויל איז קלאָר געוואָרן, אַז סאַרטער איז פעסט דעצידירט אָפּצוהיטן אַ שטרענגע אָביעקטיוויטעט אין אַלץ וואָס ס׳איז נוגע דעם דעם פּראָבלעם. „כ׳האָב נישט אָנגענומען קיין שטעלונג אויף בעת מיין באַזוך אין מצרים״ — האָט ער געזאָגט — „מיר וועלן פריִער אַרויסגעבן דעם ספּעציעלן טאָפּלטן נומער פון דער צייטשריפט „טאַן מאָדערן״ (נייע צייטן), וואָס וועט וואַרפן אַ גרויס ליכט אויפן גאַנצן קנופּ פּראָבלעמען פון דעם מין, פאַר די

אויגן פון דער עפנטלעכער מיינונג אין אייראָפּע. ס׳איז נאָך פּריצייטיק אַרויסצוגיין מיט דערקלערונגען. מיר זענען דאָך ערשט איצט אָנגעקומען. און בפרט זענען מיר נאָך נישט אין דער פּאָזע פון אַרויסברענגען ממשות־דיקע פאָרשלאָגן, און דאָס איז אויך נישט די אויפגאַבע פון אַ געלערנטן אַריינצוגיין אין סאַמע מיטן פון די דאָזיקע פּראָבלעמען. ס׳מוז אונטערגע־שטראָכן ווערן, אַז מיין רייזע איז אַ לערן־ און שטודיע־רייזע, כדי צונויפ־זאַמלען אַן אינפאָרמאַציע״.

אויף דער פראַגע פון אַ זשורנאַליסט, צי אַלס „קעגנגעוויכט״ פון זיין באַזוך אין די פּליטים־לאַגערן און פון זיינע געשפּרעכן מיט מצרישע אינטעליגענטן, האָט ער זיך אויך געטראָפן מיט פאַרטרעטער פון דער יידישער קהילה אין מצרים, האָט סאַרטער געענטפערט פּאָזיטיוו. ער האָט דערציילט, אַז אין איינער פון זיינע סטאַנציעס אין מצרים, האָט ער באַזוכט אַ בית כנסת בעת דער תפילה. דאָרט האָט ער זיך געטראָפן מיט עטלעכע מיטגלידער פון דער יידישער קהילה און ער האָט אָפּגעהאַלטן מיט זיי אַ לענגערן געשפּרעך.

וועגן די איינדרוקן פון זיין באַזוך אין מצרים, האָט סאַרטער בכלל נישט געוואָלט רעדן. ער האָט בלויז באַמערקט, אַז דער באַזוך דאָרט איז „געווען אַן אויסגעצייכנטער״. נאָך דעם האָט ער אויסגעדריקט זיינע געפילן פון דאַנקבאַרקייט „פאַרן רירנדיקן קבלת פּנים, וואָס האָט מיך דאָ דערוואַרט. שוין פון לאַנג האָבן איך געשטרעבט צו קומען קיין ישראל און עס פרייט מיך זייער, וואָס סוף־סוף איז געקומען דער טאָג און ס׳ווערט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו זען די רעזולטאַטן פון די אָנשטרענגונגען, וואָס איר האָט אינוועסטירט אינעם אויפבוי און אין דער אַנטוויקלונג פון לאַנד״.

*

די פּאַריזער צייטונגען, און צווישן זיי אויך „לע מאָנד״, האָבן פאַר־עפנטלעכט וועגן סאַרטערס באַזוך אין מצרים, אַז בעת אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג אין קאַיִרער אוניווערסיטעט, האָט דער פראַנצויזישער פילאָזאָף געענטפערט אויף אַ פראַגע פון איינעם פון די סטודענטן, אַז ער איז איבערצייגט, אַז די פּליטים האָבן אַ נאַציאָנאַלע רעכט צוריקצוקערן זיך אין די שטחים, וועלכע זיי זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן בעת ישראל־אַראַבישער מלחמה אין די יאָרן 1947־1948. „די דאָזיקע ווערטער

זענען אויפגענומען געוואָרן מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן. ער האָט אָבער גישט געוואָלט אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן עיקר פּראָבלעמען, איידער ער וועט באַזוכן ישראל, און פאַרן דערשיינען פון זיין צייטשריפט „מאָדערנע צייטן" בקרוב, אין וועלכער ישראלים און אַראַבער וועלן אַרויסברענגען זייערע אויפפאַסונגען".

„דאָס וועט נישט זיין קיין דיאַלאָג", — האָט סאַרטער אונטערגע־שטראָכן — „נאָר אַן אינפאָרמאַציע פון דאָ און פון דאָרט, וואָס וועט דערמעגלעכן די פראַנצויזן, וואָס זענען נישט קלאָר אינעם פּראָבלעם, פעסטצושטעלן אַן אייגענע מיינונג".

די צייטונגען גיבן אויך איבער, אַז בעת דער פּרעסע־קאָנפערענץ אין קאַירע, ביים סוף פון סאַרטערס 16־טאָגיקן באַזוך אין מצרים, האָט ער געלויבט נאַסערן אַלס „פּאָרזיכטיקן מנהיג, אַ גוט דורכגעטראַכטן מיט אַ קלאָרן בליק, וואָס ווייסט געגנוי פון פאָרויס, וואָס ס'וועלן זיין די רעזול־טאַטן פון זיינע מעשים, פון אַלץ, וואָס ס'באַקומט זיך אַרויס פון זיי".

שוין דעם צווייטן טאָג פון זייער באַזוך אין לאַנד, האָבן סאַרטער און זיין פריינדין סימאָן דע־באָוואַר, באַזוכט די נייע אַנטוויקלונג־ישובים אין לכיש־געביט. אין אָוונט פון זעלבן טאָג איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד זיי אַ פייערלעכער קבלת פּנים ביי די העברעיִשע שרייבער אין „טשערניכאָווסקי־הויז", אין תל־אביב. אין נצרת האָט זיך אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלער קבלת פּנים־קאָמיטעט, וואָס וועט אויפנעמען סאַרטערן. קומענ־דיקע וואָך וועלן סאַרטער און סימאָן דע־באָוואַר זיין די געסט פון די פאַרשידענע כנסת־פראַקציעס. זיי וועלן זיך טרעפן מיט יעדער פראַקציע אין משך פון אַ האַלבער שעה. אין דער כנסת־ביבליאָטעק וועלן אין די טעג פון זייער באַזוך זיין אויסגעשטעלט די ווערק פון סאַרטערן און פון זיין פריינדין, די שרייבערין דע־באָוואַר, אין פראַנצויזיש און די איבער־געזעצטע אין עברית.

אַ זייער אינטערעסאַנטער צוזאַמענטרעף צווישן דעם באַרימטן פראַנ־צויזישן פילאָזאָף, זשאַן פאָל סאַרטער, און צווישן די פאַרטרעטער פון די קיבוצישע באַוועגונגען אין ישראל, איז פאָרגעקומען אין קיבוץ גבעת חביבה. די באַציִונג פון די אַראַבישע לינקע אינטעלעקטועלע צו ישראל, דער נאַסער־רעזשים און דער מהות פון דעם אַראַבישן סאָציאַליזם, די קולטוראיבערקערעניש אין כינע און דער שאַרפער ריס צווישן מאָסקווע

און פּעקין — אָט דאָס זענען עס געווען די הויפּט־טעמעס וועגן וועלכע סאַרטער האָט אויספירלעך גערעדט, ענטפערנדיק אויף די פראַגעס פון די קיבוץ־חברים.

אין קעגנזאַץ צום פאָרויס־באַשטימטן פּלאַן איז נישט געפירט געוואָרן קיין דיאַלאָג און ס׳איז סאַרטערן נישט געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו שטעלן פראַגעס. אויב מיר זאָלן אורטיילן לויט די צאָרנדיקע רעאַקציעס פון שרייבער קלאָד לאַנצמאַן, סאַרטערס באַגלייטער, האָט זיך דער פילאָ־זאָף אַנטוישט פונעם פעלן פון דער מעגלעכקייט פון אַן אוממיטלבאַרן צוזאַמענטרעף מיט יוגנטלעכע, אויסער יעדער פאָרמעלער ראַם.

זשאַן פאָל סאַרטער איז געווען זייער עלעגאַנט געקליידט אין אַ שיין העמד און אין אַ פּרעכטיק זיידענעם פאַריזער קראַוואַט. אויך זיין פריינדין־באַגלייטערין, סימאָן דע־באָוואַר, איז געווען זייער עלעגאַנט. די דאָזיקע כמעט „שרייַיקע" עלעגאַנץ האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן אויפן הינטערגרונט פונעם פול־געפּאַקטן זאַל מיט קיבוצניקעס אין זייער פּשוטער קליידונג מיט די אָפן־צעכראַסטעטע העמדער...

סאַרטער האָט געבעטן צו שטעלן פראַגעס, און אויף יעדער פראַגע האָט ער גלייך געהאַט אַ לאַנגע און אויספירלעכע תשובה, וואָס האָט פאַר־געשטעלט מיט זיך כמעט אַ גאַנצן פאָרטראָג. דער גרויסער עולם האָט מיט טיפער געשפּאַנטקייט אויסגעהערט די תשובות פונעם שרייבער.

פאַרשידענע סוגיות פונעם תחום פון דער „מאַרקסיסטישער תורה", זענען געווען די פראַגעס, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן. על־פּי־רוב אין דער פראַנצויזישער שפּראַך. ס׳האָט זיך געפונען אַ חבר, וואָס האָט סאַר־טערן געהערט בעת זיין אויפטריט אין בראַזיל און האָט געדענקט אַן אויס־צוג פון די ווערטער, וואָס ער האָט דאַן געזאָגט, און ער האָט געוואָלט וויסן, צו וואָס ער האָט זיך דאַן געענוי מתכוון געווען, זאָגנדיק, אַז ער האָט געפונען אַ יסוד... פון אַנאַרכיזם אין דער מאַרקסיסטישער תורה...

סאַרטערס תשובה איז געווען: יאָ, ער געדענקט וואָס ער האָט דאַן געזאָגט. ער איז דאַן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם „סכעמאַטיזם" אין דער מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע און ער האָט אונטערגעשטראָכן די נויטווענ־דיקייט צו באַפרייען זיך פון דאָקטרינעס און צו אַנטדעקן אין דעם מאַרק־סיזם די מעגלעכקייט פון דער באַפרייונג פונעם מענטש אַלס פּרט. און אין דעם זין האָט ער זיך דאַן באַנוצט מיטן באַגריף „אַנאַרכיזם"...

ענטפערנדיק אויף איינער פון די פראַגעס, האָט סאַרטער גערעדט אויספירלעך וועגן דעם צוגאַנג פון אַראַבישן לינקן פליגל צו ישראל, ווי ער האָט זיך באַקענט מיט דעם פון דער נאָענט בעת זיין אָקערשטיקן באַזוך פון צוויי וואָכן אין מצרים. „דער אַלגעמיינער אויסגאַנגס־פונקט איז אַ נעגאַציע און פיינטשאַפט צו ישראל. דערביי זענען פאַראַן צוויי צוגענג. עס זענען פאַראַן אַראַבישע מאַרקסיסטן וואָס טענהן, אַז ס׳איז זיך נישט פאַרצושטעלן אַ מאַרקסיסטישע באַוועגונג אין ישראל צוליב דעם עצם מהות פון ישראל — אַ ישראלי קאָן זיין, לויט זייער מיינונג, אַ פראָגרעסיווער נאָר זייענדיק אַ שותף צו דער שטרעבונג צו פאַרניכטן ישראל. און דאָס איז דאָך אַן אַבסורדאַלער צוגאַנג — זאָגט סאַרטער. דאַקעגן זענען פאַראַן צווישן די פּראָגרעסיווע אַראַבער מער דורכגעטראַכטע מענטשן, וואָס זאָגן, אַז נאָך דעם ווי אין ישראל איז פאַראַן אַן אויסנוצערישער קלאַס, זענען ממילא אויך פאַראַן לינקע עלעמענטן, וואָס באַקעמפן די דאָזיקע עקספּלואַטאַציע. אויב די דאָזיקע עלעמענטן וועלן אַ מאָל האָבן די אויבערהאַנט אין ישראל, וועט מען אפשר קאָנען קומען צו עפּעס אַ פאַרשטענדיקונג מיט דעם דאָזיקן לינקן פליגל — כ׳וועל נישט זאָגן, אַז ס׳איז מעגלעך אַ צוזאַמענרעדן זיך — אָבער עפּעס... און שוין מיט דעם אַליין האָב איך געזאָגט אַ סך" — באַמערקט סאַרטער מיט דער גאַנצער ערנסט־קייט...

דער סכסוך צווישן כינע און דעם ראַטן־פאַרבאַנד שטעלט דעם מאַרקסיזם אין אַ גרויסער סכנה — זאָגט סאַרטער, ענטפערנדיק אויף אַ פראַגע, און ער גיט צו: „דאָס זענען קעגנערשאַפטן אינערהאַלב דער מחנה, וואָס שטאַמען פון דער עצם אַנטוויקלונג פון דעם מאַרקסיסטישן געדאַנק. ביים היינטיקן טאָג איז דער ראַטן־פאַרבאַנד די מדינה, ווו דער מאַרקסיזם איז אַמווייניקסטנס באַזירט פונעם געדאַנקלעך־פילאָזאָפישן שטאַנדפונקט, פון יעדער אַנדער מדינה אין דער גאַנצער וועלט".

ער דריקט אויס זיין טיפן באַדויערן איבערן ריס אין דער קאָמוניסטישער מחנה אין דער וועלט. „ווען ס׳וואָלט געהערשט אייניקייט צווישן מאָסקווע און פעקין" — רופט ער אויס — „וואָלט זיך די מלחמה אין וויעטנאַם שוין לאַנג פאַרענדיקט". זיין מסקנה: דער דאָזיקער ריס איז ממש אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער מאַרקסיסטישער מחנה. דערביי געפינט ער פאַר נייטיק צו באַמערקן, אַז ער גרענצט זיך אָפּ פון דעם, וואָס קומט

איצט פאַר אין כינע „כאָטש מיר האָבן נישט קיין גענויע און באַגלייבטע ידיעות וועגן דעם. אַלץ וואָס מיר ווייסן קומט על־פּי־רוב פון יאַפּאַנישע קוועלן, וואָס זענען נישט גענוג אָביעקטיוו".

איינער פון די אַראַבישע צוהערער, מוכאַמעד וואַטאַד, וויל וויסן ווי אַזוי סאַרטער האָט זיך באַאיינדרוקט, בעת זיין באַזוך אין מצרים, פון דעם „אַראַבישן סאָציאַליזם". ווי ס'שיינט, האָט סאַרטער שטאַרק הנאה געהאַט, סיי פון דער פראַגע, און סיי פון דער אַנוועזנהייט פון אַ יונגן אַראַבישן פאַרטרעטער בעת דעם דאָזיקן סימפּאָזיום.

אַלס ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע קומט ווידער אַן אויספּירלעכער פאָרטראָג. אַ באַזוך פון 15 טעג, זאָגט ער, איז נישט גענוג, כדי צו באַקו־מען אַן אַרומנעמענדיק־יסודותדיק בילד. אָבער, לויט דעם, וואָס ער האָט געזען קאָן ער זאָגן, אַז ס'איז טאַקע פאַראַן אַן אַראַבישער סאָציאַליזם אין מצרים, און אַז דער דאָזיקער סאָציאַליזם איז נישט קיין מאַרקסיסטישער.

סאַרטער דערציילט אויספּירלעך וועגן דער מלחמה קעגן פעאָדאַליזם, וואָס ווערט געפירט אין מצרים, קעגן דעם אַלטן רעזשים — און אויך קעגן די אַנטדעקונגען פון דער נייער ביוראָקראַטיע און „נייעם קלאַס", וואָס דערשיינט דאָ און דאָרט. ער רעדט וועגן נאַסערס אַגראַר־רעפאָרם, וועגן דער באָדן־פאַרטיילונג — און וועגן דער אַסואַן־דאַמבע. די דאָזיקע מעכ־טיקע אונטערנעמונג וועט געבן מצרים אַן אויסגעטריקנטן שטח פון צוויי מיליאָן פאַדאַן, אויף וועלכן ס'וועלן קאָלאָניזירט ווערן לויטן פּלאַן אַ מיליאָן באָדנלאָזע לאַנדווירטן. דער דאָזיקער גאַנצער קאָלאָניזאַציע־פּלאַן וועט זיין באַזירט אויפן פּרינציפּ פון אַ בשותפותדיקער ווירטשאַפט.

דעם דאָזיקן פאָרטראָג זיינעם האָט סאַרטער רעזומירט מיט די ווער־טער: מצרים געפינט זיך איצט אין אַן איבערגאַנג־פאַזע צום סאָציאַליזם. די מערסטע אונטערנעמונגען, וואָס ווערן איצט אויפגעשטעלט מיט דער איניציאַטיוו פון דער מדינה, וועלן ברענגען גרויס נוצן ביים פאַרווירק־לעכן דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק אינם לאַנד פון נילוס.

דער גאַנצער גאַנג פונעם סימפּאָזיום, וואָס האָט געדויערט העכער צוויי שעה, איז איבערגעוויזן געוואָרן דורך הויכשפּרעכער צו די פול־באַזעצטע גראָז־טעפּיכער אַרום דעם זאַל, ווו ער איז פאָרגעקומען, און אַ גרויסער עולם האָט אויסגעהערט די ווערטער פון חשובן גאַסט אין אַ העברעיִשער איבערזעצונג.

דער באַרימטער פראַנצויזישער פילאָזאָף האָט זיך געפילט ממש ווי ביי זיך „אין דער היים", ווען ער האָט זיך געפונען צווישן זיינע ישראלדיקע קאָלעגן. און טאָקע צוליב דעם האָט ער אויסגעזען אַזוי גליקלעך און אַזוי צעשמייכלט.

ער איז געווען דער גאַסט פון העברעיִשן שרייבער־פאַראיין אין „בית הסופר", ער האָט געווײַלט אין זייער געזעלשאַפט אַ לענגערע שעה, גע־שמועסט פריינדלעך מיט זייער פיל פון זיי. אין פריוואַטע שמועסן אין די ווינקעלעך פון דעם רווישיקן זאַל, האָט סאַרטער אַרומגערעדט מענטשלעכע און וועלט־פּראָבלעמען, זיינע שאַפונגען, ליטעראַריש טעמעס און אויך סתם ענינים.

פיל פון די איינגעלאַדענע צום קבלת־פּנים־אַקט האָבן נישט פאַר־שטעלט זייער אַנטוישונג, וואָס ס'האָט געפעלט זיין פריינדין־באַגלייטערין, די שרייבערין סימאָן דע־באָוואַר. סאַרטער האָט אויפגעקלערט, אַז זי האָט זיך צוגעקילט, און ער האָט גלייך צוגעגעבן: „נישט ביי אייך — נאָר ווײַלנדיק אין מצרים".

סאַרטער האָט געהאַלטן אַ קורצע זייער האַרציקע רעדע, אַלס תשובה אויף די באַגריסונג־ווערטער פונעם פאָרטרעטער פון שרייבער־פאַראיין, עזריאל אוכמני: „כ'בין געקומען קיין ישראל צו זען זאַכן, וואָס כ'האָב געשטרעבט צו זען זינט אַ לענגערער צייט, און כ'קוק זיך צו מיט געפילן פון סימפּאַטיע צו אַלעם וואָס איר האָט געטאָן. שוין איצט קאָן איך זאָגן, אַז כ'זע זייער וויכטיקע זאַכן, און כ'וועל געבן בלויז איין ביישפּיל — דער צוזאַמענגוס פון אַרבעטער און אינטעלעקטועלע אין דער זעלבער פּערזאָן".

אין די נאָכמיטאָג־שעהען האָט זיך סאַרטער געטראָפן מיט די פאַר־טרעטער פון ישראלדיקן קאָמיטעט פאַר שלום אין וויעטנאַם. זיי האָבן אים אויפגעקלערט די טעטיקייט פון קאָמיטעט און זיי האָבן געפרעגט זיין מיינונג לגבי דעם מעגלעכן ביישטייער פון קאָמיטעט פאַרן אינטערנאַ־ציאָנאַלן געריכט, וואָס סאַרטער פירט קעגן מלחמה אין וויעטנאַם. סאַרטער האָט געזאָגט, אַז ער שרייבט צו גרויס וויכטיקייט אויפצומונטערן די יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַנצושליסן זיך צום געריכט.

פרייטיק וועט זיך סאַרטער טרעפן מיטן מפ"ם־מנהיג, מאיר יערי, אין קיבוץ מרחביה. נאָך דעם וועט ער באַזוכן דעם קיבוץ להבות הבשן, ביי דער סירישער גרענעץ, ווו ער וועט בלייבן נעכטיקן. שבת וועט ער זיין

דער גאַסט פונעם פאַרזיצער פון דער כנסת, קדיש לוז, אין זיין קיבוץ אין דגניה. ער וועט באַזוכן דעם גליל, און צום אָונטבערויט וועט ער זיין דער גאַסט פון אַרבעטס־מיניסטער, יגאל אלון, אין קיבוץ גינוסר. ער וועט בלייבן נעכטיקן אין טבריה.

28.3.1967

## זכרונות וועגן "יענע טעג"

דעם לעצטן פרייטיק צו נאַכטס פאַרן 19טן יום־העצמאות זענען פאַר־געקומען אין 24 שטעט און מוניציפּאַליטעטן איבערן גאַנצן לאַנד אויפ־קלערונגס־אַקטן געווידמעט דער טעמע פון 19 יאָר זעלבשטענדיקייט פון מדינת ישראל, מיט דער באַטייליקונג פון מיניסטאָרן, כנסעת־דעפּוטאַטן, הויכע צה"ל־אָפיצירן און געזעלשאַפטלעכע טוער.

איינע פון די סאַמע אינטערעסאַנטסטע אויפקלערונגען איז געווען די, וואָס איז פאָרגעקומען אין „בית־הבימה" אין תל־אביב און ס'איז נישט קיין וווּנדער, אין אירע ראַמען זענען אויפגעטראָטן נישט קיין אַנדערע, ווי די געוועזענע אַמבאַסאַדאָרין פון ישראל אין מאָסקווע, און שפּעטער, די אויסערן־מיניסטאָרין אין משך פון לאַנגע יאָרן — פרוי גאָלדע מאיר, און דער אַרמיי־שעף, רב־אלוף יצחק רבין. און שטעלט אייך פאָר, אַז זיי ביידע האָבן אָנגעהויבן דערציילן זכרונות פון יענער היסטאָריש־העראָישער תקופה פון און אַרום דעם באַפרייונגס־קריג, זכרונות, וואָס האָבן פאַר־גליווערט דאָס בלוט, זכרונות, וואָס האָבן אַרויסגערופן טרערן. דער ריזי־קער עולם, וואָס האָט אויסגעפילט דעם גרויסן „הבימה"־זאַל האָט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג געשלונגען יעדעס וואָרט.

גאָלדע, וואָס האָט זיך פאַרשטעלטערהייט אַריבערגעשמוגלט קיין עבר הירדן און האָט זיך דאָרט געטראָפן מיט אַראַבישן קעניג אַבדאַללאַ, מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג אויסצומיידן אַ מלחמה; די זעלבע גאָלדע, וואָס האָט געבראַכט די זעלבשטענדיקייט־בשורה פאַר די צוויי גרעסטע יידישע צענטערן אין דער וועלט — אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין ראַטן־פאַרבאַנד.

נעבן איר איז געזעסן דער ישראלדיקער „צבר״ מיטן בריטן שטערן, וואָס זיין טיפער באַריטאַן פילט אָן דאָס האַרץ מיט זיכערקייט, וואָס נאָך זייענדיק ממש אַ יינגל האָט ער שוין באַוויזן צו פירן אָן איינהייט אינעם וועג צו זעלבשטענדיקייט, טראָץ דעם — ווי ער אַליין איז זיך היינט מודה — וואָס ער האָט נישט געוווּסט ווי ס׳זעט אויס אַ האַרמאַט...

און זיי ביידע דערציילן זכרונות. דערציילט גאָלדע וועגן אירע פּלי־רייזעס פון תל־אביב צום צפון פון ים־המלח. פון דאָרט האָט זי פּאַרגע־זעצט דעם וועג קיין ירושלים, מיט אַ בריטישער באַגלייטונג „און נישט בלויז מיך האָט מען געפירט. דאָ האָט מען אָנגעפילט זעק מיט דער פּראָ־דוקציע פון ים־המלח, וועלכע האָבן אויך אָנטהאַלטן געווער. נישט איין מאָל האָבן די „הגנה״־לייט געקוקט אויף מיר ברוגזלעך — ווייל ס׳איז געווען די פּראַגע: נעמען מיך, אָדער נאָך אַ ביסל געווער... כ׳האָב קיין מאָל נישט אַזוי באַדויערט, ווי דאַן, פאַר וואָס כ׳וועג נישט אַביסל ווייני־קער״...

און וועגן באַרימטן צוזאַמענטרעף מיטן קעניג פון עבר־הירדן אַב־דאַללאַ, צוזאַמען מיט עזרא דנין: פריִער האָט מען פאַר איר אויפגענייט אַ ספּעציעלע קליידונג פון אַן אַראַבערקע. נאָך דעם האָט זי דריי מאָל געמוזט טוישן די אויטאָמאָבילן. דער שאָפער פון קעניג האָט געוואַרט אויף זיי אין נהריים. זי — אַ באַשיידענע אַראַבערקע; ער — עזרא דנין — אין אַ טשערקעסן־היטל. אויפן וועג האָט זי גוט געקאָנט זען די קאָנצענטראַ־ציעס פון דער איראַקישער אַרמיי.

אָנקומענדיק צום קעניג האָט זי געפּרוּווט אים דערמאָנען זיין צוזאָג נישט אָנצוגרייפן ישראל. דאָס האָט צוגעזאָגט דער קעניג אַבדאַללאַ בעת זיין ערשטן צוזאַמענטרעף מיט גאָלדען. ער האָט נישט אָפּגעלייקנט, ער האָט אָבער אויפגעקלערט, אַז ער קאָן נישט האַנדלען ווי ער וואָלט וועלן האַנדלען. כ׳לאָז איבער פאַר אייך צו טרעפן, ווער ס׳איז געווען דער כוח אונטער אים, וואָס האָט אים געשטופּט מלחמה צו האַלטן קעגן אונדז״ — קלערט אויף גאָלדע, און פאַר קיינעם אין דעם פול געפּאַקטן זאַל, פאַר־בלייבט נישט קיין ספק: דאָס זענען געווען די ענגלענדער.

דער ירדנישער קעניג דעמאָנסטרירט „דזשענטלמענישקייט״ — „מען קאָן אויסמיידן אַ מלחמה אויב איר וועט פאַרציכטן אויף דער פּראָקלאַמי־רונג פון דער מדינה און אויף עליה, און דאַן — וועלן מיר פאַרנעמען

דעם שטח און מיר וועלן זיך באַציִען צו אייך זייער גוט. מיר וועלן אייך אַפילו דערמעגלעכן צו שיקן אייערע פאָרשטייער אין דעם ירדנישן פּאַר־לאַמענט".

דער ענטפער פון דער פאַרשטעלטער פרוי איז געווען: „ניין!"

צו צוויי פון אירע חברים האָט דער קעניג אַבדאַללאַ נאָך באַוויזן צו זאָגן נאָך דער מלחמה: „איין פרוי אייערע איז געווען פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר דער דאָזיקער מלחמה. זי איז געווען צו שטאָלץ, כדי אָנצונעמען מיינע פאָרשלאָגן". און גאָלדע גיט צו, ביי שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן: „כ'בין נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי שטאָלץ אויף אַ נעגאַטיווער תשובה, אַ תשובה, וואָס איז נישט געווען מיינע, נאָר פון גאַנצן פאָלק".

און וועגן דעם נישט ווייניקער באַרימטן צוזאַמענטרעף אין מאָסקווע: „ווער ס'איז געווען דאָרט, אין דער ערשטער גרופּע, וואָס איז אָנגעקומען קיין מאָסקווע, און ווער ס'האָט זיך דאָרט באַטייליקט אין דער „נעילה"־תפילה יום הכיפורים און האָט געהערט דעם אויסגעשריי פון טויזנ־טער מיילער אין בית־הכנסת און פון צענדליקער טויזנטער, וואָס זענען פאַרבליבן אין געסל אַרום דער שול, ווער ס'האָט געהערט זייער „לשנה הבאה בירושלים" — וועט דאָס קיין מאָל, קיין מאָל, ניט פאַרגעסן, און פאַר דעם, וועט נישט זיין קיין זאַך אין דער מדינה, וואָס וועט פאַר אים זיין שווער".

און וועגן נאָך אַ צוזאַמענטרעף, פאַר מאָסקווע: מיט אַמעריקאַנער יידן, בעת אַ שניי־שטורעם אין שיקאַגאָ. אַ צוזאַמענטרעף מיט פאַרטרעטער פון די יידישע קהילות אין די פאַראייניקטע שטאַטן. גאָלדע דערשיינט פאַר זיי מיט אַ היסטאָרישער רעדע, וואָס לאָזט אין גאַנג די רעדער פון רייכן אַמעריקאַנער יידנטום. ערשט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָבן זיי זיך מודה געווען: מיר האָבן נישט געגלייבט, אַז איר וועט קאָנען זיגן אין דער מלחמה. מיר האָבן אָבער געטראַכט: „חס וחלילה, אויב איר וועט דורכפאַלן, וועלן מיר דאָס גאַנצע לעבן באַשולדיקן זיך אַליין".

ביזן היינטיקן טאָג זענען ווי לעבעדיק די דאָזיקע צוויי צוזאַמענטרעפן, אין אַלע קעמערלעך פון איר קערפּער, און הויפּטזעכלעך — דער מאָסקווער בית־הכנסת און יענער אומבאַקאַנטער ייד, וואָס „ווען כ'וואָלט אים היינט געטראָפן וואָלט איך אים גלייך דערקענט". ער איז ווי אַ וואַנזיניקער, מיט איבערמענטשלעכע כוחות, געשפּרונגען פון איין בענקל צום צווייטן,

און האָט אַן עקזאַלטירטער געשריגן: „עם ישראל חי"! „עם ישראל חי!
נעבן גאָלדען זיצט דער אַרמיי־שעף, רב־אלוף יצחק רבין. און כאָטש ער איז דאַן געווען דער קאָמאַנדיר פון דער „הראל"־אייג־הייט, איז ער בעצם געווען נאָך אַ קינד, וואָס האָט מיטגענומען מיט זיך זכרונות, דורכגעווייקטע אין בלוט, פון דעם ירושלימער פראָנט.

די קאַמפן זענען פאָרגעקומען כדי אָפּצוהיטן און פאַרזיכערן די פאַרביג־דונג מיט דער הויפּטשטאָט ירושלים. אַ העלפט פון דער אייגהייט איז שוין אומגעקומען. רבין גייט רעדן מיט די פאַרביטערטע קעמפער, וואָס זענען פאַרבליבן און אין זייערע מיילער די גערעכטע טענה: פאַר וואָס דאַרפן מיר זיין אָפּגעדעקט פאַר די קוילן, צו פאָרן אין די אָפענע משא־אויטאָמאָבילן אָן באַשיצונג?

ביים סוף פון געשפּרעך מיט זיי זאָגט רבין: „ווער ס'וויל נישט — זאָל נישט באַגלייטן די קאַראַוואַנען".

„קיינער פון זיי האָט אָבער נישט מותר געווען אויפן זכות — דער־מאָנט ער זיך — פאַרצוזעצן און געהרגעט צו ווערן פאַרזיכערנדיק דעם וועג קיין ירושלים".

און די שווערע קאַמפן ביי בית־מחסיר; און די גדנ"ע־גרופּע, וואָס ווערט געשיקט אַלס פאַרשטאַרקונג און אַ העלפט פון זיי פאַלט גלייך פון פייער פון דער ירדנישער אַרטילעריע; און די פינף טעג פון דער דאָזיקער שוידערלעכער מערכה; און די פונקטן, וואָס גייען איבער פון האַנט צו האַנט; און דער באַשלוס: צו פּרווון נאָך איין טאָג. „איינער פון די שווער־סטע טעג אין מיין לעבן".

און נאָך יענעם גורלדיקן טאָג, דעם דורכגעווייקטן אין בלוט, האָבן זיך די אַראַבער צוריקגעצויגן. „עס זיגט דער צד — זאָגט דער אַרמיי־שעף — וואָס האָט אַ לענגערן אָטעמצוג".

און די קאַמפן אין שייך־דזשעראַך. אַן ענגלישע אייגהייט שטייט קעגן זיי און צווינגט זיי צוריקצוציִען זיך. זיי פּרווון צו עפענען אַ פייער. די ענג־לענדער האָבן אָבער די אויבערהאַנט. רבין פאַראָרדנט צוריקצוציִען זיך.

בעת זיין לעצטן באַזוך אין ענגלאַנד האָט ער זיך צופעליק געטראָפן מיטן קאָמאַנדיר פון יענער ענגלישער אייגהייט. „כדי אייער געוויסן זאָל זיין נישט אַזוי ריין — דערציילט אים דער קאָמאַנדיר פון דער ענגלישער אייגהייט, בעת אַ מיטאָג־מאָלצייט — זייט זשע וויסן, אז בעת יענער קעג־נערשאַפט אייערער האָב איך אַריינגעכאַפּט אַ קויל אין מיין גוף".

„ס'איז נישט דערלאָזבאַר, אַז מיר זאָלן דאַרפן ווידער דורכמאַכן אַזאַ מלחמה ווי אין יאָר תש"ח" — רעזומירט דער אַרמיי־שעף זיינע זכרונות „נישט אַזוי דאַרף מען אַריינגיין אין אַ מלחמה. אויב כ'בין אַרויס אַ לעבע־דיקער פון דער פרייהייט־מלחמה, און אויב כ'וועל זיין אַ שותף אינעם בוי פון צה"ל — האָב איך געטראַכט — וועל איך טאָן אַלץ וואָס מעגלעך, כדי מיר זאָלן נישט דאַרפן מלחמה האַלטן אין אַזאַ פאַרעם. מ'טאָר נישט מלחמה האַלטן אָן אַ פאַרזיכערטן מינימום פון מיטלען, וואָס מ'איז מחוייב צו געבן די באַשיצער פון מדינת ישראל".

15.5.1967

## צה״ל פאַרענדיקט די טיילווייזע מאָביליזאַציע

דערפאָלגרייך און ביי אַ פולשטענדיקער רויִקייט פאַרענדיקט צה״ל אַ טיילווייזע מאָביליזאַציע פון אירע רעזערוו־כוחות. אַ וואָרטזאָגער פון צה״ל האָט מיטגעטיילט, אַז נאָך דעם ווי דער אונ״אָ־כוח האָט זיך אויף דער פאָדערונג פון מצרים עוואַקויִרט פון זיינע פאָזיציעס און גרויסע מצרישע כוחות זענען אַריין אין סיני, האָט צה״ל אָנגענומען די נייטיקע שריט, כדי צו זיין גרייט צו יעדער עווענטואַלטעט. אין די ראַמען פון די דאָזיקע שריט איז דורכגעפירט געוואָרן אַ באַגרענעצטע מאָביליזאַציע.

מיליטערישע קאָרעספּאָנדענטן באַצייכענען, אַז די דאָזיקע שריט, וואָס האָבן אַנטהאַלטן אַ באַגרענעצטע מאָביליזאַציע פון די רעזערוו־כוחות, דערמעגלעכן צה״ל אָפּצושטויסן יעדן אָנגרייפערישן פּרוּוו, מצד דעם גרויסן מצרישן כוח, וואָס איז קאָנצענטרירט געוואָרן נאָענט צו דער ישראלדיקער גרענעץ. דערביי איז ישראל אויך זייער וואַכזאַם צו אַלץ, וואָס ס׳קומט פאָר ביי איר צפונדיקער גרענעץ, אינעם שיין פון די סירישע מעלדונגען, וועגן זייער פאַרשטאַרקטער מיליטערישער מערכה ביי דער גרענעץ.

ישראל האָט אָנגענומען די דאָזיקע שריט אויך צוליב דער לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך דעם ווי דער אונ״אָ־כוח האָט פולשטענדיק עוואַקויִרט זיינע פאָזיציעס אויף דער גרענעץ. דער דאָזיקער כוח, וואָס האָט געציילט 3400 זעלנער, האָט פאַקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירן, כאָטש זיינע מענטשן האָבן נאָך נישט פאַרלאָזט דעם שטח פון מצרים און זיי זענען נאָך קאָנצענטרירט אין זייערע באַזעס.

די קאַיִרער זשורנאַליסטן גיבן איבער, אַז אין די פאָדערשטע פּאָזי־ציעס קעגן איבער דער ישראלדיקער גרענעץ, אין דעם עזה־פּאַס, זענען קאָנצענטרירט געוואָרן 12 טויזנט זעלנער פון דער „פּאַלעסטינער באַ־פרייונגס־אַרמיי" פון אַכמעד שוקיירי. דער מיליטערישער הערשער פונעם עזה־פּאַס האָט פּראָקלאַמירט אויסנאַם־צושטאַנד אין גאַנצן שטח פון עזה־פּאַס.

אין די קיבוצים ביי דער ישראלדיקער זייט פון דער גרענעץ גייט אָן דאָס לעבן אומגעשטערט, און אַ טייל פון די חברים זענען אויך אַרויס אין די פעלדער צו דרינגענדיקע לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטן. די ישראלדיקע קאָלאָניסטן קעגן איבער דעם עזה־פּאַס באַצייכענען דעם פאַקט, אַז טראַץ דעם, וואָס דער אונ"אָ־כוח האָט זיך געפונען אויף זיינע פּאָזיציעס בלויז אין די מיטאָג־שעהען, איז ער דאָך געווען אַ באַרויִקנדיקער פאַקטאָר פאַר די מענטשן פון די קיבוצים בעת זייער אַרבעט ביי דער גרענעץ. איצט איז די גרענעץ אָפן קעגן די אָבסערוואַציע־פּונקטן פון די פּאַלעסטינעזער און מ'מוז נעמען אין אַכט די דראָענדיקע סכנות. „מיר האָבן אַ חשש — זאָגן די חברים פון קיבוץ נירים ביי דעם עזה־פּאַס, — אַז אָן דער אונ"אָ וועט דאָ ווידער הערשן אַ גרויסע שפּאַנונג".

אָבער, די מענטשן פון די קיבוצים אונטערשטרייכן ווידער און נאָך אַ מאָל, אַז טראָץ די נייע סכנות, האָבן זיי נישט קיין געפיל פון איינזאַמ־קייט, נאָר „אַ געפיל פון זיכערקייט", ווייל „מיר פאַרלאָזן זיך אויף דער מעכטיקייט פון צה"ל".

די פּאָליטישע טעטיקייט פון ישראל אין די דאָזיקע טעג קאָנצענטרירט זיך אַרום די אינטערנאַציאָנאַלע אָנשטרענגונגען צו פאַרקלענערן די סכנה פון אַ מיליטערישער אַראָפּקייקלונג.

אייניקע מדינות באַשעפטיקן זיך מיט דער דאָזיקער טעמע אין די העכסטע אינסטאַנצן, און זיי זעען אין דער שליחות פון או־טאַנט אין מיטעלן מזרח אַ פאַרפולקאָמונג צו זייערע דירעקטע אָנשטרענגונגען אויס־צומיידן אַ צעפּלאַקערונג. צווישן אַנדערן באַטראַכט מען די מעגלעכקייט צו שאַפן אַ וועלכע ס'איז „אָנוועזנהייט" פון דער אונ"אָ אין די פילבאַרע פּונקטן, און ס'אונטערליגט נישט קיין ספק, אַז דאָס וועט זיין איינע פון די הויפּט־טעמעס בעת או־טאַנטס באַזוך אין קאַיִראָ. ישראלדיקע קרייזן האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס אַוועקשטעלן אונ"אָ־כוחות אויף דער ישראל־

דיקער זייט פון דער גרענעץ, קומט נישט אין באַטראַכט און וועט נישט לעזן די פּראָבלעמען.

דער באַזוך פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אונ״אָ אינעם ראַיאָן — וואָס וועט וואָרשיינלעך אַרומנעמען נאָך הויפּטשטעט אויסער קאַירע — שטופּט אָפּ אין דער דאָזיקער פּאַזע דאָס צוזאַמענרופן דעם זיכערקייט־ראַט.

פּאָליטישע קרייזן אין ישראל זעען אין דער עוואַקואַציע פון די אונ״אָ־כוחות אַ סטאַבילעווירקלעכקייט. קיינער ברענגט אַפילו נישט אויפן געדאַנק, אַז די לאַגע וועט זיך אומקערן צו איר פריִערדיקן שטאַנד.

אין ישראל זעט מען נישט די ערנסטקייט אין עצם אַרויסנעמען דעם אונ״אָ־כוח, נאָר אינעם באַזונדערן באַדייט פון דעם דאָזיקן שריט ביי די געגעבענע אומשטענדן: פון קאָנצענטרירן גרויסע מצרישע כוחות אין סיני און אין דער פּלוצעמדיקייט אין וועלכער די עוואַקואַציע פון די אונ״אָ־כוחות איז דורכגעפירט געוואָרן.

אַז ס׳פעלט די מחיצה (און זאָל זיין אַפילו די פּסיכאָלאָגישע מחיצה) פון אונ״אָ־כוח, ווערט פאַרשטאַרקט די צעפלאַקערונג־סכנה, אַפילו אָן אַ פריִערדיקער פּלאַנירונג. אין ירושלים און אין אַנדערע הויפּטשטעט אין דער וועלט האָט זיך נישט געענדערט די אָפּשאַצונג, אַז מצרים איז איצט נישט פאַראינטערעסירט אין אַ מיליטערישן פאַרמעסט מיט ישראל, ס׳עקזיסטירט אָבער די ערנסטע סכנה פון אַריינציִען זיך אין אַ מיליטערישער אַקציע, צוליב דעם עצם ענדערן דעם „סטאַטוס־קוואָ״.

די פּראַקטישע פראַגן, וואָס דערוועקן זיך אין דער געגעבענער לאַגע, זענען: צי וועלן די גרויסע קאָנצענטראַציעס פון די מצרישע כוחות אין סיני דערפירן צו אַ צעפלאַקערונג צוליב פּרעסטיזש־אויסרעכענונגען אָדער אין רעזולטאַט פון נישט ריכטיקע אויסרעכענונגען?

צי וועט די אינפילטראַציע פון עזה־פּאַס פאַר סאַבאָטאַזש־צילן אין ישראל אויסגעמיטן ווערן דורך די מצרים, און צי וועלן די מצרים קאָנען באַהערשן אַזעלכע פּרווון אויב זיי וועלן דאָס וועלן טאָן (און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, באַצייכענען פּאָליטישע קרייזן, מיט זאָרג, די אונטערשטיצונג, וואָס ראַדיאָ קאַירע האָט געגעבן אין די לעצטע טעג פאַר אינפילטראַציע און סאַבאָטאַזש־אַקטן)?

צי וועט מצרים האַנאָרירן איר פליכט צו דערמעגלעכן אַ פרייע נאַוויגאַציע אין דער טיראַן־בוכטע (די טיר פון ישראל צום אַפריקאַנער קאָנטינענט)?

ווי אַזוי וועט ווירקן די נייע לאַגע אויף די הערשער פון דמשק ביים געבן שוץ פאַר די סאַבאָטאַזשניקעס? ס׳זענען פאַראַן סימנים, אַז מצרים האָט געוואָרנט סיריע קעגן רייצן זיך מיט ישראל אין דעם דאָזיקן ענין, ס׳איז אָבער אויך באַקאַנט, אַז דמשק האַנדלט נישט שטענדיק לויט ווי ס׳דערוואַרטן פון איר אַפילו אירע מקורבים.

אַ זייער וואַגיקע וויכטיקייט וועט האָבן אין דמשק די שטעלונג פונעם ראַטן־פאַרבאַנד. דיפּלאָמאַטישע אָבסערוואַטאָרן זענען איבערצייגט, אַז מאָסקווע האָט אַ גרויסן חלק אין דער שאַפונג פון דער קאָנצענטרירטער דעמאָנסטראַציע פון די אַראַבישע „רעוואָלוציאָנערע" מדינות, און אַז דאָס מצרישע מיליטערישע אידענטיפיצירן זיך מיט סיריע — וואָס פאַרשטאַרקט זייער דעם רעזשים אין דמשק — איז געווען, ווייניקסטנס טיילווייז, אַ רעזולטאַט פון אַ סאָוויעטישער איניציאַטיוו.

די זאָרג פון ישראל אינעם שייך פון די סכנות, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין רעזולטאַט פון די שריט פון מצרים, איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן פאַר דעם סאָוויעטישן אַמבאַסאַדאָר אין ישראל, ה׳ טשוּוואַכין, דורכן אויסערן־מיניסטער ה׳ אבא אבן, אין אַ געשפּרעך וואָס איז פאָרגעקומען דעם לעצטן פרייטיק פרי. ס׳ווערט באַקאַנט, אַז דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדאָר האָט נישט געענטפערט דירעקט אויף די פּראָבלעמען, וואָס עס האָט אַרויסגעבראַכט אבא אבן, נאָר ער האָט ווידער און נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט די אַלטע באַקאַנטע טענות פונעם ראַטן־פאַרבאַנד, אַז ישראל איז, כלומרשט, אַ פאַקטאָר פון שפּאַנונג אינעם ראַיאָן, און דאָס — „אין שליחות פון דעם אימפּעריאַליזם". לויט דער מיינונג פון ראַטן־פאַרבאַנד קאָן מען נישט פאַרפליכטן סיריע צו זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די סאַבאָטאַזש־אַקטן, וואָס „זענען פּראָוואָקאַציע־פּרוּוון פון אימפּעריאַליסטישע פאַקטאָרן"...

דערווייל גייט אָן דאָס לעבן אין ישראל רויִק און נאָרמאַל, אָן דער מינדסטער בהלה. מען ווייסט, אַז די לאַגע איז ערנסט, מען ווייסט אָבער אויך, אַז אין פאַל פון אַן אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט, וועט צה״ל זיך קאָנען אַן עצה געבן מיט אונדזערע שונאים. אָבער אין דער וועלט איז גרויס דער ציטער פאַרן גורל פון מדינת ישראל, און אין די לעצטע טעג זענען אָנגעקומען עטלעכע צענדליק ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענטן פון די גרויסע צייטונגען און נייעס־אַגענטורן אין דער וועלט און

אויך טעלעוויזיע־אַפּעראַטאָרן, כדי צו „דעקן“ די געשעענישן. די קאָנצע־לאַריע פון צה"ל־וואָרטזאָגער האָט אָרגאַניזירט פאַר זיי אַ באַזוך אין איינער פון די פאַנצער־איינהייטן „ערגעץ־ווו“ אין דרום פון לאַנד. דער באַזוך האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג.

גרויסע שוואַרצע וואָלקנס הענגען איצט איבער די טיף־בלויע ישראל־דיקע הימלען. לאָמיר האָפן, אַז דאָס וועלן זיין „גרויסע וואָלקנס און אַ קליין רעגנדל“...

1.6.1967

## שווערע גורלדיקע טעג

מיר לעבן איבער זייער שווערע און גורלדיקע שעהען אין אונדזער אויסגעקעמפּטער יידישער מדינה. העכער 80.000 עגיפּטישע זעלנער אין פולער באַוואָפענונג, מיט הונדערטער טאַנקען און האַרמאַטן, מיט ראַקעטן און אַוויאַנען זענען אויסגעשטעלט אויפן סיני־אינדזל און אין עזה־פּאַס, ביז האַרט פון דער ישראלדיקער גרענעץ אין דרום, און צענדליקער טויזנטער זעלנער אין פולער באַוואָפענונג, מיט טאַנקען, האַרמאַטן און עראָפּלאַנען פון דער סירישער אַרמיי — אין צפון. און די איינציקע כוונה פון אונדזערע שונאים איז: אָנצוגרייפן און חרוב מאַכן ישראל. אונדזער מעכטיקע פאַרטיידיקונג־אַרמיי — צבא הגנה לישראל — וואָס דינט אַלע יאָרן ווי אַן אָפּשרעקונגס־כוח קעגן אונדזערע שונאים — שטייט איצט מיט איר גאַנצער קראַפט, מיט אַ פולער, מעכטיקער באַוואָפענונג, גרייט צום קאַמף.

די טעג זענען זייער שווערע און געשפּאַנטע פאַר דער מדינה און פאַר יעדן בירגער אין איר. ס׳איז נישטאָ קיין הויז, פון וועלכן עס זענען נישט אַוועק מענער פון פרויען, טאַטעס פון קינדער, אונדזערע טייערע זין און טעכטער — אַלע, אַלע, זענען זיי מאָביליזירט געוואָרן צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד, צו באַשיצן די לעבנס פון זייערע טייערסטע און ליבסטע, אין

דעם פולסטן זין פון וואָרט. שוין אַ וואָך און מער, ווי זיי געפינען זיך אין די מיליטערישע לאַגערן „ערגעץ־ווו" אין לאַנד — אין די אַרטילעריע־ און פּאַנצער־איינהייטן, אין ים־ און אין לופט־פלאָט, אין די מאָטאָריזירטע אינפאַנטעריע־אָפּטיילונגען, ביי די פּאַראַשוטיסטן און אין די סאַניטאַרע שפּיטאָל־איינהייטן. יעדער איינער געפינט זיך אויף זיין פּלאַץ מיט אַ גענוי אָנגעצייכנטער אויפגאַבע. יעדער איינער פון זיי איז גרייט, טאָג און נאַכט, אויפן באַפעל: רירן קעגן שונא!

צוליבן פעלן פון צענדליקער טויזנטער אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער, איז דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן אין לאַנד א ביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די אויטאָבוסן ווערן געפירט דורך עלטערע, שוין פּענסיאָנירטע שאָפערן, אין די שפּיטאָלן ווערן די מאָביליזירטע קראַנקנשוועסטער פאַרטראָטן דורך די שילערינס און שילער פון די העכערע קלאַסן, די שילער זענען טיילווייז מאָביליזירט געוואָרן צו אויפגאַבן פון ציווילער אַנטי־אַוויאַציע־אַרבעט, צו גראָבן אָקאָפּעס אד"גל. און ביי דעם אַלעמען זענען די קאַפעהייזער איבערפולט, עס פונקציאָנירן נאָרמאַל אַלע פאַרווײַלונג־פּלעצער, און די פּרעכטיקע דיזענגאָף־גאַס אין תל־אביב איז אויך דעם לעצטן שבת פול געווען מיט שפּאַצירנדיקע. אין די לעצטע טעג, נאָך דעם ווי נאַסער האָט פּראָקלאַמירט, אַז ער האָט פאַרמאַכט פאַר ישראל דעם דורכפאָר דורכן טיראַן־אויסגוס — איז די לאַגע, פאַרשטייט זיך, געוואָרן נאָך דראַענ־דיקער, און ערשט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַן עטוואָס פאַרשטאַרקטער איינקויף פון די שפּייז־פּראָדוקטן. קיין בהלה איז נישט געווען, ווייל די מאַגאַזינען פון דער רעגירונג זענען אָנגעלאָדן מיט די וויכטיקסטע שפּייז־פּראָדוקטן, ווי מעל, צוקער, בוימל א"א, אויף אַ צייט פון חדשים.

די דאָזיקע כמעט קאָלטבלוטיקע האַלטונג פון דער ישראל־באַפעלקע־רונג, אין שיין פון אַ מלחמה, וואָס קאָן אויסברעכן יעדן טאָג — ווערט באַוווּנדערט דורך דער גאַנצער וועלט. מיט דער דאָזיקער העלדישער האַלטונג זענען „אָנגעשטעקט" געוואָרן אויך די טוריסטן, יידן און נישט־יידן, וואָס האָבן זיך גאָרנישט געאײַלט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, טראָץ דער וואָרענונג פון זייערע רעגירונגען.

אין לאַנד גייט אָן אַ גרויסע וואָלונטאַרן־באַוועגונג צו דינען אין צה"ל. פיל איינוווינער, צווישן זיי אין עלטער פון 60 יאָר און העכער, אָדער באַפרייטע פון מיליטער־דינסט צוליב מעדיצינישע סיבות, האָבן זיך געשטעלט און האָבן געבעטן אַריינצופלעכטן זיי אינעם צה"ל־דינסט.

צה״ל האָט אָנגענומען כמעט אַלע וואָלונטאַרן אין אירע רייען. אין די שטעט און דערפער פון לאַנד זענען אויפגעשטעלט געוואָרן שטאַבן פאַר ציווילער פאַרטיידיקונג. אַלע פּלעצער זענען אָפּגעריייניקט געוואָרן און צוגעגרייט צום באַנוצן זענען די שוצקעלערס.

טוריסטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און פון קאַנאַדע, וואָס ווײַלן זינט אייניקע טעג אין דעם נאַציאָנאַלן פּאַרק אין אַשקלון, זענען געבעטן געוואָרן דורך דער פּאָליציי צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ צוליב זיכערקייט־סיבות. די טוריסטן האָבן געטענהט, אַז זיי פאַרשטייען די סכנות, וואָס דערוואַרטן זיי, אָבער זיי זענען גרייט צו מאָביליזירן זיך אין צה״ל. אַ טייל פון די טויזנטער טוריסטן האָט זיך באַטייליקט אין דער מלחמה אין קאָרייע, און אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אַ גרופּע פון 25 יוגנטלעכע, בחורים און מיידלעך, נישט־יידן פון האָלאַנד, וואָס געפינט זיך „ערגעץ־ווו״ אין איינעם פון די קיבוצים, האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן באַקומען אַ וואָרענונג פון אַמבאַסאַדאָר פון זייער לאַנד, אַז יעדן טאָג קאָן דאָ אויסברעכן אַ מלחמה, און אַז נאָך דעם וועלן זיי זיך נישט קאָנען צוריק־קערן אַהיים.

„נאָר מיט כוח וועט איר אונדז קאָנען אַרויספירן פון דאַנען״ — האָבן געענטפערט די יוגנטלעכע אויף דער וואָרענונג פון אַמבאַסאַדאָר פון זייער לאַנד. זיי האָבן דערקלערט אין דער האָלענדישער אַמבאַסאַדע, אַז זיי ווילן פאַרבלייבן אין ישראל אין די דאָזיקע טעג פון קריזיס און העלפן די קיבוצים. אַנדערע האָבן דערקלערט אויסדריקלעך, אַז אויב עס וועט אויס־ברעכן אַ מלחמה,, וועלן זיי זיך מאָביליזירן אין צה״ל. אין אייניקע פאַלן איז די דענישע אַמבאַסאַדע געווען געצוווּנגען צו ווירקן דורך די סעקרע־טאַריאַטן פון די קיבוצים, כדי איבערצוצייגן די יוגנטלעכע זיי זאָלן צוריק־פאָרן אַהיים.

אויסלענדישע בירגער, וואָס זענען אין די לעצטע צוויי טעג געקומען געזעגענען זיך מיטן רבין פון לאַלוּוו, וואָס זיין הויף געפינט זיך אין בני־ברק, האָבן געהערט ווי ער זאָגט, אַז מען דאַרף זיך נישט איילן אַרויסצו־פאָרן פון לאַנד, ווייל „דער זיכערסטער פּלאַץ אין דער גאַנצער וועלט איז ארץ־ישראל״.

אין לאַנד איז אָנגעקומען אַ יידישער טוריסט פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואָס איז געווען אַ זעלנער אין יידישן לעגיאָן. ער איז אָנגעקומען אין אַ האָטעל אין תל־אביב. דער אויפנאַמס־באַאַמטער האָט אים געפרעגט: ווי לאַנג וועט ער פאַרבלייבן אין לאַנד? — האָט דער טוריסט געענטפערט: אויב עס וועט נישט אויסברעכן קיין מלחמה, 12 טעג; אויב די מלחמה וועט יאָ אויסברעכן, פאַרבלייב איך אין לאַנד ביז צום נצחון!

אין די טעג פון דער העכסטער שפּאַנונג זענען אָנגעקומען אויפן פלי־פלאַץ אין לוד 22 יוגנטלעכע פון יאַפּאַן; זיי האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט פענדלעך פון ישראל און פון יאַפּאַן און מיט התלהבות געזונגען „הבאנו שלום עליכם!” נאָך פאַרן אַרויספאָרן האָבן זיי שוין געוווּסט וועגן דער געשפּאַנטער זיכערהייט־לאַגע אין לאַנד, און דאָך האָבן זיי וואָלונטירט צו אַרבעטן אַ יאָר אין קיבוץ דליה. זיי זענען אָנגעקומען אין אַ זייער געהויבענער שטימונג, פריילעכע און לאַכנדיקע, און זיי האָבן באַגריסט יעדן איינעם, וואָס זיי האָבן באַגעגנט אויפן פליפלאַץ מיט אַ האַרציקן „שלום!” די דאָזיקע יוגנטלעכע האָבן אויפגענומען אונדזער אויסערן־מיניס־טער אבא אבן ווען ער האָט היי־יאָר באַזוכט יאַפּאַן.

2.6.1967

## דאָס פאָלק אין ישראל מאָביליזירט זיך

דאָס גאַנצע לאַנד לעבט אין שפּאַנונג. דאָס פאָלק איז דורך און דורך דורכגענומען מיט דער געשפּאַנטער לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן צוליב די אַגרעסיע־דראָונגען מצד מצרים און די איבעריקע אַראַבישע מדינות. די שטימונג איז פון „ערב מלחמה”, אין פולסטן זין פון וואָרט. און אין די דאָזיקע אַזוי שווערע און גורלדיקע טעג, האָט דאָס פאָלק אין ציון, פון אַלע קרייזן און שיכטן, און אויף אַלע זיינע עדות, דערגרייכט די העכסטע הויך פון פּאַטריאָטיזם און שטאַנדהאַפטיקייט. אַלע, יונג און אַלט, קומען און באָטן אָן פרייוויליק זייער דינסט־גרייטקייט, כדי מיט געמיינזאַמע כוחות אָפּצושטויסן דעם אַראַבישן שונא.

די מענטשן פון דער אָפּטיילונג פאַר געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען ביים זיכערהייט־מיניסטעריום און צה״ל געפינען זיך די לעצטע טעג אונטער אַ שווערן דרוק פון די פילצאָליקע ווענדונגען פון די פרייוויליקע, וואָס ווילן מען זאָל זיי באַטייליקן אין דעם גורלדיקן פאַרמעסט. עס קומען מענטשן עלטערע פון 60 יאָר, ווי אויך אַזעלכע, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט צוליב געזונטהייט־טעמים. דאָס רוב פרייוויליקע זענען איינגעגלידערט געוואָרן אין רעזערוויסטן־דינסט.

מיר וועלן דאָ ברענגען אייניקע כאַראַקטעריסטישע, העכסט אינטערעסאַנטע קוריאָזן און פּאַסירונגען אַרום דער דאָזיקער וואָלונטאַרער מאָביליזאַציע.

אַ שוסטער, אַן איינוווינער פון נס־ציונה, וואָס לעבט פון אַ קליינער פּענסיע, איז אַריינגעקומען אין אָרטיקן ראַט און האָט געפאָדערט מען זאָל צונעמען זיינע גאַנצע אָפּשפּאָרונגען — דריי טויזנט פונט — כדי צו קויפן געווער אָדער פאַר אַן אַנדער ציל, וואָס וועט פאַרשטאַרקן די זיכערקייט פון ישראל.

דער מענטש איז פון אַ יאָר 60. זיין פרוי און קינדער האָט ער פאַרלוירן בעתן חורבן אין אייראָפּע. צוליב זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד אַרבעט ער נישט און ער באַקומט אַ פּענסיע פון 149 פונט אַ חודש. „אין משך פון פיל יאָרן״ — האָט ער דערציילט אין דעם אָרטיקן ראַט פון נס־ציונה — „איז מיר געלונגען אָפּצושפּאָרן דעם דאָזיקן סכום פון דריי טויזנט פונט און ער איז אינגאַנצן הייליק פאַר פאַרטיידיקונג־צוועקן. כ׳בעט אייך, נעמט אים צו״.

ווען מען האָט נישט געוואָלט נעמען ביי אים די שפּענדונג, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט: „נעמט־זשע כאָטש אַ העלפט פון דער דאָזיקער סומע״. און ווען אויך די דאָזיקע סומע איז נישט אָנגענומען געוואָרן, האָט ער געזאָגט: „כ׳פאַרשטיי נישט. מאָרגן וועל איך ווידער קומען אָפּגעבן מיין געלט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דער מדינה. כ׳האָף, אַז איר וועט עס דאָך נעמען״.

בלויז איין באַדינג האָט געשטעלט דער שוסטער: אַז די שפּענדונג זאָל איבערגעגעבן ווערן אַנאָנים. „עס איז אַ הייליקע פליכט צו שפּענדן פאַר דער באַפעסטיקונג פון לאַנד״ — האָט ער געזאָגט — „כ׳וויל נישט, אַז כ׳זאָל האָבן פון דעם אַפילו די הנאה פון דערמאָנען מיין נאָמען״.

אַן אויפפירונג, וואָס דאַרף באַגריסט ווערן, האָבן די לעצטע טעג באַוויזן אַ סך איינוווינער, וואָס שייך זייערע חובות פאַר דעם הכנסה־שטייער. וועגן איינעם פון אַ סך פאַלן איז כדאי צו דערציילן: 3 שותפים פון אַ גרינס־געשעפט אין ירושלים האָבן באַצאָלט דעם דערשטוינטן באַאַמטן פון הכנסה־שטייער אַ סומע פון 10 טויזנט פונט, וואָס עס קומט פון זינט אַ לענגערער צייט. בעתן איבערגעבן דעם חוב, האָבן זיי דערקלערט: „אונדזערע זין פירן אויס זייערע פליכטן און מיר ווילן נישט טאָן גענוי ווי זיי?"

פון טבריה איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז אַ געוויסער שטייער־צאָלער, וועלכער האָט „כראָניש־פאַרלעגענע שטייערן" איז געקומען אין ביוראָ פון הכנסה־שטייער און באַצאָלט 3 ראַטעס מיט אַ מאָל אָנשטאָט איינע, און ווי דער שטייער־באַאַמטער טיילט מיט, איז דאָס נישט קיין איינצל־פאַל.

אַ יונגער דאָקטאָר, אַ געבוירענער אין ישראל, וואָס האָט געלערנט מעדיצין אין ווין און וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן פון זיין פאַרפול־קאָמונג אַלס כירורג, איז אָנגעקומען קיין ישראל, כדי צו שטעלן זיך אין זיין צה"ל־איינהייט, אַ דאַנק דער הילף פון אַן אַמעריקאַנער ייד, וואָס האָט מוותר געווען אויף זיין פלי־קאַרטע. קורץ פאַר דעם איידער דער „אל־על"־עראָפּלאַן האָט געדאַרפט אָפּפליִען פון ווין, איז געקומען דער דאָקטאָר אויפן פליפלאַץ און ער האָט געוואָלט באַקומען אַ פּלאַץ קיין ישראל. מען האָט אים געזאָגט, אַז מען איז גרייט אים צו געבן אַ פּלאַץ, אָבער ווייל ער האָט נישט קיין פליקאַרטע און נישט קיין געלט, דאַרף ער ברענגען אַן אונטערגעשריבענע התחייבות פון אַ גוטן זשיראַנט, אַז די הוצאות פון דער פליקאַרטע קיין ישראל וועלן באַצאָלט ווערן.

און ווען דער דאָקטאָר, וואָס האָט געהאַט אין קעשענע בלויז עטלעכע שילינג, האָט זיך געבעטן ביים באַאַמטן, ער זאָל אים דערמעגלעכן אָנצו־קומען קיין ישראל, איז צו אים צוגעגאַנגען אַ מענטש, וואָס האָט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס ייד פון אַמע־ריקע, וואָס פאָרט צוריק קיין ניו־יאָרק. דער ייד האָט אים געמאָלדן, אַז ער גיט אים אָפּ די פליקאַרטע קיין ניו־יאָרק און פאַר איר פּרייז וועט ער באַקומען אַ פּלאַץ קיין ישראל. דער יונגער דאָקטאָר האָט טאַקע באַקומען דעם לעצטן פּלאַץ אין עראָפּלאַן, ער איז אָנגעקומען קיין לוד שפּעט ביי

נאַכט — און גלייך אין דער פרי האָט ער זיך צוגעשטעלט און האָט זיך מאָביליזירט אין זיין צה״ל־איינהייט.

אַן אַלטיטשקער 73־יאָריקער רב, מיט אַ לאַנגער באָרד און געקרייזטע פּיאות, האָט זיך געשטעלט אין דער קאָמאַנדע פון ציווילער פּאַרטיידיקונג אין צפת און ער האָט פאַרגעלייגט זיין דינסט פאַר דער מדינה אינעם שטח פון זיכערהייט. דאָס איז נישט די ערשטע אַקציע פון הרב אברהם זיידה העלער, אַ תלמיד־חכם און ירא־שמים, אַ פערטער דור אין דער מקובלים־שטאָט, וואָס איז באַערט געוואָרן מיט די אויסצייכענונגען פון „אות ההגנה והקוממיות״.

אין הרב העלער זענען אַריינגעפלאָכטן אהבת־תורה און אהבת־המדינה. מיט ניינצן יאָר צוריק, ווען צפת איז געווען באַלאַגערט און ער איז דאַן געווען דער פאַרזיצער פון דער מאָביליזאַציע־קאָמיסיע אין איינער פון די טיילן פון דער הגנה, האָט ער אַלס ראש־ישיבה נישט געזען קיין שום פּגם אַרויסצוגעבן אַן אויפרוף, אין וועלכן ער האָט דערלויבט צו אַרבעטן ביי די באַפעסטיקונגס־אַרבעטן אויך אין יום־טוב פסח, וואָס איז אויסגעפאַלן אין אַ שבת. און נאָך דעם ווי דער אויפרוף איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין די גאַסן פון דער אַלטשטאָט אין צפת, האָט ער, הרב העלער, געשטעלט זיך דער ערשטער צו דער אַרבעט ביי די באַפעסטיקונגען.

אַ זעלטן בילד האָט זיך שבת אַנטפּלעקט פאַר די איינוווינער פון מירון אין גליל; אָנגעטאָן אין אַ שטריימל און אין שבתדיקע בגדים איז געגאַנגען הרב מאיר זאב שטערן מיט אַ רידל אין האַנט, בראש פון זיינע חסידים, כדי צו גראָבן שוצגרובנס.

בעת דער תפילה האָט דער רב מודיע געווען, אַז דער פּיקוד הצפון האָט פאַראָרדנט אויסצוגראָבן שוצגרובנס. היות דער רב איז איבערצייגט געוואָרן, אַז דאָס איז אַ דרינגענדיקער ענין, האָט ער זיך געווענדט מיט אַ הייסער דרשה צו זיינע חסידים און צווישן אַנדערן האָט ער געזאָגט: „איידער ישראל איז אַרויס אין מלחמה האָט דער כהן גדול געזאָגט: ,שמע ישראל, היינט גייט איר אַרויס קעגן אייערע פיינט׳. דער דאָזיקער פּסוק דערלויבט אויך אונדז מחלל שבת זיין און דעריבער איז אַ חוב און אַ

הייליקע מצווה צו מאַכן די שוצגרובנס אום שבת קודש״ — האָט געזאָגט הרב שטערן. דערביי האָט ער געגעבן אַ פּערזענלעכןביישפּיל זיינע חסידים און אַלע האָבן אָנגעהויבן גראָבן, זינגענדיק מזמורים פון תהילים.

ווען די ישראל־רעגירונג וואָלט געגעבן ספּעציעלע אויסצייכענונגען פאַר מוטערס, וואָס ברענגען זייער ביישטייער פאַרן אָנשטרענג פון זיכער־קייט, וואָלט אַזאַ אויסצייכענונג זיכער פאַרדינט די פרוי רחל רחמים פון חיפה, וואָס האָט אָפּגעשיקט אין צה״ל אַ גאַנצע קאָמפּאַניע: אירע 12 קינדער, 11 בחורים און איין מיידל, זיי זענען אַלע אין דער אַרמיי. מיליטע־רישע קרייזן דערקלערן, אַז די אַרמיי האָט נאָך קיין מאָל ביז איצט נישט געזען אַזוי פיל ברידער דינען אין איין און דער זעלבער צייט.

די עלטערן זענען, פאַרשטייט זיך, שטאָלץ מיט זייערע קינדער, אָבער דאָס געפיל איז געמישט מיט אַן אומרו, ווייל זיי געהערן אַלע צו קעמפּע־רישע איינהייטן.

אַ יידישער דאָקטאָר פון האַנאָלולו מיט אַ פרוי און אַ מוטער פון זעקס קינדער האָט געבעטן די יידישע אַגענץ איינצואָרדענען אַזוי שנעל ווי מעגלעך זיין עליה, כדי ער זאָל קאָנען זיין נוצלעך אין ישראל און דינען פאַר איר. די פאַמיליע וועט גאָר אין גיכן אָנקומען קיין ישראל.

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער אַרמיי איז אין אַ מילי־טערישן לאַגער פאָרגעקומען אַ ברית מילה. אַ זעלנער האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז ער איז געוואָרן אַ פאָטער פון אַ זון, ער האָט געבעטן זיין קאָמענדאַנט אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין רחובות אויף עטלעכע שעה, כדי צו זיין ביים ברית.. דער קאָמענדאַנט האָט נישט געקאָנט נאָכגעבן די ביטע און האָט פאָרגעלייגט צו מאַכן דעם ברית אין לאַגער. מען האָט אַראָפּגעבראַכט דעם מוהל מיטן קינד און דאָ האָט דער מוהל מל געווען אין דער אָנוועזנהייט פון דער גאַנצער מיליטערישער איינהייט. דעם קינד האָט מען אַ נאָמען געגעבן ארז, ווייל עס איז געבוירן געוואָרן אין דער וואָך ווען די אונ״אָ־כוחות האָבן עוואַקוירט דעם אָבסערוואַציע־פּאָסטן פון ארז.

אַן אַדוואָקאַט אין תל־אביב האָט אַריינגעשיקט אין פינאַנס־מיניס־טעריום אַ טשעק אויף 200.000 ישראל־פונט. אין בריוו האָט ער געשריבן: „איך וויל ביישטייערן לויט מיינע מעגלעכקייטן פאַרן נאַציאָנאַלן אָנשטרענג אין דעם מאָמענט ווען דער שונא שטייט ביי אונדזער טיר... נעמט צו 50.000 פונט אַלס אַקאָנטאָ אויף מיינע צוקונפטיקע שטייערן און די איבע־ריקע שיק איך אַ הלוואה אָן פּראָצענט".

די מאַטראָסן פון דער שיף „קשת" פון „צים" האָבן אַריינגעשיקט 3820 ישראל־פונט. איין מאַטראָס האָט אָפּגעגעבן זיין מאָנאַטלעכן געהאַלט.

דער פּרעמיער־מיניסטער לוי אשכול האָט אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון די דרוזן מיט זייער גייסטיקן פירער, דעם שייך אמין טאַריף בראש. זיי האָבן אויסגעדריקט זייער צוטרוי און לאָיאַליטעט צו דער מדינה און צו דער אַרמיי און האָבן געבעטן, אַז די דרוזן־רעזערוויסטן זאָלן תיכף גערופן ווערן אין מיליטער.

אין די בענק פון ישראל ברענגען ישראלים זייער צירונג, פּרעמדע וואַלוטע און געלט.

די ישראלדיקע פּרעסע ציטירט די נעמען פון הונדערטער פירמעס, אין וועלכע די אַרבעטער האָבן אָפּגעגעבן דעם לוין פון אַ טאָג אָדער פון מערערע טעג אַרבעט פאַרן נאַציאָנאַלן אָנשטרענג אויפן חשבון פון זייערע פּערזענלעכע וואַקאַנסן.

אַ סך ישראלים ברענגען געלט אין די בענק און גיבן עס אָפּ אַלס הלוואה אָן פּראָצענט אויף אָפּצוגעבן אין ראַטעס... נאָכן נצחון.

אַ גרויסע צאָל פרייוויליקע אַרבעט ביים תבואה־שניט אין די דערפער. באַזונדערס גרויס איז די צאָל פרייוויליקע אין די דערפער ביים עזה־פּאַס. געוויסע דערפער האָבן ערב דעם אויסברוך פון קריג געמאָלדן, אַז זיי האָבן שוין מער אַרבעטער, ווי זיי דאַרפן, אָבער אַ סך אַנדערע דערפער ליידן צוליב מאַנגל אין אַרבעטס־הענט און בעטן הילף.

פון אַ ריי לענדער קומען אַן יונגע יידן, כדי צו פאַרטרעטן די מאָבי־ליזירטע מענער אין דערפער און קיבוצים. דער ערשטער קאָטינגענט צו דער אַרבעט איז געקומען פון אַמעריקע. מען דערוואַרט אַ גרעסערע גרופּע פון לאָנדאָן און אַ זייער גרויסע גרופּע יידן פון דרום־אַפריקע.

ביי זייער אָנקום באַקומען די פרייוויליקע אַ בריוו פון אויסנאַם־קאָמי־טעט פון דער יידישער אַגענץ. אין בריוו ווערט געזאָגט, אַז זיי וועלן פאַרטרעטן די מאָביליזירטע מענער און פרויען און זיי ווערן געוואָרנט, אַז עס וועט זיי אויסקומען צו טאָן פאַרשידענע אַרבעטן. אינעם בריוו ווערט אויך אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז די אויסנאַם־צייט וועט לאַנג נישט דויערן און זיי וועלן אַרויסטראָגן פון לאַנד אַ געפיל פון סאַטיספאַק־ציע און פון צוגעבונדנקייט צו ישראל.

די 60 אַמעריקאַנער סטודענטן, וואָס לערנען אין דער ישיבה כרם אין יבנה, האָבן זיך אַלע ווי איין מאַן פרייוויליק געמאָלדן צו דער אַרבעט אין קיבוצים און דערפער. נישט געקוקט אויפן דרוק פון זייערע עלטערן, האָט קיין איינער פון זיי נישט געוואָלט פאַרלאָזן ישראל.

אַ באַר אין באר־שבע האָט פאַרקלענערט דעם פּרייז פון אַן „עספּרעסאָ" פון 50 אויף 40 אגורות. די צוויי ברידער, אינהאַבער, זענען מאָביליזירט און זייערע פרויען זאָגן, אַז איצט איז נישט דער מאָמענט צו פאַרדינען געלט.

30 בירגער פון תל־אביב פאָרן אַרום מיט זייערע פּריוואַטע אויטאָס און פירן פּאַסאַזשירן אויף די ליניעס פון אויטאָבוסן, וועלכע קורסירן נישט, ווייל די שאָפערן זענען מאָביליזירט. די קאָמוניקאַציע איז אומזיסט און ווען עמעצער וויל באַצאָלן, גייט דאָס געלט פאַר דער פאַרטיידיקונג.

5.6.1967

## רעגירונג פון נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע

נאָך לאַנגע און שווערע אונטערהאַנדלונגען, אין די שפּאַנענדיקע טעג פון ציטער און זאָרג פאַרן גורל פון דער מדינה, איז ענדלעך די רעגירונג פון נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע געוואָרן אַ פאַקט. נאָך אַ טאָג פון שווערע פּאָליטישע, פיזישע און זעלישע קריזיסן, איז אויפגעשטאַנען די באַגערטע און אַזוי לאַנג דערוואַרטע רעגירונג פון מפּ״ם ביז „חרות", צו וועלכער ס'האָבן זיך אָנגעשלאָסן משה דיין (רפי) אַלס זיכערקייט־מיניסטער, מנחם בעגין (חרות) און יוסף ספּיר (ליבעראַלן) — אַלס מיניסטאָרן אָן טעקעס. דאַנקבאַר אין אָוונט, ווען די דאָזיקע בשורה איז געבראַכט געוואָרן פאַר דער גאַנצער מדינה, האָט די רעגירונג אין איר נייעם צוזאַמענשטעל אָפּגעהאַלטן איר ערשטע נישט אָפיציעלע זיצונג.

ווען דער רעגירונג־שעף איז פאַר נאַכט געקומען אין מפּא״י־סעקרע־טאַריאַט — די אינסטיטוציע, וואָס האָט מיט עטלעכע שעה פריִער דעצי־דירט פאַרן אָנשלוס פון משה דיין אַלס זיכערקייט־מיניסטער, און דערמיט דערמעגלעכט די אויפריכטונג פון „דער רעגירונג פון נאַציאָנאַלער קאָנ־צענטראַציע", איז ער געווען אין אַ זייער געהויבענער שטימונג. ס'איז קאָנטיק געווען, אַז דער דאָזיקער מענטש, לוי אשכול, וואָס איז געווען אויסגעמאַטערט און דערשעפּט פון די לאַנגע און אָנגעשטרענגטע אונטער־האַנדלונגען — איז ווי פּלוצעם געבוירן געוואָרן פון דאָס ניי. אַ שווערער שטיין איז אים אַראָפּ פון האַרצן. ער האָט זיך געוויצלט און דערציילט אַנעקדאָטן אין יידיש, ביי אַ הילכיק געלעכטער פון אַלע אַנוועזנדיקע, וואָס האָבן אים אויפגענומען מיט רווישיקע אַפּלאָדיסמענטן. דאָס איז געווען דער גוטער סוף פון דער שווערער האַרעוואַניע פון גאַנצע טעג און שלאָפ־לאָזע נעכט. אַלע זענען געווען צופרידן.

פאַרן דערגרייכטן הסכם איז געפירט געוואָרן אַ לאַנגער צווישן־פּאַרטייִשער משא ומתן, וואָס האָט זיך אין משך פון דאַנערשטיקדיקן טאָג קאָנצענטרירט אין דער „קאָמיסיע פון פינף" פון דער רעגירונג (דער רעגירונג־שעף ל. אשכול און די מיניסטאָרן י. גלילי, מ. ח. שאַפּיראָ, י. ברזילי און מ. קול) מיט די פאַרטרעטער פון גחל און רפי. גלייכצייטיק זענען פאָרגעקומען אינטענסיווע דעבאַטן און אויפקלערונגען. אין די

פּאַרטיי־צענטערס. דער סעקרעטאַריאַט פון מפּא״י האָט במשך פון דעם דאָזיקן טאָג אָפּגעהאַלטן דריי זיצונגען.

בעת דער דעבאַטע, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט כמעט אַלע מיטגלידער פון מפּא״י־סעקרעטאַריאַט, דערונטער אויך סעקרעטאַרין גאָל־דע מאיר, זענען געהערט געוואָרן פיל לויבווערטער פאַרן רעגירונג־שעף ל. אשכול צוליבן אופן ווי ער האָט געפירט די געשפּרעכן אויסצובדייטערן די רעגירונג. די איבערוויגנדיקע מערהייט פון די באַטייליקטע אין דער דעבאַטע האָט געטענהט, אַז נאָך דעם ווי אשכול איז גרייט אָפּצוטיילן די זיכערקייט־טעקע, דאַרף די דאָזיקע טעקע איבערגעגעבן ווערן פאַר משה דיין, אויך די, וואָס האָבן געשטיצט דעם פאָרשלאָג, אַז די דאָזיקע טעקע דאַרף איבערגעגעבן ווערן יגאל אַלון, האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז אויב די נאָמינאַציע פון מ. דיין אַלס זיכערקייט־מיניסטער דאַרף דינען אַלס באַדינג אויסצוברייטערן די רעגירונג, דאַרף די דאָזיקע פאָדערונג אָנגע־נומען ווערן.

נאָך דעם ווי י. אַלון האָט אַראָפּגענומען זיין קאַנדידאַטור זענען נאָך מיטאָג זיך צוזאַמענגעקומען די מיניסטאָרן פון מערך און ביי אַן אַלגעמיי־נער הסכמה איז באַשלאָסן געוואָרן צו נאָמינירן מ. דיין אַלס זיכערקייט־מיניסטער. נאָך דער זיצונג איז מ. דיין איינגעלאַדן געוואָרן צום רעגירונג־שעף, וועלכער האָט אים געמאָלדן וועגן דער נאָמינאַציע, וואָס ווערט אים פאָרגעלייגט אַלס פאַרטרעטער פון רפי, נאָך דעם ווי דיין האָט אויסגעי־דריקט זיין הסכמה, האָט זיך דער רעגירונג־שעף געטראָפן מיט די פאַר־טרעטער פון רפי, י. אלמוגי, י. נבון און ש. פרס, וואָס האָבן אויסגעדריקט זייער הסכמה אויפן פאָרשלאָג פון רעגירונג־שעף. גלייך נאָך דעם האָט דער פּאָליטישער סעקרעטאַר פון רעגירונג־שעף עדי יפה געמאָלדן מ. בעגינען וועגן הסכם מיט רפי. מ. בעגין האָט געענטפערט: „איר האָט מיר געבראַכט אַ גרויסע פריידיקע בשורה״.

מיט אַ שעה שפּעטער איז פאָרגעקומען די ערשטע נישט־אָפיציעלע זיצונג פון דער אויסגעברייטערטער רעגירונג, און דער רעגירונג־שעף ל. אשכול האָט דערביי אָפּגעגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונג: „איך באַגריס די נייע מיטגלידער פון דער רעגירונג, וואָס העלפן טראָגן דעם יאָך פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער אַחריות. איך בין זיכער, אַז די נאַציאָנאַלע

קאָנצענטראַציע וועט אויפגענומען ווערן מיט סימפּאַטיע דורך די ברייטע שיכטן פון פאָלק אין ציון און דורך די יידן אין די תפוצות, וואָס שטייען איצט צוזאַמען מיט אונדז אין דער געמיינזאַמקייט פון גורל און מיטן געפיל פון טיפער היסטאָרישער יידישער אחריות״.

דער ניי־באַשטימטער זיכערקייט־מיניסטער משה דיין איז גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט נאָך דעם ווי ער האָט אין משך פון דער גאַנצער נאַכט אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען מיטן רעגירונג־שעף ל. אשכול און מיט זיינע ראַטגעבער. ער האָט קאָנצענטרירט פיל דערפאַרונג פאַרן אָנגעמען די העכסטע זיכערקייט־אויפגאַבע, דורך באַזוכן די פּאָזיציעס פון צה״ל. ווי ער האָט געמאָלדן דעם רעגירונג־שעף, האָט ער בדעה, אויך אַלס זיכער־קייט־מיניסטער, צו פאַרברענגען די מערסטע צייט זיינע אין ענגער באַ־רירונג מיט די צה״ל־כוחות.

די אויסגעברייטערטע רעגירונג פון נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע, און באַזונדערס דער פאַקט, אַז דער „העלד פון סיני״ רב־אלוף משה דיין, איז באַשטימט געוואָרן אַלס זיכערקייט־מיניסטער, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אין דער גאַנצער וועלט.

7.6.1967

## דער טויטקלאַפּ פאַר די אַגרעסאָרן פון מצרים, ירדן און סיריע

אין די פרימאָרגן־שעהען פון מאָנטיק דעם 5טן יוני 1967 האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן אויפן דרום־פראָנט צווישן די לופט־כוחות און פאַנ־צער־קאָלאָנעס פון מצרים און צווישן די כוחות פון צה״ל. גלייך אין דער פרי האָט אַ וואָרטזאָגער פון צה״ל געמאָלדן, אַז די קאַמפן האָבן זיך אָנגע־הויבן נאָך דעם ווי די מצרישע איינהייטן האָבן געריקט אין דער ריכטונג פון ישראל. ס׳זענען גלייך אַרויס קעגן זיי ישראלדיקע כוחות, מיטן ציל זיי צו טאָרמאָזירן. שוין ביי די ערשטע צוזאַמענשטויסן זענען פאָרגעקומען לופט־קאַמפן.

די קאַמפּן האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אַ שפּאַנונג פון צוויי וואָכן. די דאָזיקע שפּאַנונג איז שטאַרק געשטיגן אין די לעצטע טעג, נאָך דעם ווי נאַסער האָט מיט גרויס פּאָמפּע געשלאָסן אַ בשותּפותדיקן פאַרטיידיקונגס־אָפּמאַך מיט ירדן און מיט איראַק, און ווען גלייך נאָך דעם האָט זיך אָנגע־הויבן אַ באַוועגונג פון איראַקיש מיליטער קיין ירדן, און אין דמשק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ מלחמה־רעזשים פון פאַרטונקעלונג אאַז״וו.

די קאַמפּן האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך דעם ווי ס׳זענען דורכגעפאַלן אַלע אָנשטרענגונגען צו לייזן דעם קריזיס מיט דיפּלאָמאַטישע וועגן און נאָך דעם ווי ס׳זענען דורכגעפאַלן די אַריינמישונג־פּרוּוון פון די גרויס־מאַכטן, כדי צו פאַרזיכערן אַ פרייע נאַוויגאַציע אין דעם טיראַן־דורכפאַר. ווי ס׳שיינט, האָט מצרים געשעפּט אויפמונטערונג פונעם פאַקט, וואָס ישראל האָט פריִער געוואָלט אויסנוצן אַלע פּאָליטישע וועגן און דעריבער האָט זי אָנגעהויבן מיט אַן אָנגרייפערישער איניציאַטיוו אין דער ריכטונג צו דער ישראל־גרענעץ.

אין די לעצטע צוויי וואָכן האָט צה״ל אונטערגענומען אַ גאַנצע ריי צוגרייטונג־מיטלען לענגאויס די ישראל־גרענעצן. אַחוץ דער מאָביליזאַציע פון די רעזערוון, האָט זי אויך קאָנצענטרירט כוחות ביי דער דרום־גרענעץ און אין אַנדערע אָפּשניטן. אין משך פון די לעצטע טעג זענען דערפאָלגרייך פאַרענדיקט געוואָרן די פאַרטיידיקונגס־מערכות פון צה״ל און צווישן אַנדערן זענען אונטערגענומען געוואָרן מיטלען צו באַשיצן די ציווילע באַפעלקערונג פון די שטעט אין הינטערלאַנד.

מאָנטיק 8 אַ זייגער פרי האָט מען דערהערט אין תל־אביב די ערשטע אַלאַרם־סירענע. אין דער צייט ווען אַ טייל פון עולם איז אַן בהלה און לאַנגזאַם אַראָפּ אין די קעלערס, האָבן פיל אַנדערע ציווילע בירגער בכלל נישט געאיילט זיך צו געפינען אַ שוץ און זיי האָבן פאַרגעזעצט זייער וועג ווי ס׳וואָלט גאָר נישט געשען. אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט מען געהערט די באַרויִקונג־סירענע. דער עולם איז אַרויס פון די שוצקעלערס און האָט פאַרגעזעצט זיין וועג. פיל האָבן מיטגעטראָגן מיט זיך טראַנזיסטאָרן, כדי צו הערן די מעלדונגען פונעם צה״ל־וואָרטזאָגער. אין אַלגעמיין אָבער איז דאָס לעבן אָנגעגאַנגען נאָרמאַל. די קינדער זענען געגאַנגען אין די שולן און די געשעפטן זענען געווען אָפן. די גאַסן האָבן זיך עטוואָס אויסגעליי־דיקט, ווייל אין אַ ספּעציעלער מעלדונג פון צה״ל זענען גערופן געוואָרן

די נאָך נישט מאָביליזירטע רעזערוויסטן, לויט זייערע סלאָגאַנען: „אהבת־ציון", „אורות הבמה", „אחרון הצדיקים", „שלום וברכה" א"אַ. גלייך צו שטעלן זיך אין די געהעריקע פּלעצער. אין אַן אַנדער מעלדונג איז פֿאַר־אָרדנט געוואָרן אַ „פּאַרטונקעלונג־רעזשים" פֿון זונפֿאַרגאַנג ביז אין דער פֿרי אין גאַנצן לאַנד. ס'זענען אויך אָנגעגעבן געוואָרן אַלע נייטיקע אָנווייַ־זונגען פֿון שטאַב פֿון דער ציווילער פֿאַרטיידיקונג, ווי אַזוי מ'דאַרף זיך אויפֿפֿירן ביים דערהערן די אַלאַרם־סירענע און אַזוי. אין משך פֿון טאָג זענען געהערט געוואָרן זעקס אַלאַרם־סירענעס, און אָנהייב אָוונט — די זיבעטע. זיצנדיק אין די שוצקעלערס האָט מען געהערט דאָס גערויש פֿון עראָפּלאַנען און אויך עטלעכע מאָל אַ טעמפּן אָפּקלאַנג פֿון אַ באַשיסונג. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן איז עטלעכע פֿיינטלעכע עראָפּלאַנען געלונגען אַנצוקומען ביז נתניה און כפר־סבא און דאָרט האָבן זיי געעפֿנט אַ שיסערײַ און פֿאַרוווּנדעט עטלעכע פּערזאָן. פֿון שפּעטערדיקע ידיעות איז באַקאַנט געוואָרן, אַז פֿון די ירדנישע באַשיסונגען און באָמבאַרדירונגען זענען גע־טראָפֿן געוואָרן: די הויפּטשטאָט ירושלים, און גאַנץ באַזונדערס אירע קוואַרטאַלן נחלת־שמעון, מוסררה און מאה־שערים; רמת־רחל, נחושה, להב, טירת־צבי, דאָס אַראַבישע דאָרף סאנדאַלאַ, רמת־הכובש, כפר־יעבץ, בהן, אייל, כפר־סירקין, כפר־סבא, יד־חנה, נתניה, דאָס אַראַבישע דאָרף כפר־קסם, לוד, רעננה, תל־ברוך ביי תל־אביב און אַן איינציקן שראַפּנעל האָט מען אויך געפֿונען אויפֿן מאַסאַריק־פּלאַץ אין צענטער פֿון תל־אביב. אין כפר־סבא זענען דערהרגעט געוואָרן פֿיר פּערזאָן און אין איר אינדוסטריע־לן צענטער זענען פֿאַרוווּנדעט געוואָרן 15 פּערזאָן. ס'ווערט אויך איבער־געגעבן וועגן עטלעכע דערהרגעטע אין ירושלים. אין נתניה זענען פֿאַר־וווּנדעט געוואָרן 6 פּערזאָן.

אין משך פֿון טאָג און פֿון דער גאַנצער נאַכט האָט „קול ישראל" יעדע שעה איבערגעגעבן די נייעס פֿון די פֿראָנטן, און אַלע בירגער פֿון לאַנד זענען ממש געווען צוגעשמידט צו די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן. דער וואָרטזאָגער פֿון צה"ל האָט אָבער אין זיינע מעלדונגען איבערגעגעבן זייער ווייניק פּרטים וועגן גאַנג פֿון די קאַמפֿן, „פּאַרלויפֿיק וועט זיין געזונטער, אַז דער שונא זאָל וויסן וואָס ווייניקער וועגן דער לאַגע אויף די פֿראָנטן" — האָט ער אויפֿגעקלערט. ער האָט בלויז צוגעגעבן, אַז „די צה"ל־זעלנער קעמפֿן ווי די העלדן און דער לופֿטפֿלאָט אַנטוישט נישט". און ווען דער קאָמענ־טאַטאָר פֿון „קול ישראל", אלוף הערצאָג, האָט אין אָוונט רעזומירט די

קאמפן פון ערשטן טאָג, האָט ער צוו״אַ געזאָגט : „נאָסער פון איצט איז שוין ווייט נישט דער נאַסער פון היינט אין דער פרי״... און פון דעם אַליין האָט מען שוין געקאָנט פאַרשטיין, אַז זיין מפּלה איז אַ גרויסע...

ערשט אין דער נאַכט פון מאָנטיק אויף דינסטיק האָט דער אַרמיי־שעף, רב־אלוף י. רבין, און דער קאָמאַנדיר פון לופט־פלאָט, אלוף מ. הוד, איבערגעגעבן אויספירלעכע באַריכטן פון די קאַמפן במשך פון טאָג און וועגן די איבערראַשנדיקע נצחונות פון די צה״ל־כוחות און קודם־כל פון לופט־פלאָט. „אונדזער לופט־פלאָט האָט אין משך פון היינטיקן טאָג גע־מאַכט געשיכטע, נישט נאָר אין ישראל און אין מיטעלן מזרח, נאָר אויך אין דער גאַנצער וועלט. לאַנגע דורות וועלן לערנען אין די שולן וועגן גאַנג פון דעם דאָזיקן איבערראַשנדיקן קאַמף״ — האָט געזאָגט דער קאָמענ־דאַנט אַלוף מ. הוד. אין משך פון ערשטן טאָג זענען צעשטערט געוואָרן אין דער לופט און אויף דער יבשה העכער 400 עראָפּלאַנען פון מצרים, ירדן און סיריע און ס׳זענען דעראָבערט געוואָרן ריזיקע שטחים אין דעם עזה־פּאַס און אין סיני.

דער אַרמיי־שעף יצחק רבין האָט געזאָגט : „איך וויל איבערגעבן אין קורצן ווי אַזוי ס׳שטעלט זיך פאַר די לאַגע אין דעם איצטיקן מאָמענט : אין דעם אָפּשניט פון צפון־סיני האָבן אונדזערע כוחות דעראָבערט רפיח, שייך זוויד און פאַרנאַכט האָבן זיי דעראָבערט די שטאָט אל־עריש. איין געפּאַנצערטע קאָלאָנע איז אַרויף אויפן וועג אל־עריש—אַבו־עגילה. אַנדע־רע כוחות האָבן דעראָבערט חאַן־יוניס און דיר אַל־באַלאַח און זיי קעמפן איצט ביי די טויערן פון דער שטאָט עזה.

אין צענטראַלן אָפּשניט האָבן אונדזערע כוחות דעראָבערט די באַ־פעסטיקטע פּאָזיציעס פון עגיה־אל־חפיר און טארט־אום כאָסיס. עס זענען דעראָבערט געוואָרן אַ ריי באַפעסטיקטע פּאָזיציעס אינעם ראַיאָן כונתילה. אין די הענט פון אונדזערע כוחות זענען אַריינגעפאַלן פיל געפּאַנגענע און אַ גרויסער שלל פון געווער און אַמוניציע, דערונטער פיל טאַנקען און האַרמאַטן. דער שונא האָט געהאַט זייער גרויסע פאַרלוסטן. אונדזערע פאַרלוסטן זענען פאַרהעלטנישמעסיק לייכטע״.

נאָך דעם ווי די כוחות פון ירדן האָבן פאַרכאַפּט דעם שטח פון געוו. ענגלישן הויכקאָמיסאַר, וואָס דאָס איז זיצאָרט פונעם גענעראַל־שטאַב פון

און״אָ אין ירושלים, איז דער גאַנצער ראַיאָן דעראָבערט געוואָרן דורך אונדז. אונדזערע כוחות האָבן אויך דעראָבערט און־בחר דרומדיק פון ירושלים, דעם ראַדאַר אין שייך־עזיז, צפונדיק פון מעלה החמישה, און דעם ראַיאָן פון לטרון. אַנדערע כוחות זענען אַרייננעדרונגען פון צפון און האָבן דעראָבערט עטלעכע דערפער אַרום דזשענין.

אין משך פון טאָג האָט דער ישראלדיקער לופטפלאָט געגעבן אַ טויט־קלאַפּ די לופטפלאָטן פון מצרים, ירדן און סיריע, דערגרייכנדיק אַ פולע אויבערהאַנט אין אַלע הימל־ברייטקייטן פון ראַיאָן. „דער נצחון פון ישראל־דיקן לופטפלאָט אין די קאַמפן פון היינטיקן טאָג איז אַ דערגרייכונג אָן פּרעצעדענט״ — האָט געזאָגט דער אַרמיי־שעף, בעטנדיק דעם קאָמאַנדיר פון לופטפלאָט איבערצוגעבן פּרטים וועגן דער דאָזיקער איבערראַשנדיקער לופט־שלאַכט.

דער קאָמאַנדיר פון לופטפלאָט, אַלוף מרדכי הוד, האָט געזאָגט: „מיר האָבן זיך פאַרמאָסטן מיט די פיינטלעכע כוחות פון מצרים, ירדן, סיריע און איראַק. אין דער דאָזיקער שלאַכט האָבן מיר פולשטענדיק חרוב גע־מאַכט 374 פיינטלעכע עראָפּלאַנען, און לויט אַלע וואָרשיינלעכקייטן זענען פאַרניכטעט געוואָרן נאָך 34 עראָפּלאַנען: אין מצרים זענען פאַרניכטעט געוואָרן סך־הכל 286 עראָפּלאַנען, פון זיי 30 שווערע באָמבאַרדירער פונעם טיפּ „טאָפּאָליעוו 16״, 27 מיטעלע באָמבאַרדירער פון טיפּ „איליושין״.

אין סיריע זענען פאַרניכטעט געוואָרן סך־הכל 52 עראָפּלאַנען, פון זיי 30 פונעם טיפּ „מיג 21״ און 2 באָמבאַרדירער „איליושין 28״.

אין ירדן זענען פאַרניכטעט געוואָרן 20 עראָפּלאַנען פונעם טיפּ „האַנ־טער״ און 7 טראַנספּאָרט־עראָפּלאַנען און העליקאָפּטערן.

נאָך דעם ווי אַן עסקאַדרע פון איראַקישע עראָפּלאַנען האָט אָנגעג־ריפן ישראלדיקע ישובים האָבן מיר אָנגעגריפן זייער פליבאַזע „ה־3״ אין איראַק און מיר האָבן פאַרניכטעט 6 זייערע עראָפּלאַנען „מיג 21״ און 3 עראָפּלאַנען „האַנטער״.

אין די דאָזיקע קאַמפן האָבן מיר פאַרלוירן 19 פליִער, פון זיי זענען 8 אומגעקומען און 11 פעלן. אַ טייל פון זיי געפינט זיך אין געפאַנגענ־שאַפט פון שונא. אַ מעלדונג וועגן דעם איז איבערגעגעבן געוואָרן זייערע משפחות. מיר האָבן אויך פאַרלוירן 19 עראָפּלאַנען: 4 עראָפּלאַנען פונעם טיפּ „הוראַגאַן״, 4 „מיסטער״, 4 „סופּער־מיסטער״, 2 עראָפּלאַנען פונעם טיפּ „מיראַזש״, 1 „וואָטור״־עראָפּלאַן און 4 עראָפּלאַנען „פוגאַ־מאַגיסטער״.

„זעלנער פון לופטפלאָט״ — האָט געזאָגט אַלוף הוד — „ס׳איז נאָך נישט פאַרענדיקט געוואָרן אייער אויפגאַבע. דער לופטפלאָט איז פאַרבליבן מונטער און פעסט. אין זיין גייסט און אין זיין כוח, גרייט פאָרצוזעצן זיין אַקטיוויטעט, וואָס וועט פאַרזיכערן דעם נצחון פון צה״ל״.

אין אָפיציעלע מעלדונגען פון די אַראַבישע מדינות ווערט געזאָגט, אַז ישראלדיקע עראָפּלאַנען האָבן דורכגעפירט זייער שווערע באָמבאַרדי־רונגען אויף פלי־באַזעס אין מצרים, ירדן און סיריע, ווי אויך אויף מילי־טערישע קאָנצענטראַציעס אין סיני און אויפן בלאָקאַדע־כוח אין שאַרם־אַ־שייך. קאַיראָ האָט איבערגעגעבן, אַז פון די פּרימאָרגן־שעהען האָבן ישראלדיקע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט די פליפלעצער אין סיני, אין ראַיאָן פון סועץ־קאַנאַל און ביי קאַיראָ און אַז ישראל גרייפט אָן לענג־אויס דער גאַנצער גרענעץ.

פון ירדן איז איבערגעגעבן געוואָרן וועגן דער באָמבאַרדירונג פון 2 פליפלעצער ביי רבת־עמון, און סיריע האָט אָפיציעל איבערגעגעבן, אַז ס׳איז אָנגעגריפן געוואָרן דער פליפלאַץ פון דמשק. מערבדיקע אויסלענ־דישע קאָרעספּאָנדענטן אין רבת־עמון גיבן איבער, אַז נאָך מיטאָג האָט מען געזען גרויסע רויכוואָלקנס איבער רבת־עמון נאָך דער לופט־באָמבאַרדירונג און איר ראַדיאָ־סטאַנציע האָט אויפגעהערט אירע זענדונגען אין משך פון 5 שעה. ביירוט האָט איבערגעגעבן, אַז ישראלדיקע עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט פאַרשידענע ראַיאָנען אין מערב־לבנון.

די קאָרעספּאָנדענטן גיבן איבער וועגן אָפטע אַלאַרם־סירענעס און וועגן דעטאָנאַציעס, וואָס מען האָט געהערט אין קאַיִראָ אין משך פון לאַנגע שעהען. „שוין 4 שעה ווי ישראלדיקע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירן אומאויפ־הערלעך דאָס סאַמע האַרץ פון מצרים. מען הערט מעכטיקע אויפרייסן אין קאַיִראָ. די ווענט פון האָטעל, וווּ איך וווין, ציטערן אַזוי שטאַרק ווי זיי וואָלטן געהאַלטןביים איינפאַלן״ — אַזוי שרייבט דער ספּעציעלער קאָרעס־פּאָנדענט פון דער באַרימטער פראַנצויזישער צייטונג „לע מאָנד״, עריק רולאָ, אין קאַיִראָ. „ס׳איז שוין דאָס פינפטע מאָל ווי דער ישראלדיקער לופטפלאָט גרייפט אָן מיט אַזאַ מוראדיקער מעכטיקייט״, מעלדעט רולאָ, מען באָמבאַרדירט פליפלעצער ביי קאַירָאָ, אין דער זאָנע פון סועץ־קאַ־נאַל, אין אל־עריש, אין שאַרם־אַ־שייך און צפון־מצרים, און אפילו אינעם ראַיאָן פון דער אַסואַן־דאַמבע ווערן, ווי ס׳זעט אויס, געוואָרפן שווערע

באַמבעס, צום שווערסטן ווערט באָמבאַרדירט קאַיראָ. די באָמבעס פאַלן דירעקט איבער דער שטאָט".

פריִער האָט קאַיראָ געטאַנצט פון פרייד. רולאָ שילדערט, ווי אַ זייגער 10 פרי האָבן די מאַסן געטאַנצט פון פרייד אין די גאַסן פון קאַיִראָ, ווען ס'איז באַקאַנט געוואָרן, אַז ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן אין סיני. אָבער, „מיט עטלעכע שעה שפּעטער איז קאַיִראָ שוין געווען ליידיק פון מענטשן. די שטאָט איז געוואָרן פּאַראַליזירט און איך קאָן אַפילו נישט געפינען קיין טעקסי..."

13.6.1967

## ווי אַזוי די אַראַבער נעמען אויף זייער מפּלה

ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ פון פילם לויפן פאַרביי די אויגן די גרויסע איבעררּאַשנדיקע „קעפּ" פון די פרימאָרגן־צייטונגען און אין די ספּעציעלע אויסגאַבן פון די פרימאָרגן־ און אָוונט־אויסגאַבן: „צה"ל האָט צעשטערט און ליקווידירט 400 עראָפּלאַנען פון די סירישע ירדנישע לופט־פלאָטן!" „פיל געפאַנגענע, אַ שלל פון טאַנקען און האַרמאַטן זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון צה"ל!" — עזה, לאַטרון און דזשענין זענען דעראָבערט געוואָרן! און דאָס אַלץ נאָך קאַמפן פון בלויז איין מעת־לעת! ווי אַזוי זשע האָט די דאָזיקע צעשמעטערנדיקע, וויסטע מפּלה געווירקט אויף די צעפלאַקערטע אַראַבישע געמיטער, וועמענס סלאָגאַן ס'איז געווען אין דעם פרימאָרגן פון דעם זעלבן טאָג: „צו זען זיך אין צוויי שעה אַרום אין תל־אביב?"...

ביז מאָנטיק אין דער פרי 8,30, האָט דער קאַיִרער ראַדיאָ און די איבעריקע אַראַבישע סטאַציעס געזענדעט זייערע „געוויינלעכע" פּראָגראַמען: מיליטערישע מאַרשן און אַ וויסטע העצע צו פירן אַ „הייליקע מלחמה" קעגן ישראל און מעלדונגען וועגן דער „צעמענטירונג און אייניקייט פון דער אַראַבישער וועלט". 8,50 האָט זיך גאַנץ פּלוצעם געענדערט דער טאָן. אַ מצרישער מיליטערישער וואָרטזאָגער האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע מעלדונג, אין וועלכער ס'ווערט געזאָגט, אַז ישראל האָט היינט 8 פרי אָנגע־

הויבן אַן אָנגריף, און האָט אויסגעפירט לופט־באָמבאַרדירונגען אויף קאַיִראָ און אויף די איבעריקע טיילן פון מצרים.

נאָך די ערשטע מיליטערישע מעלדונגען, האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן „די פאַנטאַסטישע נצחונות פון מצרים״, בעת וועלכע ס׳זענען „אַראָפּגעשאָסן געוואָרן״ צענדליקער ישראלדיקע עראָפּלאַנען און דער צעהיצטער מצרישער ספּיקער האָט אויסגערופן מיט פּאַטאָס: „ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מפּלה פון ציוניסטישן שונא, ער אַנטלויפט״.

די ראַדיאָ־סטאַציעס פון ירדן, סיריע, איראַק און לבנון האָבן זיך באַמיט איבערצושטייגן איינער דעם צווייטן אין „נצחונות״. די צאָל „אַראָפּגעשאָסענע״ ישראלדיקע עראָפּלאַנען איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט. קאַיִראָ האָט טריִומפירנדיק דערציילט וועגן 88 אַראָפּגעשאָסענע ישראלדיקע עראָפּלאַנען דורכן מצרישן לופטפלאָט... ירדן און סיריע זענען נישט געבליבן הינטערשטעליק, און זייערע ראַדיאָ־סטאַציעס האָבן דערציילט וועגן „צענדליקער אַראָפּגעשאָסענע עראָפּלאַנען פון ישראל״.

אין דעם דאָזיקן גאַנצן מלחמה־טומל האָט כוסיין, דער קעניג פון ירדן, געפונען צייט צו האַלטן אַ רעדע. ער האָט געמאָלדן, אַז ער האָט געשטעלט זיין אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדע פון מצרישן גענעראַל, עבדול מונעם ריאַד, „גאַנץ ירדן איז איצט איין ליניע פון פייער״, האָט ער דערקלערט, „מיר וועלן קעמפן ביז צום סוף״.

אין די נאָכמיטאָג־שעהען האָבן די סיריער געפּרוווט צו זיין מער „רעאַלער״. זיי האָבן דערציילט וועגן פּרווון פון ישראלדיקן לופטפלאָט אָנצוגרייפן לופט־באַזעס אינעם שטח פון סיריע. די אָנגריפן, פאַרשטייט זיך, זענען „אַלע אָפּגעשטויסן געוואָרן״... די שטימע פון מצרישן ספּיקער וואָס זענדעט אין אַ צעבראָכענעם עברית צו די איינוווינער „פונעם דעראָבערטן פּאַלעסטינע״, איז געוואָרן הייזעריקער און ליגנעריש האָט ער אויסגערופן: „תל־אביב ווערט איצט באָמבאַרדירט דורך די מצרישע עראָפּלאַנען, די גאַנצע שטאָט ברענט. אויך די נאַפט־ראַפינעריעס אין חיפה שטייען אין פלאַמען״...

הערנדיק די דאָזיקע ליגנס פון ראַדיאָ קאַיִראָ, האָט אַן אויסלענדישער קאָרעספּאָנדענט טעלעגראַפירט צו זיין צייטונג: „כ׳שפּאַציר איצער איבער די לעבהאַפטע גאַסן פון תל־אביב און מ׳זעט אין ערגעץ נישט קיין שריפה״...

אַלע „שווערע האַרמאַטן" אין די אַראַבישע ראַדיאָ־סטאַציעס זענען מאָביליזירט געוואָרן צו דער דאָזיקער ליגנערישער פּראָפּאַגאַנדע קעגן ישראל. זיי האָבן אויפגעמונטערט זייערע זעלנער און האָבן „באַשטימט" מיט זיי אַ צוזאַמענטרעף אין תל־אביב...

ערשט פּאָר נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן באַקומען אַ בילד פון דער מערכה. די פלאַמיקע התלהבות פון „נצחון" האָט זיך אָנגעהויבן אויסלעשן אויך ביי די צעהיצטע פּראָפּאַגאַנדיסטן. רעדנדיק וועגן דער ישראל־דיקער „אָנגרייפערישקייט" האָבן מצרישע מיליטערישע וואָרטזאָגער אי־בערגעגעבן וועגן דער ריכטונג פון די ישראלדיקע אָנשטרענגונגען: חאַן־יוניס, אין דעם עזה־פּאַס, די שטעט עזה און אל־עריש, בונתילה, אבו־עגילה און שאַרם־אַ־שייך.

דאָס אַריינפאַלן פון אייניקע ישראלדיקע פליִער אין די הענט פון מצרישן לופטפלאָט איז גלייך אויסגענוצט געוואָרן דורכן נאַסערישן פּראָ־פּאַגאַנדע־אַפּאַראַט. אַזוי, למשל, האָבן די מצרים געוויזן אויף די טעלעווי־זיע־עקראַנען איינעם פון די געפאַנגענע פליִער, סרן מרדכי לב. דער גע־פאַנגענער ישראלדיקער פליִער האָט דערציילט, אַז ער איז אַלט 35 יאָר, זיין פּערזענלעכער נומער איז 9968744, און אַז שוין מאָנטיק 6 אַ זייגער אין דער פרי האָט ער באַקומען אַן אָנווייזונג אָנצוגרייפן דאָס פליפעלד מאַליז, אויף דער צווייטער זייט פון סועץ־קאַנאַל.

די מצרים האָבן גראַווירט די ווערטער פון סרן לב און האָבן בייגע־לייגט דעם אינהאַלט פון זיין „מוז'ה זיין זיך" צו דער אָנקלאַגע, וואָס איז דערלאַנגט געוואָרן דורך זיי צום זיכערהייט־ראַט.

צוליב דער פולער באַהערשונג פון דער מצרישער קאָמאַנדע איבער דער ירדנישער אַרמיי, האָט ירדן אָנגעגריפן ישראל אויף פיל פראָנטן. נישט אַזוי דמשק. דער „באַאַט"־רעזשים אין סיריע, וואָס האָט אַ גאָר גרויסן חלק אין דער אַראָפּקייקלונג, וואָס האָט דערפירט צו דער איצטיקער מלחמה — האָט בעסער געוואָלט „קעמפן" דורך דער פאַרמיטלונג פון ראַדיאָ־זענדונגען, ווי אויפן שלאַכטפעלד. די סירישע יבשה־כוחות האָבן זיך נישט גערירט, אויך ווען די זענדונגען אין „קול ישראל" אין אַראַ־ביש האָבן זיי אַרויסגערופן צום קאַמף. בלויז דער סירישער לופטפלאָט האָט דורכגעפירט עטלעכע באָמבאַרדירונגען אויף ישראלדיקע ישובים, און ער האָט דערפאַר באַצאָלט אַ זייער טייערן פרייז. עטלעכע מאָל זענען דערשינען פאַרן ראַדיאָ־מיקראָפאָן פאַרשידענע סירישע פירער, צווישן

זיי אויך דער פּרעזידענט נור אַל־דין און דער אַרמיי־שעף, גענעראַל אַכמעד סוידאַני.

די מלחמה, וואָס איז אויסגעבראָכן אַזוי פּלוצעם, האָט גורם געווען אַ גרויסע בהלה אין דמשק, נאָכן אינצידענט פון 7טן אַפּריל, ווען דער ישראלדיקער לופטפלאָט האָט אַראָפּגעשאָסן זעקס סירישע עראָפּלאַנען, און דערביי איז ער אויך אָנגעקומען ביז די הימלען פון דמשק, איז די איינוווינער פון דער סירישער הויפּטשטאָט באַפאַלן אַ פּחד פאַר אַ באַנייטער דערשיינונג פון ישראלדיקע עראָפּלאַנען איבער דער שטאָט. די מאַכט־אָרגאַנען גופא האָבן אָנגעהויבן פאַרטיילן געווער די איינהייטן פון דער „פאָלקס־אַרמיי". די מעדיצין־סטודענטן זענען גערופן געוואָרן צו שטעלן זיך אין די שפּיטאָלן — און צוזאַמען מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלה פון איינקויפן שפּייז־פּראָדוקטן און די פרייזן זענען שטאַרק אויפגעשרויפט געוואָרן.

נאָכן טויטקלאַפּ, וואָס עס האָבן באַקומען פון צה"ל מצרים, סיריע און ירדן, האָבן זיך איינגעשפּאַנט אַראַבישע מדינות אין אַ פּראָפּאַגאַנדע־כוואַליע, און די ראַדיאָ־סטציעס פון אַלזשיר, מאַראָקאָ, סודאַן און קוויט האָבן אָנגעהויבן צו „שאַרפן זייערע שווערדלעך" און צו דראָען ישראל מיט קאָסעקוווענצן. די וויסטע מפּלה איז אָבער צו גרויס, אַז מען זאָל זי קאָנען אויסבאַהאַלטן אַ לענגערע צייט. די אַראַבישע בירגער האָבן זיך אויסגעלערנט צו באַציִען זיך מיט צוטרוי צו די מעלדונגען פון „קול ישראל".

און ווייל די חרפּה איז אַזוי גרויס, אַז מ'קאָן די אויגן נישט ווייזן פאַר דער וועלט, האָבן מצרים און ירדן אויסגעטראַכט אַ „בויך־סברה": די פאַראייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד העלפן ישראל, דורך געבן איר אַ „לופט־שירעם". דער אויסערן־מיניסטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, דין ראַסק, האָט דרינגענדיק אַרויסגערופן צו זיך דעם מצרישן אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. ער האָט פּראָטעסטירט קעגן די דאָזיקע מצרישע ליגנערישע קלאַנגען, וואָס האָבן נישט דעם מינדסטן יסוד, און דער באַנקראָטירטער מצרישער דיקטאַטאָר איז געוואָרן נאָך מער צו שאַנד און צו שפּאָט...

14.6.1967

# הונדערטער פרייוויליקע יוגנטלעכע קומען קיין ישראל

אין די יידישע קהילות אין אַלע עקן וועלט פון די תפוצות, ווערן פאָרגעזעצט די גרויסע סאָלידאַריטעט־פאַרזאַמלונגען און די אונטערשטי־צונג־דעמאָנסטראַציעס פאַר ישראל. פּאַראַלעל דערמיט ווערט איבערגעגעבן וועגן גרויסע וואָלונטירן־גרופּעס אין פאַרשידענע שטחים, וואָס דאַרפן אָנקומען אין לאַנד, כדי צו העלפן די קיבוצים און אַנדערע זידלונגען, די מעדיצינישע דינסטן, ד׳ער קאָמוניקאַציע און אַנד׳ערע.

די ערשטע גרופּע פון 300 פרייוויליקע פון קאַנאַדע, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דער ווענדונג פון די פירער פון דער יידישער קהילה, דאַרפן ד׳י נאָענטסטע טעג אָנקומען אין לאַנד. די דאָזיקע פרייוויליקע וועלן אַר־בעטן אין פאַבריקן, אין שולן און אין קיבוצים, אַנשטאָט די מענער, וואָס זענען מאָביליזיר׳ט געוואָרן און געפינען זיך אויפן פראָנט. ס׳ווערן אויך ד׳ערוואַרט וואָלונטירן־גרופּעס פון פראַנקרייך, דרום־אַפריקע און פון אַ ריי אַנדערע לענדער.

וועגן דער גרייטקייט פון חלוצישע קערנדלעך גלייך עולה צו זיין קיין ישראל ווערט איבערגעגעבן אין טעלעגראַמעס, וואָס זענען אָנגעקומען אין הקיבוץ הארצי פון „השומר הצעיר״. טעלעגראַמעס אין ענלעכן גייסט זענען אויך אָנגעקומען פון טשילע, אורוגוויי, אַרגענטינע א״אַ.

פיל דאָקטוירים פון ד׳י פאַראייניקטע שטאַטן ווילן גלייך אַרויספאָרן קיין ישראל, כדי צו דערטיילן מעדיצינישע הילף אין משך פון צוויי חדשים. זיי אַליין וועלן דעקן אַלע הוצאות. די ערשטע גרופּע דאָקטוירים וועט וועט אָנקומען שוין אין די נאָענטסטע טעג.

אָנהייב קומענדיקע וואָך וועט אָנקומען אין לאַנד אַ גרופּע וואָלונטירן צו יעדער אַרבעט, וואָס וועט געפאָדערט ווערן, אונטער דער אָנפירונג פון הרב ספּעקטאָר פון פילאַדעלפיע. הרב ספּעקטאָר וועט פאַרבלייבן מיט דער דאָזיקער גרופּע די גאַנצע צייט פון איר ווייַלן אין לאַנד און ער אַליין וועט דעקן די רייזע־הוצאות.

אין האָלאַנד און אין די פיר סקאַנדינאַווישע לענדער אָרגאַניזירן זיך יוגנט־גרופּן, כדי אַרויסצופּאָרן קיין ישראל און אַרבעטן אין די לאַנד־ווירטשאַפטלעכע זידלונגען. אויך אין דער שווייץ, בעלגיע און איטאַליע אָרגאַניזירן זיך ענלעכע גרופּעס. די שליחים פון דער יידישער אַגענץ, וואָס פירן אָן מיט דער דאָזיקער אַקציע מעלדן, אַז די ערשטע גרופּעס וועלן אָנקומען קומענדיקע וואָך און אַז ס'איז זייער גרויס די צאָל פון נישט־יידישע יוגנטלעכע אין אַלע לענדער, וואָס ווילן אין גרויסע מאַסן קומען און העלפן ישראל. די טעג איז אויפן פּליפּלאַץ אין לוד אָנגעקומען אַ גרופּע פון 38 יוגנטלעכע, בחורים און מיידלעך פון די פאַראייניקטע שטאַטן. מיט זייער ערנסטע פּנימער זענען זיי אַריין אין צאָלאַמט, טראַגנדיק מיט זיך וואַליזעס. אין די לאַצן פון זייערע קליידער איז געווען צוגעשפּילעט דער לעצטער משוגעת פון אַמעריקע — „קנעפּלעך". מיט אַ קורצער צייט צוריק זענען די אויפשריפטן אויף די דאָזיקע קנעפּלעך געווען: „שטעלט אָפּ די מלחמה אין וויעטנאַם". איצט פאַרפלייצן ממש גאַנץ אַמעריקע מיליאָנען קנעפּלעך מיטן אויפשריט: „העלפט ישראל!". אויפן קנעפּל פון איינעם פון די אָנגעקומענע פרייוויליקע האָט מען געקאָנט זען דעם אויפשריפט אין ענגליש: „פּיס אין מידל־איסט" — „שלום אין מיטעלן מזרח". אויפן קנעפּל פון אַ צווייטן יוגנטלעכן האָט אַראָפּגעשיינט דער אויפשריפט „דזשו־איש פאָרס" — „יידישער כוח".

„אַ מעכטיקע וואָלונטירן־באַוועגונג וואָס האָט נישט אירס גלייכן" — דערציילט דער סטודענט שלמה בערגער, מיט אַ קאַפּעלוש אויפן קאָפּ און מיט אַ בערדל — „נעמט איצט אַרום גאַנץ אַמעריקע. כ'האָב זיך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע פאַר ישראל, וואָס איז דעם לעצטן זונטיק פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק. זי איז דורכגעפירט געוואָרן ביי אַ מעכטיקער שפּאַנונג און טיפער געררירטקייט. די רבנים פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף, אַז מאָביליזירן זיך צו העלפן ישראל איז געננוי ווי קידוש־השם".

דער וואָלונטיר דערציילט אויך, אַז פיל פון די, וואָס האָבן געקעמפט פאַר די רעכט פון די נעגערס, יידן און נישט־יידן, מאָביליזירן זיך איצט צו העלפן ישראל. „אַ העלפט פון די וואָלונטירן אין פילאַדעלפיע" — דער־ציילט שלמה בערגער אין אַ שיינעם עברית — „וואָס האָבן געמאָלדן וועגן זייער גרייטקייט צו קומען קיין ישראל — זענען גויים, בווישן זיי פיל נעגערס".

צווישן די, וואָס זענען מיט דער גרופּע געקומען קיין ישראל, געפינט זיך אויך אַ יוגנטלעכע, דניאלה ווייס, פון וואַשינגטאָן. „כ׳געהער צום „איחוד הבונים״ — האָט זי איבערגעגעבן. — „מיט עטלעכע יאָר צוריק בין איך געווען אין קיבוץ גשר־הזיוו. כ׳בין אַ חברה פון הכשרה־קערנדל. כ׳בין צוריקגעפאָרן אַהיים כדי צו פאַרענדיקן מיינע לימודים״. דניאלה זעט אויס ממש ווי אַ „סאַברע״, סיי מיט איר קליידונג און אין דער באַנעמונג. די גרעסטע מערהייט מיטגלידער פון דער וואָלונטירן־גרופּע זענען רעליגיעזע, כאָטש זיי זענען ניט אָרגאַניזירט אין אַ רעליגיעזער ראַם. די וואָלונטירן האָבן זיך געווענדט צו דער יידישער אַגענץ און געבעטן אָפּגעשיקט צו ווערן אין לאַנד, אין דער ראַם פון „דינסט פאַרן פאָלק״.

„איך האָב זיך געווענדעט צו דער ביוראָ פון דער יידישער אַגענץ״ – דערציילט דער וואָלונטיר, דער 21־יאָריקער סטודענט פון „סיטי קאָלעדזש״ אין ניו־יאָרק, מנחם ראָזענשטיין. — „מיט וואָס וועל איך דאָ קאָנען העלפן? — אין אַלץ וואָס מ׳וועט פון מיר פאָדערן״. אויך ער, פונקט ווי די מערהייט וואָלונטירן, האָט זיך באַטייליקט אין דער ריזיקער דעמאָנסטראַציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק דעם לעצטן זונטיק, פאַר ישראל. „אין ניו־יאָרק״ — זאָגט ער — „הערשט אַ מעכטיקע שפּאַנונג אין אַלעם, וואָס איז פאַרבונדן מיט ישראל. און דאָ, אַ פּערטל שעה נאָך מיין אָנקום קיין ישראל, האָט שוין נאָכגעלאָזט מיין שפּאַנונג״. — שמייכלט ער.

צווישן די אָנגעקומענע וואָלונטירן זענען אויך פאַראַן דריי פון שיקאַגאָ, און עטלעכע פון אַנדערע שטעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. יחזקאל ביאַליק, פון „ישיבה־יוניווערסיטי״, דערציילט: „כ׳האָב סיי ווי זיך געקליבן צו קומען קיין ישראל — איז בעסער איצט. מיר זענען בלויז די ערשטע כוואַליע, זייער פיל וועלן נאָך קומען. היינט און מאָרגן וועלן אָנקומען נאָך וואָלונטירן־גרופּעס פון אַמעריקע קיין ישראל״.

דער לייטער פון דער וואָלונטירן־אַקציע אין ישראל, ה׳ חיים טלמור, פון דער יידישער אַגענץ, באַצייכנט, אַז דאָס איז אַן אָרגאַניזירטע גרופּע, וואָס אַ העלפט פון אירע מיטגלידער זענען דערצויגענע אין דער „בני עקיבא״־באַוועגונג, אַ טייל געהערט צום „איחוד הבונים״ (איחוד הקבוצות והקיבוצים) און אַ טייל האָט זיך מאָביליזירט ווי יחידים, אָן וועלכער ס׳איז ראַם. אין דער דאָזיקער גרופּע איז אויך אָנגעקומען אַ מיטגליד פון דער

לייטונג פון בית״ר אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. זיי אַלע וועלן באַשעפטיקט ווערן אין קיבוצים און אין לאַנדווירטשאַפטלעכע זידלונגען, און זיי וועלן פאַרטיילט ווערן לויט די באַדערפעניש, דורכן קליטה־דעפּאַרטאַמענט פון דער יידישער אַגענץ און מחלקת הנוער והחלוץ. ה׳ ח. טלמור באַצייכנט, אַז ס׳ווערן דערוואַרט נאָך וואָלונטירן.

אַן אַנסאַמבל פון דער טעלעוויזיע־נעץ סי.בי.עס. פון אַמעריקע האָט כסדר פאָטאָגראַפירט די אָנגעקומענע מיטגלידער פון דער גרופּע. „זאָג מיר, ביטע״, — האָט זיך געווענדט דער אינטערוויוּער צו איינעם פון די וואָלונטירן — „דו ביסט געקומען קעמפן?״ — „כ׳בין געקומען נאָר אַרבעטן און העלפן״ — ענטפערט דער יוגנטלעכער — „ווייל די אַראַבער ווילן דורכפירן אַ גענאָסיד קעגן מיין פאָלק״. און ווען ער פרעגט אַ צווייטן: „צו וואָס ביסטו געקומען?״ — ענטפערט ער: — „ס׳איז דאָך קלאָר! ישראל געפינט זיך אין אַ סכנה, און כ׳מיין, אַז קומען אַהער אין אַזאַ צייט, דאָס איז קידוש השם!״. „וועלן אויך קומען אַנדערע?״ — „אָן שום ספק״ — ענטפערט אַ וואָלונטיר — „אויב זיי וועלן אַזוי נישט טאָן וועט דאָס זיין אַ חרפה און אַ בושה פאַר זיי אַליין״...

15.6.1967

## די אַלטשטאָט פון ירושלים איז אין אונדזערע הענט!

די פריידיק־אויפמונטערנדיקע בשורות וועגן איבעררעשנדיקע נצחונות פון אונדזערע העראָישע קעמפער, אויף אַלע פראָנטן, האָט ממש נאָכגעיאָגט איינע דער צווייטער. און אַזוי איז אויך באַקאַנט געוואָרן וועגן אַ גרויסן פאָרשריט פון אונדזערע כוחות אויפן ירושלימער פראָנט. די קאַמפן דאָרט זענען געווען שווערע און פאַרביסענע. זיי האָבן געדויערט די גאַנצע נאַכט פון מאָנטיק אויף דינסטיק, און אויך דינסטיק. אין די פרימאָרגן־שעהען איז אַריבער אין די הענט פון צה״ל די אַלטשטאָט צווישן די מויערן, ווי אויך דער קוואַרטאַל שייך־דזשעראַל און ס׳איז אויך פריי געוואָרן דער

וועג צום הר־הצופים. אַזוי אַרום איז באַפרייט געוואָרן די ישראלדיקע וואַך, וואָס האָט זיך געפונען אין באַלאַגערונג אויפן באַרג אין משך פון 24 שעה. נאָך דעם ווי דער הר־הצופים, אויף וועלכן עס געפינען זיך די אַלטע בנינים פון העברעיִשן אוניווערסיטעט און פון „הדסה"־שפּיטאָל זע־נען באַפרייט געוואָרן, איז אַהין, אין אַן אָפענעם אויטאָ, אַרויפגעפאָרן מיטן באַפרייטן וועג, דער זיכערהייטס־מיניסטער, רב אלוף משה דיין.

ניין מאָס פון די צען מאָס ליידן און פּיין, וואָס דאָס לאַנד, און באַזונ־דערס די גרענעץ־ישובים, האָבן געהאַט אויסצושטיין די ערשטע דריי טעג פון די קאַמפן — האָט געהאַט אויסצושטיין ירושלים. די ירדנישע וואַנדאַלן, אונטער דער אָנפירונג פון מצרישן גענעראַל האָבן טאָג און נאַכט באַשאָסן מיט מאַשין־געווער און אויך מיט שווערע האַרמאַטן־קוילן אַלע גאַסן פון ירושלים. טראָץ דעם, וואָס די באַפעלקערונג איז די גאַנצע צייט געזעסן אין די שוצקעלערס, זענען פיל פון זיי געטראָפן געוואָרן פון די קוילן. ס'זענען פאַראַן געהרגעטע און העכער 500 פאַרווונדעטע צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג. זייער פיל ווינונגען און הייזער זענען צעשטערט געוואָרן אין אַלע טיילן פון שטאָט, צווישן זיי אויך שפּיטאָלן, דער העב־רעיִשער אוניווערסיטעט, דער ישראל־מוזיי און אַנדערע.

אונדזערע זעלנער האָבן געקעמפט מיט אויסערגעוויינלעכער גבורה און איבערגעגעבנקייט. און אין זעלבן טאָג האָט צה"ל פאַרנומען די דער־פער נבי־סעמיועל, שעפאת און די ירדנישע ראַדאַר־סטאַציע, וואָס געפינט זיך צפונדיק פון דער שטאָט, איבער דעם קיבוץ מעלה החמישה. דער עיקרדיקער ווידערשטאַנד פון די ירדנער אין ירושלים איז איינגעבראָכן געוואָרן, אָבער אין משך פון טאָג איז די ישראל־אַרמיי נאָך אַלץ געווען באַשעפטיקט מיט ליקווידירן די נעסטן פון סנייפּערס, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער אַלטשטאָט און האָבן געשאָסן פון זייערע באַהעל־טענישן.

מיטוואָך, אין די פרימאָרגן־שעהען, איז שוין באַקאַנט געווען, אַז די ירושלימער אַלשטאָט געפינט זיך שוין אין די הענט פון די צה"ל־קעמפער. מיט אויסערגעוויינלעכער שפּאַנונג און ממש מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָבן די בירגער פון ישראל אָפּגעוואַרט ביי די ראַדיאָס און טראַנזיסטאָרן, כדי צו הערן די נייעס פון „קול ישראל", וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן יעדע שעה, במשך דעם גאַנצן מעת־לעת. ערשט פאַר נאַכט, גלייך ביים אָנהייב פון דער נייעס־אוידיציע, האָט דער וואָרטזאָגער פון צה"ל אין אַ זייער

פייערלעכן טאָן געמאָלדן איין מאָל און נאָך אַ מאָל: „די אַלטשטאָט פון ירושלים איז אין אונדזערע הענט!" — „די אַלטשטאָט פון ירושלים איז אין אונדזערע הענט!". ס'איז קוים איבערצוגעבן וואָסער שמחה ס'האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד. גאַנץ ישראל האָט געוויינט פון פרייד און גליק. אין די גאַסן פון די ישראַלדיקע שטעט און דערפער, באַזונדערס אין דער אַכזריותדיק באַשאָסן געוואָרענער ירושלים גופא, האָבן זיך אָפּגע־שפּילט דראַמאַטישע סצענעס: מענטשן וואָס קענען זיך נישט, האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט און מ'האָט זיך געווונטשן מזל־טוב!...

מיט דעם דאָזיקן ווונדערלעכן היסטאָרישן נצחון, האָט זיך געפרייט נישט בלויז מדינת ישראל, נאָר אויך דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין דער גאָרער וועלט. און ווער ס'האָט נישט געזען די התלהבות און די פרייד, וואָס עס האָט אַרומגענומען אַלע רעליגיעזע קוואַרטאַלן אין ירושלים און באַזונדערס דעם קוואַרטאַל „מאה שערים" — דער האָט בכלל קיין שמחה נישט געזען...

„שווערט אונדז אין דעם דאָזיקן גרויסן מאָמענט, פאַרן אַרויסגיין צו שטורעמען דעם שונא, כדי צו באַפרייען עיר דוד צווישן די אַלטע מויערן פון ירושלים — אַז דאָס בלוט וועט נישט פאַרגאָסן ווערן אומזיסט. שווערט אונדז, אַז דאָס אַלטע ירושלים וועט קיין מאָל נישט צוריקגעקערט ווערן אין פרעמדע הענט!"...

אַזוי האָבן מיטוואָך פרי זיך געבעטן די זעלנער פון דער צה"ל־איינ־הייט, וואָס האָט זיך געגרייט צו דעם דעצידירנדיקן אָנגריף צו באַפרייען ירושלים, ביי די רבנים, דעם הויפּט־רב פון צה"ל, אַלוף שלמה גורן, און הרב שלמה קוק, געוועזענער מיליטערישער רב פון ירושלימער קרייז, וואָס האָט זיך ווידער מאָביליזירט אין דער אַרמיי. „מיר שווערן אייך", האָבן געענטפערט די רבנים, „צו ברענגען אייערע ווערטער און אייער ווונטש צום וויסן פון דער רעגירונג און פון „כל בית ישראל".

מיט עטלעכע שעה שפּעטער, נאָך אַ בלוטיקן קאַמף, וואָס האָט נישט געהאַט זיינס גלייכן אין דער דאָזיקער גאַנצער מערכה, האָבן די צה"ל־זעלנער אַרויסגעהאָנגען די ווייסבלויע פאָן פון ישראל אויפן כותל המערבי און, להבדיל, אויפן מעטשעט, וואָס געפינט זיך אויפן הר הבית.

און די וואַנט — די היסטאָרישע וואַנט פון טרערן — איז ווידער פאַר־פלייצט געוואָרן מיט אַ ים פון יידישע טרערן, וואָס האָבן אומאויפהערלעך געשטראָמט פון די אויגן פון די צה"ל־גיבורים, און פון די אויגן פון די

ווייניקע, וואָס האָבן באַקומען די דערלויבעניש צו שטעלן זיך פאַרן כותל המערבי און צווישן זיי: דער זיכערקייט־מיניסטער רב אלוף משה דיין, הרב הראשי לצה״ל, אַלוף שלמה גורן. דער אַלטיטשקער ירושלימער צדיק רבי דוד כהן (דער נזיר), דער רעליגיע־מיניסטער ד״ר זרח וואַרהאַפטיג, דער דירעקטאָר פון זיין מיניסטעריום, ד״ר ש. ז. כהנא, דער ירושלימער שטאָט־פּרעזידענט, טעדי קאָלעק, הויכע צה״ל־אָפיצירן מיט אַלוף חיים הערצאָג בראש, רבנים און די מענטשן פון מיליטערישן הויפּט־ראַבינאַט. אַלע, וואָס זענען געשטאַנען ביים כותל, האָבן געציטערט פון טיפער גערירטקייט, זיי האָבן געוויינט פון פרייד.

דער הויפּט־רב פון צה״ל, הרב ש. גורן, האָט מיט אַ שופר געבלאָזן אַ תקיעה גדולה, און ער האָט געווונטשן „כל בית ישראל״ צו הערן בקרוב דעם שופר פון משיחן. דער רעליגיע־מיניסטער האָט „בשם ומלכות״ געמאַכט די ברכה „שהחיינו״ און ד״ר כהנא האָט געבלאָזן נאָך אַ תקיעה מיט אַ שופר, וואָס איז אַרויסגענומען געוואָרן פון אליהו הנביאס הייל, און דאָס האָט געדאַרפט סימבאָליזירן די דערנענטערונג פון אליהו הנביאס טריט.

די תפילות, די טיפע גערירטקייט, די ליבע און פאַרברידערונג, וואָס האָט אַרומגענומען די זעלנער און אַלע אַנוועזנדיקע, לאָזט זיך נישט שילדערן אין ווערטער. מ׳האָט געהערט אַ שלוכצן און אַ וויינען. די זעלנער האָבן זיך געהאַלדזט מיט די, וואָס זענען געקומען פון „היגטערלאַנד״ און די ציווילע בירגער האָבן נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זיי, מיט די דאָזיקע גיבורי ישראל.

אַלוף הרב גורן האָט נישט אַרויסגעלאָזט אויף קיין איינציקע מינוט די ספר תורה פון זיינע הענט. „די דאָזיקע ספר תורה״ — האָט ער דער־ציילט — „באַגלייט צה״ל אין אַלע זיינע מערכות. מיט דער דאָזיקער ספר־תורה האָבן מיר דעראָבערט סיני מיט 10 יאָר צוריק. מיט דער דאָזיקער ספר־תורה און מיט איר כוח האָבן מיר איצט דעראָבערט די ירושלימער אַלטשטאָט, און מיר זענען עולה געווען אין דער אָבות־שטאָט חברון, קיין בית לחם און צו רחלס קבר. עלה נעלה, און מיר וועלן זיי בייקומען״.

אין צווישן איז צום כותל־המערבי אָנגעקומען דער רעגירונג־שעף, לוי אשכול, ווערנדיק באַגלייט דורכן זיכערקייט־מיניסטער, רב אלוף משה דיין און דעם אַרמיי־שעף, רב אַלוף יצחק רבין. שטייענדיק ביים כותל־המערבי, אַ טיף גערירטער, האָט געזאָגט דער רעגירונג־שעף: „ס׳איז

פאַר מיר אַ גרויסער היסטאָרישער זכות איצט צו שטיין דאָ, ביים כותל־המערבי, פון די רעשטן פון אונדזער בית המקדש און פון אונדזער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט. כ׳זע זיך ווי אַ שליח פון גאַנצן פאָלק, ווי אַ שליח פון פיל דורות פון אונדזער פאָלק, וואָס זייער נשמה איז אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט צו ירושלים און צו איר הייליקייט.

„די איינוווינער פון ירושלים, וואָס האָבן אַזוי פיל געליטן אין די טעג פון תש״ח און וואָס האָבן אויסגעשטאַנען מיט אַזאַ גבורה און רויִקייט די פאַרברעכערישע באַשיסונגען אין אונדזערע טעג, ווער איך זאָגן: די נצחונות פון צה״ל, וואָס וועלן דערווייטערן די סכנה פון דער הויפּטשטאָט פון ישראל, וועלן זיין אַ קוואַל פון אויפמונטערונג און טרייסט פאַר אייך אַלעמען און פאַר אונדז אַלעמען. מיט דער נחמה פון ירושלים זאָלט איר געטרייסט ווערן.

„און פון ירושלים דער אייביקער הויפּטשטאָט פון ישראל — אַ ברכה פון שלום און פון זיכערקייט פאַר אַלע בירגער פון ישראל און אונדזערע ברידער יידן, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען. ברוך שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה״.

ביי דער זעלבער געלעגנהייט האָט געזאָגט דער זיכערקייט־מיניסטער משה דיין:

„מיר האָבן זיך צוריקגעקערט צו דעם הייליקסטן פון אונדזערע פלעצער, כדי נישט צו שיידן זיך מיט אים אויף אייביק. צו די אַראַבישע שכנים שטרעקט אויס ישראל אַ האַנט פון שלום. און די איינוווינער פון די אַנדערע רעליגיעס איז פאַרזיכערט, אַז אין דער פולסטער מאָס וועט אָפּגעהיט ווערן זייער פרייהייט און אַלע זייערע רעליגיעזע רעכט. מיר זענען נישט געקומען דעראָבערן די הייליקייטן פון אַנדערע, אָדער צו באַגרענעצן זייערע רעכט — נאָר כדי צו פאַרזיכערן די גאַנצקייט פון דער שטאָט און צו לעבן אין איר מיט די אַנדערע אין פאַרברידערונג״.

דער אַרמיי־שעף, רב אַלוף יצחק רבין, האָט דערמאָנט, אַז ער אַליין איז אַ געבוירענער אין ירושלים און אַז ער האָט געקעמפט אין איר בעת דער פרייהייט־מלחמה. „דער אַריינגאַנג אין דער אַלטשטאָט דריקט אויס די גרויסע ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין די לעצטע 55 שעה״ — האָט געזאָגט דער אַרמיי־שעף.

שטייענדיק ביי די טרעפּ פון הר הבית און פון כותל המערבי האָט דער הרב הראשי פון צה״ל פאַרעפנטלעכט אַ מאַניפעסט צו די זעלנער, „אין

צוזאַמענהאַנג מיט דער אויסלייזונג פון ירושלים פון די פיינטלעכע לעגיאָנערן־העענט״. און ער האָט געזאָגט: „חיילי ישראל, געליבטע פון פאָלק, באַקרוינטע מיט דער קרוין פון גבורה און נצחון! השם עמכם, גיבורי החייל! כ׳רעד צו אייך פון פלאַץ פון כותל המערבי, דאָס פאַרבליי־בענע רעשטל פון אונדזער בית המקדש. נחמו, נחמו עמי. די וויזיע פון דורות איז פאַרווירקלעכט געוואָרן פאַר אונדזערע אויגן: גאָטס שטאָט, דאָס אָרט פון מקדש, הר הבית, הכותל המערבי, דער סימבאָל פון דער משיחישער גאולה פונעם פאָלק — זענען היינט אויסגעלייזט געוואָרן דורך אייערע הענט, גיבורים פון צבא הגנה לישראל!

„איר האָט מקיים געווען די שבועה פון דורות: „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני״ — אויב כ׳וועל דיך פאַרגעסן ירושלים, זאָל פאַרגעסן ווערן מיין רעכטע האַנט. און מיר האָבן דיך נישט פאַרגעסן ירושלים, עיר קדשנו, ובית כיפתנו. ימינכם, ימין השם, עשתה את החיל הזה. פון איצט אָן זענען אָפן די טויערן פון ציון און אין ירושלים און די וועגן פון כותל המערבי פאַר די תפילות פון אירע בניה־בוניה — זיין בויערס און באַ־פרייערס פון לאַנד, און פאַר אַלע יידן פון די תפוצות, וואָס וועלן עולה זיין און קומען אַהער מתפלל זיין צום אל בורא עולם.

„אשרינו, ווייל און גוט איז אונדז, וואָס מיר האָבן זוכה געווען צו דער דאָזיקער גרויסער און דערהויבנסטער שעה אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. און פאַר די אומות העולם דערקלערן מיר: מיט געפילן פון כבוד וועלן מיר אָפּהיטן אַלע הייליקע פלעצער, פון אַלע שלום ליבנדיקע פעלקער, און זייערע טויערן וועלן זיין פריי און אָפן פאַר די מיטגלידער פון אַלע רעליגיעס.

„חיילים, טייערע זין! דורך אייך איז געקומען דער גרויסער זכות פאַרן גאַנצן פאָלק. ס׳ווערט פאַרווירקלעכט די תפילה פון דורות און פון דער וויזיע פון די נביאים: „ברוך מנחם ציון ובונה ירושלים״.

„און פאַר ציון און פאַרן רעשטל פון בית המקדש זענען מיר מבשר: שבו בנים לגבולם. די זין האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייער גרענעץ, ס׳שטייען אונדזערע פיס אין דיינע טויערן ירושלים, די הויפּטשטאָט פון דער אייביקער מדינת ישראל. אין נאָמען פון גאַנצן קהל ישראל, אין לאַנד און אין גלות, בענטש איך מיט שמחה: ברוך שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה. בשנה הזאת — אין היינטיקן יאָר — אין אויפגעבויטן ירושלים!״.

און ווידער דוכט זיך, אַז קיין ווערטער קאָנען נישט אויסדריקן די טיפע געריךטקייט, וואָס האָט אַרומגענומען די אַלע, וואָס זענען געווען ביים כותל המערבי. זעלנער אויסגעפּרוווטע אין שווערע קאַמפן, האָבן געוויינט ווי קינדער. מענטשן, וואָס זענען שוין זינט לאַנגע יאָרן נישט געווען אין קיין בית־כנסת, האָבן צוגעדעקט זייערע קעפּ און האָבן אַריינ־געלייגט קוויטלעך מיט בקשות אין די שפּאַלטן פון די שטיינער פון כותל. אויך רב אלוף משה דיין האָט אַריינגעלייגט אַ קוויטל מיט זיין נאָמען. אַנדערע האָבן געזאָגט קדיש נאָך זייערע טייערע. דער הויפּט־רב פון צה״ל, הרב אַלוף ש. גורן, האָט געזאָגט קדיש פאַר די נשמות פון די געפאַלענע העלדן אין די קאַמפן ביים באַפרייען ירושלים.

די גאַסן וואָס פירן צום כותל המערבי זענען געווען ליידיק פון מענטשן. אויף כמעט אַלע הייזער זענען געווען אַרויסגעהאָנגען ווייסע פענער. בלויז געציילטע מאָנאַכן זענען אַרויס צו באַגריסן די צה״ל־זעלנער. ס׳זענען געכאַפּט געוואָרן פיל געפאַנגענע פון די זעלנער פון אַראַבישן לעגיאָן און הויפּטזעכלעך פון אַכמעד שוקייריס לייט, פון דער „אָרגאַני־זאַציע צו באַפרייען פּאַלעסטינע״. ס׳זענען אויך פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז אויך דער בלוטיקער מופטי פון ירושלים, חאַזש אַמין אל כוסייני איז געכאַפּט געוואָרן. די דאָזיקע קלאַנגען זענען אָבער נישט באַשטעטיקט געוואָרן.

די פריידיקע בשורה, אַז די אַלטשטאָט פון ירושלים איז באַפרייט געוואָרן איז בליצשנעל פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער גאַנצער שטאָט, נאָך איידער זי איז אָפיציעל איבערגעגעבן געוואָרן אין „קול ישראל״. הונדער־טער און טויזנטער האָבן געשטראָמט צום מאַנדעלבוים־דורכגאַנג מיט דער האָפענונג, אַז ס׳וועט זיי געגעבן ווערן די מעגלעכקייט אַריבערצוגיין אין דער אַלטשטאָט. זיי זענען אָבער אַלע אָפּגעהאַלטן געוואָרן דורך מיליטער־רישע וואַכן. אין דער הויפּטגאַס פון מאה שערים האָבן די דאָרטיקע איינ־וווינער אויפגענומען מיט גרויס התלהבות יעדן אויטאָ מיט זעלנער, וואָס איז דורכגעפאָרן פון דער אַלטשטאָט. מענער און פרויען האָבן ממש גע־קושט די רעדער פון די אויטאָמאָבילן. ווען ס׳איז דורכגעפאָרן הרב הראשי לצה״ל, הרב גורן, דורכן מאַנדעלבוים־טויער, צוריקפאָרנדיק פון דער אַלטשטאָט, איז ער גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן דורך טויזנטער פריידיקע און התלהבותדיקע יידן. אין אַנדערע פרומע קוואַרטאַלן זענען די איינוווי־נער אַרויס מיט געזאַנג און טענץ. גאַנץ ישראל מיט איר הויפּטשטאָט

ירושלים בראש, האָבן זיך אויסגעסטראָיעט אין נאַציאָנאַלע ווייסבלויע פע־נער, מיט גרינס און בלומען, כדי צו באַצייכענען דאָס גרויסע היסטאָרישע געשעעניש פון באַפרייען די ירושלימער אַלטשטאָט. אַלע שולן אין ירושלים און אין גאַנצן לאַנד וועלן ווידמען באַזונדערע לעקציעס צו באַצייכענען די באַפרייונג פון ירושלים. הרב גורן האָט פאַרפאַסט אַ נייעם תפילה־נוסח: אַנשטאָט „לשנה הבאה בירושלים" — „לשנה זו בירושלים". (היינטיקס יאָר אין ירושלים).

די געפילן פון די ירושלימער איינוווינער, וואָס האָבן אַזוי שווער גע־ליטן אין די לעצטע טעג, האָט אויסגעדריקט דער זיכערקייט־מיניסטער רב אַלוף משה דיין, וועלכער האָט געזאָגט שטייענדיק ביים כותל המערבי: „מיר זענען צוריקגעקומען, כדי קיין מאָל מער זיך נישט צעשיידן. אַן אַלטיטשקער פריינד, צו וועמען כ'האָב היינט טעלעפאָנירט באַלד אין דער פרי, און כ'האָב אים מבשר געווען די גוטע בשורה וועגן דער באַפרייונג פון דער ירושלימער אַלטשטאָט, האָט ער מיר געזאָגט: „הלוואי דו זאָלסט זוכה זיין מבשר זיין מיר די בשורה טובה וועגן ביאת המשיח".

10.6.1967

## רמטכ"ל יצחק רבין
## רעזומירט די נצחונות פון צה"ל

„דער גרעסטער טייל פונעם שטח פון מערבדיקן ירדן־בערג איז דע־ראָבערט געוואָרן דורך די כוחות פון צה"ל; דער גרעסטער טייל פונעם האַלבאינדזל סיני געפינט זיך אונטער אונדזער פולשטענדיקער באַהער־שונג און דער עיקר פון דער מצרישער אַרמיי איז צעשמעטערט: שאַרם־אַ־שייך איז דעראָבערט געוואָרן און דער טיראַן־דורכפאָר איז ווידער אָפן; 441 עראָפּלאַנען פונעם שונא זענען פאַרניכטעט געוואָרן — דאָס איז די פרוכט פון די ווונדערלעך־איבערראַשנדיקע צה"ל־נצחונות אין משך פון בלויז 60 שעה פון קאַמף זינט ס'זענען אויסגעבראָכן די שלאַכטן מיטן אָנגריף פון מצרים קעגן אונדזערע כוחות".

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט דער אַרמיי־שעף, רב אַלוף יצחק רבין, רעזומירט די מלחמה־רעזולטאַטן פאַר עטלעכע הונדערט אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן אין בית סוקולוב, אין תל־אביב.

די זשורנאַליסטן האָבן עטלעכע מאָל איבערגעריסן די ווערטער פונעם אַרמיי־שעף מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. אויך אויסלענדישע דיפּלאָ־מאַטן, וואָס זענען אָנוועזנדיק געווען אין זאַל האָבן רוישיק אַפּלאָדירט, הערנדיק די ווערטער פונעם אַרמיי־שעף. דער גרויסער זאַל פון בית סוקולוב איז געווען פול געפּאַקט און אַ טייל פון די אויסלענדישע קאָ־רעספּאָנדענטן האָט זיך פּשוט אויסגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע...

דער קאָמאַנדיר פון לופטפלאָט, אלוף מרדכי הוד, וואָס האָט גערעדט נאָכן אַרמיי־שעף, האָט געוואָלט אויסבעסערן די ווערטער פון זיין קאָמענ־דאַנט: „אויב דאָס, וואָס מיר האָבן געטאָן די פיינטלעכע לופט־פלאָטן איז בלויז אַ געפערלעכער קלאַפּ — ווייס איך נישט וואָס ס'הייסט ליקווידאַציע. לויט מיין מיינונג זענען מער נישטאָ קיין לופטפלאָטן פון די פיינט. און דאָס האָבן מיר אויסגעפירט אין ערשטן טאָג פון דער מלחמה. פאַקטיש, האָבן מיר ליקווידירט די לופטפלאָטן פון פיינט אין ווייניקער פון דריי שעה".

דער אַרמיי־שעף, רב־אלוף יצחק רבין, וואָס האָט אויסגעזען מיד, האָט אָנגעהויבן מיט אַן איבערבליק וועגן דעם, וואָס ס'איז געשען ביז דער מלחמה: מצרים האָט קאָנצענטרירט דעם עיקר פון אירע כוחות אין סיני, און אַפילו אויפן חשבון פון די כוחות, וואָס זי האָט געהאַט אין תימן. וועגן אירע אָנגריף־כוונות באַווייזט צוו"אַ אַ פאַראָרדענונג, וואָס מיר האָבן פאַרכאַפּט אויפן פליפעלד אין אל־עריש, וואָס איז געווען אַ גענויער אָנ־גריף־פּלאַן פון דער לופט קעגן אונדז. די דאַטע פון דער פאַראָרדענונג איז געווען פון 21סטן מאַי 1967.

נאָך פאַרן אויסברוך פון די גרויסע קאַמפן זענען געווען באַשיסונגען פון עזה־פּאַס. דעם 5טן יוני, ס'הייסט, מאָנטיק פון פאַרגאַנגענער וואָך, האָט דער ראַדאַר געוויזן ווי ס'דערנענטערן זיך צו אונדז פיינטלעכע עראָפּלאַנען.

„היות די מצרים זענען געווען די אָנגרייפער, האָבן מיר אָנגעהויבן אַ קעגנאַקציע — פריִער אין דער לופט און גלייך נאָך דעם אויך אויף דער יבשה". דאָ האָט דער אַרמיי־שעף אַנטדעקט אַ סוד:

„מיר האָבן נישט אַנטדעקט און וועלן נישט אַנטדעקן די גרייס פונעם צה״ל־כוח. ביים אָנהייב פון דער מלחמה האָב איך געגלייבט, אַז ישראל האָט אַרום 800 טאַנקען. ווער ס׳האָט געבויט אויף דעם האָט געהאַט אַ טעות״.

מ׳האָט נישט געדאַרפט זיין קיין גרויסער סטראַטעג כדי צו פאַרשטיין, אַז דער אַרמיי־שעף דייט אָן מיט דעם, אַז די צאָל טאַנקען, וואָס צה״ל האָט געהאַט איז געווען אַ גרעסערע.

רב אַלוף רבין האָט פאָרגעזעצט: „אין אָנהייב האָבן מיר אָנגעגריפן דעם מצרישן לופטפלאָט און שפּעטער זענען אַרויס אונדזערע אַנדערע כוחות — פּאַנצערס, פּאַראַשוטיסטן, מאָטאָריזירטע פוסגייער, אַרטילעריע און אַנדערע איינהייטן — אין די פאַרשידענע אָפּשניטן אין סיני־מדבר. אין די ערשטע פּאַזעס זענען געווען דורכבראָך־קאַמפן אין די גוט־צוגעגרייטע שטאַרקע באַפעסטיקונגען. נאָכן דורכרייסן זיי האָבן מיר זיך באַוועגט פאָרויס אין אַ שנעלן טעמפּאָ. דער קאַמף איז געווען אַ שווערער און עקשנותדיקער, און ער איז געפירט געוואָרן דורך די קאָמאַנדירן אין אַלע ראַנגעס און דורך אַלע זעלנער, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ וווּנדערלעכן צוזאַמענשטעל פון העלדישקייט, באַוווסטזיין, קענטעניש און אַ הויכן אויס־איבונג־ניווֹאָ.

„אין דער דאָזיקער שעה״, האָט אונטערגעשטראָכן דער אַרמיי־שעף, „ווערט צעשמעטערט דער מצרישער הויפּט־כוח אין סיני״.

רב־אַלוף רבין האָט אונטערגעשטראָכן, אַז אַלץ, וואָס ער זאָגט, איז ריכטיק צו דער איצטיקער שעה פון זיין זאָגן: 7 אַ זייגער אין אָוונט פון מיטוואָך דעם 7טן יוני 1967, די לאַגע ענדערט זיך פון שעה צו שעה, און ער האָט צוגעגעבן: „ס׳זענען אויך פאַראַן אָפּשלעפּונג־קאַמפן, ווען אַלע אָנשטרענגונגען פון די מצרים זענען געריכט צו באַווייזן אַריבערפירן אין גרויס געאייל זייערע כוחות אויף דער צווייטער זייט פון סועץ־קאַנאַל און אונדזערע כוחות זענען זיך מטפּל מיט זיי״.

אויף אַ גרויסער מאַפּע האָט דער אַרמיי־שעף געוויזן דאָס אָרט וווּ ס׳געפינען זיך די צה״ל־כוחות. „איצט געפינען מיר זיך אין רומאַני, ביי דער מיתלה און אין ביר־גפגפה. דער עיקר־שטח פון דעם סיני־מדבר געפינט זיך אונטער דער פולשטענדיקער באַהערשונג פון צה״ל.

„אין דער צווייטער פּאַזע האָט זיך אָנגעהויבן אַ ירדנישע באַשיסונג און די דעראָבערונג פון פּאַלאַץ פון געוו. ענגלישן הויך־קאָמיסאַר דורך די

ירדנער. מיט עטלעכע טעג פריִער זענען אַריבערגעפירט געוואָרן צוויי מצרישע קאָמאַנדאָ־איינהייטן און די אַרמיי פון דער דאָזיקער מדינה איז געשטעלט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון אַ מצרישן גענעראַל, וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען צו פאַרזיכערן די צושמידונג פון ישראלדיקע כוחות, כדי צו פאַרלייכטערן אונדזער דרוק אויף מצרים".

דאָ האָט זיך רב־אַלוף רבין דערלויבט צו מאַכן אַ זייטיקע באַמערקונג: „ס'איז פאַר מיר אומבאַגרייפלעך, פאַר וואָס ירדן האָט אָנטייל גענומען אין דעם דאָזיקן ענין, אָבער דאָס געהערט נישט צו מיין תחום".

אַלץ וואָס האָט געהערט צו זיין תחום האָט געקלאַפּט מיט דער פּינקטלעכקייט פון אַ פּרעציזן זייגער. דער אַרמיי־שעף האָט דערציילט: „ס'איז נישט געווען קיין ברירה און מ'האָט זיך געמוזט מטפל זיין מיט די ירדנער. היינט געפינט זיך שוין דער גרעסטער טייל פון שטח פון דעם מערבדיקן ירדן־ברעג אין אונדזערע הענט, דערונטער אויך די ירושלימער אַלשטאָט (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן). אַנטשולדיקט. כ'האָב פאַרגעסן צו דערציילן, אַז אויך שאַרם־אַ־שייך געפינט זיך אין אונדזערע הענט (ווידער אַפּלאָדיסמענטן) און אַז דער טיראַן־דורכפאָר איז פריי געעפנט געוואָרן פאַר אַ ישראלדיקער נאַוויגאַציע".

און דער אַרמיי־שעף האָט רעזומירט: „כ'קאָן נישט זאָגן, אַז דער קאַמף האָט זיך שוין פאַרענדיקט, כ'וועל בלויז פאַרצייכענען, אַז דאָס איז אַ מלחמה, וואָס מיר פירן קעגן מצרים, ירדן, סיריע און איראַק. און טראָץ דעם, האָבן מיר אין ווייניקער ווי דריי טעג מצליח געווען צו געבן אַ געפערלעכן קלאַפּ זייערע לופטפלאָטן און אַ צעשמעטערנדיקן קלאַפּ די אַרמייען פון מצרים און ירדן. אויך אַן איראַקישע איינהייט, וואָס איז אַריין קיין ירדן איז צעשלאָגן געוואָרן. דער גרעסטער טייל פונעם סיני־שטח און הויפּטזעכלעך דער מערבדיקער ברעג פון ירדן געפינט זיך אין אונדזערע הענט".

רב־אַלוף רבין האָט צוגעגעבן: „כ'וויל באַצייכענען די גרויסע און וויכטיקע אויפגאַבע, וואָס עס האָט דערפילט דער לופטפלאָט אין דעם דאָזיקן נצחון, נישט פאַרקלענערנדיק אויף אַ האָר די טויט־קלעפּ, וואָס עס האָבן געגעבן דעם פיינט די פּאַנצער־כוחות, די פאַלשירמיסטן, די אַרטילעריסטן, די אינזשענירן און די אַנדערע דינסט־איינהייטן פון צה"ל".

און דאָ איז געקומען אַ שטאַרקע אונטערשטרייכונג: „דאָס אַלץ האָט אויפגעטאָן צה"ל, בלויז מיט אייגענע כוחות". (די אויסלענדישע קאָרעס־

פאַנדענטן האָבן שטורמיש אַפּלאָדירט צוזאַמען מיט זייערע ישראלדיקע קאָלעגן).

אין דער דאָזיקער גרויסער שעה האָט דער אַרמיי־שעף נישט פאַרגעסן די יעניקע, וואָס מיט זייער טויט האָבן זיי דערמעגלעכט דעם גרויסן נצחון:

„כ׳וועל זאָגן די משפחות פון די געפאַלענע העלדן: אייערע זין און אייערע עלטערן האָבן געקעמפט ווי די לייבן. כ׳וויל אויסדריקן מיין טרייסט — און דעם טרייסט פון גאַנץ צה״ל — פאַר די משפחות. כ׳ווייס, אַז מיט ווערטער קאָן מען נישט געבן קיין אויסדרוק פאַר דעם טיפן צער. אָבער זאָלן זיי זיך פרווון טרייסטן מיט דעם, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אַ דאַנק דער גרייטקייט פון די, וואָס זענען געפאַלן און פון די, וואָס זעצן פאָר די קאַמפן״.

ווייניקער באַשיידן פון אַרמיי־שעף איז געווען דער קאָמאַנדיר פון לופטפלאָט, אלוף מרדכי הוד, וועלכער האָט געבראַכט פאָלגנדיקע איבער־ראַשנדיקע ציפערן: 441 עראָפּלאַנען פונעם שונא זענען אַראָפּגעשאָסן גע־וואָרן אין דער לופט און פאַרניכטעט געוואָרן אויפן באָדן. אין ערשטן טאָג איז געטראָפן געוואָרן דער עיקר־כוח פונעם שונא — 410 עראָפּלאַנען; אין צווייטן טאָג — 17 און אין דריטן — 14. דער עיקר־כוח פון מצרים — 350 עראָפּלאַנען — איז פאַרניכטעט געוואָרן אין ווייניקער פון דריי שעה. מיר האָבן זיך מטפל געווען מיט 25 פּליפּלעצער פונעם שונא״.

„אין די לעצטע צוויי וואָכן בין איך געפרעגט געוואָרן, צי וועט דער ישראלדיקער לופטפלאָט קאָנען פאַרניכטן דעם מצרישן לופטפלאָט, אויס־מיידן אַן אָנגריף אויף תל־אביב און דערמעגלעכן די באָדן־כוחות צו פירן זייער קאַמף אונטער ריינע הימלען. כ׳האָב געענטפערט מיט זיכערקייט, אַז מיר וועלן דאָס מאַכן. אָבער אין מיינע ראָזסטע און שענסטע חלומות האָב איך זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז מיר וועלן דאָס מאַכן אין ווייניקער פון דריי שעה. מיין אָפּשאַצונג איז געווען, אַז דאָס וועט דויערן אַ האַלבן, אָדער אַפילו אַ גאַנצן טאָג, און אפשר אַ טאָג און אַ נאַכט. — דאָס איז דער גרעס־טער און פריידיקסטער סורפּריז, וואָס עס האָבן מיר געמאַכט די יונגע פליִער, וועמענס דורכשניטלעכער עלטער איז נישט מער ווי 23 יאָר״.

רעזומירנדיק זיינע ווערטער האָט אַלוף מרדכי הוד פעסטגעשטעלט:

„די דאָזיקע פּליִער האָבן מיר אויסגעשולט אין אונדזער לופטפלאָט. מיט דער פולסטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט קאָן מען זאָגן, אַז זיי זענען די די בעסטע פּליִער פון דער גאַנצער וועלט״.

21.6.1967

## פּרעסע־רעדאַקטאָרן באַזוכן די באַפרייטע שטחים

דער וואָרטזאָגער פון צה״ל האָט איינגעאָרדנט פאַר די רעדאַקטאָרן פון דער ישראלדיקער פּרעסע אַן אינטערעסאַנטן באַזוך ביים כותל־המערבי און אין די באַפרייטע שטחים, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג.

דער באַזוך האָט זיך אָנגעהויבן באַלד אין דער פרי מיטן אַריינפאָר אין דעם איילון־טאָל אינעם וועג פון לאַטרון, פון דאָרט האָבן זיי פאָרגעזעצט דורך בותניה קיין ראַמאַללאַ. נאָך אַ באַזוך אין דער דאָזיקער שיינער שטאָט, זענען זיי אַרויסגעפאָרן אין דער ריכטונג פון פּליפּלאַץ קלנדיה (אַ מאָל עטרות). דאָרט האָבן זיי געזען די פאַרשידענע איינריכטונגען, וואָס ווערן געמאַכט, כדי ווי אַמשנעלסטן צו לאָזן אין גאַנג דעם דאָזיקן פליפּלאַץ. אין דער שטאָט ראַמאַללאַ האָט מען געזען ווי די איינוווינער זיצן נאָך פאַרמאַכט אין זייערע פּרעכטיקע ווילעס און אין די גרויסע שיינע הייזער, איבער וועלכע עס פלאַטערן ווייסע פאָנען פון קאַפּיטולאַציע.

אַ זייער טיפע און אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונג איז געווען פאַר די רעדאַקטאָרן דער באַזוך אויפן הר־הצופים, ווּהין זיי זענען אָנגעקומען, און זייער וועג ווערט געקרייצט מיטן וועג פון די מיטגלידער פון דער ישראל־רעגירונג, וואָס האָבן פאַרענדיקט דאָרט זייער באַזוך.

די פּרעסע־לייט האָבן אויסגעהערט אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן לעבן אויפן באַרג אין משך פון די 19 בלאָקאַדע־יאָרן, פונעם פאַראַנטוואָרטלעכן אויפן פּלאַץ, שאַרפמאַן. זיי האָבן אויך באַזוכט די אויסשטעלונג „די באַוואַ־פענונג פונעם באַרג״, ווו עס זענען געווען אויסגעשטעלט מוסטערן פונעם געווער, מיט אַ דערלויבניש און אַ דערלויבעניש, מיט דער הילף פון וועלכן אַ הייפל פון 120 פּאָליציי־לייט, וואָס פלעגן זיך אויסטוישן יעדע

פאַר וואָכן, האָבן מצליח געווען אויסצוהאַלטן גאַנצע 19 יאָר אויף דעם דאָזיקן שטח פון ערשטראַנגיקער וויכטיקייט.

די דאָזיקע וויכטיקייט האָט מען געפילט בחוש און זי איז נאָך מער קלאָרער געוואָרן, ווען מען איז געשטאַנען אויפן שפּיץ באַרג, פון וועלכן מען זעט גאַנץ ירושלים ווי אויף דער האַנט. פונעם באַפרייער פון דער ירושלימער אַלטשטאָט, אַלוף עוזי נרקיס, האָט מען געלערנט די פרשה פון די פאַרשידענע געגנט, וואָס עס האָט אונטערגענומען זיין מיליטער, כדי צו דערגרייכן די באַפרייונג, און די שליסל־פּאָזיציע, וואָס עס פאַרנעמט דער הר־הצופים.

פון דעם מיליטערישן הערשער פון דעם מערב־ברעג, אַלוף חיים הערצאָג, האָבן די רעדאַקטאָרן געהערט וועגן די שריט, וואָס זענען שוין געמאַכט געוואָרן און וואָס וועלן געמאַכט ווערן דורך דער ירושלימער מאַכט, כדי צוריקצוקערן דעם נאָרמאַלן לעבנסגאַנג אין דעם דאָזיקן ראַיאָן.

די פולע צושטעלונג פון עלעקטריע, וואַסער און אַנדערע זאַכן פון ערשטן געברויך, זענען שוין איינגעאָרדנט געוואָרן. פון די ישראלדיקע צייטונגען ווערן שוין אויסגעשטעלט צום פאַרקויף אין דער ירושלימער אַלטשטאָט: „דזשערוזאַלעם פּאָוסט" אין ענגליש, „אל יום" אין אַראַביש און „ל'אינפאָרמאַסיאָן" אין פראַנצויזיש.

אַלוף חיים הערצאָג האָט דערציילט, אַז עס האָט אים באַזוכט דער פריערדיקער ירדנישער קרייז־גאָווערנאָר, אַנוואַר כאַטיב, וועלכער האָט אויסגעדריקט „אַ טיף רירנדיקע, האַרציקע איבערראַשונג", וואָס עס האָבן געפילט די אָרטיקע איינוווינער צוליב דער מענטשלעכער באַציִונג מצד דער ישראלדיקער אַרמיי. די גרויסע שרעק פאַר נקמה־אַקטן איז צו זייער גליק געווען אָן אומבאַגרינדעטע.

די רעדאַקטאָרן האָבן אויך באַזוכט די הייליקע פּלעצער. ביי דעם קבר רחל אין בית־לחם, אויפן שטח פון פליפלאַץ אין קלנדיה (אַ מאָל עטרות) האָבן די רעדאַקטאָרן געטראָפן גרויסע מאַסן חסידים, וואָס האָבן מתפלל געווען און וואָס זענען אַרויס מיט גרויס התלהבות, מיט געזאַנג און מיט טענץ, אַקסל ביי אַקסל, מיט די זעלנער פון צה"ל, צוליב דער גרויסער שמחה פון באַפרייען די דאָזיקע פּלעצער פון פרעמדע הענט.

פאַרן סיום פון דעם דאָזיקן באַזוך, זענען די רעדאַקטאָרן געבראַכט געוואָרן צום כותל המערבי. ווו זיי האָבן געזען די פיבערהאַפטע צוגריי־

טונגען ביים אָפּרייניקן דעם פּלאַץ און ביים מאַכן אַ באַקוועמען און פרייען צוגאַנג צום כותל.

אונטער שטאַרקן איינדרוק פונעם באַזוך ביים כותל המערבי און אין די באַפרייטע ערטער, האָבן די רעדאַקטאָרן פון דער ישראלדיקער פּרעסע באַשלאָסן איינצושרייבן דעם שעף פון גענעראַל־שטאַב פון צה"ל רב־אַלוף יצחק רבין אין „ספר הזהב" פון קרן קימת לישראל.

די הויפּט־רבנים פון די יידישע קהילות אין אייראָפּע וועלן אָפּהאַלטן אַ בשותפותדיקע תפילה פון דאַנקבאַרקייט ביים כותל המערבי — האָט געזאָגט הרב יעקב קאַפּלאַן, דער הויפּט־רב פון פראַנקרייך, אָנקומענדיק אויפן פליפלאַץ אין לוד. צוזאַמען מיט אים זענען געקומען די לייטונג־מיט־גלידער פון דער יידישער קהילה אין פּאַריז, אַלבערט כאַראַש און זשאַן פּאָל עלקען.

הרב קאַפּלאַן האָט געזאָגט, אַז ער קומט מיט אַ האַרץ פול מיט פרייד אין לאַנד, כדי „צו דאַנקען דעם בורא פאַרן גרויסן נס, וואָס ער האָט געטאָן דעם פאָלק ישראל", און אָפּצוהאַלטן אַ תפילה ביים כותל המערבי. ער האָט אויך דערציילט, אַז אין דער פּאַריזער סינאַגאָגע, איז אין דער אָנוועזנהייט פון פיל יוגנטלעכע, געמאַכט געוואָרן אַן אַזכרה פאַר די גיבורים פון צה"ל, וואָס זענען געפאַלן, און עס איז דערביי אויסגעדריקט געוואָרן אַ טרייסט פאַר די משפחות.

אויך דער הויפּט־רב פון ענגלאַנד, הרב ד"ר ישראל יאַקובאָוויטש, איז אָנגעקומען אויף אַ באַזוך אין לאַנד. אויפן פליפלאַץ אין לוד האָט דער הויפּט־רב געזאָגט, אַז ער איז געקומען זען מיט די אייגענע אויגן די נסים ונפלאות און די גבורות, וואָס זענען געשען אין ישראל אין די לעצטע טעג און אויך כדי צו ברענגען די ברכה פון ענגלישן יידנטום פאַר מדינת ישראל. די יידן פון דער גאַנצער וועלט זענען געשטאַנען אַקסל ביי אַקסל מיט ישראל — האָט ער געזאָגט.

ער האָט צוגעגעבן, אַז עס איז געקומען די צייט צו באַטראַכטן די צוקונפט פון יידישן פאָלק און וועגן דערנענטערן די יידן צו עליה קיין ישראל.

„מיר האָבן געזען און זיך איבערצייגט, אַז מיר זענען געקניפּט און געבונדן איינער מיטן צווייטן און אָפּהענגיק איינער פון צווייטן — די יידן פון די תפוצות האָבן געזען, אַז זיי זענען אָפּהענגיק פון ישראל און ישראל

האָט געזען, אַז זי איז אָפּהענגיק פון די יידן פון דער וועלט; די איצטיקע פאַרבינדונג צווישן אַלע טיילן פון יידנטום איז אַן ענגערע ווי ווען עס איז אין אונדזער געשיכטע״ — האָט געזאָגט דער רב.

דער הויפּט־רב פון ענגלאַנד וויל באַזוכן דעם כותל המערבי און אַלע אַנדערע ערטער, וואָס זענען הייליק פאַר די יידן, כדי צו באַווייזן דער וועלט, אַז די דאָזיקע הייליקע ערטער זענען אונדזערע און אַז זיי זענען די נחלה פון גאַנצן יידישן פאָלק, ווייל ירושלים שטייט בראש פון אַלע אונדזערע דאגות.

בעת אַ פּרעסע־קאָנפערענץ, וואָס איז די טעג פאָרגעקומען אין בית סוקולוב אין תל־אביב האָט דער שעף פון דער דעלעגאַציע פון פראַנצויזישן יידנטום, באַראָן עדמונד דע ראָטשילד געזאָגט, אַז דער אויסעראָרדנטלע־כער קאַמפּיין פון פראַנצויזישן יידנטום פאַר ישראל האָט שוין צונויפגע־זאַמלט 4 מיליאָן דאָלאַר און לויט אַלע וואָרשיינלעכקייטן וועט אין די ראַמען פון דעם דאָזיקן קאַמפּיין מאָביליזירט ווערן די סומע פון צען מיליאָן דאָלאַר. ער האָט באַצייכנט, אַז אין דער ערשטער וואָך פונעם קאַמפּיין זענען געזאַמלט געוואָרן מער געלטער ווי אין משך פון גאַנצן פאָריקן יאָר.

באַראָן ראָטשילד האָט דערציילט אַז דעם 25סטן מאַי, ווען נאַסער האָט פּראָקלאַמירט דאָס שליסן פון טיראַן־דורכפאָר פאַר דער ישראלדיקער נאַוויגאַציע, איז גלייך געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס נעמט אַרום אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין פראַנקרייך, אונטער דער אָנפירונג פון באַראָן גי דע ראָטשילד, כדי צו העלפן ישראל. עס איז אויך געשאַפן גע־וואָרן אַ בשותפותדיקער קאָמיטעט פון אַלע יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט הויפּטזעכלעך געפירט זיין טעטיקייט צווישן די סטודענטן און די לינקע קרייזן אין פראַנקרייך.

דער באַראָן האָט אונטערגעשטראָכן מיט סאַטיספאַקציע, אַז כמעט די גאַנצע עפנטלעכע מיינונג אין פראַנקרייך האָט זיך געשטעלט ביי דער זייט פון ישראל. אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון סימפּאַטיע צו ישראל איז פאָרגעקומען אין פּאַריז אונטער דער אָנפירונג פון ד. מייער. אַ גאַנצע זייט, וואָס איז געווען געווידמעט ישראל, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אומזיסט אינעם רוב פון די פראַנצויזישע צייטונגען. אין דער דאָזיקער זייט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אַרטיקל פון ריימאָן אַראָן און אַ דעק־לאַראַציע מיט אונטערשריפטן פון מענטשן פון גייסט, צווישן זיי די שריי־

בער זש. פּ. סאַרטער און פ. מאַריאַק. צו דער דאָזיקער זייט איז אויך ביי־געלייגט געוואָרן אַ סימפּאַטיע־דעקלאַראַציע און זי איבערגעשיקט אין די ביוראָען, וואָס זענען ספּעציעל געשאַפן געוואָרן ביי די שטאָט־פאַרוואַל־טונגען און אין די אָרטיקע מוניציפּאַלע ראַטן.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן אַ דעלעגאַציע קיין ישראל אונטער דער אָנפירונג פון באַראָן אַלאַן דע ראָטשילד, דער פּאָרזיצער פון דער יידישער קאָנסיסטאָריע. אין דער דאָזיקער דעלעגאַציע האָבן זיך אויך באַטייליקט באַראָן עדמונד דע ראָטשילד, דער גענעראַל־דירעקטאָר פון דער ראַדיאָ־סטאַציע „אייראָפּע 1", ז. פרידמאַן און דער סעקרעטאַר פון קאָמיטעט ח. קליין, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פּרעסע־קאָנ־פערענץ.

ז. פרידמאַן האָט באַצייכנט, אַז בעת אַ פּלעביסציט פון דער עפנט־לעכער מיינונג, וואָס עס האָט דורכגעפירט איינע פון די גרויסע פראַנ־צויזישע פּלעביסציט־געזעלשאַפטן, האָבן 96 פּראָצענט פון די אָנגעפרעגטע זיך אידענטיפיצירט מיט ישראל.

מיט וואַרעמע ווערטער האָט באַגריסט די דעלעגאַציע פון פראַנצויזישן יידנטום דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון ישראלדיקן זשורנאַליסטן־פאַרבאַנד, מ. רון.

22.6.1967

## די דראַמאַטיש־פייערלעכע זיצונג פון דער כנסת

עס איז געווען מאָנטיק, דעם 12טן יוני 1967. געענדיקט איין וואָך נאָך דעם ווי די העראָישע אַרמיי — צבא ההגנה לישראל — איז אַרויס אין דעם אויפגעצוווּנגענעם אַזוי גורלדיקן קאַמף קעגן מצרים, ירדן און סיריע, האָט דער וואָרטזאָגער פון צה"ל פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל די אָפי־ציעלע ציפערן פון אונדזערע פאַרלוסטן אין דער מערכה קעגן מצרים,

ירדן און סיריע. אונדזערע פאַרלוסטן אין דער דאָזיקער מלחמה, ביז צום 1טן יוני, זענען געווען: 679 געהרגעטע און 2563 פאַרווונדעטע. צווישן די פאַרווונדעטע זענען 255 פאַרווּנדעט געוואָרן מיטלמעסיק און שווער און די איבעריקע זענען לייכט־פאַרווונדעטע.

אונטער איינדרוק פון דער דאָזיקער טרויעריקער רשימה פון די גע־הרגעטע און פאַרווונדעטע אין דער מערכה, איז זיך צוזאַמענגעקומען די כנסת.

ביים אָנהייב פון דער זיצונג האָט דער כנסת־פאָרזיצער, קדיש לוז, געבעטן אויפצושטעלן זיך און באַערן דעם אָנדענק פון די געפאַלענע העלדן פון צה"ל, וואָס האָבן מקריב געווען זייערע לעבנס פאַר דער ישועה פון ישראל.

דער כנסת־פאָרזיצער האָט איבערגעשיקט זיין ברכה פאַר צה"ל, פאַרן אַרמיי־שעף, דעם אַרכיטעקט פון דער גרויסער מערכה און איר הויפט־קאָמאַנדיר, פאַר זיינע געהילפן און פאַר אַלע זעלנער. ער האָט באַגריסט די רעגירונג, דעם רעגירונג־שעף, לוי אשכול, און דעם זיכערקייט־מיניס־טער ביז צום אויסברוך פון דער מערכה. דער כנסת־פאָרזיצער האָט פאַר־ענדיקט זיינע ווערטער מיטן אויסדריקן די האָפענונג פאַר אַ פעסטן און סטאַבילן שלום אינעם ראַיאָן און אין דער וועלט.

דער רעגירונג־שעף, לוי אשכול, האָט גערופן אין דער כנסת צו אַ רעגולירונג פון שלום מיט די אַראַבישע מדינות, וואָס זאָל זיין באַזירט אויף דירעקטע אונטערהאַנדלונגען. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז אינעם ראַיאָן איז געשאַפן געוואָרן אַ גאָר נייע לאַגע און מדינת ישראל וועט נישט זיין גרייט צוריקצוקערן זיך צו דער לאַגע, וואָס האָט געהערשט מיט אַ וואָך צוריק.

„מיר אַליין, אָן קיינעמס הילף, האָבן געקעמפט פאַר אונדזער קיום און פאַר אונדזער זיכערקייט" — האָט געזאָגט דער רעגירונג־שעף — „און מיר האָבן דאָס פולע רעכט פעסטצושטעלן, וואָס עס זענען די לעבנסוויכטיקע און די אמתע אינטערעסן פון אונדזער מדינה און ווי אַזוי עס וועט פאַרזיכערט ווערן איר צוקונפט. ארץ־ישראל וועט מער נישט זיין קיין אָפענער הפקר־שטח פאַר סאַבאָטאַזש־ און מאָרד־מעשים, אָבער צוזאַמען מיט דעם ווען מיר געטריי אָפהיטן דעם פייער־איבעררייס אויב דער צד שכנגד וועט אים אויך אָפהיטן".

לוי אשכול האָט אויפגעקלערט, אַז די גרויסמאַכטן קאָנען העלפן געפינען אַ רעגולירונג אויב זיי וועלן נישט אַרויסברענגען קיין פאָדערונ־גען פון ישראל, נאָר זיי וועלן זיך ווענדן צו די אַראַבישע מדינות און זיי זאָגן, אַז דער אונ״אָ־טשאַרטער פאַרפליכטעט זיי צו לייזן סכסוכים מיט וועגן פון שלום.

צום סוף פון זיין רעדע האָט אשכול געזאָגט, אַז די אויסגעברייטערטע רעגירונג, און אין איר, די מיניסטאַרן־קאָמיסיע פאַר די ענינים פון זיכער־קייט האָבן אויסגעהאַלטן און האַלטן אויס דעם שווערן פרווו פון דער נאַציאָנאַלער אָנפירונג. ער האָט אויסגעדריקט זיין זיכערקייט, אַז דורך אַ נאַציאָנאַלער אייניקייט און קאָנצענטראַציע, וועלן מיר מיט דערפאָלג אויך קאָנען אויסהאַלטן די שווערע פרוון, וואָס דערוואַרטן אונדז אין דער צוקונפט.

ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָט דער רעגירונג־שעף באַגריסט די רעגירונג־מיטגלידער, דעם זיכערקייט־מיניסטער, דעם אַרמיי־שעף, די קאָ־מאַנדירן און אַלע זעלנער פון צה״ל.

רעאַגירנדיק אויף דער בייזוויליק־פיינטלעכער שטעלונג פונעם ראַטן־פאַרבאַנד, האָט דער פרעמיער געזאָגט, אַז נישט נאָר וואָס ער האָט נישט פאַראורטיילט די אָנגרייפערישע פּאָליטיק פון מצרים און פון אירע פאַר־בינדעטע, נאָר ער האָט אויך געהאָלפן די אָנגרייפער אין זייער פּאָליטישער אַקטיוויטעט.

אשכול האָט געפרעגט: ווי אַזוי גלייכט זיך דאָס אויס ביי מאָסקווע איר דעקלאַרירטע פּאָליטיק פון לייזן סכסוכים מיט וועגן פון שלום מיט געבן געווער און גאַנצע בערג מיליטערישע אויסשטאַטונג פאַר מדינות, וואָס האָבן אָפן און פיל מאָל דעקלאַרירט, אַז זייער כוונה איז צו באַנוצן זיך מיט דעם דאָזיקן געווער, כדי חרוב צו מאַכן אַ זעלבשטענדיקע מדינה און פאַרניכטן איר באַפעלקערונג? ער האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז עס וועלן נאָך אָנגעהאַלטן ווערן באַציִונגען צווישן דעם ראַטן־פאַרבאַנד און ישראל אויפן יסוד פון אַ טיפערער פאַרשטענדעניש מצד מאָסקווע לגבי די פּראָבלעמען פון ישראל.

שטאַרק איז געווען דער איינדרוק ווען דער רעגירונג־שעף האָט גע־זאָגט אָן אַ שמץ פון גוזמא, אַז:

„...די וועלט האָט זיך איבערצייגט, אַז צה״ל איז אַ מעכטיקער קעמפערישער כוח, צוליב זיין הויכן ניוואָ און ווייל זיינע קאָמאַנדירן זענען ערשטראַנגיקע, און איבער אַלעמען, ווייל איינעם האַרץ פון יעדן זעלנער און קאָמאַנדיר קלאַפּט די שליחות פון פאָלק און זיין לאַנד. צה״ל איז די די אַרמיי פונעם פאָלק. ווען ער קעמפט — קעמפט דאָס גאַנצע פאָלק״...

און ווען מען האָט געקוקט אויף די אַלופים פון צה״ל מיטן אַרמיי־שעף בראש, וואָס האָבן פאַרנומען די ערשטע ערטער אויף דער גאַלעריע פאַרן פּובליקום, האָט מען געמוזט פאַרערן יעדן איינעם פון זיי. זיי זענען נישט געווען אין אויסגעפּוצטע מיליטערישע מונדירן, ווי יענע אויסגעסטראָיעטע גענעראַלן, נאָר אין געוויינלעכער, אַפילו נישט געפּרעסטער כאַקי־קליידונג, ווי די אמתע שליחים פון פאָלק.

די מענער פון די גרויסע היסטאָרישע און העראָישע מעשים זענען דערשינען אין זייער גאַנצער פשטות: ישיעהו גביש, דער קאָמאַנדיר פון דרום, און דוד אלעזר, דער קאָמאַנדיר פון צפון, אריק שרון — אין די פּאַראַשוטיסטן־שיך, אויף וועלכע עס איז נאָך געלעגן דער שטויב פון אַל־עריש אין סיני, און ישראל טל און מרדכי הוד און עוזי נרקיס און עזר וויצמאַן און אין זייער צענטער, יצחק רבין — אַלע זענען זיי געווען די מענטשן פון די גרויסע געשעענישן אין דער לעצטער וואָך. און אָט זענען זיי געקומען אין דער כנסת צו הערן זייער „רעזומע״. זיי האָבן אויפמערקזאַם אַלץ אויסגעהערט און גלייך צוריקגעקערט זיך צו זייער מלאכה.

23.6.1967

## דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר צוריקגעקומען פון מאָסקווע

„איך וועל זיך שוין מער נישט אומקערן אין ראַטן־פאַרבאַנד, אָבער די באַציִונגען צווישן דער דאָזיקער גרויסמאַכט און צווישן ישראל, וועלן נאָך זיכער נאָרמאַליזירט ווערן, ווייל מיר זענען דאָך אַ מדינה, נישט אַזוי ?״ — האָט געזאָגט כתריאל כץ, דער אַמבאַסאַדאָר פון ישראל אין

ראַטן־פאַרבאַנד ביז מיט אַכט טעג צוריק. צוריקקערנדיק זיך מיט זיין פרוי דורך אמסטערדאַם קיין ישראל.

צוזאַמען מיט אים זענען אויך אָנגעקומען דער צווייטער סעקרעטאַר פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע, ה׳ עמיקם און זיינע משפחה־מיטגלידער. אין משך פון צוויי טעג — האָט געזאָגט ה׳ כץ — וועלן אויך צוריקקומען קיין ישראל אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער אַמבאַסאַדע, וואָס געפינען זיך שוין אַלע אויסער די גרענעצן פונעם ראַטן־פאַרבאַנד.

ענטפערנדיק אויף אַ פראַגע, האָט דער אַמבאַסאַדאָר באַשטעטיקט, אַז ער האָט באַקומען פיל טעלעפאָנישע רופן אין דער אַמבאַסאַדע, אין זייער גרעסטער מערהייט פון אומבאַקאַנטע. די טעלעפאָנירער האָבן אויסגע־דריקט נישט נאָר אַ טיפע סימפּאַטיע פאַר דער שטעלונג פון ישראל, נאָר זיי האָבן אויך צוגעגעבן, אַז עס איז זייער גוט באַקאַנט אַז נאַסער איז אַ פאַשיסט און אַז די סאָוויעטישע פרעסע שפּיגלט נישט אָפּ די לאַגע און די אמתעווירקלעכקייט.

אין אַ געשפּרעך מיט די זשורנאַליסטן אויפן פליפלאַץ אין לוד האָט ה׳ כץ דערציילט, אַז אין משך פון די אַכט טעג זייט עס זענען איבער־געריסן געוואָרן די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען און ביזן אַרויספאָר פון די מענטשן פון דער אַמבאַסאַדע דורך דער נאָענטסטער גרענעץ, קיין פינלאַנד, איז די באַציִונג צו זיי מצד די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען געווען לויטן פּראָטאָקאָל, אָבער אַ זייער קאַלטע. די באַציִונג פון די סאָוויעטישע בירגער האָט זיך אויסגעדריקט אין די דערמאָנטע אַנאָנימע, טעלעפאָנישע גע־שפּרעכן.

דער איינציקער עפנטלעכער אויסדרוק פונעם ציבור צום איבעררייס פון די באַציִונגען און צו דער פיינטשאַפט, וואָס עס דעמאָנסטרירן די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען, איז געווען די דעמאָנסטראַציע, וואָס איז פאָרגעקומען — איין שעה נאָך דער מעלדונג — פאַרן פראָנט פון דער אמבאַסאַדע. די דעמאָנסטראַציע האָט געדויערט זייער קורץ און די מענטשן זענען זיך נאָך דעם פונאַנדערגעגאַנגען.

אויף דער פראַגע וועגן מבטל מאַכן די אַרויספאָר־וויזעס פון יידן פון ראַטן־פאַרבאַנד, האָט דער אמבאַסאַדאָר געענטפערט, אַז ס׳איז געשען אין לעצטן טאָג פאַר זיין אַרויספאָר פון ראַטנפאַרבאַנד, ווען ער איז „שוין אַרויס פון בילד" און עס איז אים נישט געלונגען אויפצוקלערן דעם דאָזיקן ענין ווי עס דאַרף צו זיין.

וואָס שייך דער באַציִונג פון דער סאָוויעטישער פּרעסע צו די געשעע־נישן אין מיטעלן מזרח, האָט געזאָגט דער אַמבאַסאַדאָר, אַז די דאָזיקע געשעענישן זעבען זייער אויספירלעך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַלע סאָוויעטישע צייטונגען. די אינפאָרמאַציע איז אָבער געווען אַ טענדענציעזע און איינזייטיקע. די צייטונגען האָבן פאַרעפנטלעכט נאָר דאָס, וואָס עס איז גערעדט און געשריבן געוואָרן אין דמשק, באַגדאַד, קאַירא, ביירוט און אַלזשיר. זיי האָבן נישט פאַרעפנטלעכט קיין איינציק וואָרט פון מערב־קוועלן אָדער פון ישראל.

אין רעזולטאַט פון דעם האָט זיך באַקומען אַ בילד, וואָס האָט זיך זייער גוט צוגעפּאַסט צו די אָפיציעלע סאָוויעטישע טענות לגבי דער דאָזיקער מערכה. דער אַמבאַסאַדאָר האָט באַצייכנט, אַז אין די סאָוויעטישע פּובליקאַציעס איז נישט געווען קיין שום זכר צו די אַראַבישע דראָונגען אונדז צו פאַרטיליקן, צו די מינירונגען פון אונדזערע וועגן, צו די אומ־אויפהערלעכע סאַבאָטאַזש־אַקטן פון די אַל־פּאַטאַך־טעראָריסטן, און אַז האַרט פאַר דער מערכה האָט מצרים אַריינגעפירט אין סיני איר מעכטיקע מלחמה־מאַשין — אויך וועגן דעם האָבן די סאָוויעטישע צייטונגען אַפילו נישט דערמאָנט און אַזוי אַרום האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז ישראל „זוכט זיך צרות" אין מיטעלן מזרח.

און אויב נאָך דעם אַלעמען האָט די ישראל־אַמבאַסאַדע באַקומען די אַנאָנימע טעלעפאָן־געשפּרעכן, וואָס דריקן אויס סימפּאַטיע און אַ בפירושע אָפּגרענעצונג פון דעם דאָזיקן מבול פון פאַרקריפּלטער אינפאָרמאַציע, איז דאָס אַ גרויסער וווּנדער.

דער אַמבאַסאַדאָר האָט גלייך צוגעגעבן:

„איך האָב אַ טיפע אָפּשאַצונג פאַר דער אינטעליגענץ פון סאָוויעטישן פאָלק און ער וועט וויסן ווי אַזוי דורכזיפּן די פאַקטן און אָפּטיילן זיי פון דער פּראָפּאַגאַנדע".

צום שלוס האָט דער אַמבאַסאַדאָר כּך געזאָגט, אַז פאַר זיין אָפּפאָר איז דאָס הויז פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע פאַרשלאָסן געוואָרן און דעם שליסל האָט ער איבערגעגעבן דעם אַמבאַסאַדאָר פון האָלאַנד אין ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס וועט פאַרטרעטן די אינטערעסן פון ישראל אין דער סאָוויעטישער הויפּטשטאָט.

דער פאַרטרעטער פון דער סאָוויעטישער נייעס־אַגענטור „טאַס" אין ישראל, ה' א. סטאַוובאָן, וואָס האָט אַ דיפּלאָמאַטישן פּאַס, האָט אין לעצטן

מאָמענט באַקומען אַן אָנווייזונג פון מאָסקווע נישט אָנצושליסן זיך צו דעם דיפּלאָמאַטישן סאָוויעטישן אַנסאַמבל, וואָס האָט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, נאָר צו פאַרבלייבן אין ישראל.

די דאָזיקע אָנווייזונג איז אָנגעקומען נאָך דעם ווי ער האָט שוין ליקווידירט זיין וווינונג אין תל־אביב. ער האָט זיך שוין געהאַט געזעגנט מיט זיינע באַקאַנטע, איינגעפּאַקט זיינע זאַכן און אָפּגעשיקט זיי צו דער שיף אין חיפה, וואָס האָט צוריקגעפירט דעם סאָוויעטישן דיפּלאָמאַטישן אַנסאַמבל קיין רוסלאַנד.

די סאָוויעטישע דיפּלאָמאַטן האָבן זיך אין די לעצטע טעג געזעגנט מיט זייערע באַקאַנטע אין לאַנד, צווישן זיי די פירער פון מק״י און רק״ח, און ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָבן זיי אויסגעדריקט זייער האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך בקרוב צוריקקערן אין לאַנד. אויך די דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטער פון פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, בולגאַריע, אונגאַרן און יוגאָ־סלאַוויע האָבן ביים געזעגענען זיך מיט זייערע באַקאַנטע, אויסגעדריקט די זעלבע האָפענונג.

די פּאָליאַקן האָבן באַשלאָסן איבערצולאָזן אין לאַנד די אָנגעשטעלטע פון דער פּוילישער באַנק „פּ. ק. אָ.״ וואָס וועלן פאָרזעצן צו פירן די באַנק־ענינים.

אין די געשפּאַנטע מלחמה־טעג האָט מען כמעט נישט געזען דעם „טאַס״ ־ קאָרעספּאָנדענט סטאַווּבאַן צווישן זיינע קאָלעגן זשורנאַליסטן. פריִער פלעגט ער זייער אָפט באַזוכן דאָס מלוכהשע פּרעסע־ביוראָ, אָבער לעצטנס איז ער דאָרט דערשינען בלויז איין מאָל, אין באַגלייטונג פון זיין עברית־איבערזעצער.

ווי עס ווערט באַקאַנט, ווערט איצט דעבאַטירט אין ישראלדיקן אויסערן־מיניסטעריום דער סאָוויעטישער באַשלוס איבערצולאָזן אין לאַנד דעם „טאַס״־קאָרעספּאָנדענט. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז נאָך דעם ווי עס איז ליקווידירט געוואָרן די סאָוויעטישע אַמבאַסאַדע אין ישראל, וועט דער קאָרעספּאָנדענט פון דער אָפיציעלער סאָוויעטישער נייעס־אַגענטור נישט קענען געניסן פון דיפּלאָמאַטישן מעמד. ביז איצט איז ער געווען אָנער־קענט אַלס מיטגליד פון דעם סאָוויעטישן דיפּלאָמאַטישן אַנסאַמבל און אויף זיין אויטאָמאָביל איז געווען דער ווייסער אָפּצייכן פון „דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס״.

ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז ה׳ סטאַוובאַן פאַרבלייבט אין לאַנד, האָט זיך ביי די פרעמדע קאָרעספּאָנדענטן דערוועקט די פראַגע, צי וועט אויך ישראל פאָדערן, אַז עס זאָל דערמעגלעכט ווערן פאַר אַ ישראלדיקן קאָרעספּאָנדענט צו ווײַלן אין מאָסקווע, און דאָס טראָץ דעם פאַקט, וואָס ביז איצט האָבן ישראלדיקע קאָרעספּאָנדענטן נישט באַקומען קיין דער־לויבעניש צו זיצן דאָרט. קיין שום אָפיציעלער ישראלדיקער מקור איז אָבער נישט גרייט געווען צו רעאַגירן אויף אַזאַ מעגלעכקייט.

צום קולמינאַציע־פּונקט פון לעכערלעכקייט האָט דערגרייכט די אַנטי־ישראלדיקע פּראָפּאַגאַנדע אין ראַטן־פאַרבאַנד מיטן פאַרעפנטלעכן די ידיעה אין מאָסקווער „פּראַוודאַ״, אַז דער פירער פון מק״י, ד״ר משה סנה, איז אַרעסטירט געוואָרן אין תל־אביב.

אין זעלבן טאָג, ווען ער איז „אַרעסטירט״ געוואָרן לויט דער „פּראַוו־דאַ״, איז ד״ר משה סנה דערשינען, ווי תמיד, ביי זיין אַרבעט אין דער רעדאַקציע פון מק״י־אָרגאַן „קול העם״ און מיט אַן אָוונט פריִער האָט ער זיך באַטייליקט אין אַ סימפּאָזיום אין ראַדיאָ „קול ישראל״.

די ישראל־אַמבאַסאַדע אין לאָנדאָן האָט געשטעמפּלט די דאָזיקע ידיעה אין „פּראַוודאַ״ אַלס „עקלדיקן ליגן״. אין דער דערקלערונג, וואָס די ישראל־אַמבאַסאַדע האָט פאַרעפנטלעכט, ווערט געזאָגט:

„ישראל איז די איינציקע מדינה אין מיטעלן מזרח, וווּ עס עקזיסטירט אַ פולשטענדיקע פּאָליטישע פרייהייט. עס זענען נישט פאָרגעקומען קיין שום אַרעסטן אין ישראל פון דעם אַרט, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דורך דער „פּראַוודאַ״. עס איז אַפילו שווער צו ברענגען אויפן געדאַנק אַזעלכע שריט״.

„עס איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזאַ גערעכטער קעמפנדיקער צד אין זיין מלחמה, ווי דאָס פאָלק ישראל איז געווען גערעכט אין דער דאָזיקער מערכה. די טראַגעדיע איז אָבער, וואָס די זאַך, וואָס איז אַזוי פאַרשטענדלעך פאַר אונדז, איז נישט פאַרשטענדלעך פאַר פיל קרייזן און כוחות אין דער וועלט״.

דאָס האָט געזאָגט דעם לעצטן שבת בעת אַ פאַרזאַמלונג פון מק״י אין חיפה ד״ר משה סנה און ער האָט צוגעגעבן, אַז ער פאָדערט אַז דער ראַטן־פאַרבאַנד זאָל זיך נישט שטעלן אויף דער אָדער יענער זייט פונעם סכסוך

צווישן ישראל און די אַראַבער, נאָר אויף דער זייט פון שלום, פונקט ווי ער האָט זיך געפירט אינעם סכסוך צווישן אינדיע און כינע.

ד״ר סנה האָט געזאָגט, אַז ער איז פאַר דעם, אַז די וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַכן זאָלן אויסגעטוישט ווערן אויף סטאַבילע שלום־אָפּמאַכן מיט אַלע אַראַבישע מדינות. באַציִענדיק זיך צו די ווערטער פון אויסערן־מיניסטער אבא אבן, וועלכער האָט געפאָדערט פון ראַטן־פאַרבאַנד, אַ מער באַלאַנסירטע שטעלונג, האָט ד״ר משה סנה געזאָגט, אַז ער האָפט אויף מער פון דעם, אַז עס זאָל באַנייט ווערן די פריינדשאַפט צווישן ישראל און דעם ראַטן־פאַרבאַנד.

דער רעדנער האָט פאָרגעלייגט, אַז די ישראל־רעגירונג זאָל דער־מעגלעכן דעם מיליאָן פּאַלעסטינער אַראַבער, וואָס געפינט זיך אונטער איר מאַכט, אויסצוווילן זייער פאַרטרעטערשאַפט דורך דעמאָקראַטישע וואַלן און אויפשטעלן אַ רעגירונג, וואָס זאָל אָנהאַלטן שלום־באַציִונגען מיט מדינת ישראל, אין דער ראָם פון אַן עקאָנאָמישער פאַראייניקונג און מיט אַ קעגנזייטיקן פאַרטיידיקונגס־אָפּמאַך.

„אויב ישראל וועט דערשיינען אין אונ״אָ אַלס איבערצייגנדיקער פאַקטאָר, אַז זיין ווילן איז זיכערקייט און שלום — וועט זיין שווער פאַר די שלום־ליבנדיקע פעלקער אין דער וועלט זיך אַנטקעגנצושטעלן איר פּאָליטיק״ — האָט פאַרענדיקט ד״ר סנה.

28.6.1967

## דער נשיא המדינה, זלמן שזר, ביים כותל המערבי

דער נשיא המדינה, זלמן שזר, האָט דאָנערשטיק, אין צווייטן נאָך זיין באַפרייונג, באַזוכט דעם כותל המערבי. ער איז באַגלייט געוואָרן דורכן מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אליהו דאָבקין. דער נשיא המדינה האָט געזאָגט ביים כותל קאַפּיטלעך תהילים און נאָך דעם איז ער אויפגערופן געוואָרן צו דער תורה, בעת דער ערשטער קריאת־התורה, וואָס איז פאָרגעקומען ביים כותל.

נאָך דעם איז געזאָגט געוואָרן די תפילה „אל מלא רחמים" פאַר די נשמות פון די געפאַלענע העלדן פון צה"ל, און דער נשיא האָט געזאָגט „קדיש". ס'איז אויך געמאַכט געוואָרן אַ „מי שברך" פאַר צבא ההגנה לישראל.

ווען דער נשיא המדינה האָט זיך צוריקגעקערט פון כותל, איז ער ביים מאַנדעלבוים־טויער אָפּגעוואַרט געוואָרן דורך אַ גרויסן עולם, וואָס האָט אים געמאַכט אַ גרויסע אָוואַציע.

דער נשיא המדינה האָט דאָנערשטיק אויפגענומען די עקזעקוטיוו־מיט־גלידער פון דער יידישער אַגענץ. דער פאַרטרעטער פון עקזעקוטיוו־פאָר־זיצער, אַליהו דאָבקין, האָט באַגריסט דעם נשיא אין צוזאַמענהאַנג מיטן גרויסן נצחון פון דער מדינה.

דער נשיא האָט אויך אויפגענומען דעם רעליגיע־מיניסטער, ד"ר ז. וואַרהאַפטיק, וועלכער האָט אים איבערגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער לאַגע פון די הייליקע פלעצער, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן דורך צה"ל און וועגן די אָרגאַניזירונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן לגבי די דאָזיקע פלעצער. בעתן צוזאַמענטרעף איז אויך אָנוועזנדיק געווען דער גענעראַל־דירעקטאָר פון רעליגיע־מיניסטעריום, ד"ר ש. ז. כהנא.

דעם זעלבן טאָג האָט דער נשיא המדינה אויפגענומען די לייטונג־מיטגלידער פון „חרות" און די מיטגלידער פון דער אויספיר־קאָמיסיע פון דער ליבעראַלער פאַרטיי. זיי זענען געקומען אים באַגריסן „וואָס ער האָט זוכה געווען צו זיין דער ערשטער נשיא ישראל אין דער גאַנצער ירושלים". באַגריסנדיק מיט אַ „ברכה מיוחדת" די מענטשן פון גח"ל האָט געענט־פערט דער נשיא: „איר ברענגט מיט זיך צו דער אָנפירונג די געפילן פון כבוד, וואָס איר האָט פאַר מלכות ישראל. דאָס דאָזיקע געפיל איז ביי אייך זייער טיף איינגעוואָרצלט. אַ גרויסער זכות איז געפאַלן אין אייער חלק, וואָס איר זענט אַריין אין דער אָנפירונג אין אַ מאָמענט פון אַ ווילן צו אייניקייט און אין אַ מאָמענט ווען די אייניקייט איז צעמענטירט געוואָרן. און נאָך אַ זכות האָט איר: „יצאתם בצבאותינו", ווי ס'ווערט געבראַכט אין ספר שמואל: „און נאָך דעם האָט זיך אונדזער אַרמיי צוריקגעקערט, באַקרוינט מיט אַ שיינענדיקן נצחון, וואָס אויף אַזאַ האָבן מיר קיין מאָל נישט געחלומט".

דער כנסת־דעפּוטאַט א. בן־אליעזר, ברענגענדיק די ברכה פון דער „חרות״־לייטונג, האָט געדאַנקט דעם נשיא פאַר דער מעגלעכקייט „צו טיילן זיך מיט דער כוואַליע פון געפילן און מיט די האַרץ־קלאַפּונגען צו־זאַמען מיט אים אין דעם דאָזיקן היסטאָרישן מאָמענט״. ער האָט אויך געלאָזט הערן ווערטער פון אַ תפילה, פון אַ ברכה און פון אַ דאַנק: אַ תפילה פאַר די זעלנער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די קאַמפן און זענען געטראָפן געוואָרן, אַ ברכה פאַרן אַרמיי־שעף און פאַר דער ישראל־אַרמיי מיט אירע אָפיצירן און זעלנער און אַ דאַנק פאַר אלוקי צבאות ישראל, אויף דעם, וואָס מיר האָבן זוכה געווען. ער האָט צוגעגעבן: „איר זענט אונדזער ערשטער נשיא אין דער גאַנצער ירושלים. די פאָן פון ישראל פלאַטערט לענגאויס דעם גאַנצן ברעג פון דער מערבדיקער זייט פון ירדן, און זי איז אין גאַנצן אונדזערע״.

דער כנסת־דעפּוטאַט א. רימאַלט האָט געבראַכט די ברכה פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי און ער האָט געזאָגט: „כ׳בין אַ שותף צו דער תפילה, צו דער ברכה און צו דעם דאַנק. מיר זענען נאָך צעטומלט, מיר זענען אָבער זיכער, אַז דאָס איז אַ גרויסער טאָג אין דער געשיכטע פון ישראל. יהי רצון, אַז מיר זאָלן זיך טרעפן אין דער גאַנצער ירושלים און אין פּאַלאַץ פון נשיא, וואָס וועט איר באַשיינען״.

„מיר זענען שוין אין דער גאַנצער ירושלים״ — האָט געענטפערט דער נשיא, און ער האָט צוגעגעבן: „ס׳איז אונדזער חוב אָפּצוהיטן די זאַכן, וואָס מיר האָבן דעראָבערט מיט אונדזער בלוט און מיט אונדזער שווערד. דאָס, וואָס מיר האָבן נישט פאַרענדיקט בעת דער פרייהייט־מלחמה, און וואָס מיר האָבן נישט פאַרענדיקט בעת דער סיני־מערכה — האָבן מיר איצט פאַרענדיקט. דאָס דאַרף פאַרבלייבן אויף אייביק, אין מדינת ישראל, און דאָס וועלן מיר מאַכן מיט איין האַרץ פון אַלע שבטי־ישראל״.

„דאָס איז אַ גרויסער טאָג פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק״ — האָט בן־גוריון געזאָגט שטייענדיק ביים כותל המערבי. אַרומגערינגלט פון מיליטער־לייט איז בן־גוריון געשטאַנען אַ טיף גערירטער ביי די שטיינער פון דער פאַר־הייליקטער וואַנט און ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די וויזיע, אַז בלויז מיט איין מעת־לעת צוריק איז דער כותל געווען נאָך אַ זייער ווייטער חלום. קורץ פאַר דעם איז דוד בן־גוריון אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי פּאָלאַ אָנגעקומען אין דער אַלטשטאָט און מיט די טרעפּ זענען זיי

אַראָפּ צום פּלאַץ פון כותל המערבי. זיי זענען געקומען מיט אַ גרויסער זייער חשובער סוויטע, וואָס איז באַשטאַנען פון בירגערמייסטער טעדי קאָלעק, דעם באַראָן גי דע־ראָטשילד און דעם באַראָן אַלאַן ראָטשילד, אלוף עזר ווייצמאַן, אַלוף מרדכי הוד, דעם מושל פון די צה״ל־כוחות אין איצט דעראָבערטן מערב־ברעג, אַלוף חיים הערצאָג, און כנסת־דעפּוטאַט שמעון פּרס, און מיט זיי דער קאָמאַנדיר פון די כוחות, וואָס האָבן דעראָבערט די שטאָט. ביים שלוס פון באַזוך ביים כותל המערבי האָט ד. בן־גוריון געזאָגט, אַז נאָך קיין מאָל האָט דאָס יידישע פאָלק נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ אייניקייט און פאַרברידערונג, ווי עס האָט דאָס אַרויסגעוויזן אין דער דאָזיקער היסטאָרישער וואָך, און ער האָט אויסגעדריקט זיין האָפענונג, אַז די דאָזיקע וווּנדערבאַרע אייניקייט וועט אָפּגעהיט ווערן אויך אין די קומענדיקע טעג.

ווען ער איז געבעטן געוואָרן צו רעאַגירן אויף דער מיליטערישער מערכה גופא, האָט דער ערשטער רעגירונג־שעף און זיכערקייט־מיניסטער פון מדינת ישראל דערקלערט, אַז ער האָט מיט דער פולסטער זיכערקייט דערוואַרט אַ נצחון פון צה״ל, ער האָט זיך אָבער קיין מאָל נישט פאָרגע־שטעלט, אַז דער נצחון וועט זיין אַזאַ שנעלער. „כ'האָב נישט קיין ווערטער ווי אויסצודריקן דעם חוב, וואָס דאָס פאָלק קומט די העראָישע קעמפער פון צה״ל" — האָט ער געזאָגט.

אויף דער פראַגע, צי לאָזט זיך מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן דער דאָזיקער מערכה און צווישן דער סיני־מערכה, האָט בן־גוריון געזאָגט, אַז דער מי־לישערישער נצחון, וואָס איז איצט דערגרייכט געוואָרן, איז איינדרוקפול און פילפאַכיק אומפאַסנדיקער, און אויסער דעם האָבן מיר דאָס מאָל געקעמפט אַליין. ער האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז „דער דאָזיקער צעשמעטערנדיקער נצחון פאַרזיכערט רויִקייט פאַר די קומענדיקע יאָרן, ס'איז אָבער נישט זיכער, אַז ער ברענגט אין זיינע פליגל דעם אַזוי גע־גאַרטן שלום".

ער האָט אויך אונטערגעשטראָכן, אַז דווקא דער פאַקט, וואָס מיר האָבן געקעמפט אַליין פאַרשטאַרקט אונדזער אינטערנאַציאָנאַלן מעמד און דער־הייבט אונדזער פּרעסטיזש ביי דער עפנטלעכער מיינונג אין דער גרויסער וועלט.

אין זיין וועג פון כותל המערבי, האָבן מאַסן זעלנער פון צה״ל אין

זייער קאַמף־קליידונג באַגריסט דוד בן־גוריונען מיט רוישיקע אויסרופן „כיפּאַק היי״ !״.

ווען בן־גוריון און זיינע באַגלייטער זענען אָנגעקומען צום כותל האָבן זיי מתפלל געווען מיט גרויס דביקות, און ביי פיל פון זיי האָט מען געזען טרערן אין די אויגן. גרויסע מאַסן זעלנער און זשורנאַליסטן האָבן זיי מקבל־פּנים געווען מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן.

בן־גוריון האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער צווייטער גרויסער טאָג אין זיין לעבן. דער ערשטער גרויסער טאָג איז געווען ווען ער איז עולה געווען אין לאַנד.

29.6.1967

## נאָך אַן איבעררייס פון 20 יאָר האָבן 20.000 יידן מתפלל געווען ביים כותל המערבי

ריזיקע מאַסן פון אַלע קרייזן און שיכטן, פון גאַנצן לאַנד, האָבן זיך ערב שבועות געצויגן קיין ירושלים, כדי מתפלל צו זיין ביים כותל המערבי, צום ערשטן מאָל נאָך 20 יאָר. פון פאַר טאָג און אין משך פון גאַנצן טאָג שבועות־יום־טוב זענען געקומען צום כותל המערבי קרוב 200.000 יידן. צווישן די געקומענע האָט זיך שטאַרק אָנגעזען דער טייל פון די פרומע יידן פון דעם אַלטן ישוב אין ירושלים. די ירושלימער פּאָליציי, וואָס האָט געאָרדנט די באַוועגונג פון די ריזיקע מאַסן פון די עולי־רגל, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער העפלעכקייט.

ביים כותל האָט מען געזען פיל מתפללים, גרויסע גרופּעס חסידים און ישיבה־בחורים האָבן געטאַנצט אין קאַראַהאָדן, דורכגענומענע מיט באַגייסטערונג און התלהבות און אויסדריקנדיק די בענקשאַפט פון דורות און די פרייד פון באַפרייען די גרעסטע יידישע הייליקייט. די פרויען פון די מזרח־עדות האָבן געלאָזט הערן פריידיקע טראַדיציאָנעלע אויסגעשרייען און די מענער האָבן געטראָגן פענער.

די עולי־רגל זענען אָנגעקומען מיטן וועג פון הר־ציון. די לעצטע טייל פונעם געפלאַסטערטן שאָסיי, וואָס פירט צום כותל, איז געמאַכט

געוואָרן דורך דער ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין די סאַמע לעצטע טעג. צופוסנס פון הר־ציון, ביים אַריינגאַנג אינעם וועג, וואָס פירט צום באַרג, האָט מען געזען צוויי שילדן, וואָס האָבן סימבאָליזירט די גרויסע ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אויפן פלאַץ: פון איין זייט אַ שילדל: „עצור! האַלט זיך אָפּ! פאַר דיר איז אַ גרענעץ!" און פון דער צווייטער זייט, „לכותל" — צום כותל המערבי... אויפן וועג צום כותל זענען געמאַכט געוואָרן איינריכטונגען פאַר ערשטער הילף. קיינער האָט דאָס נישט געדאַרפט. טראָץ דער שווערער היץ און דעם ריזיקן עולם, האָט קיינער נישט געחלשט.

אויפן גרויסן פלאַץ פאַרן כותל, וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט צוגעגרייט אין די לעצטע טעג, איז נישט געווען קיין ענגשאַפט. די אַרויסגייענדיקע זענען צוריקגעקערט געוואָרן דורך אַן אינערלעכן שאָסיי, האַרט ביים טויער, וואָס האָט אין דער פאַרגאַנגענהייט געפירט צום יידישן קוואַרטאַל און צום כותל. דער עולם איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר דעם יידישן קוואַרטאַל, אָבער, אינעווייניק איז נאָך נישט דערלויבט געוואָרן אַריינצוגיין. די עולי־רגל האָבן זיך צוריקגעקערט אין דער נייער ירושלים דורכן יפו־טויער. די יידן, וואָס האָבן געוווינט נאָענט צום יפו־טויער און וואָס האָבן אין משך פון לאַנגע יאָרן געהאַט אויסצושטיין גרויסע צרות פון דעם „אַראַבישן לעגיאָן", האָבן דאָס מאָל צוגעגרייט קאַלט וואַסער פאַר יעדן.

אין די פריִע נאָכמיטאָג־שעהען האָט זיך די באַוועגונג צום כותל ווידער פאַרשטאַרקט, דאָס איז מען געגאַנגען צום כותל צו תפילת מנחה. אין אַ מאַרש צום כותל זענען אויך געקומען די מיטגלידער פון די יוגנט־באַוועגונגען אין ירושלים. פאַר נאַכט איז דער שאָסיי אָפּגעשלאָסן געוואָרן פאַר פוסגייער, כדי ס'זאָלן נישט פאַרבלייבן קיין מענטשן אין דער אַלטשטאָט מיטן צופאַלן פון דער נאַכט.

ס'איז כדאי צו באַצייכענען, אַז צווישן די עולי־רגל צום כותל זענען אויך געווען מענטשן פון די „נטורי קרתא", וואָס זענען געקומען מתפלל זיין טראָץ דער עצה פון זייער פירער ר' עמרם בלוי נישט עולה צו זיין צום כותל און צום הר־הבית, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן דורך צה"ל, ווייל דורך דעם ווערט אויפגעהאַלטן די גאולה, וואָס דאַרף קומען דורך משיחן.

פון איצט אָן וועט דער כותל המערבי פאַרבלייבן אָפן טאָג־טעגלעך, פאַר באַזוכער און מתפללים. אויך איסרו חג זענען אָנגעקומען צום כותל, מיט באַנען און אויטאָבוסן, טויזנטער באַזוכער. די עקסקורסיע־ און טוריסטיק־געזעלשאַפטן אָרגאַניזירן שוין טאָג־טעגלעכע אויספלוגן קיין ירושלים אין אויטאָבוסן פון אַלע טיילן פון לאַנד. דער וועג קיין ירושלים אין די דאָזיקע טעג איז אַ שטאַרק באַלאָדענער.

דעם נייעם וועג צום כותל פון הר־ציון דורכן „שער האשפות" האָבן באַנייט מיט אַ פייערלעכן צערעמאָניאַל די מיטגלידער פון ירושלימער שטאָטראַט, ערב חג השבועות, 6.30 פרי. מיטן איבערשניידן די לענטע איז מכבד געוואָרן דער וויצע־בירגערמייסטער הרב מ. פרוש. די מיטגלידער פון ירושלימער שטאָטראַט און דער לייטער פון דער „מערך"־פראַקציע מ. איש־שלום און אויך דער פאַרטרעטער פון מפ"ם א. רונן האָבן זיך אויף אייניקע מינוט איינגעהילט אין אַ טלית.

דער הויפּט־רב פון צה"ל, אַלוף שלמה גורן, איז אין די פרימאָרגנשעהען פון ערב שבועות אַרויף אויפן באַרג סיני און אויף די שפּיצן פון באַרג האָט ער דורכגעפירט פייערלעכע תפילות פאַרן שלום פון צה"ל און פאַר דער זיכערקייט פון יידישן פאָלק אין ישראל און אין די תפוצות, און אין דעם דאָזיקן דערהויבענעם מעמד האָבן זיך באַטייליקט סיני־קעמפער און מיליטערישע רבנים, וואָס האָבן באַגלייט דעם רב אין זיין אַרויספאָר צו די באַרג־שפּיצן.

די תפילות האָבן צווישן אַנדערן אַנטהאַלטן דאָס לייענען די עשרת הדברות, תקיעת שופר און אַן אויפרוף פון הרב הראשי פון צה"ל צו די ישראל־זעלנער, די באַקרוינטע מיט דער קרוין פון נצחון און לויב צו די יידישע פאָלקס־מאַסן אין לאַנד און אין די תפוצות.

אינעם אויפרוף האָט דער הויפּט־רב געגעבן אַן איבערבליק איבער די גבורה־מעשים פון צה"ל, וואָס האָט מאַרשירט פון נצחון צו נצחון איבער אַלע שונאים פון ישראל: „איר האָט זוכה געווען אויסצולייזן עיר האלוקים — די שטאָט פון גאָט, הר־הבית, דעם כותל המערבי, די שטאָט פון די אָבות, חברון, און די מערת המכפלה, און אַלע פאַרהייליקטע ישראל־שטעט האָבן זיך צוריקגעקערט צום שויס פון זייער פאָלק. און איצט שליסט זיך אָן צו אייך דער באַרג סיני, אויף וועלכן ס'איז געגעבן געוואָרן די תורה פאַר ישראל אין חג שבועות".

און ס'איז טאַקע געווען אַ גאַנץ באַזונדערער באַדייט פאַר דעם דאָזיקן מעמד, וואָס איז פאָרגעקומען ערב חג השבועות, ווו צופוסנס פון באַרג סטאַציאָנירן די זעלנער פון צה״ל באַקרוינטע מיט לויב און פראַכט.

„געגנוי ווי בעת דעם מעמד הר־סיני — ווערט געזאָגט אין דעם אויפ־רוף פון הרב הראשי פון צה״ל — הערן מיר אַ בת־קול, וואָס גייט אַרויס פון חורב: איר האָט געזען וואָס כ'האָב געטאָן די מצרים, און כ'וועל אייך טראָגן אויף פליגל פון אָדלערס, און כ'וועל אייך ברענגען צו מיר, און איצט, אויב איר וועט הערן פון מיר און איר וועט אָפּהיטן מיין בונד, און איר וועט מיר זיין אַן אויסדערוויילט פאָלק פון אַלע פעלקער, ווייל מיר געהערט דאָס גאַנצע לאַנד און איר וועט מיר זיין אַ פאָלק פון כוהנים און אַ הייליק פאָלק״.

דער רב האָט פאַרענדיקט זיין אויפרוף מיט דער תפילה פאַר שלום, מיט די ווערטער: „ה' עוז לעמו, ה' יברך את עמו בשלום — גאָט וועט געבן זיין פאָלק שטאַרקייט, גאָט וועט בענטשן זיין פאָלק מיט שלום״.

באַזונדערע ברכות פון די הויכקייטן פון הר־סיני זענען איבערגעשיקט געוואָרן פאַר אַלע קהילות ישראל, מיטן צוגאָב פון אַ רוף צו אַ העכערער גייסטיקער דערוועקונג, צו עליה קיין ישראל, כדי מיט בשותפותדיקע כוחות צו בויען אַ בנין עדי עד — אַן אייביקן בנין פאַרן יידישן פאָלק אין דעם באַנייטן און געהייליקטן ארץ־ישראל פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט.

אַ תקיעה גדולה האָט באַצייכנט דעם סיום פון דעם איינדרוקספולן צע־רעמאָניאַל — אַ יום־טוב־ברכה פון סיני, וואָס איז געהערט געוואָרן ערב שבועות תשכ״ז.

אין טאָג פון שבועות זענען אין אלע שילן אין לאַנד געזאָגט געוואָרן תפילות פון „יזכור״ און „אל מלא רחמים״ פאַר די געפאַלענע זעלנער פון צה״ל אין דער לעצטער מלחמה, אין דער באַפרייונגס־מלחמה און אין דער סיני־אַקציע.

די ערשטע חופה ביי דער מערת המכפלה אין חברון איז דורכגעפירט געוואָרן די טעג. דער חתן, מאיר ברוזה, אַ זעלנער פון אַ ירושלימער באַוואַ־כונג־איינהייט, וואָס האָט די ערשטע געדירט פון פּאַלאַץ פון נציב — בית־לחם — חברון, און די כלה, רחל מיוחס, וואָס אירע עלטערן האָבן פאַרלאָזט חברון אין יאָר 1927.

די חופה איז צוגעבונדן געוואָרן צו די האַרמאַטן־לופעס, אַוועקגע־שטעלט אויף פיר דזשיפּן און צענדליקער אויטאָמאַבילן האָבן געבראַכט די געסט פון ירושלים. דער חתן און די כלה זענען סטודענטן פון ירושלי־מער אוניווערסיטעט. דער חתן איז געקומען מיט אַן אַרומגענומענער האַנט אין גיפּס, ווייל ער איז לייכט פאַרוואונדעט געוואָרן אין ערשטן טאָג פון די קאַמפן.

דער געוועזענער קאָמיטעט פון די יידישע איינוווינער אין דער ירו־שלימער אַלטשטאָט, האָט זיך געווענדט מיט אַ ביטע צום בירגערמייסטער פון ירושלים, טעדי קאָלעק, מ׳זאָל דערמעגלעכן די איינוווינער צוריקצו־קערן זיך און אויפבויען זייערע וווינונגען צווישן די אַלטע מויערן.

טעדי קאָלעק האָט געענטפערט, אַז דער ירושלימער שטאָטראַט וועט טאָן אַלץ, כדי צו באַנייען דאָס יידישע לעבן אין דער אַלטשטאָט. די שטאָט־פאַרוואַלטונג וועט אין די נאָענטסטע טעג עפענען אַ ביורא, וואָס וועט צונויפזאַמלען אַלע געריכטלעכע פאָדערונגען פון די געוועזענע איינוווינער פון דער ירושלימער אַלטשטאָט.

1.7.67

## ווי אַזוי ישראל באַהאַנדלט די אַראַבישע קריגס־געפאַנגענע

די זעקסטאָגיקע מלחמה, וואָס האָט צעשמעטערט די מעכטיקע אַרמייען פון מצרים, סיריע און ירדן, האָט געבראַכט מיט זיך אויך א „מבול" פון געפאַנגענע. צענדליקער טויזנטער פון די צעשלאָגענע פיינטלעכע זעלנער האָט מען געלאָזט גיין, סתם אַזוי ווו־הין די אויגן טראָגן זיי. אויסגעהונ־גערטע, דאָרשטיקע, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע זעלנער פון נאַסערס געוועזענער אַרמיי, האָבן געוואַנדערט טעג און נעכט איבער די גליִענדיקע זאַמדן פון דער סיני־מדבר, כדי אָנצוקומען צום הויפּט־שאָסיי, צו טרעפן דאָרט די פאַרבייפאָרנדיקע צה"ל־אויטאָמאָבילן, און בעטן זיך רחמים: „בעמט אונדז אין געפאַנגעניש". די צה"ל־זעלנער האָבן זיי געגעבן צו טרינ־

קען און צו עסן, און זיי געוויזן דעם וועג צו דער צווייטער זייט פון סועץ־קאַנאַל...

די „גן־עדן־טויערן" פון ישראלדיקן געפאַנגען־לאַגער זענען געעפנט געוואָרן פאַר בלויז אַ זעקס טויזנט געפאַנגענע פון די פיינטלעכע אַרמייען פון מצרים, ירדן, סיריע און אַ ביסל פון שוקייריס „פּאַלעסטינער". די דאָזיקע „אָפּיציעלע" געפאַנגענע האָבן פריַער פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין די זאַמל־לאַגערן, האַרט ביי די קאַמפּס־פעלדער, ווו זיי זענען גענומען געוואָרן אין געפאַנגעניש; נאָך דעם האָט מען זיי אַריבערגעפירט אין דעם צענט־ראַלן געפאַנגען־לאַגער אין עתלית. די קראַנקע האָט מען אַריבערגעפירט אין שפּיטאָלן.

די געפאַנגענע ווערן געבראַכט קיין עתלית אין משא־אויטאָמאָבילן. זיי וואַרטן אין דער ריי, פאַרשרייבן זיך אין רעגיסטראַציע־ביוראָ. יעדער געפאַנגענער באַקומט אַ נומער און נאָך דעם ווערט ער פאָטאָגראַפירט. די גרעסטע מערהייט פון זיי זענען אַנאַלפאַבעטן און זיי „שרייבן זיך אונטער" מיט אַן אָפּדרוק פון גראָבן פינגער. יעדער איינער באַקומט אַן „אידענטי־טעט־קאַרטע" און אַ שטעמפּל אויף זיינע קליידער פון פאָרנט און אויפן פּלייצע, אין דער הייך און אונטן — דעם אות „ש". דער דאָזיקער „ש" מיינט — „שבוי", אַ געפאַנגענער. דערנאָך צעטיילט מען זיי אין גרופּעס אוו מ'נאָמינירט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן איבער זיי — אַ געפאַנגענעם אין אַ העכערן מיליטערישן ראַנג. ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דיסציפּ־לין, פאַר דער פּראָדוקטן־פאַרטיילונג, פאַר וואַשן זיך, אויפשטיין צו דער צייט און באַזונדערע אויפגאַבן (הילף אין קיך, ריינקייט, סאַניטאַציע א"אַ). די אָפיצירן זענען אָפּגעטיילט פון די געוויינלעכע זעלנער, און זיי האָבן אַ באַזונדערן „פּערטל" אין לאַגער (געפּוי לויט דער זשענעווער קאָנווענץ פון באַציִונג צו געפאַנגענע).

די געפאַנגענע זענען אָנגעטאָן אין אויבערקליידער אָדער אין פּיזשאַ־מעס, און די, וואָס זענען אָנגעקומען בלויז אין זייערע אונטערהויזן, האָבן באַקומען קליידונג פון צה"ל. אין זייער גרעסטער מערהייט קומען זיי אָן באָרוועסע (אין סיני־מדבר האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שיך, כדי זיי זאָלן קאָנען לייכטער לויפן אין די זאַמדן). צה"ל גיט זיי אויכע מיליטערישע שיך. אָבער אויך אין לאַגער גייען זיי אַרום מערסטנטייל באָרוועס, זיי פאַרטראָגן פשוט נישט קיין שיך... אחוץ קליידונג און שיך באַקומט אויך יעדער געפאַנגענער אַ קאָלדרע. דער דורכשניטלעכער עלטער

פון זיי איז 24־25 יאָר. זיי באַקומען די זעלבן פּראָדוקטן־ראַציעס ווי ס׳באַ־קומען די צה״ל־זעלנער, אָבער זיי פירן אַליין אָן מיט זייער קיך, לויט זייער געשמאַק. די געפאַנגענע ווערן ממש משוגע נאָך די פרישע לעבלעך ברויט און זיי עסן אומנאָרמאַלע קוואַנטומס פון זיי. „מיר האָבן נאָך קיין מאָל נישט געגעסן אַזוי גוט ווי דאָ״, זאָגן די געפאַנגענע מיט צופרידנקייט.

ווי געזאָגט, זענען געפונען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט פיל פאַר־וווּנדעטע. אין לאַגער פונקציאָנירט אַן ערשטקלאַסיק איינגעאָרדנטע אַמבולאַטאָריע, מיט דאָקטוירים ־ ספּעציאַליסטן, שוועסטערס א״אַ. די ישראלדיקע דאָקטוירים ווערן אַרויסגעהאָלפן אויך דורך צוויי מצרישע דאָקטוירים, וואָס זענען געפונען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. אין צוויי אָפּעראַציע־זאַלן האָבן אונדזערע דאָקטוירים צוזאַמען מיט די געפאַנגענע דאָקטוירים דורכגעפירט 129 גרויסע אָפּעראַציעס און 116 קלענערע אָפּע־ראַציעס. צווישן זיי אָפּעראַציעס פון ברוסטקאַסטן, פון בויך, ברוכן און אַנדערע. בלויז צוויי זענען געשטאָרבן פון שווערע וווּנדן.

אַלע פאַרוווּנדעטע און קראַנקע באַקומען אַ שפּייזצוגאַב: נאָך אַן איי, אַ ציטרוס־פּרוכט און מילך. דער גרעסטער טייל פון זיי געברויכט נאַרקאָטי־קעס און פיל האָבן געבעטן פעדיטאַן אָדער מאָרפיום־איינשפּריצונגען, אָבער צה״ל שטעלט נישט צו דעם דאָזיקן „פּראָדוקט״.

אין דעם שבת, ווען צה״ל האָט געפירט דעם דעצידירנדיקן קאַמף ביים דעראָבערן די סירישע פאָרטיפיקאַציעס אויף די בערג קעגן איבער די ייִדישע ישובים, זענען געבראַכט געוואָרן אין דעם לאַגער 40 סירישע גע־פאַנגענע. די דאָזיקע געפאַנגענע זענען געבראַכט געוואָרן אין אַ טוריסטן־אויטאָבוס פון „אגד״ און זיי זענען געווען אָנגעטאָן בלויז אין גאַטקעס. די דאָזיקע סירישע קעמפער האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מיליטערישע קליידער. מיטן ברענגען די סירישע געפאַנגענע האָבן זיך אין לאַגער געפונען זעלנער פון אַלע פראָנטן און די ישראלדיקע זעלנער וואָס היטן דעם פּלאַץ האָבן זיך געוויצלט, אַז אין עתלית וועט נאָך פאָרקומען אַן „אַראַבישע שפּיצן־קאָנפערענץ״... ווי באַקאַנט, האָט דער לאַגער פון עתלית געדינט אַלס לאַגער פון געפאַנגענע אויך אין די טעג פון דער סיני־אַקציע, און זינט דאַן איז ער געווען פאַרלאָזן. אין דער תקופה פאַרן אַנטשטיין פון דער מדינה, האָט דער זעלבער לאַגער געדינט אַלס פּלאַץ, ווו ס׳זענען פאַר־שפּאַרט געוואָרן די „מעפּילים״, וואָס האָבן געפּרוווט דורכרייסן די ענג־

לישע בלאָקאַדע אין לאַנד אריין. אין יאָר 1946 האָט זיך דער פּלמ״ח אַריינגעריסן אין דאָזיקן לאַגער און באַפרייט 400 מעפּילים.

די געפאַנגענע אָפיצירן זיצן אין זייער באַזונדערן „פּערטל״ פונעם לאַגער. זיי זענען בעסער געקליידט, אין פּיזשאַמעס, וואָס זיי האָבן באַקומען דעם זעלבן טאָג פון דער „רויטער לבנה״, דאָס איז דער „רויטער קרייץ״ פון מצרים. זיי האָבן אויך באַקומען זייף, אָדעקאָלאָן און פון זיי אַלעמען שמעקט — לויטן אַראַבישן נוסח. ס׳זענען פאַראַן צווישן זיי אַכט גענעראַלן און פיל בריגאַדירן, קאָלאָנעלן און אַנדערע הונדערטער פון הויכע אָפיצירן־ראַנגעס. זיי זיצן זיך געמיטלעך אינעם שאָטן פון די באַראַקן. די העכסטע אָפיצירן זענען מצרים, נאָך זיי קומען די סיריער (די געפאַנגענע זעלנער באַקלאָגן זיך: די אָפיצירן זענען אין דער גרעסטער מערהייט אַנטלאָפן ווי פּחדנים און אונדז איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט). די אָפיצירן פון ראַנג פון אַ קאַפּיטאַן האָבן באַקומען באַזונדערע צימערן, מיט שיין פאַרבעטע בעטן מיט מאַטראַצן. זיי האָבן אויך באַקומען צוגעטיילט משרתים פון צווישן די געפאַנגענע. פון קאַפּיטאַן און נידעריקער וווינען צו צוויי אין אַ צימער. זיי אַלע האָבן אויך באַקומען ביכער און זשורנאַלן.

מענטשן פון דער אָנפירונג פון לאַגער דערציילן, אַז נידעריקע אָפיצירן זענען מער עקשנותדיק און פאַרביטערט, און זיי דריקן אויס זייער גרייטקייט פאָרצוזעצן די מלחמה. דאַקעגן די העכערע אָפיצירן זענען פיל מעסיקער, ווייל זיי געדענקן גוט די דריי מפּלות. דער געפאַנגענער מצרישער גענעראַל סאַדאַך יאַקוט, האָט באַוויליקט צו טרעפן זיך מיט זשורנאַליסטן, וואָס האָבן באַזוכט דעם לאַגער. ער האָט פריינדלעך געדריקט זייערע הענט און געזאָגט: „איר קאָנט מיך פאָטאָגראַפירן און ציטירן מיינע ווערטער. דאָס וואָס איך האָב צו זאָגן, וועל איך שטענדיק זאָגן, אויך ווען כ׳וועל צוריקקומען קיין מצרים״.

ער איז אַ פּראָפעסיאָנעלער זעלנער — האָט ער געזאָגט. ער פאַרנעמט זיך נישט מיט קיין פּאָליטיק און זיין פּאָליטישע מיינונג האָט נישט קיין שום באַדייט אין מצרים. אויב מען וועט אים פרעגן אויף אַ פּראָפעסיאָנעלן אופן, צי מצרים האָט אויסזיכטן צו זיגן אין אַ מלחמה — מיינט ער, אַז די דריי מפּלות זענען אַ גענוגנדיקער באַווייז קעגן דעם. די דאָזיקע מלחמה איז אַ זינלאָזע. ער איז מסכים מיט אונדז, אַז ס׳איז בעסער צו זוכן אַ וועג צו אַ סטאַבילן שלום. וואָס טראַכט דאָס פאָלק? דאָס פאָלק האָט נישט קיין

דעה. ס׳דעצידירט דאָס, וואָס עס טראַכט די הערשנדיקע קאַסטע. די מאַכט איז שאַרף אָפּגעטיילט פון דער אַרמיי. ער קען נישט נאָסערן פּערזענלעך. וואָס איז זיין באַשעפטיקונג אין ציווילן לעבן? ער איז קיין מאָל נישט געווען קיין ציוויליסט. פון 29 יאָר איז ער אַן אַרמיי־אָפיציר. ער האָט געלערנט אין אַ מיליטערישער שול אין ראַטן־פאַרבאַנד. ער איז אַ פאַר־הייראַטער און האָט צוויי טעכטער. ער איז געגומען געוואָרן אין געפאַנ־גענשאַפט ביים סועץ. צי האָבן זיינע מענטשן געליטן שווערע פאַרלוסטן? ער ווייסט נישט. ער ווייסט בכלל נישט, וואָס ס׳איז געשען מיט זיינע מענטשן.

צי האָט ער זיך אויף וואָס צו באַקלאָגן? אַ שאָטן פון אַ ביטערן שמייכל באַווייזט זיך אויף זיין פּנים. ער מוז זאָגן, ס׳פרייט אים צו זאָגן, אַז די באַציִונג צו די געפאַנגענע איז אַ העכסט אָנשטענדיקע, אין איינקלאַנג מיט דער זשענעווער קאָנווענץ. אין די באַגרענעצטע ראַמען און אין די איצ־טיקע באַדינגונגען טוען די מענטשן פון דער ישראל־אַרמיי דעם מאַקסימום צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן אין לאַגער. „איך קאָנט ציטירן מיינע ווער־טער" — ווענדט ער זיך ווידער צו די זשורנאַליסטן".

אין צווישן זענען העכער 100 פאַרווונדעטע מצרישע זעלנער באַפרייט געוואָרן פון דער געפאַנגענשאַפט און אין דריי פלי־רייזעס זענען זיי אין אַן עראָפּלאַן פון שווייצאַרישן „רויטן קרייץ", געבראַכט געוואָרן קיין קאַירא. צווישן זיי איז אויך געווען אַ קאַלאָנעל, נישט קיין פאַרווונדעטער — פאַר דעם דאָזיקן קאַלאָנעל האָבן די מצרים צוריקגעשיקט קיין ישראל דעם געפאַנגענעם פליִער, מרדכי לבון. אין די מצרישע הענט געפינען זיך איצט נאָך אַכט ישראלים, פון זיי, צוויי פליִער און זעקס ים־לייט. ס׳ווערט איבער־געגעבן, אַז דער פליִער לבון איז אַרויסגעשפרונגען פון זיין עראָפּלאַן זייענדיק איבערן סועץ־קאַנאַל. די ישראלדיקע געפאַנגענע האָבן די ערשטע טעג געליטן פון באַליידיקונגען און פון פיזישע באַלעסטיקונגען, אָבער אין די לעצטע טעג האָבן די מצרים אָנגעהויבן באַציִען זיך צו זיי גוט און זיי האָבן פאַר זיי אַפילו איינגעאָרדנט אַ שפּאַציר ביי די פּיראַמידן.

3.7.1967

# ישראל נאָרמאַליזירט די לאַגע
# אויפֿן מערבֿ־ברעג פֿון ירדן

אין דער אַלטשטאָט פֿון ירושלים געפֿינט זיך אַ שפּע פֿון שפּייז־פּראָ־דוקטן, פֿון נאַפֿט און פֿון אַלע אַנדערע אַרטיקלען פֿון ערשטן געברויך — אַזוי גיט איבער אין נאָמען פֿון דער קאָמענדע פֿון מערבֿדיקן ירדן־ברעג, אַלוף חיים הערצאָג, וועלכער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט די פֿאָלגנדיקע דערקלע־רונג: אונדזער קלאָרע פּאָליטיק איז צו פֿאַרזיכערן אַ נאָרמאַלן לעבנס־גאַנג פֿאַר די איינוווינער פֿון מערבֿדיקן ברעג, אין באַדינגונגען פֿון זיכער־קייט און רויִקייט. שוין פֿון ערשטן טאָג נאָך די קאַמפֿן האָבן אָנגעהויבן פֿונקציאָנירן די לעבנסוויכטיקע דינסטן און זיי ווערן אויסגעבעסערט פֿון שעה צו שעה. די שפּיטאָלן אַרבעטן נאָרמאַל. ס׳איז צוריקגעקערט געוואָרן די רעגולערע צושטעלונג פֿון וואַסער און עלעקטריע, אַפֿילו טעלעפֿאָן־דינסט און קאָמוניקאַציע, וואָס זענען שווער באַשעדיקט געוואָרן בעת די קאַמפֿן, ווערן אויפֿגעשטעלט פֿון דאָס ניי.

צו מאָרגנס נאָך די קאַמפֿן האָבן די סוחרים פֿון הורט און דעטאַל באַקומען פֿאַראָרדענונגען צו עפֿענען זייערע געשעפֿטן, כּדי צוצושטעלן די נייטיקע פּראָדוקטן און אַרטיקלען פֿאַר דער באַפֿעלקערונג און אויסצומיידן די געפֿאַר פֿון שפּעקולאַציע. נישט ווייניק סוחרים נוצן טאַקע אויס די געשאַפֿענע לאַגע. מ׳איז זיך אָבער מטפּל מיט זיי זייער ענערגיש.

אין אַלע שטעט און דערפֿער פֿון מערבֿדיקן ירדן־ברעג איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט פֿאַר דער באַפֿעלקערונג פֿאַרצוזעצן זייער נאָרמאַלע באַשעפֿטיקונג. כ׳בין איבערצייגט, ווערט געזאָגט אין דער דערקלערונג פֿון אַלוף הערצאָג, אַז ס׳איז נאָך נישט געווען אַזאַ אַרמיי, וואָס זאָל זיך אויפֿפֿירן אין נייע דעראָבערטע שטחים, נאָך אַ מלחמה, מיט אַזאַ דיסציפּלין און אַזוי טיף־מענטשלעך, ווי דאָס טוט צה״ל. עס זענען געווען זייער ווייניק פֿאַלן פֿון דיסציפּלינלאָזיקייט, און די געריכטן האָבן שווער באַשטראָפֿט די שולדיקע. אין דער שאַרפֿסטער פֿאָרעם לייקנט אָפּ אַלוף הערצאָג די קלאַנ־גען וועגן אַ שלעכטער באַציִונג צו די איינוווינער פֿון מערבֿדיקן ברעג, און ער זאָגט אין זיין דערקלערונג: „אין פֿאַרשידענע צייטונגען אין דער וועלט ווערן פֿאַרעפֿנטלעכט געשיכטן פֿול מיט זאָרג וועגן דעם נייעם

פליטים־פּראָבלעם, וואָס ווערט כלומרשט געשאַפן נאָכן אַריינקום פון צה״ל אין מערבדיקן ברעג. ס׳ווערט דאָרט גערעדט וועגן אַ גרויסן שטראָם פון אַראַבער אויף די וועגן, וועגן אַ באַלעסטיקונג פון דאָקטוירים, וועגן אַ צוואַנגס־איבערפירונג פון ירושלים און פון אַנדערע שטעט קיין ירדן אאַז״וו. כ׳מעלד, אַז די דאָזיקע אַלע געשיכטעס האָבן נישט דעם מינדסטן יסוד. יעדער מענטש מיט אַ גוטן ווילן קאָן זיך לייכט איבערצייגן, ווי אַזוי ס׳שטעלט זיך פאָר די אמתדיקע לאַגע. אין די טעג פון די קאַמפן איז געווען אַ קענטיקער אַרויספאָר פון די שטעט אין די דערפער. אין אַ גרויסער מאָס האָבן די מענטשן, וואָס זענען אַרויסגעפאָרן, זיך אומגעקערט צוריק אין זייערע פריִערדיקע היימען. ס׳איז נישט געווען קיין שום אַריי־בערפירונג מיט כוח אָדער אונטער אַ דרוק פון ירושלים. כדי צו דער־מעגלעכן פאַר די מענטשן פון אַראַבישן לעגאָן, אָדער פון מענטשן, וואָס האָבן צייטווייליק געוווינט אין ירושלים, צוריקצוקערן זיך אין זייערע וווינונגען, האָב איך געמאָלדן, אַז כ׳שטעל צו זייער דיספּאָזיציע ספּעציעלע אויטאָבוסן. ס׳זענען אַריבערגעפירט געוואָרן מענטשן, וואָס האָבן געבעטן שריפטלעך צו ווערן אַריבערגעפירט. זייער צאָל דערגרייכט בלויז עטלעכע הונדערט און ס׳איז זיכער, אַז זיי שאַפן נישט קיין פליטים־פּראָבלעם״.

נאָך דעם ווי ס׳איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די דאָזיקע דערקלערונג פון אַלוף חיים הערצאָג, האָט דער שרייבער פון די שורות צוזאַמען מיט אַ גרופּע זשורנאַליסטן, ס׳רוב אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, באַזוכט בית־לחם און חברון. זיי האָבן געשמועסט מיט די בירגערמייסטערס פון די דאָזיקע שטעט, מיט די מיליטערישע קאָמאַנדירן פון די ראַיאָנען און מיט איינוווינער אין די גאַסן. אַלע האָבן זיך איבערצייגט, אַז די דעקלאַרירטע פּאָליטיק צו פאַרזיכערן אַ נאָרמאַלן לעבנס־גאַנג, ווערט פאַרווירקלעכט אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

אַן אָפנהאַרציקער און פרייער שמועס איז געפירט געוואָרן אין דער געביידע פון שטאָטראַט מיטן בירגערמייסטער פון בית־לחם, מיט די פירער אין דער סביבה, מיט הויכע באַאַמטע און מיט אַראַבישע נכבדים פון ראַיאָן. זיי האָבן דערציילט, אַז עטלעכע טעג נאָך דעם ווי די שטאָט איז דעראָבערט געוואָרן, דעם 7טן יוני, זענען געעפנט געוואָרן אַלע געשעפטן און אַלץ האָט זיך צוריקגעקערט צום נאָרמאַלן לעבן. די גרעסטע מערהייט פון דער שטאָט האָט געלעבט פון טוריסטיק און דער טוריזם בליט ווידער. הונדער־טער באַזוכער קומען אַן טאָג־טעגלעך און די געשעפטן זענען איבערפולט.

אין שטאָט איז נישטאָ קיין פּראָבלעם פון באַשעפטיקונג אָדער פּרנסה. שפּייזפּראָדוקטן זענען פאַראַן בשפע. ס׳פּילט זיך בלויז אַ מאַנגל אין נאַפט. מ׳האָפט, אַז אין משך פון עטלעכע טעג וועט אויך דער מאַנגל ליקווידירט ווערן. דער בירגערמייסטער האָט שטאַרק געלויבט צה״ל און זיינע קאָמאַנדירן און ער האָט באַצייכנט, אַז בעת דער דעראָבערונג און נאָך איר, זענען נישט געווען קיין שום פאַלן פון באַשעדיקן מענטשן אָדער פון רויב־מעשים.

דער מיליטערישער הערשער פונעם קרייז האָט דערציילט די זשורנאַליסטן וועגן די אָנשטרענגונגען פון דער מאַכט בייצוקומען די אַדמיניסטראַטיווע שוועריקייטן ביים איינפירן נאָרמאַלע לעבנס־באַדינגונגען. עס האָבן אָנגעהויבן פונקציאָנירן די אָרטיקע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס. אין גאַנצן ראַיאָן הערשט רו און די באַפעלקערונג האַלט אָן אַ בשותּפותדיקע צוזאַמענאַרבעט מיט די מאַכט־אָרגאַנען. זייער ווייניק איינוווינער האָבן פאַרלאָזן זייערע ווינפּלעצער און זענען אַנטלאָפן אויפן מזרחדיקן ברעג. אינעם ראַיאָן געפינען זיך 88,000 פּליטים, פון זיי ווערן 58,000 אונטערשטיצט דורך אונ״אַ.

נאָכן צוזאַמענטרעף זענען די זשורנאַליסטן אַרויס אין די גאַסן פון בית־לחם. זיי האָבן געשמועסט מיט די איינוווינער און האָבן געזען ווי די „ביזנעס״ בליִען אין די פאַרשידענע געשעפטן און די גרויסע באַוועגונג פון מענטשן אויף די גאַסן. ס׳איז אוממעגלעך געווען צו גלייבן, אַז קוים מיט 10 טעג צוריק איז די שטאָט דעראָבערט געוואָרן דורך צה״ל.

מיר זעצן פאָר דעם באַזוך און פאָרן קיין חברון. פון דער ווייטנס זעט מען די רעשטלעך פון דעם חרוב־געוואָרענעם „גוש עציון״ און מ׳קומט אָן צום הויז פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דאָ האָבן אָפּגעוואַרט די זשורנאַליסטן דער קאָמאַנדיר פון חברונער ראַיאָן, סגן־אַלוף צבי עופר, דער בירגערמייסטער פון חברון, שייך מוכאַמעד עלי אַל־דזשאַברי און נכבדים פון שטאָט, די הויכע באַאַמטע און אונרראַ־לייטער. דער קאָמאַנדיר, וואָס שאַצט אָפּ, אַז אין חברון וווינען אַרום 100,000 נפשות, האָט דערציילט: ווען מיר האָבן פאַרנומען די שטאָט האָב איך גלייך דערקלערט אַן „עוצר״ (פאַרבאָט אַרויסצוגיין פון די וווינונגען) און כ׳בין אַרויס צו טרעפן זיך מיטן בירגערמייסטער. מיר האָבן אָנגעהויבן שאַפן קאָנטאַקטן, כדי צו לאָזן אין גאַנג די לעבנסוויכטיקע דינסטן, ווי: וואַסער, עלעקטריע, סאַניטאַציע א״אַ. אין צווייטן טאָג נאָך דער דעראָבערונג האָבן מיר געלאָזט אין גאַנג

צווי בעקערייען און מיר האָבן פֿאַראָרדנט ס׳זאָלן געעפֿנט ווערן די געשעפֿטן, און אין דער ערשטער ריי, די אַפּטייקן. דער „עוצר״ איז פֿאַרשמעלערט געוואָרן און ביסלעכווייז האָט אָנגעהויבן פֿונקציאָנירן אַ ציווילע אַדמיניסטראַציע אין די ראַמען פֿון דער מיליטערישער קאָמאַנדע פֿונעם ראַיאָן.

בעת דער ערשטער פֿייערלעכער זיצונג פֿון חברונער שטאָטראָט אונטער דער הערשאַפֿט פֿון ישראל, האָט דער מיליטערישער הערשער געזאָגט אין זיין רעדע, אַז צה״ל איז נישט געקומען ווי אַ דעראָבערונג־אַרמיי, מיר זענען געצוווּנגען געווען צו קומען, ווייל די פֿירער פֿון די אַראַבישע לענדער האָבן אויפֿגעצוווּנגען אויף ישראל די דאָזיקע מלחמה, וואָס איר ציל איז געווען צו פֿאַרניכטן די יידישע מדינה און אירע בירגער. טראָץ דעם — האָט ער אונטערגעשטראָכן — שטרעבן מיר צו לעבן בשלום איינער ביי דער זייט פֿון צווייטן. ער האָט באַצייכנט, אַז צה״ל פֿירט זיין טעטיקייט לויט די יסודות פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער געזעצגעבונג און, אַז אַלע געזעצן פֿאַרבלייבן אין זייער קראַפֿט, סיידן זיי וועלן בפֿירוש געענדערט ווערן דורך אָפֿיציעלע מעלדונגען.

צה״ל האָט אַרויסגעוויזן לגבי חברון אַ פּרעצעדענסלאָזע גוטע באַציִונג — האָט דערקלערט אין אַ דאַנקרעדע דער בירגערמייסטער פֿון חברון, אַ געבוירענער ביי דעם טערקישן רעזשים, וואָס דינט אַלס בירגערמייסטער שוין 25 יאָר אונטער דער ענגלישער, מצרישער און ירדנישער מאַכט — און איצט אונטער דער ישראלדיקער. ער איז אויך געווען אַ מיניסטער אין דער ירדן־רעגירונג. ער האָט צוגעגעבן: „זאָל די אַראַבישע וועלט וויסן, אַז צה״ל האָט נישט פֿאַרגאָסן קיין איין טראָפּן בלוט ביים דעראָבערן די שטאָט״. ער האָט זיך געווענדט מיט אַ רוף צו די אַראַבישע פֿעלקער און זייערע רעגירונגען צו פֿאַרלאָזן דעם וועג פֿון שנאה, צו פֿירן זייערער אַקטוויטעטן נישט מיט אימפּולסן און געפֿילן, נאָר מיט לאָגיק, כּדי ס׳זאָל הערשן שלום אין מיטעלן מזרח.

פֿון דעם דאָזיקן הייליקן פּלאַץ, דער שטאָט פֿון אברהם אָבינו, האָט ער איבערגעשיקט ברכות פֿאַרן נשיא המדינה, פֿאַרן רעגירונג־שעף און די מיניסטאָרן. ער האָט צוגעזאָגט אַ פֿולע בשותּפֿותדיקע צוזאַמענאַרבעט. נאָך דער זיצונג זענען די געסט אויפֿגענומען געוואָרן מיט קאַלטע געטראַנקן און מיט קאַפֿע.

ענטפערנדיק אויף די פראַגן פון די זשורנאַליסטן האָט דער מיליטע־רישער הערשער פון חברון דערציילט: די איינוווינער ווערן ממש נתפעל פון די שיינע סדרים, וואָס זענען איינגעפירט געוואָרן און פון דער פריי־הייט, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן גלייך פון אָנהייב. ס׳איז געווען אַ פאַל, אַז אַ מיידעלע איז לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן בעת אַ רעוויזיע אין שטאָט. מ׳האָט זי גלייך געבראַכט אין שפּיטאָל און דער מיליטערישער קאָמאַנדיר פון גאַנצן ראַיאָן מיטן בירגערמייסטער זענען געקומען זי באַזוכן און זיי האָבן זיך אינטערעסירט מיט איר געזונט־צושטאַנד. דאָס האָט געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק אויף די איינוווינער, וואָס זענען נישט גע־ווינט צו אַזאַ באַציִונג מצד דער מאַכט.

נאָכן צוזאַמענטרעף באַזוכן די זשורנאַליסטן די גאַסן פון חברון, וואָס רוישן פון לעבהאַפטיקייט. און די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן פּרוּוון כאַפּן אַ שמועס מיט די דורכגייער. זיי ענטפערן זייער גערן און מ׳באַ־מערקט גלייך, אַז זיי פילן זיך זייער פריי. טראָץ דעם לאַנגן און טרויעריקן חשבון, וואָס מיר האָבן מיט דער דאָזיקער שטאָט און מיט אירע איינוווי־נער: די געשעענישן פון תרפ״ט, ווען ס׳זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן אַלע יידן פון חברון, די הערויִשע באַפרייונג־מלחמה און דאָס פאַלן פון „גוש עציון״ — האָבן זיך די צה״ל־זעלנער אויפגעפירט מיט אַ זעלטענער צוריק־געהאַלטנקייט.

10.7.1967

## דאָס פאַראייניקטע ירושלים

נאָך דעם ווי די כנסת האָט ענדגילטיק באַשטעטיקט אַ גאַנץ באַזונדערן געזעץ לויט וועלכן די אַלטשטאָט און איר סביבה ווערן אַריינגענומען אינעם מוניציפּאַלן תחום פון ירושלים — איז אויף צו מאָרגנס אין דער קאַנצלאַ־ריע פון אינערן־ מיניסטער, ח. מ. שאַפּירא, פאָרגעקומען אַ פייערלעכע צערעמאָניע, בעת וועלכר דער מיניסטער האָט איבערגעגעבן אין די הענט פון ירושלימער בירגערמייסטער, טעדי קאָלעק, די פאַראָרדענונג פון דער ישראל־רעגירונג, וואָס דערקלערט ירושלים אַלס גאַנצע, פאַראייניקטע שטאָט.

אין זיין באַגריסונג האָט דער אינערן־מיניסטער געזאָגט: „דאָס איז אַ גרויסער טאָג פאַר די איינוווינער פון דער שטאָט, פאַר אירע בירגער און פאַרן גאַנצן וועלט־יידנטום. פון דאָזיקן טאָג אָן איז די שטאָט אַ פאַר־אייניקטע און אַ גאַנצע. ירושלים איז נישט געווען צעטיילט אפילו אין די טעג פון די שבטים. זי איז געווען אַן אייניציקע, אַ גאַנץ באַזונדערע און אייגנאַרטיקע. כ׳בין זיכער, אַז פון היינט אָן און ווייטער, ביז נצח נצחים, וועט די שטאָט זיין אַ פאַראייניקטע, פונקט ווי דאָס פאָלק וועט זיין אַ גאַנצס אין זיין גאַנצער מדינה.

ווענדנדיק זיך צום בירגערמייסטער פון פאַראייניקטן ירושלים, האָט דער אינערן־מיניסטער געזאָגט: „אייך, ליבער פריינד קאָלעק, איז בייגע־שטאַנען דער זכות צו שטיין בראש פון אַ פאַראייניקט גרויס ירושלים. כ׳האָף, אַז מיר אַלע, די יידישע און אַראַבישע איינוווינער, וועלן זיין גליקלעך. מיר וועלן זאָרגן, אַז דער שלום זאָל הערשן צווישן אונדז און אַז ס׳זאָל זיין אַ קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש. מיר וועלן זאָרגן, אַז אַלע איינ־וווינער פון דער שטאָט זאָלן געניסן פון אַלע גרויסע און הייליקע זאַכן, וואָס זענען פאַראַן אין שטאָט״.

דער בירגערמייסטער פון ירושלים האָט געענטפערט אַ טיף־געריר־טער: „כ׳ציטער פאַר דער גרויסער היסטאָרישער אחריות, וואָס איז אַריינ־געפאַלן אין אונדזערע הענט. מיר קאָנען נאָך נישט אָפּשאַצן איר גרויס־קייט. כ׳האָף, אַז מיר וועלן קאָנען פאַרווירקלעכן אַלץ, וואָס ס׳דערוואַרט פון אונדז דאָס יידישע פאָלק און די גאַנצע וועלט״.

קאָלעק האָט דאַן איבערגעגעבן דעם אינערן־מיניסטער אַ מעדאַל, וואָס סימבאָליזירט די לעצטע מטבע, וואָס איז מינצירט געוואָרן אין ירושלים אונטער דער הערשאַפט פון בר־כוכבא.

דאָנערשטיק, כ״א ניסן תשכ״ז, דעם 29סטן יוני 1967, איז ירושלים ווידער געוואָרן איין שטאָט, און דאָס נישט בלויז דורך רעדעס און פּאָלי־טישע באַשלוסן, נאָר דורך אַ באַוועגונג פון ריזיקע מאַסן. טויזנטער איינוווינער פון דער אַלטשטאָט און פון יידישן ירושלים האָבן פון די פרי־מאָרגן־שעהען ביז פאַר נאַכט אויסגעפילט די גאַסן פון דער צווייטער זייט פון דער גרענעץ, וואָס איז אַ מאָל געווען און איז שוין מער נישטאָ, אין סאַמע האַרץ פון ירושלים. ווי אַ מעכטיקער שטראָם האָבן זיך די מאַסן געצויגן אין ביידע ריכטונגען.

די דורכגענג צווישןביידע טיילן פון שטאָט האָבן אָפיציעל געזאָלט געעפנט ווערן 12 ביי טאָג. אָבער די ידיעה וועגן דער מעגלעכקייט אַרי־בערצוגיין אין דער נייער שטאָט האָט זיך בליצשנעל פאַרשפּרייט צווישן די איינוווינער פון דער אַלטשטאָט. טויזנטער מענטשן זענען אַרויס אין די גאַסן און האָבן זיך געריכט צו די דורכגענג. די פּאָליציי האָט באַשלאָסן נישט צו פאַרהאַלטן זיי און אָט אַזוי האָבן געפונען פאַר זיך די איינוווי־נער פון ירושלים, וואָס זענען אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט, גרופּעס פון די איינוווינער פון דער אַלטשטאָט ווי זיי שפּאַצירן פריידיק איבער־ראַשטע אין די הויפּטגאַסן פון שטאָט.

מיט אַ שעה שפּעטער איז שוין אוממעגלעך געווען צו דערקענען ירושלים די סאָלידע רויִקע הויפּטשטאָט, און אַפילו אַ ביסל פּראָווינציעלע. די „טוריסטן" האָבן זיך בולט אויסגעטיילט מיט זייער קליידונג, אין ווייסע העמדער מיט לאַנגע אַרבל, מיט סוועטערס און אַפילו אין שוואַרצע עלעגאַנטע רעקלעך. ס'זענען אויך געקומען הונדערטער אַראַבישע קינדער און אין זייערע הענט פאַרשידענע חפצים צו פאַרקויפן. מיט הילכיקע אויסרופן האָבן זיי פאָרגעלייגט זייער „סחורה" — הויפּטזעכלעך קיי־גומי און קרענצלעך פּילפאַרביקע פּאַטשערקעס. ס'איז נישט פאַריבער קיין לאַנגע צייט און זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום די אויטאָמאַטישע קאָמוניקאַציע־וויזערס אין די גאַסן און זיי האָבן גוט באַטראַכט דעם „וווּנדער" פון די פאַרביקע ליכטער, וואָס טוישן זיך אַלע מאָל.

די געסט פון דער אַלטשטאָט האָבן אין אָנהייב נישט געוואַגט צו ווענדן זיך צו זייערע אַמאָליקע שכנים, אָבער ביסלעכווייז זענען אַראָפּ־געפאַלן די מחיצות. פיל פון זיי האָבן געבעטן אויפצוקלערן וועגן די אויטאָמאַטישע ליכט־ריכטער אין די גאַסן, וועגן דעם און יענעם בנין, און ס'זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפרעגט פאַר וואָס די פּרייזן אין די קליידער־געשעפטן זענען אַזעלכע הויכע. אין די קאַפע־הייזער און אין די רעסטאָראַנען זענען זיי נאָך נישט אַריין, נאָר בלויז אַריינגעקוקט אין זיי. אָבער אויף די קיאָסקן פון געטראַנקען און אייזקרעם איז געווען ממש אַ באַפאַלונג.

פאַר מיטאָג זענען צו די גרופּעס אויך צוגעקומען גאַנצע משפחות, געקליידט אין אייראָפּעיִשע קליידער — די אַריסטאָקראַטיע און די אינטע־ליגענץ פון דער אַלטשטאָט. לאַנגזאַם האָבן זיי געשפּרייזט פון גאַס צו

גאָס, ווו די גאַנצע משפחה — די פרוי און די קליינע קינדער — זענען מקפּיד נישט צו צעשפּרייטן זיך צו פיל.

אין די דאָזיקע גאַסן האָבן אָנגעהויבן צו באַווייזן זיך די פּאַרקויפער פון קאַלטער טיי, דאָס באַרימטע אַראַבישע געטראַנק, טראַגנדיק אויף די פּלייצעס ריזיק־גלאַנצנדיקע סאַמאָוואַרן און קלאַפּנדיק בקולי קולות מיט די פּאַרצעלייענע טעצלעך. די קינדער האָבן גאָר שנעל אַנטדעקט די גרויסע שטאָטישע גערטנער פון ירושלים און צום ערשטן מאָל האָבן זיי געזען די באַוועגלעך־דרייענדיקע זיך הוידלקעס און די ברייטע גראָז־טעפּיכער.

אין צווישן איז ביי דעם מאַנדלבוים־טויער, וואָס איז פּאַרלייפיק דער איינציקער דורכפאָר פאַר אויטאָמאָבילן פון ביידע זייטן שטאָט, געשאַפן געוואָרן גרויסע פאַרשטאָפּונגען, ווען צענדליקער אויטאָמאָבילן, וואָס טראָגן אויף זיך ירדנישע שילדן וואַרטן אין דער ריי אַריבערצופאָרן אין יידישן ירושלים — און קעגנאיבער זיי, לאַנגע קאַראַוואַנען פון ישראל־דיקע אויטאָמאָבילן, וואָס זענען געריכט צו דער אַלטשטאָט. עטלעכע אייגנטימער פון די אַראַבישע אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן זיך געשראָקן פאַר אַ פיינטלעכער רעאַקציע, זענען דערשינען אָן די טראַפיק־שילדן. די ישראלדיקע פּאָליציי־לייט האָבן פאַרלאַנגט פון זיי גלייך אַרויסצוהענגען די ירדנישע שילדן.

נישט אַלע אויטאָמאָבילן זענען פאַרבליבן אין ירושלים. פיל פון זיי זענען אַרויסגעפאָרן אין דער ריכטונג פון לוד, נצרת, יפו און אפילו אין די דערפער פון דער אַראַבישער מינדערהייט אין ישראל, כדי צו באַזוכן קרובים. קיינער האָט טאַקע נישט דערלויבט אַרויסצופאָרן מחוץ די גרענעצן פון ירושלים, אָבער קיינער האָט זיי אויך נישט פאַרהאַלטן.

ביי די טאַקסי־סטאַציעס אין ירושלים האָבן רייכע אַראַבער געדונגען טאַקסיס און אַריין אין זיי מיט גאַנצע משפחות. אַ טייל פון זיי זענען גע־פאָרן זען די הייזער, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט, בעת דער פרייהייט־מלחמה, אין די ירושלימער קוואַרטאַלן טאַלביָע און קאַטאַמאָן. איינער פון די איינוווינער פון דער אַלטשטאָט איז געקומען צו דער טאַקסי־סטאַציע און האָט געזאָגט: „איצט בין איך אויך אַ ישראלי. דאָ איז דאָך וווּנדער־לעך שיין, געעני ווי אין לבנון״. אָבער נישט אַלע האָבן גערעדט אַזוי. איינער פון זיי האָט געזאָגט: „מיט דריי וואָכן צוריק האָב איך געשאָסן

אויף אייך. איצט בין איך געצוווּנגען צו דריקן אייערע הענט. כ'האָב אָבער נישט קיין הנאה פון דעם"...

דער ישראלדיקער ציבור האָט רעאַגירט מיט איבעראַשונג און גע־רירטקייט. די איינוווינער פון דער נייער שטאָט האָבן אויפגענומען די בירגער פון זייער שטאָט מיט האַרציקייט, אָבער אויך מיט אַ געוויסן חשש, מ'האָט זיך דערביי געטראַכט: וואָס וועט זיין ווייטער, ווי אַזוי וועט ווירקן די זאַך אויף דער רויִקייט און דער אינערלעכער זיכערקייט פון דער שטאָט?

די פרייע באַוועגונג צווישןביידע טיילן שטאָט האָט אויך מיטגע־ווירקט אויף אַ גרעסערן פאַרנעם אין דער אַקציע פון אויסטוישן דעם ירדנישן דינאַר אויף ישראלדיקע פונטן, וואָס איז לויט אַ פאַרעפנטלעכן געזעץ דערקלערט געוואָרן אַלס גאַנגבאַרע מטבע אויך אין דער ירושלי־מער אַלטשטאָט און אין איר סביבה.

אין דער אַלטשטאָט פאַרפליכטעט נאָך דער „עוצר" (פאַרבאָט אַרויס־צוגיין פון די הייזער) פון פאַר נאַכט ביז אין דער פרי. פאַר נאַכט, ווען ס'האָט זיך דערנענטערט די שעה פון „עוצר", איז פאַרקלענערט געוואָרן די רוישיקע באַוועגונג אין די גאַסן און דער רוב פון די איינוווינער האָט זיך צוריקגעקערט אין זייערע וווינונגען. איינער פון די אָפיצירן פון דער ישראל־פּאָליציי האָט געזאָגט: „פיל פון זיי זענען פאַרבליבן וווינען ביי זייערע קרובים אויסער דער שטאָט. מיר האָבן נישט קיין אויפזיכט איבער דעם. מאָרגן וועלן זיי צוריקקומען".

כאָטש במשך אַלע שעהען פונעם טאָג איז נישט געשען קיין שום אינצידענט, האָט דאָך די ירושלימער פּאָליציי געהאַט זייער פיל אַרבעט. אין משך פון איין מעת־לעת האָט די פּאָליציי געדאַרפט באַהערשן אַלע נייע ראַיאָנען און נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אינערלעכער זיכערקייט און אָרדענונג אין דער נייער ווירקלעכקייט. די פּאָליציי־אינספּעקטאָרן האָבן געזאָגט, אַז ס'איז נייטיק אַ חודש צייט, כדי צוצוגרייטן זיך צו אַזאַ אַקציע. אָבער דער באַשלוס פון דער רעגירונג גלייך דורכצופירן די פאַראייניקונג איז געווען אַ פעסט־דעצידירטע.

די פּאָליציי־אינספּעקטאָרן האָבן זיך געווענדט מיט אַ ביטע צום ברייטן ציבור אין לאַנד נישט צו קומען אין די נאָענטע טעג קיין ירושלים אין אויטאָמאָבילן, כדי צו באַזוכן די אַלטשטאָט. די צוויי טיילן פון דער שטאָט פאַרבינדט בלויז אַן איינציקער זייער שמאָלער שאָסיי, וואָס פון

זיינעביידע זייטן געפינען זיך נאָך מינעס. די פאַרשטאָפּונגען פון דער קאָמוניקאַציע און די פּרווון פון די שאָפערן אַראָפּצופאָרן פון שאָסיי זענען עלול גורם צו זיין אומגליקן.

די מיטגלידער פונעם מוניציפּאַלן ראַט פון דער אַלטשטאָט האָבן אויפגעהערט צו דערפילן זייערע אויפגאַבן, נאָך דעם ווי דער מיליטער־רישער הערשער פון ירושלים האָט זיי געמאָלדן, אַז מיטן אָנשלוס פון דער אַלטשטאָט צו ירושלים, ווערן אַנולירט זייערע אויפגאַבן.

מיט אַ קורצער צערעמאָניע אין דעם געוועזענעם שטאָטראַט־בנין אין דעם אַלטן ירושלים, האָט אַלוף יעקב מלמן געדאַנקט דעם בירגערמייס־טער רוחי אַל כאַטיב און די שטאָטראַט־מיטגלידער פאַר זייער דינסט אין דער דורכגאַנג־תקופה זינט דער באַפרייונג פון שטאָט.

די אָנגעשטעלטע פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג — האָט ער צוגע־געבן — וועלן פון איצט אָן פאַררעכנט ווערן אַלס צייטווייליקע אָנגע־שטעלטע פון דעם פאַראייניקטן ירושלים, ביז ס'וועלן באַשטעטיקט ווערן זייערע נאָמינאַציעס דורך דעם שטאָטראַט אויפן יסוד פון שריפטלעכע ביטעס.

דער בירגערמייסטער האָט געזאָגט, אַז ער נעמט אָן די מעלדונג און ער וועט זי איבערפירן צו די אָנגעשטעלטע, ער וועט זיי אויך איבערגעבן דעם דאַנק פון צה"ל. די צערעמאָניע האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ ברכות־אויסטויש.

די פונאַנדערלאָזונג פונעם שטאָטראַט איז געמאַכט געוואָרן לויט אַ פאַראָרדענונג פון קאָמאַנדיר פון מערבדיקן ברעג, אַלוף עוזי נאַרקיס.

13.7.1967

# פלי־פאַראַד פון ישראלדיקן לופטפלאָט

דער ישראלדיקער לופטפלאָט, וואָס האָט געגעבן אַזאַ צעשמעטערנ־דיקן טויטקלאַפּ די לופט־כוחות פון 4 אַראַבישע אַרמייען אין דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, האָט דעמאָנסטרירט זיין מעכטיקן כוח אין אַן אימפּאָ־זאַנטן און אָטעם־פאַרכאַפּנדיקן לופט־פּאַראַד, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט הונדערטער עראָפּלאַנען פון אַלע טיפּן — און צווישן זיי אַ סאָוויעטישער „מיג 21״ אין די ווייס־בלויע קאָלירן פון ישראלדיקן לופטפלאָט. די עראָפּלאַן־עסקאַדרעס אין די וווּנדערלעכסטע פאָרמירונ־גען ווי צב״ש אין דער פאָרעם פון מגן־דוד, „ישראל״ און „נצחון״, זענען פאַרבייגעפלויגן איבער אַלע שטעט און דערפער פון לאַנד, אין דעם אויך, איבער די איצט־דעראָבערטע געביטן פון דעם מערבדיקן ירדן־ברעג, פון סיריע און איבערביידע טיילן פון דער פאַראייניקטער הויפּט־שטאָט און אַרויסגערופן פרייד און ענטוזיאַזם ביי די ריזיקע מאַסן צו־שויער, און אַ ספּעציעלע באַוווּנדערונג ביי די נייע בירגער פון ירושלים און אין די אַנדערע טיילן פון לאַנד.

די צענטראַלע פייערונג אין „טאָג פון ישראלדיקן לופטפלאָט״ איז פאָרגעקומען אין איינער פון די אַוויאַציע־באַזעס אין לאַנד. אין צענטער פון דער דאָזיקער פייערונג איז געשטאַנען דער איינדרוקפולער צערע־מאָניאַל פון אָנשפּיליען די פליגל פאַר די יונגע קאַדעטן, אַבסאָלווענטן פון אַ פליִער־קורס. אין דאָזיקן צערעמאָניאַל האָבן זיך באַטייליקט דער זיכערקייט־מיניסטער משה דיין, דער אַרמיי־שעף, רב־אַלוף יצחק רבין, דער קאָמאַנדיר פון ישראלדיקן לופטפלאָט, אַלוף מרדכי הוד, דער שעף פונעם דעפּאַרטאַמענט פון גענעראַל־שטאַב, אַלוף עזר ווייצמאַן, מיניס־טאָרן, כנסת־דעפּוטאַטן און צווישן זיי אויך דוד בן־גוריון און זיין פרוי, הויכע אָפיצירן פון דער אַרמיי, פון לופטפלאָט, פון דער פּאָליציי, משפּחה־מיטגלידער פון פליִער און טויזנטער איינגעלאַדענע געסט. די שאָסייען אין דרום פון לאַנד האָבן געטרוישט פון די פיל אויטאָמאָבילן און פון די צענדליקער אויטאָבוסן, וואָס האָבן געפירט העכער 12.000 צושויער צום צערעמאָניאַל. דער אַריינפאָר אין דער אַוויאַציע־באַזע איז געווען דעקאָ־רירט מיט די נאַציאָנאַלע פענער און מיט די פענער פון לופטפלאָט, ווי

אויך מיט גרינס און בלומען. די טריבונעס זענען געווען איינגעשטעלט אין אַ האַלבן ראָד, ווו אין מיטן געפינט זיך די טריבונע פאַר דער הויפטקאָמאַנדע.

ביים קלאַנג פון אַן אָרקעסטער זענען אויפן פּלאַץ אַרויס די יונגע קאַדעטן־פּליִער און נאָך זיי די אַבסאָלווענטן פון פּליִער־קורס און אַן איינהייט פון פאַנען־טרעגער, וואָס האָבן געטראָגן די פענער פון די פאַרשידענע איינהייטן פון לופטפלאָט. אַזייגער 10.25 האָבן זיך דערנענטערט צו דער טריבונע פון דער קאָמאַנדע צוויי אויטאָמאָבילן. פון די דאָזיקע אויטאָמאָבילן זענען אויסגעשטיגן דער זיכערקייט־מיניסטער, דער אַרמיי־שעף, דער קאָמאַנדיר פון לופטפלאָט און דער קאָמאַנדיר פון דער באַזע, און זיי אַלע זענען אַרויף אויף דער טריבונע.

איבערן גרויסן שטח פון פאַראַד איז פאַרבייגעפלויגן אַן עסקאַדרע פון 32 „פוגאַ־מאַגיסטער"־עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געשאַפן די פאָרעם פון אַ „מגן־דוד". אין זעלבן מאָמענט האָט זיך דער ריזיקער עולם גע־שטעלט אויף די פיס און מיט אַ מינוט פון שטילשווייגן האָבן זיי באַערט דעם אָנדענק פון די העלדן, וואָס זענען געפאַלן אין דער מלחמה. אַלע פענער זענען אַראָפּגעלאָזט געוואָרן ביז צום האַלבן מאַסט און טראָמפייטן האָבן געלאָזט הערן אַ טרויער־שאַל.

דער קאָמאַנדיר פון ישראלדיקן לופטפלאָט, אַלוף מרדכי הוד, וואָס האָט געעפנט דעם צערעמאָניאַל מיט קורצע ווערטער, האָט געזאָגט: „געערירטע, פאַרווייטיקטע און דאָך פול מיט שטאָלץ און מיט סאַטיספאַק־ציע, פירן מיר היינט דורך דעם פאַראַד פון די פליגל פונעם „טאָג פון ישראלדיקן לופטפלאָט" — אינעם זומער פון נצחון־יאָר. שטאָלצע, טיף־געערירטע און פול מיט צער און ווייטיק, לאָמיר אַראָפּבייגן די קעפּ צום אָנדענק פון אונדזערע פּליִער, די גיבורים פון לויב, וואָס מנשרים קלו ומאריות גברו — וואָס זענען געווען לייכטער פון אָדלערס און שטאַרקער פון לייבן, און וואָס האָבן געאָפּפערט זייער לעבן פאַרן כבוד און דער פרייהייט פון פאָלק ישראל. זאָל זייער אָנדענק און זייער נאָמען זיין אויסגעקריצט אויף אייביק אויף די טויערן פון נצחון — דאָס זענען די טויערן פון די בלויע און פרייע הימלען...

„ס'איז נישט קיין סוד — האָט פאָרגעזעצט דער קאָמאַנדיר פון לופט־פלאָט — אַז דער מענטש איז דער געהיימער וואָפן פון ישראלדיקן לופט־

פלאַט, יענע אומבאַקאַנטע און גרויע, וואָס זענען אין אַלע טעג פון יאָר פאַרהאָוועט אין די פּראָבלעמען פון טאָג־טעגלעכן קיום — אָדער די, וואָס אינוועסטירן זייערע בעסטע יאָרן און כוחות אין דער זיכערקייט־אַרבעט, די טעכניקער, די מענטשן פון לופט־דינסט, די פּליִער פון די ראַקעטע־עראָפּלאַנען, פון טראַנספּאָרט, העליקאָפּטערס און פאַרבינדונג — זיי האָבן מיט זייער אָפּפערווייליקייט, מיט זייער קעמפערישן גייסט, מיט זייער פלאַמיקער איבערגעגעבנקייט און גבורה — דערלאַנגט דעם פאָלק וואָס זיצט אין ציון די נצחון־מתנה".

דער זיכערקייט־מיניסטער, רב־אלוף משה דיין האָט געזאָגט: „אַב־סאָלוּוענטן פון פּליִער־קורס, נעמט אויף מיין געטרייע ברכה צו דעם דאָזיקן טאָג. דער נאָמען פון ישראלדיקן לופטפלאָט צו וועלכן איר שליסט זיך היינט אָן, ווערט געטראָגן ווי אַ ווונדער און ווי אַ ביישפּיל אין דער גאַנצער וועלט. דאָס פילט זיכער אָן אייערע הערצער מיט שטאָלץ: אָבער, ווייסט און געדענקט, אַז ס'איז נישט געוואָרן קיין יש פון גאָרנישט. מיט בלוט, מיט געוואַגטקייט, מיט לערנען און איבער אַלעמען, מיט אַ גרעג־נעצלאָזער איבערגעגעבנקייט איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער דאָזיקער לופטפלאָט. זיינע באַזעס און ווישיכטן זענען אויסגעפורעמט געוואָרן מיטן לעבן פון די פּליִער וואָס זענען געפאַלן אין די טעג פון שלום און אין דער מלחמה־צייט. אין דער פרייהייט־מלחמה, אין דער סיני־מערכה, און אין די קאַמפן פון דער זעקסטאָגיקער מלחמה. מיטן כוח פון די דאָזיקע זענט איר געקומען ביז אַהער; טייל פון זיי זענען צעשפּרייט איבערן לאַנד, און די פון רוקנביין פּונעם לופטפלאָט זיצן איצט דאָ קעגן איבער אייך און קוקן אויף אייך מיט ליבע.

„און איצט דערלויבט מיר צו זאָגן אייניקע ווערטער: די מענטשן פון לופטפלאָט און וועגן דעם פּלאַץ פון לופטפלאָט אינערהאַלב דעם כלל פון די כוחות פון צה"ל: איר זענט אַן אָרגאַנישער און אומצעשיידבאַרער טייל פון די איבעריקע איינהייטן, אָבער גלייכצייטיק זענט איר איבער און אויסער אַלע אַנדערע. איר פליט אין די הויכקייטן, קומט אָן שנעלער און רייסט זיך אַריין ווייטער. און נאָך מער: די זעקסטאָגיקע מלחמה האָט דעמאָנסטרירט אייערע ספּעציפישע וואָגיקייט, די גאַנץ באַזונדערע מעכטי־קייט, וואָס איז קאָנצענטרירט אין אייך, אַ צעשמעטערנדיקע מעכטיקייט

אַן און פֿאַר זיך, און וואָס גיט צו שטאַרקייט און צוועקמעסיקייט אויך פֿאַר די אַנדערע כוחות ווען איר פֿלעכט זיך אַריין אין זיי..."

נאָך דעם האָט דער זיכערקייט־מיניסטער צוגעשפּיליעט די פֿליִער־פֿליגל פֿאַרן אַבסאָלווענט, וואָס האָט זיך אָמבעסטן אויסגעצייכנט אויפֿן קורס, יצחק גת, אַ געבוירענער אין קיבוץ מעוז־חיים. דער אַרמיי־שעף האָט אָנגעשפּיליעט די פֿליִער־פֿליגל דעם אויסגעצייכנטן אַבסאָלווענט שאול לוי, אַ געבוירענער אין איראַק. דער קאָמאַנדיר פֿון לופֿטפֿלאָט האָט צוגעשפּיליעט די פֿליִער־פֿליגל פֿאַר די איבעריקע אַבסאָלווענטן פֿון קורס.

דער גראַנדיעזער לופֿט־פּאַראַד האָט זיך אָנגעהויבן אַ זייגער 10.55 מיט אַן אַרויספֿלי פֿון 32 „פֿוגאַ־מאַגיסטער"־עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געשאַפֿן די פֿאָרעם פֿון אַ „מגן־דוד". דער גאַנצער פּאַראַד האָט געדויערט 31 מינוט. די אויגן פֿון די העכער 12.000 צושויער זענען געווען ממש צוגעשמידט צום הימל, דער געוויש פֿון די עראָפּלאַנען האָט פֿאַרטויבט די אויערן און וואָלקנס פֿון שטויב און רויך האָבן פֿאַרדעקט די הימלען.

אין די הימלען האָט זיך אָנגעהויבן די וווּנדערלעכע דעמאָנסטראַציע פֿון די פֿליִער אין זייערע עראָפּלאַנען פֿון אַלערליי טיפּן און פֿון פֿאַרשיידענע איינהייטן. העליקאָפּטערן פֿונעם טיפּ „בעל" האָבן פֿאַרגעשטעלט „באַלעט־איבונגען" קעגן איבער די באַגייסטערטע צושויער אויף די טריבונעס. נאָך זיי זענען דערשינען העליקאָפּטערס, שווער־וואָגיקע, פֿונעם טיפּ „סופּער־פּערלאָן", און אין זיי די פֿליִער, וואָס האָבן בעת דער לעצטער מלחמה אַרויסגעראַטעוועט זייערע חברים פֿונעם שטח פֿון שונא, אין אָנהייב פֿון דער מערכה און נאָך דעם האָבן זיי אַריבערגעפֿירט מיליטערישע איינהייטן צום פֿראָנט פֿון סיריע אין צפֿון, אויף די בערגיקע פֿאָרטיפֿיקאַציעס קעגן איבער די יידישע ישובים. אויך די העליקאָפּטערס פֿונעם טיפּ „שיקאָרסקי" האָבן באַוויזן „וואָס זיי קענען", און זייער נאָמען איז געטראָגן געוואָרן מיט ליבע אויף די ליפּן פֿון פֿיל צענדליקער פֿון פֿאַרוווּנדעטע, וואָס זענען אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פֿון אַ זיכערן טויט דורך די העלדישע פֿליִער פֿון די „שיקאָרסקיס", וואָס פֿלעגן אַראָפּנידערן אויף די קאַמפֿס־פֿעלדער אונטער אַ האָגל פֿון קוילן, כדי אַרויסנעמען פֿון דאָרט די פֿאַרוווּנדעטע.

נאָך דעם זענען פֿאַרבײַגעפֿלויגן עראָפּלאַנען פֿונעם טיפּ „דאַקאָטאַ״, „נאָרד״, סטראַטאָקרוזער״, וואָס זענען אין די מלחמה־טעג געווען די לופטבאַן, וואָס האָט בײַ אַלע באַדינגונגען צוגעשטעלט פֿאַר דער קעמפֿנדיקער אַרמיי, אויף אַלע פֿראָנט־אָפּשניטן, די נייטיקע אַפּראָוויזאַציעס.

גאַנץ פּלוצלונג, פּונקט 11 מיט 4 מינוט, איז דערשינען אונטער די בלויע ישׂראליקע הימלען אַ סאָוויעטישער עראָפּלאַן פֿונם טיפּ „מיג־21״, געפֿאַרבט אין די קאָלירן פֿון ישׂראלדיקן לופֿטפֿלאָט. דער דאָזיקער עראָפּלאַן איז אָנגעקומען אין אַ דירעקטער פֿלי־רייזע פֿון איראַק קיין ישׂראל, מיט אַ יאָר צוריק, דורך אַ פֿליִער, וואָס האָט דעזערטירט פֿון זײַן אײַנהייט. פֿיל פֿון די אָנוועזנדיקע האָבן געפֿרעגט זיך אַליין, וואָסער פֿליִער זיצט איצט אין דעם דאָזיקן „מיג״...

ווען די האָבן פֿאַרלאָזן דעם פּלאַץ זענען דערשינען די „מיראַזשן״ און איינער פֿון זיי האָט געוויזן אַטעם־פֿאַרכאַפּנדיקע עראָבאַטיק־איבונגען. נאָך דעם האָבן „פֿוגאַ״־עראָפּלאַנען פֿאַר די אויגן פֿון די צושויער געשאָסן ראַקעטעס מיט אַ גענויער פּינקטלעכקייט צו פֿריִער צוגעגרייטע צילן. עראָפּלאַנען פֿון טיפּ „הוראַגאַן״ און „וואָטור״ האָבן זיך „איבערגעשאָסן״ און „מיסטערן״ האָבן געוואָרפֿן „נאַפּאַלם״־באָמבעס — און זיי האָבן גענוי געטראָפֿן אין ציל.

און ווידער האָבן זיך באַוויזן „סופּער־מיסטערן״, נאָך זיי אַן עסקאַדרע פֿון „וואָטורן״, „מיראַזשן״ און ווידער דער „מיג־21״, ווערנדיק באַגלייט פֿון בײדע זײַטן דורך צוויי „מיראַזשן״. אויסערגעוויינלעך שפּאַנענדיקע עראָבאַטיק־איבונגען פֿון „פֿוגאַ״־עראָפּלאַנען האָבן פֿאַרענדיקט דעם אַזוי אײַנדרוקפֿולן פּאַראַד פֿון די לופֿט־כּוחות אין „טאָג פֿון ישׂראלדיקן לופֿטפֿלאָט״.

דאָס איז געווען אַ גרויסער פֿרײדיקער יום־טובֿ פֿאַרן גאַנצן לאַנד, אַ גרויסער טאָג פֿאַר די פֿליִער פֿון ישׂראלדיקן לופֿטפֿלאָט, וואָס ערשט מיט איין חודש צוריק האָט ער געמאַכט אַש און תּל פֿון די לופֿטפֿלאָטן פֿון מצרים, ירדן און סיריע. די העלדישע פֿליִער האָבן ווידער דעמאָנסטרירט דעם העכסטן ניוואָ פֿון דער פֿלי־קונסט, און זיי האָבן באַוויזן פֿאַרן באַגײַסטערטן עולם, אַז מיט אַזעלכע פֿליִער קאָן מען אַלץ אויספֿירן...

20.7.1967

## צו די לייענער

אין דעם דאָזיקן בוך האָט געקאָנט אַרייַנגיין בלויז אַ קלייַנער טייל פון דעם עזבון נאָך יצחק רימון ז״ל. די קאָרעספּאָנדענצן אין דעם בוך האָבן געדאַרפט אָפּגעקליבן ווערן פון צווישן טויזנטער, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין משך פון צענדליקער יאָרן.

ביים אָפּקלייבן די קאָרעספּאָנדענצן האָט מען זיך געמוזט רעכענען מיט דער דויערנדיקייט פון יענע, וואָס וואַקסן ווייט אַריבער דעם צייטונגס-טאָג. די בכורה אַרייַנצוגיין אין דער זאַמלונג האָבן אויך באַקומען יענע קאָרעספּאָנדענצן, וואָס שפּיגלען צום מערסטן אָפּ די שטורמישע תקופות פון ארץ-ישׂראל און מדינת ישׂראל און איר אַנטוויקלונג.

און נאָך אַ באַמערקונג: די דאַטעס, געצייכנטע אין סוף פון יעדן מאמר, זענען פון דעם טאָג, ווען זיי זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער צייטונג. נאַטירלעך, אַז זיי זענען געשריבן געוואָרן פריִער, אין ברען פון די געשעענישן, אָדער תיכף נאָך זיי. דאָס איז געמאַכט געוואָרן צוליב אייַנהייטלעכקייט, ווייל אָפט איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן אין וועלכן טאָג גענוי די קאָרעספּאָנדענצן זענען געשריבן געוואָרן.

# אינהאַלט



## באַפרייונג

## די סיני-אַקציע



## דער משפט איבער אַדאָלף אייכמאַן



## פאָלק און לאַנד

## די זעקסטאָגיקע מלחמה